גראף לעא טאלסטאי.

# געזאמעלטע ווערק

ערשטער באנד.

1923

היברו פאבלישינג קאמפאני
52-50 עלדרידזש סט., ניו יארק.

# ינהאלט-פערצייכניס

# טאָלסטאָי'ס ביאָגראַפיע.

## ערשטעס קאַפּיטעל.

## זיינע עלטערען.

גוטע אונד געשמאַקע פריכטע וואַקסען וויא געוועהנליך אויף א שעהנעם בוים. אבער דיא פריכטע זעלבסט, זיינען זעהר פיעל אונטערוואָרפען דעם וועטער. דיא זונן, דער נעבעל, דיא קאַלטע אָדער וואַרעמע נעכט, מאַכען פערשיעדענע ווירקונגען. דיא פרוכט אָבער, וועלכע וואַקסט אויף א שעהנעם אונד געזונדען בוים, איז ערשטענס בעסער אימשטאַנדע איבערצוטראַגען דיא פערשיעדענע וועטערן, אונד, צווייטענס, ווען דאס גינסטיגע וועטער קומט, איז דיא פרוכט א וואונדערבאַרער פּראָדוקט.

גראַף לעאָ (ליאָוו) ניקאָלאַיעוויטש טאָלסטאָי, איז געבוירען געוואָרען אין יאהר 1828, אויף דעם גוט (אימעניע) יאַסנאַיא פּאָליאַנאַ, אין דער טולאַשען גובערניע.

זיין פאטער, וועלכער איז שפּעטער בעקאַנט געוואָרען אין דעם ראַנג פון קאָלאָנעל (פּאָלקאָווניק,) אין דער רוסישער אַרמעע, איז געוועזן א מענש פון זעלטענע פעהיגקייטען, א שאַרפען פּראַקטישען פערשטאַנד, אונד, אבוואָהל איינער פון דעם שטאָלצען רוסישען אַדעל, איז ער געוועזן איין אנשטענדיגער אונד ליעבענסווירדיגער מענש. ער האט געקעמפּפט אין דיא רוסישע מלחמות געגען דיא פראַנצויזען אין דיא יאָהרען 1812 אונד 1813, אונד אויף'ן שלאַכטפעלד, האט ער זיך אויסגעצייכענט אַלס בראַוו, מוטהיג אונד אונערשראָקען. נאַפּאָלעאָן דעם גרויסען'ס סאָלדאַטען, וואס האבען איינגעדרונגען ביז נאָך מאָסקווא, האבען ניט געהאט נאָר צו קעמפּפען מיט דיא שרעקליכע רוסישע פרעסט, זאָנדערן, אזעלכע מענער וויא דעם יעטצטיגען בעריהמטען טאָלסטאָי'ס פאטער, האבען דעם וועלט־עראָבערער פעראורזאַכט גרויסע צרות.

דיא מוטער פון גראַף לעאָ טאָלסטאָי איז געוועזן דיא פירסטין (קניאַזין) וואָלקאָנסקי. דיעזע פרוי, וועלכע האט אויף דער וועלט געבראַכט רוסלאַנד'ס גרעסטען פילאָזאָף אונד רעאַליסטישען ליטעראַט, איז געוועזן, אין איהר יוגענד, א בעריהמטע שעהנהייט, אונד איהר קערפּערליכע קראַפט, האט געהאט א שם ניט נאָר אונטער איהרע חבר'טעס, זאָנדערן אויך אונטער מאַנכע יונגע לייט וואס

האבען געהאט דיא געלעגענהייט צו שפירען א דריק פון איהר האנד, וועלכען מע׳ האט אזוי לייכט ניט געקענט פערגעסען.

ביידע, דער אלטער גראף אונד זיין פרוי, זיינען געוועזען א מוסטער פון מענש־ ליכער שעהנהייט אונד קראפט, וועלכע איז ניט אבגעשוואכט געווארען פון אויס־ געלאסענהייט אונד פערדארבענהייט, וויא יעטצט איז דיא מאדע אין רוסלאנד אונטער דעם אדעל.

זיא איז געוועזען דער בוים, אויף וועלכען דיא פרוכט לעאָ ניקאלאיעוויטש טאלסטאי איז אויסגעוואקסען.

פירסטין וואלקאנסקי האט געבוירען פאר איהר מאן פיער זיהן אונד איין טאכטער. דער פיערטער זוהן איז געוועזען לעאָ טאלסטאי, אונד דיא טאכטער האט נשפאלגט נאך איהם.

אבער ווען דער יונגער לעאָ איז אלט געווארען קוים צווייא יאהר, איז ער־ שיענען דער טויט אונד פון איהם אוועק גערויבט זיין מוטער.

ער האט אלזא קיין געלעגענהייט געהאט זיך צו עראינערן אין מוטערליכער צערטליכקייט, אונד, ניט נאר איינמאל האט לעאָ טאלסטאי, אין דעם לויף פון זיין לעבען, בעמערקט מיט א זיפץ:

„איך האב מיין מוטער ניט געקענט, אונד איך האב ליידער ניט געוואוסט דעם טעם פון זיסער מוטער־ליעבע. אך! איך בעדויער דאס זעהר!“

טאלסטאי האט אויך געהאט אורזאכע שפעטער צו בעדויערן ווארום זיין מוטער איז איהם אזוי יונג אבגעשטארבען, ווייל דאס אויספעהלען פון מוטערליכער צערטליכקייט, האט איהם ניט נאר איינמאל געפיהרט אויף קרומע וועגען.

## צווייטעס קאפיטעל.

## דיא ערציהונג.

נאך דעם טויט פון זיין מוטער, איז לעאָ מיט זיינע ברידער אונד זיין שוועסטער, פערבליעבען אויף זיין פאטער׳ס גוט, וואו זייא האבען גענאסען דיא ערשטע ערציהונג.

פעלד אונד וואלד זיינען געוועזען דיא ליעבלינגס־קאמפאניאנען פון דעם יונגען קינד לעאָ, אונד שטונדען־לאנג פלעגט ער אבליגען אונטער בוימער, בליקענדיג אין דעם בלויען הימעל, אונד טרוימען.

ער איז אונטערדעסען ניט געוועזען קיין רוהיגעס קינד. אין שפיעל האט ער געצייגט ווילדהייט, איפערונג אונד קאפריזען. אונטערדעסען האט ער זיך אויך

געוויעזען אלס נערעכט אונד עהרליך, ווען עס האט זיך געהאנדעלט וועגען א שטרייטינקייט מיט אנדערע קינדער.

ביז צום יאהר 1837, אדער, ביז נאהענט פון דעם 10טען יאהר אין זיין לעב… האט ער ניט געקענט זיין גרויסע, רוישענדע אונד קאָכענדע שטאדט. אבער א… אהר 1837, האט זיך דיא פאמיליע ארויס געצויגען נאך מאָסקווא, אונד דיא גרעפין אסטען-זאקען, זיין טאנטע, איז געווארען דיא זאָגענאנטע פערוואלטערין פון דיא קינדער.

דער קאָלאָנעל, לעאָ'ס פאטער, האט צונענומען פאר זיינע זיהן צוויא לעהרער, איינעם א פראנצויז אונד דעם צווייטען א דייטש, וועלכע, אויסער דיא רוסישע לעהרערס, האבען זייא אנגעפאנגען אויפצרוועקען אין רוסלאנד'ס צו־קינפטינען גרעסטען מאן, זיין גייסט אונד געשמאק צום לערנען אונד וויסען.

לעאָ איז געווען א פלייסינער שיללער, אבער זיין פלייסינקייט איז ניט געווען קיין בעשטענדינע. אמאל האט ער געקענט צוברעננען טעג אונד נעכט איבער זיינע לעקציאָנען, אונד אנאנדער מאל האט ער וואָכענלאנג גאר ניט געוואלט אנקוקען זיינע ביכער.

ווען זיינע לעהרער האבען איהם דערפאר פאָרווירפע געמאכט, האט ער זיך ענטוועדער אויסגעלאכט, אדער מיט א פעראכטענדען שטאָלץ זיך פון זייא אָב־געווענדעט.

דיעזער ארט שטודיום, וועלכער איז געווען זעהר אונרעגעלמעסיג, האט גע־דויערט בלויז דרייא יאהר, דען אין יאהר 1840 איז לעאָ'ס פאטער געשטאָרבען, אונד אלס קינד פון 12 יאהר, האט זיך דער יונגער גראף טאָלסטאָי, געפונען א יתום אָהן א פאטער אונד אָהן א מוטער.

אבער אָבוואהל ער האט קיין רעגעלמעסינען אונטערריכט גענאָסען, האט ער דאָך באלד איבערראשט איינינע פראָפעסאָרען. ער איז אוועק נאך קאזאן אונד ערקלערט, אז ער וויל אריין אין דער דאָרטינער אוניווערזיטעט. ער האט בלויז א פאאר מאָנאט געארבייט אין פאָרבערייטען זיך, אונד ווען ער איז עקזאמינירט געווארען, האט ער געקענט אלעס וואס מען האט געקענט פון איהם פאָרדערן.

זיינער א לעהרער האט דאן געזאגט:

„ליאָוו ניקאָלאַיעוויטש טאָלסטאָי, דארף קוקען א האלבע שטונדע דאָרט, וואו עלטערע פון איהם, מוזען שטודירען מאָנאטע-לאנג.“

ער האט געהאט א מערקווירדיגען גוטען קאָפּ.

### דריטעס קאפיטעל.

## דאס סטודענטען לעבען.

לעאָ טאָלסטאָי האט אנגעפאנגען צו שטודירען אָריענטאלישע שפראכען, אונטער וועלכע עס איז אריין גערעכענט געווארען אראביש, העברעאיש, קאלדעאיש אונד סיריש. אויסער דעם, נאטירליך, האט ער געמוזט לערנען גריכיש, לאטייניש, פראנצויזיש, ענגליש, דייטש אונד ניט פערנאכלעסיגען די קליינע אונד דאמאלס זעהר ארעמע רוסישע ליטעראטור.

וואס אייגענטליך דער יונגער גראף האט בעאבזיכטיגט מיט דעם שטודיום פון אָריענטאלישע שפראכען, האט ער דאמאלס גענוי ניט געקענט וויסען, אבער שפעטער האט ער זיך ערקלערט, אז דאס איז געווען דערפאר, ווייל זיין גייסט איז אימער געווען גענייגט רעליגיעז.

וואס טאָלסטאָי האט פערשטאנען אונטער רעליגיאָן אונד וואס ער פערשטעהט יעטצט דארונטער, וועלען מיר שפעטער האבען א געלעגענהייט צו דערצעהלען, נאָר פאָרלויפיג וועלען מיר שענקען אביסעל מעהר אויפמערקזאמקייט זיין סטודענטען־לעבען.

די רוסישע סטודענטען האבען זיך אימער אויסגעצייכענט מיט פיעל טרינקען, אומגעהן מיט שעהנע מיידלעך אונד בעגעהן אזוי פיעל קומפערייא וויא נאָר מעגליך. זייא מאכען אפילו ניט קיין גרויסע אויסנאהמע פון די פראנצויזישע אונד דייטשע סטודענטען, אָבער, יעדענפאלס, אין דיעזער בעציהונג, שטעהען זייא ניט ניעדריגער.

נאטירליך האט דער רוסישער סטודענט, פון דער העכערער פאמיליע, געוויסע גראדען אָדער גרענעצען, ביז וואנען די זאָגענאנטע מאָראל אָדער עטיקעטע ערלויבט איהם, אבער וועה איז דיעזער מאָראל אונד עטיקעטע, ווען זיא קען אזוי וויית ערלויבען.

יעדענפאלס, איז דער יונגער גראף לעאָ טאָלסטאָי געווען איינער פון די וואוילע יונגען אונטער די סטודענטען, אונד אזוי וויא זיין פאטער האט איהם צוריק געלאזען היבשע איינקינפטע, האט ער זיך ערלויבט צו געהען ביז צו ער העכסטער שטופע וואס די זאָגענאנטע מאָראל אונד עטיקעטע האבען איהם ערלויבט.

ער האט זיך אריין געוואָרפען אין דעם שטורם פון לעבען אונד ער האט

אימער ליעב געהאט אנצוגיסען דעם בעכער פון פערגניגען פול אונד איהם אויס־טרינקען ביז צום לעטצטען טראָפּען.

„ווין, וויב אונד געזאנג,“ וויא א דייטשער דיכטער זאגט, איז געווען זיין בעסטער צייט־פערטרייב, אונד ניט האבענדיג וועך עס זאל איהם זאגען, אז דאס וואס ער טהוט איז אונרעכט, האט ער זיך געפונען פאָלקאמען בערעכטיגט אין זיינע טהאטען; ערשטענס, ווייל ער איז געגאנגען בלויז ביז דאהין וואו עס איז ערלויבט, אונד, צווייטענס, האט ער קיינע אויסנאהמע געמאכט אונטער זיינע קאָלעגען. יעדער איז געווען פערדאָרבען, אונד ער איז געווען גלייך מיט דיא אנדערע.

אימער ווייטער, אימער טיעפער איז ער געזונקען אין אויסגעלאַסענהייט, ביז זיינע פּראָפעסארען זאגאר האבען זיך געזעהן געצוואונגען איהם אויפמערקזאם צו מאכען אויף זיין פערנאכלעסיגונג פון שטודיום.

לעאָ טאָלסטאָי האט זיך ערבליקט אלס א שעהנער אונד געזונדער יונגער־מאן, אפילו אביסעל רואינירט פון דער אויסגעלאַסענהייט, אבער דעננאך שטאַרק גענוג אום פאָרטצוזעטצען דיא לומפּערייא. ער האט זיך דערמאָהנט, אז באלד וועט ער פולליעהריג אונד ער וועט קענען איבערנעהמען האס חלק ירושה פון זיין פאטער, מיט וועלכען מען קען הולטייעווען א היבשע צייט אונגעשטערט.

וואס טויג איהם שטודירען? האט ער זיך געטראכט. ער האט אלזא פּלוצלינג אויפגעגעבען דאס שטודיום אונגעריכט, אונד בעשלאָסען א גאנץ נייעם וועג איינצושלאָגען, וואו „ווין, ווייב אונד געזאנג“ איז לייכטער צו געפינען.

פיערטעס קאַפּיטעל.

## דאס סאָלדאַטען לעבען.

א סאָלדאט! דער יונגער גראף טאָלסטאָי האט זיך פאָרגעשטעלט, אז א רויטער מונדיר, מיט מעשענע קנעפּ אונד קלינגענדע שפּאָרען, איז אונגעפעהר דאס העכסטע ציעל אין לעבען, אדער דורך וועלכען מען קען ערדרייכען דאס העכסטע ציעל.

אין יאהר 1851 איז ער אוועק געפאהרען נאך קאַווקאז אום דאָרט צו בעזוכען זיין ברודער, וועלכער איז געווען אָפיציר אין דער ארטיללעריע־בריגאדע.

פאר אלעמען האט איהם קאַווקאז שטאַרק אנגעצויגען, אונד דאָן, האט ער געבעטען זיין ברודער ער זאל איהם זעהען אריין נעהמען אויך אין דער ארטיללעריע־בריגאדע.

ער האט אלזא שוין געהאט דעם רויטען מונדיר מיט דיא מעשענע קנעפּ אונד קלינגענדע שפּאָרען.

לעאָ טאָלסטאי, אבשטאמלינג פון אדעל, רייך, געבילדעט, אונד אלס סאָל־דאט, האט ווירקליך געפונען צוטריט אין דער העכסטער געזעלשאפט, וואו, נאַ־טירליך, קיין זאך האט איהם אזוי פיעל אינטערעסירט וויא דער גענוס וואס ער האט דאדורך געקענט קריעגען.

ער האט זיך פון קיין זאך געוואלט שטערען, זאָלאנג ער האט געזעהן דיא מעגליכקייט זיין ציעל צו עררייכען. דאס האט איהם געפיהרט צו זעהר פיעלע סקאנדאלען אונד נים נאָר איינמאל האט ער געמוזט זיך פערטהיידיגען אויף'ן פעלד דער עהרע — דורך דועל.

ווען לעאָ איז געוועזן זאט פון „וויין, וויב אונד געזאנג," האט ער געהאט מאָמענטען, ווען זיין נאטירליכעס „איך" פלעגט צו איהם צוריק קעהרען. ער האט דאמאלס געלעזען, געדענקט אונד ערשטוינט דיא עלטערע אונד אינטעליגענטערע מענשען, מיט זיין שארפזינן אונד בעוואנדערונג אין פיעלע צווייגען דער וויסענ־שאפט אונד אלגעמיינע בילדונג.

אבער זיין אונרוהיגע נאטור, האט נים געקענט אויף לאנג פערבלייבען שטאנדהאפט, אונד אזוי שנעל וויא ער האט זיך אויסגערוהט, האט ווידער צוריק געקעהרט זיין אויפּבראיזענדער גייסט אונד ער האט זיך נאך אמאל אריין געווארפען אין שטראָם פון פערגניגען אונד גענוס.

ער האט אונטערדעסען אויך פּראָבירט צו שרייבען, אונד שטודירט דעם סטיל פון פראַנצויזישע קלאַסיקער, וועלכע האבען אויף איהם געמאכט א טיעפען איינדרוק.

פינפטעס קאפּיטעל.

## טאָלסטאָי אין קריעג.

עס איז געוועזן אין א הערליכען אבענד, ווען דער יונגער גראף איז געוועזן שטארק פערטיעפט אין טאנצען אונד מונטער זיין אויף א באלל, אלס מען איז איהם געקומען אנזאגען, אז קריעג איז ערקלערט געווארען, אונד זיין רעגימענט דארף אברייזען נאך דער קרים.

„ווירקליך!" האט ער אויסגעשריען ערפרייט, „קריעג? דאס איז א גוטע בשורה! עס איז שוין דיא העכסטע צייט דיעזעס שלעפעריגע לעבען זאָל אויפ־הערען, אונד איך זאל הערען אביסעל קאנאָנען־מוזיק."

לעב טאָלסטאָי איז אוועק אין קריעג פון דער קרים, אונד ער האט צום ערשטען מאל אין זיין לעבען פערזוכט דעם טעם פון ביטערער אונד שרעקליכער נויט.

ער איז געשלאָפען אונטער דעם בלויען הימעל סאי זומער, סאי ווינטער; געגעסען שווארצעס ברויט, פערעלטערטעס פלייש, געטרונקען וואס עס האט זיך געמאכט, אונד געליטען אזוי פיעלע צרות, ביז זיין לעבען איז איהם נמאס געווארען.

דיעזער קריעג אבער, האט טאָלסטאָי'ן אויפגעוועקט פון א טיעפען שלאף. טאָלסטאָי'ס נשמה, וויא עס שיינט, איז ביז דאמאלס געלעגען אין היהנער-פלעט, אונד ערבליקענדיג ארום זיך אזוי פיעל עלענד אונד אונגליק, האט ער אין א טאָג אויסגעשריען:

„גרויסער גאָט! צו וועלכען צוועק איז דאס? ווארום ליידען דיעזע מענשען? איך, וועניגסטענס, וויים אפילו נים דיא אורזאכע פון דעם גאנצען קריעג, אונד דאָך בין איך דאָ אום צו אָפּפערן מיין לעבען?“

יא, טאָלסטאָי, האט דאן פיעל געדענקט. ער האט זיך ערשטענס געפרעגט, צו וואס קריעג אין אלגעמיינעם איז נעטהיג, אונד, ווען יא, וואָלט עס נים געווען א יושר מען זאָל פריהער פרעגען יעדען מענשען אויב ער איז בערייט צו אָפּפערן זיין לעבען פיר א געוויסער אורזאכע.

זיינע געדאנקען האבען אנגעפאנגען אויסצוברעכען וויא פון אונטער א פינסטערן וואָלקען אונד פראגען אין דיא טויזענדער, זיינען ענטשטאנען אין זיין קאָפּ, וואו עס האבען זיך געדרונגען אידעען איבער דער גאָטטהייט, וועלטס-רעגיערער, פעלקער-רעכט אונד געזעלשאפטליכעס לעבען.

אונטערדעסען אבער, האט ער געוואוסט, אז ער איז סאָלדאט, אונד אָלס זאָלכער האט ער פּאָרלויפיג ערפילט זיינע פליכטען.

בייא דעם טייכעל טשערנאיא האט ער געפיהרט א קאָמפּאניע סאָלדאטען אונד מיט זיין שארפזינן, האט ער ערשטוינט זיין גענעראל. ער האט מיט זיין הויפענדעל מענשען, אבגעהאלטען דעם שונא'ס דרייא רעגימענטען.

דאן ערבליקען מיר איהם בייא דער פערטהיידיגונג פון סעוואסטאָפּאָל, וואו זיין מוטה, איבערלעגונג אונד מיליטערישע קונסט, האבען איהם געבראכט צום ראנג פון באָטאַליאָנס-קאָמאנדאנט.

אַזוי שנעל וויא דער קריעג איז געוועזן צו ענדע, האט דער יונגער מאן

פערלוירען יעדע לוסט צום סאָלדאַטען־לעבען, אונד ער האט רעזיגנירט פון זיין הויכעם אמט אונד זיך צוריק געצויגען אין פריוואט.

## זעקסטעס קאפיטעל.

# טאָלסטאָי'ס רעליגיאָן.

יעדער האט זיך געוואונדערט איבער דער ענדערונג וואס איז געקומען איבער דיעזען יונגען מענשען, אבער א טהאטזאכע איז עס, אז דאס בלוטיגע שלאַכטפעלד האט איהם גענצליך פערוואנדעלט.

ער האט אנגעהויבען צו שטודירען דיא פערשיעדענע רעליגיאָנען, אונד לויט נאך זיינע אנזיכטען, האט ער געפונען אין דער פערזאָן פון יעזוס קריסטוס, א מאָדעל פון מענשליכער דולדזאמקייט אונד ליידען פיר זיין מיט־מענשען.

טאָלסטאָי האט צו יענער צייט ניט בעטראכט יעזוס קריסטוס אלס א גאָט; ער האט איהם אויך ניט גערעכענט אפילו אלס געטליך, אבער ער האט אין איהם געזעהן א מוסטער פון מאָראַל אונד זיטען.

אבער אויף דיעזער איינדרוק, איז ניט געוועזן פיעל דויערהאפט, אונד אָבוואהל ער האט אייניגע פון זיינע ווערקע געבויעט אויף קריסטליכער מאָראַל, האט ער שפעטער זעהר פיעלעס פערווארפען פון דעם וואס עס האט זיך איהם פריהער גע־דאכט אלס גוט אונד ערהאבען אין קריסטענטהום.

דער געדאנק פון פרייהייט, אין דעם העכסטען זינן פון מאָראַליטעט, האט בייא איהם אנגעפאנגען אנצונעהמען דיא פאָרמע פון א רעליגיאָן, אונד דארויף געשטיצט, האט ער ערגריפען זיין פעדער אונד אנגעפאנגען צו שרייבען ווערקע, וואו ער האט אויסגעדריקט זיינע אידעען.

דער צושטאנד פון דיא אונגליקליכע בויערן, האט איהם געריהרט ביז צו זיין טיעפער זעעלע, אונד טראָטץ דעם וואס ער גרייפט זייא אָן אָהן רחמנות אין מאנכע פון זיינע ווערקע, איז דאס ניט מעהר געוועזן וויא אויפצו־ווייזען, אז דיא אורזאכע פון זייער פערדאָרבענהייט, ליעגט אין אונוויסענהייט, אונד אין זייער אונוויסענהייט איז קיינער מעהר ניט שולדיג וויא דיא פערדאָרבענע רעגיערונג.

דעם לעטצטען געדאנק האט ער אימער אויסגעדריקט אינדירעקט, דאמיט דער רוסישער צענזאָר זאל איהם ניט קענען שטערען, אבער יעדער פערנינפטיגער מענש אין רוסלאנד, האט איהם אימער גוט פערשטאנען.

אלץ רוהיגער אונד געלאסענער איז געווארען דער אמאליגער ווילדער יונגער מענש; אלס אנשטענדיגער אונד מאָראַלישער איז געווארען דער אמאליגער

אויסגעלאסטנער, ביז ער האט זיך פערשאפט א גרויסען קרייז פון פערעהרער ארום זיך.

ער האט הויפטזעכליך פערבראכט זיין צייט אין מאָסקווא, אבער פּעטערס־בורג אונד זיין גוט, האבען אויך גענאמען איין אנטהייל אין זיין לעבען. ער האט אונטערנעמען נעמאכט איינינע רייזען נאך איטאליען אונד פראנקרייך, וואו ער האט געשענקט דיא גרעסטע אויפמערקזאמקייט דיא דאָרטיגע שולען, מיט דער אבזיכט, דאס ער זאל עהנליכע עררינכטען פיר זיינע אונגליקליכע לאנדסלייטע, וועלכע האבען געלעבט אין פינסטערניס.

ער איז אימער געווען פרייא אונד פראנק מיט זיינע אידעען אונד פיינד געהאט זיך צו פערבאָרגען. דיעזער פאקט, איז דיא הויפט אורזאכע, ווארום דיא רוסישע רעגיערונג האט איהם נים חושד געווען אין עפענטליכער פיינדשאפט געגען איהר.

אין דער וואהרהייט געשפראכען אבער, האט דיא רוסישע רעגיערונג נאך ניעמאלס געהאט א גרעסערן שונא, וויא זיא האט געהאט אין טאָלסטאָי׳ן.

אבער רוסלאנד האט איהם צום אנפאנג נים פערשטאנען, אונד ווען דעם צאר׳ס הערשאפט האט איהם בעגריפען, איז עס שוין געווען צו שפעט, אום געגען איהם אויפצוטרעטען, ווייל ער האט זיך געוואונען צו פיעל פריינדע, אונד מען האט מורא געהאט צו מאכען אזא געוואגטען שרים.

אין יאהר 1862, איז ער פערלאָבט געווארען מיט דער שעהנער סאָפיע אנדרעיעווגא בעהר, דיא טאָכטער פון א מאָסקווער ארצט.

זיעבעטעס קאפיטעל.

## טאָלסטאָי אַלס שריפטשטעלער.

דיא שריפטשטעלערישע טהעטיגקייט פון גראף לעאָ טאָלסטאָי, האט אנגע־פאנגען ווען ער איז נאך געווען אין קאווקאז, נאָר, וויא דער פאל איז מיט מייסטענס גרויסע ליטעראטען, זיינען אנפאנגס זיינע שריפטען נים פיעל בעאכטעט געווארען פון אנדערע, אויסער דיעזע וואס האבען זיך אינטערעסירט מיט זיינע געדאנקען.

טאָלסטאָי, אלס פערהייראטעטער מאַן, האט אנגעפאנגען צו פיהרען א מוסטער־לעבען. ער איז נים נאָר געווען א צערטליכער מאַן, זאנדערן אויך א הייסטה־ליעבענדער מענש, אונד ער האט אין זיין שעהנער אונד יונגע פרוי נים

נעוואלט בעטראכטען א פרוי אין דיעזען זינן וויא מייסטענס פון זיין גלייכען מחוץ איוף דער גאנצער וועלט, זאנדערן, ער האט אין איהר געזעהען א קאמפאניאן, א שוועסטער אונד א וואהרע לעבענס־בעגלייטערין, מיט וועלכער ער האט געפונען דאס גרעסטע פערגניגען צו בעשפרעכען דיא מענשליכע ליידענשאפטען, מענשליכע מיאוסע מדות אונד זאנסט איינגעפיהרטע שלעכטע מנהגים, וועלכע מען בעטראכט אין דער וועלט אלס גוט אונד פיין.

אז רוסלאנד איז א פינסטערע מדינה, אז רוסלאנד ברענגט אונגליס צו צעהנדלינער מיליאנען מענשען, אז אויף דעם טראהן פון דיא ראמאנאווס געהט איין שופט ארונטער אונד דער אנדערער געהט ארויף — דאס אלעס האט ער אנגעפאנגען יעדעס מאל בעסער צו בעגרייפען אונד פערשטעהען.

דיא מענשליכע ליידען, אהנע אונטערשיעד פון גלויבען, ראסע אונד סעקטע, האבען איהם געריהרט ביז צו זיין טיעפער אונד עדעלער זעעלע, אונד ער פלעגט צייטענווייז ארויסלאזען אזא זיפץ מיט זיין פעדער, וועלכער האט אבגעקלונגען איבער גאנץ רוסלאנד.

טאלסטאי האט אנגעפאנגען צו האסען דעם גערויש פון דער שטאדט מיט דיא פאלשע פערגניגענס אונד דומע אונטערהעלטע. וואהרעס לעבען, ריינעס פערגניגען אונד זיבערע עדעלקייט, האט ער געפונען אין שאטען פון דיא בוימער, אויף'ן גרינעם גראז, אונטער'ן בלויען הימעל אונד אין דער ארבייט מיט דעם שוויים פון דעם געזיכט.

ער האט זיך אלזא צוריק געצויגען אויף זיין גוט, אונד זיינע געדאנקען, אנגעזאמעלט זייט יאהרען, האבען אנגעפאנגען ארוים צו פליעסען וויא א קוועל פון זיין פעדער.

א רייהע ארטיקלען איבער דעם לעבען פון דיא בויערן, איבער דיא געזעל־שאפטליכע פערהעלטניסע אונד איבער פאליטישע אינטערעסען, זיינען בעהאנדעלט געווארען אין א מיכדע טאן אונד זייא זיינען ערשיענען אין דער פרעסע.

עס איז אויך געווען אין יענער צייט פון אלעקסאנדער דעם 2טען'ס צייטען, ווען דער טיראן האט געמיינט, אז מיט א געוויסען גראד פרייהייט, וועט ער קענען שטילען דיא נויטען אונד ליידען פון זיינע אונטערהאנען.

דיא רוסישע צייטונגען האבען אויפגעכאפט מיט פערגניגען אלעס וואס ער האט געשריעבען, אונד זיין איינפאבער, אבער שעהנער סטיל, איטער מיט איין אביכט צו קערנען דיא מענשען, האט געפונען איין אבקלאנג אין דיא הערצער פון דיא רוסען.

מאנכע האבען איהם שטארק קריטיקירט, אנדערע׳ז האבען איהם פערדאמט, אבער מענשען מיט שכל האבען אין איהם געזעהען א גוטע׳ אונד עהרליכען לעהרער, וואס ליעבט דיא וואהרהייט פיעל מעהר וויא פאלשען כבוד.

דאן זיינען ערשיענען זיינע ראמאנען „קריעג אונד פריעדען,“ אונד „אננא קארענינא“, וועלכע זיינען איבערזעטצט געווארען אין דייטש אונד פראנצויזיש אונד זאפארט געפונען איין אבקלאנג אין אויסלאנד.

ער איז באלד אנערקענט געווארען אלס א טיעפער דענקער אונד א שרייבער פון דער עמיל־אלא־שולע, וועלכער זוכט אויפצודעקען דאס, וואס אנדערע זוכען צו בעהאלטען, אונד זיין אביזיכט איז, צו צייגען דיא מענשען וויא שמוטציג אונד פערדארבען זייא זיינען, מיט דער אביזיכט, אז זייא וועלען זיך בעסערן.

## אכטעס קאפיטעל.

## זיין פריוואט לעבען.

אונטער דיא צאהלרייכע פריינדע וואס האבען זיך צו איהם אנגעפרענט, האבען זיך געפונען אזעלכע, וועלכע האבען פערלאנגט זיין הילפע אונד אונטער־שטיצונג. אונטער דעם קרייז ארמע אונד אונגליקליכע בויערן אונד אנדערע קלאסען מענשען, האט ער געזעהען מאנגעל־ליידענדע אונד גלאט ארעמע נויטבע־דארפטיגע.

בייא זאלכע סצענען איז זיין הערץ גערוהרט געווארען, אונד טאלסטאי האט געוויעזען, אז ער בעלאנגט נים צו דיעזער קלאסע פרעדיגער, וועלכע רעדען מיט׳ן מויל אונד מיינען אנדערש מיט׳ן הערצען. אדער, וויא דאס ווערטעל געהט: „דער גוט דרשה׳ט נאר פאר אנדערע.“ ניין, טאלסטאי איז אויך געווארען איינער פון דיעזעלבע כאראקטערע וואס ער האט ליעב געהאט צו שילדערן אין זיינע ראמאנען, אלס מוסטער־פערזאנען.

זיין טיש איז געשטאנען פרייא פאר יעדען, זיין טאשע אפען פיר סאי־וועמען אונד זיין הילפע האט אירגענד א מענש געקענט פערלאנגען אונד זיא קריעגען.

דיא רוסישע רעגיערונג האט ענדליך דערזעהען, אז זיא האט אין טאלסטאי׳ן א געפעהרליכען שונא, אבער עס איז שוין געווען צו שפעט. דיא רוסישע טיראנייא וואלט זיך אפילו גאנץ ווענים בעקימערט אום דער מיינונג אין רוסלאנד זעלבסט, אבער טאלסטאי׳ס נאמען איז בעקאנט געווארען אין אויסלאנד, אונד רוסלאנד האט זיך געשעהמט פיר דיא פרעמדע נאציאנען, וועלכע וואלטען געזאגט: „רוסישער

צאריזמוס איז אזוי ניעדערטרעכטיג, אז ער האט זיך ניט געשעהמט צו ערמאָרדען זיין גרעסטען מענשען.״

טאָלסטאָי האט זיך לאנגזאם אויסגעצויגען פון דעם גאנצען שטאָדטישען לעבען, אונד ער, צוזאמען מיט זיינע קינדער, האבען אָנגעצויגען איינפאכע בויערן־קליידער אונד אָנגעפאנגען צו בעארבייטען דאס פעלד.

אבוואהל ער האט זעהר וועניג בענעטהיגט, אָבוואהל ער איז געוועזען רייך אונד טראָטץ דעם וואס זיינע ראָמאנען אונד שריפטען האבען איהם איינגעבראכט אונגעהייערע סומע געלד, זעהען מיר איהם יעטצט אלס איין ארמען מאן. אלעס איז אוועק אום צו העלפען דיא נויטבעדארפטיגע.

ווען טאָלסטאָי האט ניט געארבייט אין פעלד אָדער ניט געזעסען בייא זיין שרייב־טיש, האט ער זיך בעשעפטיגט אין גרינדען פאָלקס־שולען, ארונטער ברענגען לעהרער אונד אויפהויבען דעם טרויעריגען גייסטיגען צושטאנד פון דעם געזונקענעם רוסישען פאָלק.

## ניינטעס קאפיטעל.

# זיינע לעטצטע ווערקע.

טאָלסטאָי׳ס נאמען האט געוואקסען איבער דער גאנצער וועלט, וואו מען לעזט נאָר ביכער. קיין פאָלק וואס האט א שפראכע אונד לעזט אין איהר, האט אויסגעשפעהלט צו איבערזעטצען טאָלסטאָ׳ס געדאנקען אונד זייא לעזען אונד שטודירען.

זיין ווערק „איך אונד מיין מאן,״ האט ארויס גערופען א שטורם אין דער וועלט, נאָר זיין ווערק דיא „קרייצער סאָנאטע,״ האט אויפגעקאָכט מיליאָנען מענשען.

דיעזער עדעלער, גייסטרייכער אונד הויכדענקענדער מענש, וועלכער האט מקריב געוועזען זיין לעבען פיר זיינע מיט־מענשען, איז בעשולדיגט געוואָרען אין אונמאָראליטעט דורך זיינע לעטצטע ווערקע.

אָבער דיא דומהייט פון אזא אורטהייל, קען ארויס זעהען אירגענד יעמאנד וואס האט נאָר אביסעל געהירן מיט דענקונגס־קראפט אין זיך.

גראף לעאָ טאָלסטאָי׳ס אבזיכטען זיינען, ארונטער צו רייסען דיא מאסקע פון דער פערדאָרבענער מענשהייט, אויפדעקען דיא שאנדע, ערקלערען דיא פערבאָרגענע געמיינהייטען, אונד צייגען דער גאנצער וועלט, אז מען לעבט אין א ים שמוטץ, גלאָטץ, ניעדריגקייט אונד אבשייליכע אויסגעלאסענהייט.

עס איז קיין צווייפעל, אז זיינע לעטצטע ווערקע, וועלבע ווערען בעשולדיגט אין אונמאָראַליטעט, האבען מעהר מאָראַל פערברייטעט, וויא מיליאָנען מוסר־ביכער פון 10 רעגימענטען רעליגיעזע מאָראַל־פרעדיגער.

נאָר אַזוי וויא דיא זונן האט פלעקען, האט גראף טאָלסטאָי אין זיך אויך מאַנכע איינפעלע, וועלבע זעהן אויס אביסעל לעכערליך, אדער, אום צו זיין מילדער מיט דעם אויסדרוק, זיינען זייא זעהר אונפראַקטישע געדאנקען.

ער זאגט, צום ביישפיעל, אז דער ציעל פון דער מענשהייט איז, צו ערדייכען דיא פאָלקאָמענהייט, אונד נאכדעם וויא מיר וועלען האבען עררייכט דיא פאָל־קאָמענהייט, וועלען מיר האבען אונזער ציעל דורכגעפיהרט אונד אלזא מוזען אויפהערען צו עקזיסטירען. דערפאַר, איז זיין ראטה, מיר זאלען זיך בעאיילען מיט דער פאָלקאָמענהייט, דאמיט מיר זאלען שנעלער אויפהערען צו עקזיסטירען.

דאס קען זיין א גאנץ גוטע טהעאָרעטישע פילאָזאָפיע, אבער צו פרעדיגען דיעזע פילאָזאָפיע פיר אונזער לעבענס־לוסטיגע וועלט, איז אונפראַקטיש אונד לעכערליך.

יעדענפאלס אבער, האבען דיא שטראַהלען פון דעם רוסישען גלענצענדע שטערען, יעטצט בעלייכטעט פיעלע פינסטערע ווינקלען אויף דעם ערד־קוגעל.

גראף לעאָ ט אָלסטאָי, טראָטץ זיינע הויכע יאהרען, זעהט ער אויס נאך פאָלקאָמען געזונד אונד קרעפטיג, ארבייטענדיג זעהר פלייסיג אויף זיין גוט, אונד צור פריידע פון זיינע פערעהרער, איז צו האָפען, אז ער וועט נאך בעשענקען דיא וועלט מיט זיינע ליטעראַרישע פערל, צום וואָהל אונד בעסטען פון דער גאנצער מענשהייט.

ווילהעלם הענקעל.

## 1.

רייזענדע, וועלכע האבען בעדארפט פאָהרען נאָר קורצע שטרעקען, זיינען אריין אונד ארויס פון וואנאָן, נאָר דרייא פערזאָנען זיינען נעפאָהרען נלייך מיט מיר פון דעם פלאטץ פון וואנען דער צוג איז אָבנענאננען. פון דיא דרייא פערזאָנען איז נעווען איינע איין עלטערע אונד ניט קיין שעהנע פרוי; איהר בעקאַנטער, א מאַן פון א יאָהר 40, גאנץ אנשטענדיג נעקליידעט, אונד א ניעדריגער זעהר נערוועזער מאַן פון מיטעלע יאָהרען. דער לעצטער האט צונעצוינגען מעהר אויפמערקזאמקייט מיט זיינע גלענצענדע אויגען, וועלכע האבען אויסנעזעהען אויף איינמאָל צו בליקען איבעראַל. דיעזער נערוועזער מאַן האט אויף דער גאנצער רייזע מיט קיינעם קיין בעקאַנשאפט ניט נעשלאָסען. ווען יעמאנד האט צו איהם נערעדט, האט ער נע־ענטפערט קורץ אונד שארף, אונד דאַן האבען זיינע אויגען באלד נעוואַנדערט צום פענסטער. דעננאך האט עס מיר אויסנעזעהען, אז דיא איינזאמקייט איז איהם ניט גאנץ אַנגענעהם. עס שיינט, אז ער האט זיך אָנגעשטויסען, אז איך פערשטעה איהם, אונד ווען אונזערע בליקען האבען זיך בענעגענט, האט ער זיך אָבנעווענדעט, כדי ער זאָל אויסמיידען א נעשפרעך מיט מיר.

פאַרנאַכט איז דער צוג געבליעבען שטעהען פאַר א גרויסער סטאַציאָן. דער אנשטענדיג־נעקליידעטער העדר, איין אדוואָקאַט, וויא איך האב שפעטער ערפאַהרען איז ארונטער נענאַננען מיט זיין בעגלייטערין אין וואַרטע־זאאל אום צו טרינקען טהעע. וועהרענד דעם זיינען אריין אין וואַנאָן עטליכע אַנדערע פאַסאַזשירען. אונטער דיעזע איז נעווען איין אלטער מאַן, אונד לויט נאך זיין קליידונג האט ער אויסנעזעהען צו זיין א קויפמאַן. ער האט זיך נעזעטצט נראַדע נעגענאיבער וואו דער אדוואָקאַט מיט דער פרוי זיינען פריהער נעזעסען, אונד ער האט אויך באלד אַנגע־פאַננען א שטיקעל ויכוח מיט א יונגען מאַן, וועלכער האט אויסנעזעהען א האַנדעלס־רייזענדער. דער לעצטער האט בעמערקט, אז דער פלאַטץ נענען איבער איז פערנומען. דער אַלטער האט נעענטפערט, אז ער פאַהרט נאָר ביז צו דער נעכסטער סטאַציאָן, אונד פון דעם האט זיך אויך אָנגעפאַננען דאס נעשפרעך.

איך בין געזעסען בייא דער זיים, אונד אזוי ווי דער צוג איז געשטאנען, האב איך געקענט עפעס הערען פון זייער געשפרעך. זייא האבען פריהער גערעדט וועגען פרייזען פון סחורות דאן איבער מסחר, ירידען. דערפון איז מען איבערגעגאנגען צו געשיכטען, אונד דער יונגער מאן האט הערצליך געלאכט. דאס אלעס האט מיך ניט אינטערעסירט. אונד איך האב אנגעפאנגען צו שפאצירען איבער דעם וואגאן צו מאכען אביסעל בעוועגונג, ביז דער צוג וועט אנפאנגען צו געהען. גראדע בייא דער טיהר האב איך בעמערקט דעם אדוואקאט מיט זיין בעגלייטערין.

„איהר וועט שוין קיין צייט ניט האבען ארונטער צו געהען," האט ער צו מיר געזאגט, „באלד קלינגט מען שוין צום צווייטען מאל."

עס איז מאקי אזוי געווען. ווייא איך בין נאר צוגעקומען צום ענדע פון וואגאן, האב איך געהערט דעם גלאק. וואו איך האב מיך אומגעווענדעט, האב איך שוין געטראפען דעם אדוואקאט מיט דער דאמע שטארק פערטיפט אין געשפרעך. דער אלטער קויפמאן איז געזעסען נעגען איבער אונד האט געשוויגען.

„דארויף האט זיא ערקלערט איהר מאן," האב איך געהערט דעם אדוואקאט זאגען, „אז זיא קען מיט איהם ניט לעבען אונד וויל ניט, ווייל"...

וואס ער האט ווייטער דערצעהלט, האב איך ניט געקענט הערען, ווייל דער קאנדוקטאר איז גראדע דורכגעגאנגען מיט א נייעם פאסאזשיר. ווייא עס איז שטיקער געווארען, האב איך ווייטער געהערט דעם אדוואקאט:

„מען האט זיך אנגעהויבען צו קריגען, איבער געלד־זאכען, אונד גלאט אזוי, ביז זייא האבען זיך געמוזט שיידען. אין דיא אלטע צייטען איז דאס ניט פארגע־קומען, ניט אזוי?" דיא לעטצטע פראגע איז שוין געשטעלט געווארען צום קויפמאן, וועלכער האט זיך אויסגעזעהען צו אינטערעסירען מיט דעם וואס דער אדוואקאט דערצעהלט.

גראדע דאמאלס, האט אבער דער צוג אנגעפאנגען צו געהען. נאך א פויזע האט דער אלטער קויפמאן געענטפערט:

„עס איז אפילו ניט קיין נייעס. פריהער איז עס אויך פארגעקומען, אבער, נאטירליך, זעלטענער. יעטצט, מיין הערר, איז דיא וועלט צו שטארק ציוויליזירט געווארען."

דער אדוואקאט האט עפעס געענטפערט, נאר דער צוג, האט צו שטארק געוויזשט אונד איך האב ניט געהערט וואס ער האט געזאגט. עס האט מיך אבער אינטערעסירט ווייטער צו הערען דעם אלטען'ס ווערטער. מיין שכן, דער געוועזער,

האט אויך אויסגעזעהען ניינעריג, אונד ניט צו פערלאָזענדיג זיין פּלאַטץ, האט ער זיך צוגעבויגען.

„וואָס האט עס עפּעס צו טהון מיט דער ציוויליזאציאָן אָדער בילדונג?“ האט דיא דאמע געפּרעגט. „איז עס דען בעסער חתונה צו האבען וויא אין דיא אלטע צייטען, ווען דער חתן מיט דער כלה האבען זיך גאָר ניט געזעהען? זייא האבען ניט געוואוסט אויב זייא ליעבען זיך, אויב זייא וועלען זיך ליעבען, אונז אזוי האט מען חתונה געהאט מיט סאַ־ועמען אונד מען איז פערשוואַרצט געוואָרען דאס גאנצע לעבען. מיינט איהר אפשר, אז דאס איז בעסער געווען?“

„מען איז צו פיעל ציוויליזירט געוואָרען!“ האט דער אלטער געענטפערט וואָרפענדיג א שטיקעל פעראכטענדען בליק אויף דער דאמע.

„איך וואָלט געוואָלט וויסען,“ האט דער אדוואָקאט בעמערקט, „וויא אזוי איהר קענט מיר ערקלערען דיא בילדונג מיט דער אונאייניגקייט צווישען מאן אונד ווייב.“

דער קויפמאן האט געוואָלט עפּעס זאָגען, אָבער דיא דאמע האט אונטער־געבאָפט:

„ניין, דיעזע צייטען זיינען פאַראיבער“...

„ערלויבט איהם,“ האט זיא דער אדוואָקאט אונטערבראָכען, „זיינע געדאנקען אויסצושפּרעכען.“

„ווייל דיא פרוי האט מעהר קיין מורא ניט פאר'ן מאן,“ האט דער קויפמאן געענטפערט.

„וויא איז עס דען מעגליך,“ האט זיך דיא דאמע אריין געמישט, „אז פער־הייראטעטע פערזאָנען זאָלען זיך ניט ליעבען? נאָר בהמות ווערען געפּאארט פון זייערע בעלי־בתים; אָבער מענשען האבען זייערע סימפּאטהיען אונד בעשטענדיגקייט אין דער ליעבע.“

דער האנדעלס־רייזענדער האט זיך דערוויילע אָנגעלעהנט אויף דער זייט פון ריעם זיבּין, אונד מיט א שמייכעלע זיך צוגעהערט.

„איהר האט ניט קיין אורזאכע אזוי צו רעדען, מאדאם,“ האט ער געזאָגט, „ווייל א בהמה איז א בהמה, אָבער דעם מענשען איז געגעבען געוואָרען דאס געזעטץ.“

„וויא קען מען אָבער לעבען מיט א מענשען וואָס מען ליעבט ניט?“ האט זיא געפרעגט.

„פריהער האט מען דארויף ניט געקוקט,“ האט דער אלטער געזאגט. „מען האט עס ערשט יעטצט איינגעפיהרט, אז דיא פרוי זאגט: „איך וועל דיך איבער־לאזען!“ בייא דיא בויערן איז שוין אויך אזוי. זייא האבען אויך אנגענומען דיא מאדע: — „דא האסטו דיין העמד מיט דיינע הויזען,“ זאגט זיא, „איך וועל מיר געהן מיט וואניא׳ן, ער האט שענערע האאר אלס דוא!“ עס איז ניטא וואס צו רעדען: דיא פרוי מוז פאר אלעמען, מורא האבען פאר׳ן מאן!“

„וואס פאר א מורא?“ האט דיא דאמע געפרעגט.

„גאנץ איינפאך: דיא פרוי זאל אנערקענען איהר מאן אלס בעל־הבית, דאס הייסט מורא האבען.“

„ניין, אלטעטשקער, דיעזע צייטען זיינען שוין פאראיבער.“

„ניין, ניין, דיעזע צייטען זיינען נאך ניט פאראיבער. חוה, דיא פרוי, איז גע־נומען געווארען פון דעם מאן׳ס ריפּען; אזוי וועט עס בלייבען אויף אייביג!“ דער אלטער האט געזאגט דיעזע ווערטער שאקלענדיג שטארק מיט׳ן קאפּ, אונד דער האנדעלס־רייזענדער האט איהם צוגעשטימט אונד געלאכט.

„אזוי דענקט איהר, מענער,“ האט דיא דאמע געענטפערט. „איהר האט אייך אליין גענומען פרייהייטען אונד ווילט האלטען דיא פרוי געפאנגען. איהר ערלויבט אייך אלעס.“

„מיר מענער — יא, אבער דאס איז א גרויסער חילוק.“

„איהר מיינט אלזא, אז דיא מענער איז עס שוין אלעס ערלויבט?“

„פון ערלויבנים איז גאר קיין רעדע ניט,“ האט דער אלטער וויעדער געזאגט, „אבער דער מאן מוז זיין בעל־הבית בייא זיך אין שטוב, ווייל דיא פרוי איז א שברי־כלי.“

„איך גלויב וויעדער, אז איהר וועט מיר מודה זיין, דאס דיא פרוי איז גראדע אזא מענש אונד האט אויך אזעלכע געפיהלע וויא דער מאן. וואס קען זיא טהון ווען זיא ליעבט ניט איהר מאן?

„זיא ליעבט איהם ניט?“ האט דער אלטער געפרעגט אין כעס ווערענדיג. „וואס הייסט זיא ליעבט איהם ניט? דערפאר זאלט איהר זיך שוין ניט זארגען. זיא וועט איהם שוין ליעבען.“

„ניין, זיא קען איהם קיינמאל ניט ליעבען,“ האט דיא דאמע געענטפערט. „ליעבע קען מען ניט מאכען, ווען זיא איז ניטא. צווינגען צו ליעבען, איז אונ־מעגליך.“

„אונד ווען דיא פרוי ווערט דעם מאַן אונטריי, וואס איז דאַן?“ האט דער אדוואָקאט געפרעגט.

„דאס דאַרף ניט זיין. דאס מוז מען פערהיטען.“

„אָבער ווען עס פּאַסירט דאָך, וואס טהוט מען? עס קען דאָך פּאַר-קומען.“

„יא, עס פּאַסירט, אבער ניט בייא אונז. אונד ווען עס קומט דאָך פּאָר וואס א נאכלעסיגער מאַן קען ניט זיין פרוי האַלטען אין צוים, דאַן איז א מצוה אויף איהם. דערפון דאַרף אָבער יעדענפאלס קיין סקאנדאל ניט ענטשטעהען. זאל זיא ליעבען דעם מאַן אָדער ניט. אבער דאס הויז דאַרף ניט געשטערט ווערען. יעדער מאַן קען זיין פרוי בעהעררשען, אונד טאקי דערצו האט ער דיא קראַפט. נאָר א דומקאָפּ קען ניט!“

אלע האבען געשוויעגען, אונד מיט א שמייכעלע אויף זיינע ליפּען, האט דער האנדעלס-רייזענדער געזאגט:

„מיט אונזער יונגען בעל-הבית איז אויך ענטשטאנדען א סקאנדאל; עס איז זעהר שווער צו אורטהיילען דאריבער. ער איז איין ערנסטער אונד געבילדעטער מענש, אונד ער האט זיך פעראייניגט מיט א לייכטזיניגער פרוי. ער האט פאר איהר אַלעס מעגליכע געטהאָן, נאָר זיא איז קיין לייט ניט, אונד חוץ איהרע אַנדערע געמיינהייטען, האט זיא איהם אויך בעגנב'עט. ער האט זיא דערפאר געשלאָגען. אונד וואס מיינט איהר איז געוואָרען? נאָך ערגער, זיא האט זיך פערליעבט אין איינעם. וואס האט דער מאַן געקענט טהון? ער האט געמוזט זיך אבשיידען פון איהר, אונד זיא לעבט יעטצט אין אויסגעלאסענהייט.“

„ער איז א דומקאָפּ!“ האט דער אלטער געזאגט. „ווען דער מאַן וואָלט דיא פרוי פון אנפאנג אָן שטרענג געהאלטען, וואָלט עס נאר קיינמאל דערצו ניט געקומען. איהר ווילען מוז פון אנפאַנג אָן געבראָכען ווערען. מען בעדאַרף ניט גע-טרויען דעם פערד אויף'ן פרייען פעלד אונד דער פרוי אין הויז.“

דער קאָנדוקטאָר איז דערבייא צוגעגאנגען צום אַלטען אונד בייא איהם אוועק גענומען זיין בילעט.

„יא, דיא פרויען מוזען צו דער רעכטער צייט געהאלטען ווערען פעסט אין צוים, זאָנסט איז אַלעס פערלוירען.“

„אונד איהר אַליין,“ האט דער אדוואָקאט בעמערקט לייכטזיניג, „זייט ניט צוריק געטרעטען פון שעהנע פרויען, אויף דיא ירידען, לויט וויא איך האב אייך געהערט דערצעהלען.“

„דאס איז שוין א גאנץ אנדערע זאך," האט דער קויפמאן געזאגט. „דערפאר בין איך דאך א מאן."

**2.**

דאן איז דער צוג געבליעבען שטעהן בייא דער סטאציאָן אונד דער אלטער האט פערלאָזען דעם וואגאָן.

„דאס איז זעהר א טרויעריגער אונד שלעכטער בעגריף פון א פרוי!" האט דיא דאמע בעמערקט.

„יא," האט דער אדוואָקאט געענטפערט. „מיר זיינען נאך זעהר וויים פון דער אייראָפעאישער מיינונג איבער פרויען. מיר האבען נאך דרייא פראגען צום אויפלעזען; ערשטענס: דיא פרויען־רעכטע; צווייטענס: דיא ציוויל־חתונות; אונד דריטענס: דעם גט."

„וואס אזעלכע מענשען פערשטעהן ניט איבערהויפט," האט דיא דאמע ווייטער געזאגט, „איז, אז נאָר דיא ליעבע מאכט היילינג דיא פעראייניגונג צווישען מאן אונד ווייב, אונד ערשט דאן ווערט דיא חתונה א ריכטינע."

„וואס איז דאס פאר א ליעבע וואס היילינט דיא פעראייניגונג אדער חתונה?" האט פלוצלינג געפרעגט דער נערוועזער מאן.

„וואס דאס איז פאר א ליעבע?" האט דיא דאמע געענטפערט, „דיא נעהעהנליכע ליעבע צווישען מאן אונד ווייב."

„וויא קען דען א געוועהנליכע ליעבע פערהיילינען דיא פעראייניגונג?" האט ווייטער געפרעגט דער נערוועזער הערר. ער האט אויסגעזעהען זעהר אויפגערעגט.

„וויא אזוי? גאנץ איינפאך"... אבער איידער דיא דאמע האט געהאט צייט נאך עפעס צו זאגען, האט דער נערוועזער הערר געמורמעלט:

„ניין, נאר נים אזוי איינפאך!" —

„זיא מיינט," האט דער אדוואָקאט זיך אריין געמישט, „אז דיא פעראייניגונג קומט ערשטענס פון סימפאטהיע, אָדער פון ליעבע ווען איהר ווילט עס אזוי רופען, אונד, נאטירליך, אין דעם פאל, ווען עס איז עפעס פערהאנדען ליעבע, דאן איז אין דער פעראייניגונג אויך דאָ היילינעס. דיא פעראייניגונג אבער, ווען זיא קומט נים פון סימפאטהיע אָדער ליעבע, דאן איז זיא נים מאָראליש אָדער פערבינדענד. האב איך אייך ריכטיג פערשטאנען?" האט ער געפרעגט דיא דאמע.

זיא האט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, צום צייכען, אז אזוי האט זיא גע־מיינט.

„אונד דאָך... האָט דער אַדוואָקאַט אָנגעפאַנגען, אבער דער נערוועזער הערר האָט איהם אונטערבראָכען:

„גוט. אבער וואס פערשטעהט איהר אונטער דער ליעבע וואס היילינט דיא פעראייניגונג?"

„יעדער מענש ווייסט וואס עס הייסט ליעבע!" האָט זיך דיא דאַמע אריין געמישט.

„איך וויים אבער ניט, אונד איך וואָלט זעהר געוואָלט וויסען וויא אַזוי איהר ערקלערט דאס."

„וויא אַזוי? זעהר איינפאַך. ליעבע! ליעבע איז אַזאַ מין אנציהונג, וואס מאַכט אונז פאַרציהען איין זאַך, דאס וואס מיר ליעבען, פאַר אַלעס אַנדערע."

„פאַרציהען אויף וויא לאַנג? אויף אַ מאָנאַט? אויף צוויא טעג? אויף אַ האַלבע שטונדע?" האָט געפרעגט דער נערוועזער הערר.

„אויף וויא לאַנג? אויף זעהר לאַנג. אָפט פיר דאס גאַנצע לעבען."

„אבער דאס קומט נאָר פאָר אין אַ ראָמאַן. אין לעבען, קיינמאָל ניט. אין לעבען בעשטעהט דיעזעס פאַרציהען זעהר זעלטען יאָהרען לאַנג. מייסטענטהיילס געדויערט עס נאָר מאָנאַטע, וואָכען, טעג אדער בלויז שטונדען."

„וואס זאָגט איהר? ניין, ניין, דאס קען ניט זיין!" האָבען מיר אַלע דרייא אויסגערופען כמעט אויף איינמאָל. זאָגאַר דער האַנדעלס-רייזענדער האָט אויך שוין ניט געקענט דערמיט איינשטימען.

„איך וויים, איך וויים," האָט אונז אריבער געשריען דער נערוועזער הערר, „איהר האָט געשפּראָכען פון איין „עפּעס", וואס איהר נעהמט אָן, אַז עס עקזיס-טירט, ווערענד ווען איך רעדט דערפון, וויל איך וויסען וואָס עס איז אין דער ווירקליכקייט. יעדער מאַן שפּירט דאס, וואס איהר רופט ליעבע, צו אַ שעהנעס פרויענצימער, אבער וועניגער וויא פיר אַלע אַנדערע, שפּירט ער עס פיר זיין איינענע פרוי."

„דאס וואס איהר זאָגט, איז שרעקליך! דער מענש האָט דאָך אַ געפיהל, וואס מען קען ניט אַבלייקענען, אונד דיעזעס געפיהל, רופט מען ליעבע, וועלכעס געדויערט ניט מאָנאַטען אדער יאָהרען, זאָנדערן דאס גאַנצע לעבען."

„ניין, אַזאַ זאַך עקזיסטירט ניט. עס איז גראַדע דאַסזעלבע וויא מען זאָל זאָגען, אַז אַ ליכט קען ברענען אַ גאַנצעס מענשען-לעבען. יאָ, דאס ליכט ברענט, אַ געוויסע צייט, אונד דאַן נעהמט עס אויס. עס איז דאַסזעלבע מיט דעם וואס איהר רופט ליעבע."

„עס זעהט אויס, אז איהר רעדט נאָר פון דער קערפּערליכער ליעבע. קענט איהר ניט צו געבען, אז עס עקזיסטירט ליעבע, דערפאַר וואס מען דענקט גלייך אונד דערפאַר וואס דיזע אנציהונג איז געגרינדעט אויף דער פערוואַנדטשאַפט פון איין מענשען'ס זעעלע צו דער צווייטער?"

„ווער זאגט איך וויל דאס ניט צו געבען? אבער אין אזא פאַל וואָלט עס גאר ניט געטהיג געווען צוזאמען צו שלאָפען (ענטשולדיגט מיין אויסדרוק.) גלייכע אידעען טהיילט מען אבער ניט מיט אַלטע פרויען, זאָנדערן אימער נאָר מיט שעהנע אונד יונגע."

ער האט דעריבער געלאכט אויף איין אונהיימליכער אַרט.

„יא," האט ער ווייטער געזאגט, „איך בעהויפּטע, אז דיא ליעבע, דיא ווירק־ליכע ליעבע, ווערט ניט געהייליגט דורך פעראייניגונג אדער חתונה האבען, אין גע־גענטהייל, זיא ווערט דערפאַר צערשטערט."

„ערלויבט מיר," האט דער אדוואָקאט געזאגט, „דאס לעבען איז גראדע א ווידערשפּרוך צו אייער בעהויפּטונג. מיר זעהן, אז עס עקזיסטירען פעראייניגונגען בייא דער מעהרצאָהל אונטער דער מענשהייט, וואס ווערען גראדע געהייליגט ווייל מען איז זיך צוזאמען געקומען, אָדער געהייראטהעט, אונד מאן מיט ווייב לעבען זיך אָב גליקליך אלע זייערע יאהרען."

דער נערוועזער הערר האט ארויס געלאָזען א בעזען געלעכטער.

„וויא איז דאס מעגליך? איהר זאגט, אז דיא פעראייניגונגען זיינען געגרינדעט אויף ליעבע. איך ווידער, צווייפעל נאר אין דער עקזיסטענץ פון ליעבע, מיט דער אויסנאהמע, נאטירליך, פון דער קערפּערליכער ליעבע — איהר ווידער ווילט מיר אונבעדינגט בעווייזען דיא עקזיסטענץ פון דער ליעבע אין דער הייראטה. דיא הייראטה אדער פעראייניגונג, איז, אין אונזער צייט, בלויז א בעטרוג, א געצוואונ־גענע זאך."

„ניין, ערלויבט מיר," האט דער אדוואקאט נאך אמאל אָנגעפאנגען, „איך האב נאָר געזאגט, אז עס זיינען געווען אונד עס זיינען נאך דאָ הייראטהען"...

„אבער וויא אזוי עקזיסטירען זייא? זייא זיינען בעשטאנען אונד בעשטעהען נאך עד־היום אונטער דיא מענשען, וועלכע זעהן אין דעם עפּעס געהיימניספאַלעס,— א הייליגטהום, וועלכעס פערבינדעט פאר גאָט. אמת, בייא אזעלכע עקזיסטירט דיא הייראטה, אָבער ניט בייא אונז. פיר אונז איז זיא נאָר א שווינדעל אונד א נויטדזאך. דאס פיהלען מיר, אונד אום אונז צו בעפרייען דערפון, פרעדיגען מיר דיא ליעבע. איינענטליך איז דיא פרייע ליעבע, דאס הייסט, מען זאָל ניט זיך

צונעבונדען גראדע צו איין ווייב, נים מעהר וויא דאס צוריק־קעהרען צו דיא נאטור־
געזעטצע פון אלטע צייטען, אז מען זאָל קענען האבען א פרייען פערקעהר צווישען
אללע מענער אונד פרויען, (ענטשולדיגט מיר דעם אויסדרוק,) אדער, בעסער געזאגט, צו דער זינד געגען דאס 7־טע געבאָט פון דיא עשרת הדברות. דאס וואס
איז געוועזען ביז אהער, איז שוין אָבגעדראָשען, עס ניצט נים מעהר. מיר מוזען עפּעס
אנדערש אויסגעפינען, אז מען זאָל נים דארפען דערבייא פרעדיגען קיין פער־
ראָרבענהייט."

ער איז אזוי אויפגערענט געווארען, אז אלע האבען איהם ערשטוינט בע־
טראַכט.

„אונד דיעזע איבערגאַנגס צייט איז שרעקליך. דיא מענשען פיהלען, אז מען
דאַרף נים צולאָזען דיא זינד וועגען דעם 7־טען געבאָט, אונד דיא בעציהונגען צווישען
מאַן אונד פרוי מוזען פעסטגעשטעלט ווערען נאך א געוויסער רעגעל, אָבער עס
איז ניטאָ דערבייא קיין אָרדנונג, אויסער דיא אלטע, אין וועלבע מען גלויבט נים
מעהר. דיא מענשען האבען חתונה נאך'ן אלטען מנהג, אונד גלויבען אבער נים
אין דעם וואס זייא טהון, פון וואנען עס ענטשטעהט בעטרוג אונד געמיינהייט.
מאַן אונד פרוי מאכען נאָר דיא מענשען גלויבען, אז זייא לעבען בלויז איינער מיט
אנאנדער, אָבער אין אמת'ן לעבען זייא מיט פיעלע אנדערע. דאס איז ניעדער־
טרעכטיג, אבער עס איז דאך אזוי. ווען אָבער מאַן אונד פרוי פערפליכטען זיך, אז
איינער איז צונעבונדען צום צווייטען אונד זייא מוזען אזוי אָבלעבען אלע זייערע
יאָהרען, אונד ווען עס פּאַסירט, אז צום צווייטען מאָנאט קענען זייא צוזאַמען נים
לעבען אונד בלייבען דאך צוזאמען — דאן קומט דערפון ארויס א גיהנום, וועלכעס
פיהרט דערצו ענטוועדער צו ווערען א שיכור, בענעהן זעלבסטמאָרד אָדער זיך אונד
אנדערע צו פערגיפטען."

אלע זיינען געזעסען שטיל אָהנע צו וויסען וואס צו ענטפערן. דער אדוואָקאַט
האט ענדליך בעמערקט:

„יא, עס ויינען פערהאַנדען טרויעריגע געשיכטען אין פערהייראַטעטען לעבען.
דאס איז צום ביישפּיעל דיא געשיכטע פון פּאָזדניטשעוו, וועלבער האט אויס
אייפערזוכט, ערמאָרדעט זיין איינענע פרוי, — האט איהר דאריבער געלעזען?"

דיא דאַמע האט געענטפערט, אז זיא האט דאריבער נים געלעזען. דער
נערוועזער הערר האט נאָר נים געזאגט, אָבער דער אויסדרוק אויף זיין געזיכט,
האט זיך שטאַרק געענדערט.

„איך זעה,“ האט ער פלוצלינג אָנגעפאנגען, „אז איהר האט מיך דער־קענט!“

„ניין, איך האב גראדע ניט געהאט דאס פערגניגען אייך צו קענען“.

„דאס פערגניגען איז ניט זעהר גרויס. איך בין פּאָזדניטשעוו“.

אלע האבען ווידער געשוויגען. דער נערוועזער הערר, וועלכער האט זיך גערופען פּאָזדניטשעוו, איז רויט אונד בלאַס געוואָרען.

„עס בלייבט זיך גלייך“, האט ער דאַן געמורמעלט. „ענטשולדיגט מיר, איך וויל אייך ניט שטערען“.

ער האט זיך בייא דיעזע ווערטער אומגעווענדעט אונד זיך אוועק געזעטצט אויף זיין פּלאַטץ.

3.

איך האב מיך אויך אוועק געזעטצט אויף מיין פריהערינגען פּלאַטץ. איך בין געזעסען נעבען פּאָזדניטשעוו'ן אונד געשוויגען. איך האב זעהר גערן מיט איהם געוואָלט רעדען, אבער איך האב ניט געוואוסט וויא איך זאָל דאס אָנפאנגען. אזוי זיינען פּאַראיבער איינינע מינוטען אין א טיעפעם שטילשווייגען, ביז מיר זיינען אָנ־געקומען צו דער נעכסטער סטאציאָן, וואו דער הערר אונד דיא דאמע, וויא אויך דער האנדעלס־רייזענדער, האבען אויסגעשטיעגען. איך בין דאַן געבליעבען גאנץ אליין אין וואגאָן מיט פּאָזדניטשעוו'ן.

„אונד דיעזע מענשען רעדען! ענטוועדער זייא זאגען ליעגען, אָדער זייא פער־שטעהן זיך אליין ניט!“ האט ער פלוצלינג אויסגערופען.

„דאס הייסט... פון וואס רעדט איהר?“

„נאך אימער איבער דאסזעלבע.“

ער האט זיך דאבייא אָנגעשפּארט מיט זיין קאָפּ אויף דיא הענד, אונד זיינע פינגער האבען שטארק צוגעדריקט זיינע שלייפען.

„ליעבע, הייראטה, פאמיליע! אלעס איז ליעגען, ליעגען, ליעגען!“

ער איז אויפגעשטאנען אונד זיך דאַן אָנגעשפּארט אַן דעם קישען פון זיין זיטץ. ער האט צוגעמאכט זיינע אויגען, אָבער אין איין אויגענבליק ארום האט ער געזאגט:

„איז אייך מיין געזעלשאפט ניט אונאנגענעהם זיט דעם איהר ווייסט ווער איך בין?“

„אָה, ניין!“

„ווילט איהר ניט שלאָפען?“

„ניין, איך בין נאך נים שלעפעריג.“

„דאן, ווען איהר ווילט... וועל איך אייך דערצעהלען מיין לעבענס־געשיכטע.“

זיין געזיכט האט אנגענומען א שעהנע מיענע, אבער פול מיט א ריהרענדען אונד טרויעריגען אויסדרוק.

4.

„איך וועל אייך אלזא דערצעהלען איבער מיין לעבען אונד דיא גאנצע שרעקליכע געשיכטע. שרעקליך, אונגעהייער שרעקליך! דיא געשיכטע זעלבסט, איז נאך שרעקליכער אלס איהר ענדע.“

ער האט געשוויעגען, אונד אלס ער האט זיך אויסגעווישט דיא אבגעווענדעטע אויגען, האט ער אנגעפאנגען:

„ווען איך וויל אייך דערצעהלען, דאן מוז איך קורץ פאר דעם אנפאנג אנהייבען, דאמיט איך זאל אייך אבשילדערן, וויא עס קומט ווארום איך האב געהייראטעט. ערשטענס וועל איך אייך זאגען ווער איך בין. מיין פאטער איז געוועזען א רייכער עדעלמאן. איך האב געשטודירט אין דער אוניווערזיטעט אונד געווארען אדוואקאט. ווען איך בין אלט געווארען 30 יאהר, האב איך חתונה געהאט. איידער אבער איך רעדט פון מיין חתונה, מוז איך אייך פריהער אבשילדערן, וויא אזוי איך האב געלעבט אונד וואס איך האב געדענקט פון פאמיליען־לעבען.

איך האב געלעבט, וויא אלע יונגע קינדער פון רייכע עלטערן, אין אויסגעלאסענהייט. אונטערדעסען בין איך בייא מיר געוועזען איבערצייגט, אז איך מאך איין אויסנאהמע, אונד בין מאראליש. דאס איז נאר געוועזען דערפאר, ווייל איך בין נים אריבער געגאנגען דיא מאאס. זייענדיג ערצויגען אין א פאמיליע וואו דער פאטער אונד דיא מוטער זיינען זיך קיינמאל נים געוועזען אונטרייא, האב איך מיר אויך פארגעשטעלט אזא אידעאלעס אונד פאעטישעס פאמיליענלעבען. מיין פרוי זאל זיין, האב איך מיר געטראכט, פאלקאמען, אונד מיר זאלען זיך לעבען וויא דיא טויבען. טראָטץ דעם האב איך געלעבט 10 יאהר אלס ערוואקסענער מענש אונד מיך נים געאיילט חתונה צו האבען. מיין מעלה איז געווען, וואס איך האב קיין מ׳דלעך נים פערפיהרט אונד מיך נים היגנעגעבען צו אוננאטירליכע פערגניגענס. דערמיט האב איך מיך שוין גערופען, א פאלקאמענער מאראלישער מענש. דיא פרויען, מיט וועלכע איך פלעג מיך צוזאמען קומען, זיינען נאר געוועזען מיינע, כל־זמן זיי האבען מיר געקענט פערשאפען פערגניגען. איך האב אין דעם נאר קיין שלעכטס נים געזעהן אין געגענטהייל. ווייל איך האב נים געוואלט בעריהרען זייערע הערצער

אונד בעצאָהלט פיר מיין פערגניגען, האב איך מיך שוין געהאַלטען אלס גענוג מאָ־ראליש אונד בין געווען שטאָלץ דאַרויף. עס איז מעגליך, אז איך האב געבראַכט קינדער אויף דער וועלט, אבער איך וויים ניט דערפון, אונד איך האב עס קיינמאל ניט בעאַבזיכטיגט. איך האב ניט בעגריפען, אז דאס פערברעכען ליעגט ניט אין דער קערפערליכער צופריעדענהייט, זאָנדערן אין דעם ענטזאגען זיך פון יעדער מאָ־ראלישער פליכט. איך עראינער מיך זעהר גוט וואס עס האט אמאל פאסירט, אז עס איז מיר גאר ניט אויסגעקומען איינער צו בעצאהלען. דאס איז וואהרשיינליך געווען, ווייל זיא האט מיך ליעב געהאט. איך האב מיך אבער ערשט שפּעטער בע־רוהיגט, ווען איך האב איהר אָבגעשיקט דאס געלד, אום איהר צו בעווייזען, אז איך האב צו איהר קיינע מאָראלישע פליכטען.

„שאָקעלט ניט אזוי מיט'ן קאָפּ, גלייך וויא איהר וואָלט מיט מיר דאָ געווען איינפערשטאַנען," האט ער פּלוצלינג אויסגעשריען. אלע אונד אויך איהר זייט פון דערזעלבער מיינונג וויא איך בין דאמאלס געווען. יעטצט דענק איך אנדערש. ווען איך וואָלט עס דאמאלס געוואוסט, דאן וואָלט ניט געשעהען דאס, וואס עס איז געשעהן. אָבער עס בלייבט זיך גלייך — ענטשולדיגט מיר — יעדעספאלס איז עס שרעקליך, שרעקליך, שרעקליך! אין וואס פאר א פערדרעהעניש פון פערברעכען מיר זיינען, ווען מיר קומען צו דער איינענטליכער פרויען פראגע"...

„אונד וואס רופט איהר דיא איינענטליכע פרויען פראגע?"

„עס איז דיא פראגע, אויב דיא פרוי איז ניט אזא בריאה וויא דער מאָן, אונד וויא אזוי זיא אליין אונד דער מאן דארף זיא בעטראַכטען."

5.

צעהן יאהר האב איך געחלומ'ט פון א חתונה אונד ערהאבענער ליעבע, אבער נאָר פון דעם נאמען אליין, אונד איך בין דערווייל געשוואומען אין שמוטציגסטען וומפּף פון אויסגעלאַסענהייט. יא, איך וועל אייך דערצעהלען וויא אזוי איך בין גע־קומען דערצו, צו הרג'ענען מיין פרוי. פריהער אָבער זאָלט איהר וויסען וויא אזוי איך בין פערדאָרבען געוואָרען. ערשט נאך דיא צרות וואס איך האב דורכגעמאַכט, האב איך ערפאהרען דעם אמת. עס איז געווען צור צייט ווען איך בין אלט גע־וואָרען 16 יאהר. מיין עלטערער ברודער איז אריין אין דער אוניווערזיטעט אונד איך בין געבליעבען אין גימנאזיום. איך האב נאך דיא פרויען ניט געקענט. אָבער איך בין געווען, וויא אלע אונזערע אונגליקליכע קינדער, קיין אונשולדיגער מעהר. נאך מיט צוויא יאהר צוריק בין איך פערדאָרבען געוואָרען דורך אנדערע איינגלעך. עס האט מיך שוין געקוועהלט דיא פרוי — ניט קיין בעשטימטע פרוי — זאָנדערן גלאט

א פרוי, אלס עפעס זיסעס; דיא פרויען, אירגענד א פרוי, אונד איהר נאקעטקייט...
ווען איך בין געבליעבען אליין אונד נעקלערט, האב איך ניט געקענט זיין ריין.
איברינענס בין איך געווען, אין דיעזער בעציהונג, ניט בעסער אלס 99 פראָצענט
פון דיא איברינע אינגלעך. מיין נאטור, אדער דאס ביסעל גוטע אין מיר, האט
פראָטעסטירט, זיך ניט געוואָלט לאָזען אזוי טיעף זינקען. אָבער קיין זאך האט גע-
האָלפען. איך בין געוועזען פערדאָרבען אי אין מיינע געדאנקען, אי אין מיינע
טהאטען. אָבער דעם לעצטען שריט, דאס הייסט, דיא פערדאָרבענהייט צו בעטריי-
בען מיט א פרויענצימער, האב איך נאך ניט אָנגעפאנגען. איך האב מיך בלויז אליין
רואינירט אונד קיינע אַנדערע געשאדעט. אבער איך האב מיך בעקאנט געמאכט
מיט א סטודענט, מיין ברודער׳ס א פריינד, אונד דיעזער איז געווען, וויא מען זאגט,
א „וואוילער יונג" ועלכער איז געווען אין דער ווירקליכקייט א חברה־מאן וואס האט
צו קיין זאך געטויגט, אונד געקענט גוט טרינקען, וויא אויך גרויסע פאַרטשריטען
געמאכט אין קאָרטען שפּיעלען. מיין ברודער איז נאך אויך געווען אונשולדיג,
אָבער מיר האבען דעם „וואוילען יונג" ניט געקענט ענטזאגען. ער האט אונז גע-
רופען אונד מיר זיינען געגאנגען. נאטירליך וואָלט ער פון אונז געלאכט ווען מיר
וואָלטען ניט געגאנגען. דאן האבען מיר דאך אליין אויך עפּעס געוואָלט ווערען
„וואוילע יונגען". קורץ, איך האב שוין צו מיין פערדאָרבענהייט צוגענומען א שותף.
איך האב אפילו קיין אוינענבליק געדאַכט, אז איך טהו אונרעכט. קיינער האט עס
מיר אויך ניט געזאגט, אז מען טאָר ניט. דאס וואס עס שטעהט אין דיא עשרת
הדברות, איז מעהר ניט גוט געווען צו וויסען, וויא אבצוגעבען עקזאמען אויך אין
רעליגיעזע זאכען.

דאן האב איך אויך ניט געהערט פון עלטערע מענשען, אז דאס וואס
איך האב געטהאָן אונד אָנגעפאנגען צו טהון, איז ניט גוט אָדער עס איז פערבאָ-
טען. גראדע אומגעקעהרט, איך האב נאר געהערט פון מענשען, וועלכע איך האב
געאכטעט, אז דאס איז גאַנץ גוט פיר דער געזונדהייט, דאס הייסט, דיא וויסענ-
שאפט האט עס ערלויבט אָדער געהייסען טהון.

„דיא וויסענשאפט?" האב איך געפרעגט.

„יא, וואס זיינען דען דיא ערצטע? זייא זיינען דאך דיא פריעסטער פון
דער וויסענשאפט. ווער טהוט דען דער יוגענד מעהר שלעכטעס וויא דער דאָקטאָר
וואס זאגט, אז אזא זאך איז נעטהיג צו דער געזונדהייט? יא, ווען אנשטאט דעם
וואס מען פרעדיגט, אז פערדאָרבענהייט איז גוט צו דער געזונדהייט, זאל מען
בעסער פרעדיגען מאָראל אונד זיטען, וואָלט דאן דיא וויסענשאפט פיעל שענערע

אונד עדעלערע ציעלען נעהאט. איך אלזא בין אויך געווען איין אפפער פון דיעזער וויסענשאפט. איך בין זיכער, דאס ווען דיא אומשטענדען וואלטען אנדערס געווען, דאס הייסט, ווען יעדער איינער וואלט זיך געפיהרט בראוו אונד אנשטענדיג, וואלט איך אויך דיעזען וועג גענומען אונד ניט בעדארפט דיעזעס מיטעל צו מיין געזונד-הייט. עס איז א טרויעריגע געזונדהייט. מען מעג זיא בעסער רופען מיט דעם פאסענדען נאמען שמוטציגע קראנקהייט. ווען איך האב דאמאלס דאס צימער פער-לאזען אונד מיך דערמאהנט, אז מיין אונשולד איז אוועק אונד איך וועל קיינמאל מעהר ניט קענען צוטרעטען ריין אונד אונפערדארבען צו מיין איינענער פרוי, האב איך געוויינט פאר שמערץ.

אבער אזוי וויא דעם שיכור איז שווער בלויז זיך צום ערשטען מאל צו בעזויפען, אזוי איז עס מיט מיר אויך געווען. עס איז דאסזעלבע מיט דעם וואס רויכט אפיום אדער טאבאק. מען געוועהנט זיך צו, אונד דאן איז מען שוין ליידענשאפטליך. איך בין געווארען איינער פון דיעזע.

6.

דאס איז מיין אורטהייל איבער מיר אליין. איך בין געווארען א שמוטציגער שופט, אבסאלוט ניט אכטענדיג אויף דעם אונגליק פון דיא ארעמע פרויענצימער. איך האב זייא בעטראכט אלס דאס מיטעל פון ליידענשאפט, אונד ניט מעהר. שוידער האפט איז עס, וויא מיר 30-יעהריגע זינדער, וועלכע האבען הונדערטע פון פערשיעדענע פערברעכען געגען אונגליקליכע פרויען אויף אונזער געוויסען, פערגעסען פלוצלינג אין אלעמען. מיר ציהען זיך אן אין א שעהנעם אנצוג, מיט ווייסער וועש, אונד מיר שטעלען פאר א בילד פון רייניהייט אונד אנשטאנד. אונטען אבער, אונטער דיעזע ריינע קליידער, ליעגט א הויפען מיט שמוטץ, געמיינהייט אונד פער-דארבענהייט.

אזוי האב איך אויך געלעבט ביז צו מיין 30-טען יאהר. דעם געדאנק פון דער הייראטהע מיט א ריינעם אונד אידעאלעם פאמיליען-לעבען, האב איך אונטערדרעסען ניט אויפגעגעבען. איך האב דאן אנגעפאנגען צו שטודירען דיא מיידלעך ארום מיר, אום מיר אויסצוקלייבען איינע, וועלכע זאל מיר געפעלען ווערען אלס פאסענד פיר מיינע פרוי. איך, דער פערדארבענער, מיט אונצעהליגע פערברעכען אויף מיין גע-וויסען געגען אונגליקליכע פרויענצימער, האב געוואלט הייראטהען מיט א שעהנער, ריינער אונד זיטטליכע פרוי. איך האב א סך געזוכט, אונד פיעלע מיידלעך, אונ-שולדיגע קינדער, וועלכע'ס נאמען איך האב אפילו ניט ווערטה געהאט צו

דערמאָהנען, האב איך צוריק געווען, אלס ניט פּאַסענד פיר מיר. ענדליך האט פּאסירט וואס איך בין גראדע אונגעריכט אריין געפאלען. עס איז געווען דערבייא א שטיקעל ראָמאַנטישע געשיכטע. דיעזע וואס האט מיך געפאַנגען, איז געווען דיא טאָכטער פון א פעראַרעמטען גוטס-בעזיטצער. דער פאטער איז שוין געווען טויט, אונד דיא מוטער האט געזוכט אלערלייא מיטלען וויא אזוי מיך אריין צו נארען. עס איז איהר ענדליך געלונגען. איך בין איינמאל געפאָהרען שפּאַצירען אין א שיפעל אויף'ן וואסער. דאס איז געווען בייא דער נאכט, ווען דיא לבנה האט אַרונטער געוואָרפען א שטראָם מיט זילבערנע שטראַהלען. אונד ווען מיר זיינען אהיים געקומען אונד זיך אוועק געזעטצט, האב איך גאר ניט געקענט גענוג בעוואונדערן איהר שלאַנקע טאַליע, איהר ענג איינגעפּאַסטען בוזים אין דעם דזשערזי קלייד, אונד דאמאלס איז מיר איינגעפאלען, אז דאס איז דיעזע, וועלכע פּאַסט פאר מיר. עס האט מיר אויסגעזעהן אין יענעם אבענד, אז זיא האט פערשטאַנען אלעס וואס איך האב געדענקט אונד געפיהלט. איך האב געטראכט, אז דאס איז דיא ליעבע. אין דער וואהרהייט אבער, איז דאס מעהר ניט געווען וויא דיא דזשערזי אונד דיא צעפּ, וועלכע זיינען אזוי שעהן אריבער געהאַנגען איבער איהרע שולטער. עס האט זיך מיר געוואָלט אימער פערבלייבען נעבען איהר.

איך בין אהיים געקומען זעהר בעגייסטערט, אונד בין געווען פאָלשטענדיג איבערציינגט, אז זיא איז דאס פאָלקאָמענסטע פרויענצימער, אונד, דערפאר, נאַטירליך, דארף זיא זיין מיינע. אויף'ן צווייטען טאג האב איך פערלאַנגט איהר האַנד צור הייראַטה מיט מיר.

איהר קענט זאגען וואס איהר ווילט. דאס אלעס בעווייזט, אז מיר שטעקען אין אזא זומפּף פון ליעגען אונד בעטרוג, אז מיר האבען אפילו אליין אויך קיין צייט ניט נאכצודענקען, אויב דאס וואס מיר טראכטען, נארט ניט אָב אונזערע אייגענע געפיהלע. עס איז געווים ניט געווען קיין ריינע אונד קלארע איבערלעגונג, זאָנדערן, וייל איך בין שוין געוואָהנט געווען צו שעהנע פרויענצימער פיר מיין ליידענשאַפּט, האט מיך איהר קערפּער בערוישט. ניט מעהר.

וויא איך האב אייך פריהער געזאגט, האָב איך מיך געהאלטען כלומר'שט אלס איין אנשטענדיגען מענש, אונד איך האב בעשלאָסען, אז מיין קינפטיגע לעבענס-בעגלייטערין, זאָל עפּעס וויסען איבער מיין פערגאַנגענהייט. צו דיעזען צוועק האב איך איהר געגעבען לעזען מיין טאגע-בוך, וואס האט איהר געקענט געבען עפּעס א בעגריף איבער מיין פערדאָרבענהייט. איך קען מיך ערינערן וואס פאר א שרעק אונד פערצווייפלונג עס האט זיך אָבגעשפּיגעלט אויף איהר געזיכט. איך

האב זיכער געמיינט, אז דא וועט אבלאזען דעם שידוך. אתה, ווירקליך, וואס פאר א גליק דאס וואלט געווען פאר אונז ביידע!

7.

„איבריגענס ווייס איך ניט, פיעללייכט איז עס טאקי אזוי בעסער", האט ער ווייטער געזאגט מיט א זיפץ. „איך, וועניגסטענס האב מיר עהרליך פערדיענט מיינע צרות. אבער ניט דאס בין איך אויסען. איך האב דא בלויז געוואלט בעמערקען, אז אין אזא פאל, זיינען אימער דיא ארעמע מיידלעך דיא בעטראגענע. דיא מוטערס ווייסען אבער אלעס, איבערהויפט אזעלכע מוטערס, וועלכע האבען געגאסען דיא ערפאהרונג פון זייערע אייגענע מענער. זייא, דיעזע מוטערס, ווייסען דיא טויזענדער מיטלען וויא אזוי צו פאנגען דיא מענער פיר זייערע טעכטער. זייא בעגרייפען, אז אונזער ליעבע בעשטעהט ניט גראדע אין איינפערשטעהען זיך אין דער ריינהייט פון גייסט, זאנדערן וויא דיא האאר זיינען געקאמט, וויא אזוי דאס קלייד איז צוגעשניטען אונד וויא דאס ליעגט. מיט איינעם ווארט, מען זוכט נאר איבעראל צו ערוועקען דיא קערפערליכע לוסט, אין דערזעלבער צייט מיט ליעגען אונד בעטרוג. ווען דאס אונשולדיגע מעדכען ווייס נאך אפילו פון גאר ניט, דאן לערנט זיא אויס איהר מוטער, דאמיט וואס זיא ציהט איהר איין דיא טאליע, שטעקט ארויס דעם בוזים, לאזט אריבער הייננגען דיא האאר אונד דעקט אויף איהר שולטער. עס איז נאר צו אויפצורעגען דיא געפיהלע, אונד ניט מעהר.

דיא פרויען וואס האבען שטודירט בייא דיא מענער, ווייסען גאנץ גוט וואס עס הייסט ערהאבענהייט. זייא ווייסען, אז דיא מענער קוקען אויף קיין אנדער זאך אזוי פיעל וויא אויף דער שעהנהייט פון דעם קערפער, אונד אלעס וואס קען דיעזען קערפער מאכען פערפיהרעריש. דיעזע פרויען טהון אלזא דאס, וואס דיא מענער פערלאנגען אונד בענעטהיגען. ווען מען בליקט צו דיעזע אלע אויפפיהרונגען אונטער דיא הויכע אונד ניעדריגע קלאסען, דאן מוז מען קומען צום בעשלוס, אז מיר לעבען אין א ריעזיגעם עפענטליכעם הויז. דאס אלע מענשען צוזאמען, בילדען איין גרופע פון אויסגעלאסענע ברואים, מיט דער איינציגער אבזיכט, צו ערפיללען דיא קערפערליכע מיאוס׳ע תאוה. שאקעלט ניט אזוי מיט׳ן קאפ, מיין הערר, איך וועל דאס אייך בעווייזען. זעהט, צום ביישפיעל, מיט וואס עס בעשעפטיגט זיך דיא פראפעסיאנעלע אויסגעלאסענע אונד מיט וואס עס בעשעפטיגט זיך דיא זאגענאנטע אנשטענדיגע פרוי. ביידע טראגען איינערלייא קליידער, פון דעמזעלבען שנים, מיט דערזעלבער מאדע, דיעזעלבע ציערונג, פארפום, אונד נאקעטע, אויסגעשניטענע

שולטערן אונד ארעמס. זייא ליעבען גליין דיא גלאט אויסגעצווינגענע אונד געפּאסטע קליידער; זייא האבען דעמזעלבען חשק צו קאָלירטע, גלענצענדע אונד פינקלענדע קאָסטבארע שטיינער. אויף דיזעלבע פערגניגענס: טאַנצען, מוזיק אונד געזאַנג. זיינע וויא דיא אנדערע ציהט אן דעם מאַן מיט דיעזעלבע חן'דעלעך, אונד עס איז אבסאָלוט קיין אונטערשיעד צווישען זייא ביידע, אויסער וואס איינע קען יעדער קויפען אונד פיר א געוועהנליכען פּרייז, אונד דיא אַנדערע איז געשטעלט געוואָרען צוצוטהיילען פערגניגען נאָר איינעם, ווען זיא האט קיין אנדערע געלעגענהייט.

אונד אויף דיעזער ארט, פערשטעהט איהר, האט מיך אויך דיא געפּאסטע רזשערזי צוגעצווינגען אונד מיך נעפּאנגען גענומען אין דער נעטץ, וואוהין כמעט אלע מענער פאלען אריין.

8.

מיך צו פאנגען, איז איבערהויפּט ניט שווער געווען. דיא אורזאכע דערפון איז, ווייל איך בין אויפגעצויגען געוואָרען אויף אזא ארט, וואו מען טרייבט דיא יונגע לייטע אויף א געקינסטעלטען אויפן צו דער ליעבע. דיא צופיעלע שפּייז וואס רייצט אויף דאס בלוט, איז דאס בעסטע מיטעל אויפצורעגען אונזער תאוה, איבער־הויפּט ווען מען געהט ארום לעדיג אונד דער קערפּער איז אויסגערוהט מעהר וויא ער בעדארף.

מיר לעבען אקוראט וויא דיא בהמות וואס מען האט אוועק געשטעלט זייא זאָלען פעט ווערען. מיר פרעסען, זויפען, טהון ניט א האנד אין קאלט וואסער, אונד דערפאר, ווען א יונגער מאַן וויל אפילו אמאל זיך צוריק האלטען, קומט באַלד א פּייניגענדע אונרוהע, דורך דער אוננאַטירליכקייט פון אונזער לעבען. אלע אונזערע ליעבעס אונד תתונות, האבען מייסטענטהיילס צו טהון מיט אונזערע שפּייזען אונד ארט לעבען.

איהר וואונדערט זיך? יא, עס איז פיעל מעהר וואונדער ווארום מיר זעהן ניט דיעזע וואהרהייט. דער בויער, דער שווערער ארבייטער, וועלכער געניעסט גע־וועהנליכעס ברויט, פרוכטען אונד עפּעס פלייש, ניט איבער דער מאאס, דיעזער איז ניט אונטערוואָרפען צו דיעזע געדאנקען, וועלכע ערשיינען בייא דעם לעדיג־געהער אין קאָפּ. דאָן, פערגעסט ניט, אז אויסער דיא פיעלע אויפרעגענדע שפּייזען, זיינען נאָך בייא אונז דאָ אנדערע פערמיטלער צור אויפרעגונג. מיר קומען זיך אָפּט צו־זאמען אין פלוידערענדע געזעלשאפטען, מען רעדט איבער פרויען, מען זאגט א גראבען וויטץ, מען דערצעהלט א וואוילינגשאפט פון שמערען א פרוי, פון

געטרייבען שמוטציגע אויסגעלאַססענהייט; מען לעזט אויפרעגענדע אונד רייצענדע ראָמאַנען, ערצעהלונגען, געדיכטע; מען הערט מוזיק, מען געניעסט אויפרעגענדע שפּייזען, אונד נאָך טויזענדער אַנדערע זאַכען, וועלכע פיהרען נאָר צום פערליעבען זיך.

איך האב מיך אויך פערליעבט וויא אַלע אַנדערע. איך האב געשפּירט אַלעס: בעוואונדערונג, ריהרונג, פּאָעזיע! אין דער וואהרהייט געשפּראָכען אבער, איז מיין ליעבע ניט מעהר געווען וויא א רעזולטאַט פון דער קינסטליכע שניידעריין, וואס האט אויפגעניזהט אַזאַ גוט קלייד, וועלכעס האט אַרויס געבראַכט אַלע גליעדער צום פּאַרשיין אום מיך אויפצורעגען. ווען מיר וואָלטען ניט געפאָהרען אויף'ן שיפעל, ווען עס וואָלט סיין שניידעריין געווען אונד מיין פרוי וואָלט ערשיינען בלויז אין אונגעקינסטעלטע קליידער, דאַן וואָלט איך מיך ניט פערליעבט.

דאס שענדליכסטע איז, וויא דיא עלטערן, וועלכע האבען הייראַטהס־פעהיגע מיידלעך, אויף וועלכער אַרט מען זוכט זייא צו פערהייראַטען. איך זאג ניט חלילה, אַז עס איז איין עולה פון דיא עלטערן וואס זייא ווילען זייערע קינדער זאָלען הייראַטען, אָדער פון דיא מיידלעך זעלבסט, וואס זייא זוכען א חתן. מיין הויפּט אויפמערקזאַמקייט ווערט נאָר דאָ צוגעצויגען, וויא אַזוי דיא יונגע לייט געהן אַרום פון הויז צו הויז אָנקוקען כלות. דיא מוטער פּוצט אויס איהר טאָכטער אונד ווייזט וואס פאַר א סחורה זיא האט. דאס מעדכען וויעדער טראַכט זיך: אָה, נעהמט מיך, ווירקליך, איך בין ניט מיאוס אונד וועל זיין א גוטע פרוי. עקעלהאַפט! אונד מיר מענער האבען נאָך דיא חוצפה, אין דערזעלבער צייט, אַרום צו געהען אונד רעדען איבער דיא רעכטע פון דיא פרויען, איבער פרייהייט, איבער דער הויכער בילדונג וואס זייא דאַרפען געניעסען.

„איך פערשטעה ניט,“ האב איך מיך אָבגערופען, „וואָלט איהר פיעללייכט געוואָלט, אַז פרויען זאָלען געהן זוכען דיא מענער?“

„איך וויים ווירקליך ניט. אבער ווען מען רעדט פון גלייכהייט זאָל מען אויך מיינען גלייכהייט. דיא אַרט אונד ווייזע וויא א מאַן געהט אַרום זוכען א פרוי, איז אבשייליך. ווען עס האַנדעלט זיך שוין יאָ אין זוכען אונד קלייבען, דאַן זאָל מען ניט אויסשטעלען קיין סחורות פאַר'ן מאַן זיך צו קלייבען, זאָנדערן דיא פרוי מיט דעם מאַן זאָלען זיך אבזוכען אויף א גלייכען אופן, אַז זיא אונד ער זאָלען זיך בעקענען אונד האבען דיא גלייכע דעות. אָבער ניט אויסשטעלען דיא וואַרע, וויא א קרעמער טוהט אין זיין געשעפט.

זאגט צום ביישפיעל א מוטער אָדער א מעדכען, אז זייא זיינען נאָר בעשעפ־טיגט אריין צו נאַרען א יונגען מאַן אין זאַק אריין. זאָל גאָט אבהיטען! זייא וועלען אייך פערבערענען מיט זייערע מיילער! דאס איז אבער נאך אמאל וויא איך האב שוין פריהער געזאגט, שווינדעל אונד בעטרוג איבעראל.

9.

„גלויבט מיר," האט ער ווייטער אָנגעפאנגען, „אָט דערפון שטאמט דיא הערשאפט פון דיא פרוי אונד אַזוי מוז ליידען דיא וועלט."

„וויא?" האב איך געפרעגט ערשטוינט, „איהר רעדט פון דער פרוי'ס הערשאפט? איהר האט דאָך זייא ערשט בעקלאגט, אז זייא זיינען שקלאַ־פינען?"

„אָט דאס האב איך טאקי געוואָלט זאגען. דאס ערקלערט אויף דעם גאנצען צושטאנד. וועהרענד דיא פרוי ווערט פון איין זייט ערניעדריגט, איז זיא ווידער אויף איין אַנדערן אופן דיא הערשערין. דיא פרויען זיינען געוואָרען גלייך מיט דיא אידען. מען האט בייא דיא אידען אלעס אוועק גענומען אום זייא זאָלען זיך ניט קענען ערנעהרען. דערמיט האט מען זייא ערניעדריגט. נאָר אַזוי וויא זייא מוזען דאָך פיהרען דעם קאמפף צו עקזיסטירען, האבען זייא זיך גענומען צום געלד־האנדעל. מיט דיעזען געלד אָבער, בעהערשען זייא דיא וועלט. דאס איז אויך מיט דיא פרויען. מען ערניעדריגט זייא אונד מען זאגט, אז זייא זיינען צו קיין אנדער זאך פעהיג, אויסער שעהן צו זיין אונד פערשאפען דעם מאַן פערגניגען. זאָ נעהמען זייא דיעזע שעהנהייט אונד פערוואנדלען זיא אין א מאכט, מיט וועלכער זייא הערשען.

מען זאגט דער פרוי אז זיא האט קיין רעכט צו שטימען אין פּאָליטישע זאכען, אונד דארף קיין ריכטער ניט זיין. אין דערזעלבער צייט אבער, שטעלט מען זיא אויף דעם גלייכען פוס מיט דעם מאַן, וואס איז נוגע קערפּערליכעס פערגניגען. פון דאנען בילדעט זיא אויס אזא קראפט, אז זיא רעכענט זיך העכער אלס דער מאַן, אין דעם וואס זיא ווארפט איהם צו איהרע פיס, ווען ער בעדארף צו איהר האבען.

ווען דיא פרוי וואָלט אבער אין אלע בעציהונגען געווען גלייך צום מאַן, וואָלט זיא אויך, אין דיעזער בעציהונג, צו איהם געווען גלייך, אונד ניט געהאט דיא איינ־ציגע בעשעפטיגונג צו זוכען אויפצופאנגען דעם מאַן, אָדער זיך מיט איהם רייצען

אונד זובען, אז דיא קערפערליכע בעציהונגען מוזען דורך געוויסע צערעמאָניען דורכ־געמאַכט ווערען.

דערפאַר וואס דיא פרוי, האט נאָר דיעזע איינציגע בעשעפטיגונג צו געפעלען דעם מאַן אונד איהם מאַכען פערגניגען, פאַלט זיא זעהר פיעלע מאָל אַרונטער צו דער ניעדריגסטער שטופע פון אויסגעלאַסענהייט אונד פערדאָרבענהייט. איהר בעשעפטיגונג אום צו געפעללען דיא מענער, גרייכט פיעלע מאָל אַזוי ווייט, אז זיא ערניעדריגט זיך ביז צום עקעלהאַפטעסטען שמוטץ.

וואס קען א פרוי ניט טהון אום צו געפעללען א מאַן? אָה, זיא איז צו אַלעמען פעהיג! זיא קען זאָוואס טהון, דאס ווען מיר זיינען ניט בערוישט מיט דער בעסטיאַלישער תאווה אונד מיר האבען צייט צו דענקען, דאַן מוזען מיר שוידערן.

## 10.

אָבער וויא דיא זאַך איז, איך בין אריין געפאַלען. איך האב געזעהן אין מיין כלה דיא גרעסטע פאָלקאָמענהייט, אונד מיך אַליין האב איך בעטראַכטעט, אלס דעם פאָלקאָמענסטען מענשען. עס איז ניטאָ קיין שלים-מזל אין דער גאַנצער וועלט, וועלכער זאָל זיך ניט שפּירען דום גענוג אונטער אַזעלכע אומשטענדען, בייא זיך אויסצוזעהען דער צופריעדענסטער אונד גליקליכסטער מענש אין דער וועלט. איך בין נאַטירליך אויך ניט בעסער געוועזן. איך האב אַלזאָ ניט חתונה געהאט פיר געלד, וויא דער שטענער איז מיט פיעלע אַנדערע, זאָנדערן פיר ליעבע. איך בין געוועזן רייך, אונד זיא אַרעם. דיא ליעבע אַליין האט אונז אַלזאָ פעראייניגט. וואס פאַר א דומ־קאָפּ איך בין געוועזן!

איך בין געוואָרען א חתן. ווען איך עראינער מיך אַן דיעזער צייט, שעהם איך מיך פאַר מיר אַליין. כל־זמן יעמאַנד אויסער דער כלה איז נאָך געוועזן אין הויז, האב איך געפונען עפּעס איבער וואס צו רעדען. זיינען מיר אָבער נאָר געבליעבען אַליין, זיינען מיר געוואָרען שטום. איך האב שוין מיט איהר איינמאל אָבגערעדט איבער דיא איינריכטונגען פון הויז, פון דער צוקונפט אונד אַנדערע קלייניגקייטען. ווען איך האב דאָך געוואָלט עפּעס פּלוידערן, האב איך טאַקי ווירקליך ניט מעהר וויא געפּלוידערט. אירגענד א ריכטיגער אינהאַלט פון איין אינטערעסאַנטעם געשפּרעך, האט מיר געפעהלט.

מיך מיט איהר איינצופערשטעהען אין אונזער גייסט, אין אונזער לעבען, איז מיר נאָר ניט איינגעפאַלען. מיינע אויגען זיינען נאָר געווען אויף איהר געריכטעט

מיט דעם רייץ פון א טהיער, אונד מיינע געדאנקען האבען געוואנדערט צום איינ־ציגען ציעל זיא צו בעזיטצען.

יא, יא, איהר קענט עס גאנץ גוט פערשטעהן, אז עס גיבט קוים איין מאן פון הונדערט, וואס איז ניט געווען שוין פריהער פערהייראטעט, זייענדיג א חתן, אונד עס גיבט אויך קוים איינער פון פערציג, וועלכער, זיטצענדיג נעבען זיין כלה, האט ניט אויך אין זינען מיט אויסגעלאסענע געדאנקען, איין אנדערעס פרויענ־צימער.

דיא הייראטה ווערט בעטראכט ניט מעהר וויא א נארישע צערעמאָניע, אום וואס שנעלער צו קענען האבען דיא פרוי נעבען זיך אונד מיט איהר טהון וואס מען וויל. אזוי ווערען אונשולדיגע מיידלען פערקויפט צו איין אויסגעלאסענעם שופט.

11.

אזוי האבען כמעט אלע חתונה, אונד אזוי האב איך אויך חתונה געהאט.

דיא יונגע לייטע טרוימען אונד פלוידערן פון דיא פליטער־וואָכען, אדער דיא קורצע צייט נאך דער חתונה, ווען מען בעהויפטעט, אז עס איז דיא שענסטע טעג אין מענשען׳ס לעבען. אָבער דיעזע וואס זאגען עס, זיינען ענטוועדער פאנ־טאסטען, אָדער זייא רעדען איבער זאכען וואס זייא קענען ניט. אויך איך האב געהאט פליטער־וואָכען, אבער איך האב אין זייא ניט געפונען דאס פערגניגען פון וועלכען מען האט מיר דערצעהלט.

דיא שעהנע אויפרעגונגען זיינען ניטאָ. אין געגענטהייל, מען שעהמט זיך, מען איז טרויעריג, עפּעס ניעדערגעשלאָגען אונד פערצווייפעלט. נאך דעם וויא מען בער־פריעדיגט דיא שמוטציגע תאוה זעהט אלעס אויס אבגעלעבט, אָבגעדראָשען אונד אונמוטהיג. עס זעהט אויס גראדע וויא א אינגעל וואס פאנגט ערשט אָן צו רויכען אונד אָבוואָהל ער שפייט, דער קאָפּ דרעהט זיך איהם אונד פיהלט שלעכט אויפ׳ן הארצען, דעננאך דערצעהלט ער אייך, אז דאס איז גוט, אנגענעהם. דיא יונגע פערהייראטעטע מענשען, זיינען אונגעפעהר אויך אויף אזא ארט, אונד זייא מוזען, גלייך מיט דעם אינגעל, אזוי וויט רויכען, ביז עס פערשאפט זייא פער־גניגען.

„איך פערשטעה אייך ניט,״ האב איך איהם אונטערבראָכען. „וואס דערצעהלט איהר דאָ פאר א ווערטער? עס איז דאך דער נאטירליכער געטוס פון מענשען?“

„גאטירליך?" האט ער נעפרעגט שפּאָטיש. „גאָטירליך? — ניין, איך בין איבערצייגט גראדע פון דעם געגענטהייל. איך זאג, אז עס איז אוננאַטירליך, אונד צו דיזער איבערצייגונג, בין איך, אויסנעלאָסענער אונד פערדאָרבענער, געקומען."

„דאס איז מערקווירדיג," האב איך ווייטער אָנגעווענדעט. „ווען מיר זאָלען ניט האבען דיזע תאוה, וואס איהר בעקעמפּפט, וויא אזוי וואָלט אלזאָ געקענט דיא וועלט האבען א קיום?"

„צו וואס דארפען מיר דען האבען א קיום?"

„צו וואס? וויא אזוי דען וואָלטען מיר געקענט עקזיסטירען?"

„ווער זאגט דען, אז מען מוז עקזיסטירען?"

„מיר עקזיסטירען אבער כדי מיר זאָלען עקזיסטירען."

„אָט דאָ ליעגט טאקי דער הונד בעגראָבען. דיא גאנצע מענשליכע עקזיס־טענץ איז איבריג. דאס העכסטע גליק אין מענשען, האבען נאך דיא אלטע אינדישע פילאָזאָפען געלערענט, איז דיא נירוואנא, דאס הייסט, דאס ניט-זיין, מען זאָל אויפהערען צו עקזיסטירען. דאס מענשליכע לעבען קען קיינמאל ניט פיהרען דערצו, אז מיר זאָלען ניט דארפען ליידען, אונד בל־זמן מיר קענען קיינמאל דיזען ציעל ניט עררייכען, צו וואס דארפען מיר זיך פּלאגען אונד נאך ברענגען קינדער אויף דער וועלט, זייא זאָלען זיך פּלאגען? איהר וועט דאך צוגעבען, אז דאס ציעל פון דעם איינצינען מענשען וויא אויך פון דעם כלל, איז צו זיין גליקליך. אָבער אום דיזעס ציעל צו עררייכען, ליעגט אונז אזא שטיין אין וועג. אז מיר מוזען זיך פריהער צו־ברעכען דיא קעפּ, איידער מיר קענען עפּעס דערגרייכען. דיא שמוטציגע תאות שטערט אונז אלעס. ווען אָבער דאס זאָל אויפהערען, דאס הייסט, מיר זאָלען בע־הערשען דיא תאוה, דאן וואָלטען מיר געקענט עררייכען אונזער ציעל, אונד דאס עקזיסטירען וואָלט שוין מעהר ניט נעטהיג געווען."

## 12.

„דאס איז א מערקווירדיגע לעהרע," האב איך בעמערקט.

„איך ווייס ניט וואס איהר זעהט דאָ פאר א מערקווירדיגעס? דאכט זיך עס איז גאנץ איינפאך אונד פערשטענדליך? אָט זעהט צום ביישפּעל: אלע רעליגיאָנען זאגען, אז עס וועט אמאל קומען א צייט ווען דיזער עולם וועט חרוב ווערען, אונד יעטצט קומט דיא וויסענשאפט, אונד זאגט אויך דאסזעלבע. עס איז נאָר מערקווירדיג פאר דעם, וועלכער איז פערזונקען אין דיא מיאוסע תאוות, אונד

עס קומט איהר פאָר עפּעס אונהיימליך, וויא אזוי דאס אלעס זאָל בטל ווערען, ער קען זיך איבערהויפּט ניט פאָרשטעלען, אז דאס לעבען איז ווערטה צו לעבען אָהן תאוה.

דיא געוואָהנהייט צו פערדאָרבענהייט איז שוין אזוי גרויס, אז מען קען נאר עפּעס אנדערש ניט פערשטעהן אונטער חתונה האבען וויא צו ערפילען דיא תאוה. דעם ריכטיגען ציעל אונד צוועק פון דער נאַטור אום וייטער צו עקזיסטירען, פערגעסט מען, אונד מען האט בלויז חתונה כדי צו האבען פערגניגען. עס איז פּאָזיטיוו ניט מעהר, דאס פריהער האט דער אונפערהייראַטעטער מאַן עטליכע אָדער א סך פרויען אונד איז איבער זייא ניט אייפערזיכטיג, אונד נאכדעם נעהמט ער זיך אייפרוי וואס זאָל ערפיללען זיין תאוה מיט דעם בעדינג, אז זיא איז נאָר פיר איהם אליין. ווען דאס פרומע אונד אנשטענדיגע פרויענצימער קוקט זיך פלוצלינג ארום נאָך דער חתונה, צו וועלכען צוועק זיא איז געשטעלט געוואָרען, דאן פראָטעסטירט אין איהר דיא נאַטור. זיא איז אזוי צוגעוואָהנט צו זעהן דאסזעלבע אונטער אנדערע, אז זיא קען איהר פּראָטעסט ניט ארויס רעדען אין ווערטער, אָבער זיא פיהלט איהם דאָך. אבער נאכדעם וויא דיא פערדאָרבענהייט איז אזוי גוט פערברייטעט, פאנגט זיא אָן זיך איינצוגעוואָהנען דערצו, אונד פערוואַנדעלט עס מיט דער צייט אין פערגניגען. עס איז דאסזעלבע, וויא איך האב פריהער געזאגט, מיט דעם איינגעל וואס פאנגט אָן צו רויכען.

עס איז געווען, דאכט מיר, דעם דריטען אָדער פיערטען טאָג נאָך מיין חתונה, ווען איך האב פלוצלינג בעמערקט, וויא מיין פרוי איז טרויעריג. איך האב זיא געפרעגט איבער דער אורזאכע, זיא אומארמט, געקושט אונד געטהאָן אלעס מעגליכע וואס זיא האט געקענט פון מיר ערווארטען. אָבער זיא האט מיך אָבגעשטויסען אונד אָנגעפאנגען צו וויינען. פאר וואס זיא האט געוויינט, האט זיא ניט געקענט ערקלערען, אָבער זיא איז דאָך געווען בעזאָרגט אונד בעטריעבט. זיא האט עס געשפירט אין דער טיעפקייט פון איהר זעעלע, אבער זיא האט עס ניט געקענט ארויס ברענגען אין ווערטער. זיא האט מיר געזאגט תירוצים, אָבער איך האב דערקענט, אז זייא זיינען ליגען. דערפון, נאַטירליך, האט אָנגעהויבען א קליינע קריעגערייא אונד מיר זיינען ביידע אין כעס געוואָרען. איך בין געווען ווימהענד אונד אויפגערעגט.

„וויא?“ האב איך בייא מיר אליין געפרעגט. „וויא איז דאס מעגליך זיא זאָל געגען מיר האבען טענות? האב איך ניט געטהאָן אלעס וואס איך בעדארף טהון? איך האב זיא געקושט, געתאלזט, אונד אנשטאט ליעבע, געפין איך נאָר האַס!

וואָרום ? דאס איז אונמעגליך ! עס איז מעהר ניט דיעזע פרוי וואס איך האב געקענט !"

ווען איך האב מיך בערוהיגט, האב איך מיך ווייטער בעמיהט זיא איבערצו־בעטען, גוט צו מאַכען, אָבער וויא איין ארבעס אן וואנדט. איך האב געלעזען מיט מיינע ערפאהרענע מענער־אויגען, האס, פעראכטונג אונד אבשייא אין יעדער פון איהרע מיענעס. עס האט מיר נאַטירליך ניט פיעל גענומען צו אורטהיילען, אז מירביידע זיינען גאַנץ צוויא בעזונדערע מענשען, יעדער מיט א בעזונדערער ליעבע אונד אינטערעסע פיר זיך אליין, אונד דאס איינער ליעבט נאָר דעם צווייטען דאַן, ווען ער קען זיין איינענע צופריעדענהייט בעפריעדינען. קוים האבען מיר אָבער זיך בעפריע־דיגט איינער פון דעם צווייטען, האבען מיר זיך אויף א קורצער אָדער לענגערער צייט ניט בענעטהיגט, אונד פאָלגליך קיין אינטערעסע געהאט מיט אנאנדער אפילו צו פערקעהרען.

עס האט אָבער ניט געדויערט פיעל, אונד מיר האבען זיך איבערגעבעטען. דיא תאוה האט דאס וויעדער פעראורזאכט, אונד איך, דומקאָפּ, האב בשעת מעשה גערעכענט, אז מיר זיינען וויעדער אזוי גוט אונד פעראייניגט וויא פריהער אין ריינער ליעבע אונד גייסטיגע צופריעדענהייט.

צום ענדע פון דעם ערשטען מאָנאט איז עס אונטערדעסען געקומען צו א גאַנץ אַנדערע צייט. מיר זיינען זיך איינער דעם צווייטען נמאס געוואָרען אונד א צווייטע צאַנקערייא איז ענטשטאַנדען. דאס האט מיך שוין געפיהרט אביסעל ערנסטער צו דענקען. איך האב גערעכענט, אז דער ערשטער שטרייט צווישען אונז, איז מעהר ניט געוועזען קיין צופאַל, וויא איך האב מיר איינגעבילדעט. איך האב איינ־געזעהן, אז מיר קריעגען זיך דערפאר, ווייל זאָ שנעל וויא דער תאוה־פלאַם לעשט זיך אויס, דאַן האבען מיר זיך איינפאַך פיינד. איך עראינער מיך, אז איך האב מיך אמאל געקריעגט מיט מיין ברודער, פריינד אונד מיין פאטער. אָבער ניט איך אונד ניט זייא האבען דאמאלס געשפירט אזא האס איינער געגען צווייטען וויא איך אונד מיין פרוי.

עס האט ניט פיעל געדויערט, אונד ליעבע איז וויעדער געקומען, דאס הייסט תאוה האט פערטרעטען דיעזע שטעלע פון ליעבע. אָבער עס איז געקומען א דריטער שטרייט, א פיערטער אונד אזוי ווייטער. איך אונד אויך זיא, האבען זיך לאַנגזאַם אנגעהויבען דערצו צו געוועהנען. איך האב מיך אפילו געהידוש'ט אויב בייא אנדערע איז אויך דאסזעלבע, אָבער ניט וויסענדיג גאַנץ גענוי איין ענטפער דערצו, האב איך פאר אלעמען געזעהן דאס צו פערבאָרגען. דאס הייסט, ווען קיינער איז ניט געוועזען,

האבען מיר זיך געריסען וויא דיא הינט, אונד ווען יעמאנד איז יא געווען דערביי, האבען מיר געלעבט וויא דיא טויבען. אויף אזא אופן האבען מיר זיך אויסגעלערענט אונז זעלבסט צו בעטריעגען אונד דיא גאנצע וועלט צו נארען.

דאס ניעדערטרעכטיגסטע וואס איך קען מיך עראינערן איז, דאס מיר האבען קיינמאל נים געפונען קיין ווערטער זיך איבערצובעטען. נאך דיא ערגסטע בעליידיגונגען, נאך דיא שמוטציגסטע ווערטער וואס מיר האבען איינער דעם צווייטען געזאגט, איז פלוצלינג געקומען א שטומער בליק, א שמייכעלע, א קוש, איין אומ־ארמונג אונד — פע! שמוטציג! איך ווייס נאר נים ווארום איך בין אזוי דום געווען, דאס דאמאלס נים צו זעהען!

## 13.

בייא אלע מענער אונד בייא אלע פרויען עקזיסטירט א מין עהרפורכט פאר דער ליעבע, אדער, בעסער געזאגט, פאר דעם געפיהל וואס מען רופט ליעבע. דיא נאטור, אין דערזעלבער צייט, האט נים אומזיסט גענעבען דעם מענשען אין דער ליעבע אויך בושה. אבער דיא מענשען טהון נים אזוי וויא דיא נאטור וויל אונד וויא דיא זאך ווירקליך איז. מיט מיר איז אויך געווען דאסזעלבע; אנשטאט מיך צו שעהמען אונד פיהלען איין עהרפורכט, בין איך נאר געווען שטאלץ דארויף וואס איך קען מיין פרוי בעזיטצען צו ערפיללען מיין תאוה. מיך האט נאר נים בעקימערט דיא גייסטיגע אונד קערפערליכע שמערצען פון מיין פרוי.

איך פלעג מיך נאר וואונדערן דאריבער וויא עס קומט וואס מיין פרוי איז מיט מיר נים צופריעדען. אבער איהר אונצופריעדענהייט איז מעהר נים געווען וויא א פראטעסט פון מענשליכער נאטור געגען דער טהיערישער. בעסער געזאגט, עס איז געווען דער האס וואס צווייא פערברעכער פיהלען איינער געגען צווייטען ווע זייא בענעהען צוזאמען א פערברעכען. עס איז פאזיטיוו געווען א פערברעכען, אונד אונזער מענשליכע אויפפיהרונג, איז געווען נאך ערגער אלס דיא טהיערישע, ווייל מיין פרוי איז אין ערשטען מאנאט שוואנגער געווארען, אונד מיר האבען אונזער פערקעהר נאך אימער פארטגעזעטצט. יא, עס איז ערגער וויא טהיעריש, ווייל אפילו בהמות טהון עס אויך נים.

איהר מיינט פיעללייכט, אז איך געה ארונטער פון וועג דער ערצעהלונג וויא אזוי איך האב מיין פרוי ערמארדעט? חלילה וחס, איך שילדער אייך נאר געוויסע אורזאכען, וועלכע האבען זיך געשלאסען וויא א קייט אונד געפיהרט צו דעם שרעק־ליכען רעזולטאט. אבער, אין דער וואהרהייט געשפראכען, האב איך מיין פרוי פיעל

פריהער ערמאָרדעט וויא מיר האט זיך גערדאכט; איך האב דאסזעלבע געטהאָן וויא אלע אנדערע.

שטעלט זיך פאָר, אז אין דער גאנצער וועלט איז איינגעפיהרט, אז דיא פרוי מוז דעם מאן פערשאפען גענוס (וואהרשיינליך איז עס אויך אומגעקעהרט, נאָר איך רעדט יעצט פון מיר אליין.) וויין, ווייב, אונד געזאנג, זינגען דיא דיכטער. מען טהוט אלעס מעגליכע צו ערוועקען דיא תאוה, אויפרעגען דאס בלוט, ווען עס ליעגט אפילו דערביי ניט קיין נאטירליכער צוועק. גענוס, גענוס, דאס איז דיא הויפט־זאכע. וואוהין איהר ווענט זיך קעהרען אונד ווענדען, קומט איהר צום בעשלוס, אז דיא פרוי איז ניט מעהר וויא א גענוס־מיטעל.

אונד דיא פרוי אליין, וויים דאס גאנץ גוט. הייסט דאס ניט שקלאפעריי? וואס איז דען דיא שקלאפעריי ווען ניט דיא אויסניטצונג פון דער ארבייטס־קראפט פון פיעלע פיר איינצעלנע פערזאנען? אום דיא שקלאפעריי זאָל אויפהערען, זאָלען עס דיא מענשען בעטראכטען אלס אונרעכט אונד שאנדע, אויסצוניטצען דיא ארבייטס־קראפט פון אנדערע. איהר געפינט אפילו נעזעטצע וואס פערביעטען דיא שקלאפעריי, אָבער דער שקלאפען־האנדעל ווערט דאָך בעטריעבען, וויל מענשען ליעבען, זיך צו בעדיענען מיט ארביימס־קראפט פון אנדערע.

עס איז דאסזעלבע איבער דער עמאנציפאציאָן פון דיא פרויען. דיא שקלא־פעריי פון דיא פרויען בעשטעהט אין דעם, וואס דיא מענער פערלאנגען קיין אנדערע זאך פון זייא, אויסער זייא צו האבען אלס גענוס־מיטעל. מען דערצעהלט, פלוידערט איבער דיא פרייהייטען פון דער פרוי, אָבער זיא בלייבט דאָך ניט מעהר וויא א מיטעל צו דער מענער־תאוה. מען ערציהט זיא זאָגאר אויף אזא ארט פון קינדרוויין אויף. זיא ווערט ערניעדריגט, געבויגען, אונד אריין געבראכט אין א יאָך פון א שקלאפעריי, וואו זיא מוז וויסען, אז זיא לעבט אונד עקזיסטירט ניט אליין אלס מענש, זאָנדערן צום פערגניגען פון דיא מענער. דאס פיהרט וואס דיא פרויען־עמאנציפאציאָן בריימעט זיך ניט אוים אין אונזערע בילדונגס־אנשטאלטען אָדער בירגערליכע טהעטיגע וועלט, זאָנדערן אין איהר שלאָף־צימער. דיא אויסגעלאסענ־הייט בריימעט זיך דערפאר ניט נאָר אוים אין דיא עפענטליכע הייזער, זאָנדערן אין אונזער איינענע פאמיליע. דיא פרוי, וועלכע איז ניט געשטעלט געוואָרען צו ברענגען אזוי פיעלע קינדער אויף דער וועלט וויא דיא נאטור וויל, טהוט אלע מעג־ליכע דיא פרוכט אין איהר לייב צו פערדערבען. דערצו ווערט פערווענדעט דיא קונסט פון א לומפיגען ארצט אָדער אירגענד איין ערפינדונג, ביז דיא פרוי לעבט נאָר אויסדריקליך צו דעם איינציגען צוועק, איהר מאן צו בעפריעדיגען. זיא שטעהט

דאָן פיעל ניעדריגער וויא א בהמה, אונד איז גראָדע דיעזעלבע פראָסטיטוטקע וויא פון דיא עפענטליכע הייזער. מיט דעם איינציגען אונטערשיער, וואס יענע דאַרף פערשאַפען פערגניגען פיר מעהרערע מענער אונד דיעזע נאָר פיר איינעם.ביידע האבען מעהר ניט צו טהון מיט דיא געזעטצע דער נאַטור. דערפון ענטשטעהט, אין פיעלע, א גייסטיגע קראַנקהייט, נערוועז־ליידען אונד דיא שקלאַפין האט מעהר ניט דיא מעגליכקייט צו ערדייכען א גייסטיגע אויסבילדונג.

„אונד ווארום איז דאס?" האב איך געפרעגט.

„עס איז גאַנץ איינפאַך. דער מאַן וויל געניעסען אונד וויל ניט וויסען פון דעם נאַטירליכען רעזולטאַט וואס דאס דאַרף ברענגען, דאס הייסט, קינדער. מיר שטרייטען אונד ווילען בעקעמפפען דיא נאַטור, אָבער דיא נאַטור איז שטאַרקער אלס מיר. פיר דיא מענער, איז עס דאסזעלבע, עס קען בייא איהם הייסען נאַטירליך, אונד ער בעקימערט זיך ניט, אויב קינדער קומען נאָך דעם. אָבער פאַר דער פרוי איז עס א גרויסער אונטערשיעד. זיא קעמפפט מיט דער נאַטור אונד ווערט פון איהר בעזיעגט. אונד דיא נאַטור שטראָפט זעהר ביטער. ווען דיא מענער זאָלען אָבער וועלען לעבען נאַטירליך מאָראַליש, דאַן וואָלטען זייא געוואוסט, אז מיר האבען נאָר נאכצופאָלגען דיא געזעטצע דער נאַטור."

„לויט וויא איהר זאגט," האב איך מיך אריין געמישט, „דאַרף א מאַן לעבען מיט זיין פרוי נאָר איין מאָל אין צווייא יאָהר, אָדער עטוואס מעהר. דיא צייט פון שוואַנגערשאַפט אונד וויגען א קינד, דאַרף אונגעפעהר אזוי פיעל דויערן, אָבער דער מאַן קען דאָך ניט"...

„אהא! איך וויים וואס איהר ווילט זאגען, דיא מענער קענען ניט אזוי פיעל ווארטען! דיא אויסגעלאַסענע שופטען ברענגען נאָך בעווייזע דאריבער, אז דיא ערצטע זאָגען אויך דאסזעלבע. דיא מענער ברויכען אָפט פרויענצימער, אזוי בע־הויפטען זייא. עס איז דאסזעלבע, וויא מען רעדט איין איינעם, אז ער בעדאַרף שנאַפּס, טאַבאַק, אָפּיום אונד ז. וו. דערפון קומט ארויס, אז דיא נאַטור וואס האט אונז געשאַפען, ווייסט ניט וואס עס איז נויטהווענדיג, אונד זיא דאַרף זיך ערשט דאריבער בעראַטהען מיט אונזערע דאָקטוירים. עס איז ליעגען! דיא דאָק־טוירים זיינען ענטוועדער אליין אויסגעלאַסענע שופטען, אָדער גלאט דומקעפּ. אלעס איז ניט מעהר וויא א געוואָהנהייט. איינער וועט אייך זאגען, דאס ער קען פּאָזיטיוו ניט לעבען אָהן שנאַפּס, טאַבאַק אָדער אָפּיום. אין דערזעלבער צייט זעהט אָבער וויא פיעלע אנדערע לעבען אויך אָהן דעם. דורך דיא פערדאָרבענע געוואָהנהייטען אבער, געהען מיר ארויס מדרך הטבע, אונד דיעזע פרוי, וואס דאַרף זיין אונזער

פריינדין, אונזער לעבענס־בעגלייטערין, ווערט נים מעהר וויא א שטוטציגעס ווערק־צייג צו אונזערע פערדארבענע געוואהנהייטען!"

## 14.

עס איז קיין צווייפעל, אז דער מענש שטעהט ניעדריגער וויא דיא בהמה, ווען ער לעבט נים אלס מענש. אונד אזעלכער בין איך אויך געווען. דאס ערגסטע דערבייא איז, וואס איך האב נאך בייא מיר געטראכט, אז איך בין גאנץ מאראליש, דערמיט וואס איך האב נים געזוכט קיין אנדערע פרויען אויסער מיינער. דאס הייסט, איך האב מיך צופריעדען געשטעלט וואס איך בעטרייב פערברעכען בלויז מיט מיין איינענער שקלאפין.

זיא ווידער, איז געווען א פרוי, גלייך מיט אלע פרויען ערצויגען אין איהר שטאנד. מיט דעם גאנצען פראטעסט אין איהר נאטור גענען דער ארט לעבען וואס זיא האט מיט מיר געפיהרט, איז זיא דאך געווען אבגעריכטעט צור שקלאפערייא פון פערשאפען דעם מאן פערגניגען. דאס הויכע אידעאל אלס מענש, האט איהר געפעהלט. אונד זאלאנג עס וועט זיך אזוי פיהרען, בלייבט אלץ דיא פרוי א שקלאפין. ווען מען בערעכענט וויא אזוי מען ווערט ערצויגען, קען מען זיך גאר נים וואונדערן איבער דער פערדארבענהייט, אין געגענטהייל, מען דארף זיך גאר וואונדערן וויא אזוי עס איז נים נאך ערגער.

דער קערפער פון דער פרוי ווערט אבגעריכטעט צור שעהנהייט, גראציעזעס־אויסזעהען, טאנץ, מוזיק, אונד דער גייסט ווערט פערדארבען מיט לעזען ווילדע געדיכטע, איבערשפאנטע ראמאנען, טהעאטער, קאנצערטע, אונד צו דעם אלעמען, לאזט מען דעם קערפער צו פיעל רוהען אונד מען גיבט איהם נים זיין געהעריגע ארבייט אונד איבונג. דאן שטאפט מען איבער דעם קערפער מיט זיסע זאכען, אויפרעגענדע שפייזען, אונד אלעס פיהרט נאר דערצו צו מאכען פון דער פרוי דאס שטוטציגע ווערקצייג פיר תאות.

מיר קענען זיך קוים א בעגריף מאכען וואס דיא יונגע מיידלעך ליידען בשעת זייערע קערפערס פאנגען אן זיך צו ענטוויקלען, אונד וואס פאר א שמערצען זייא ציהען זיך צו שיין נאך דעם 20־טען יאהר ווען זייא זיינען נאך נים פערהייראטעט. זייער גאנצעס לעבען איז א פארבערייטונג צו קאקעטירען אין דער געגענווארט פון א מאן, אונד וויא אונשולדיג דאס מעדכען זאל נאך זיין, מוז זיא דאס פיעל אדער מעהר בעגרייפען צו וועלכען צוועק דאס פיהרט. אונזערע מיידלעך פון דעם רייכען שטאנד, וועלכע האבען צייט צו פוילענצען אויף זייערע ווייכע בעטען, ווערע

חיננעריסען פון דער ליידענשאפט אונד געבען זיך איבער דער פערדארבענהייט, נאך איידער זייא האבען קענען געלטרענט א מאן געבען זיך.

אונד אזוי איז עס מיט אלע, אהן אויסנאהמע, מיט דעם איינציגען אונטערשיעד וואס איינע האט מעהר געלעגענהייט פערדארבען צו ווערען אונד דיא אנדערע וועניגער. אבער אלע, פערגעסט ניט, שפירען אונד שטודירען צו וועלכען צוועק זייא זיינען בעשטימט.

מיין פרוי, צום ביישפיעל, ניט וויסענדיג פון קיין בעסערער ערציהונג, האט זיא ראסזעלבע געטהאן מיט מיינע קינדער.

רערבייא ערשיינען נאך דיא ערצטע. דיעזע דומקעפ, וואס ריהמען זיך, אז זיא זיינען שוין דיא קלינסטע, האבען זיך געמאכט א רעגעל צו קעמפפען געגען דער נאטור. ווען מיין פרוי האט געבוירען דאס ערשטע קינד, איז זיא, נאטירליך, פון איהר אוננאטירליכעס לעבען, ניט געווען גאנץ פאסענד צו לעבען וויא מען בעדארף. זיא האט זיך ניט גוט געפיהלט. באלד איז געקומען א דאקטאר, וועלכער האט זיא אויסגעצווינגען נאקעט, בעטראכט פון קאפ ביז פיס, אונד פאר דיעזער געמיינהייט, האב איך איהם נאך געמוזט בעצאהלען. דאן האט ער ערקלערט, אז זיא איז ניט אימשטאנדע צו זייגען איהר קינד.

דער שופט! מיין פרוי, א פראדוקט דער נאטור, איז ניט אימשטאנדע צו זייגען נאטירליך! מיין קינד, א צווייטעס פראדוסט דער נאטור, איז ערקלערט געווארען, אז עס דארף ניט לעבען נאטירליך! אזוי האט מען זאפארט בערויבט מיין פרוי פון דער מעגליכקייט זיך אויף א קורצער צייט ניט איבערצוגעבען צו דע קאקעטעריע, אונד זיא האט אנגעפאנגען ווידער אמאל צו שפיעלען דיא פאל־ שע ענדינע ראלע פון א ווערקצייג צו פערשאפען פערגניגענגען פיר איהר מאן.

פיר אונזער קינד, האבען מיר ווידער געדונגען איין אמע. דאס הייסט, מיר האבען זיך בעדיענט מיט דער ארמוטה אונד נויט פון איין אונגליקליכער, זיא אוועק גענומען פון איהר אייגענעם קינד, אונד... שרעקליך! מיר האבען אלע צוזאמען געלעבט געגען דעם ווילען פון דער נאטור אונד געגען דעם שכל פון פערנינפטיגע מענשען.

15.

צו דיא אלע צרות איז פערהאנדען איין מכה, וואס זיא איז דיא גרעסטע אונד שרעקליכסטע פון אלע אונטער אונזערע היינטיגע פערהייראטעטע מענשען. איך מיין דערמיט דיא אייפערזוכט.

די מכה אייפערזוכט, וואס איך מיין אז מיין ווייב איז מיר ניט געטרייא, אונד מיין ווייב מיינט, אז איך בין איהר ניט געטרייא, ערשיינט אין פערהייראטעטען לעבען נעהיימניספאל אונד פערבלייבט אויך א געהיימניס.

דאכט זיך עס איז נאר ניטאָ קיין גרונד אייפערזיכטיג צו זיין, אונד דאך דענקט זיך, קלערט זיך, אונד יעדער בליק פון מאן אונד ווייב זיינען פער־דעכטיג.

עס איז נאך א מערקווירדיגע זאך דערבייא, וואס כמעט יעדער מאן אדער פרוי, וואס זיינען אייפערזיכטיג, דענקען, אז נאר בייא זייא אין פאמיליען לעבען איז אזוי, אבער עס איז ניט אמת, איבעראל איז דאס זעלבע, נאר יעדער זעהט בלויז פערדעסען זיין אייגענע צרת.

עס איז אבער אויך קיין חידוש ניט וואס אייפערזוכט עקזיסטירט, אפילו אהן א גרונד. שטעלט זיך פאר, ווען א מאן אונד פרוי, קענען ניט אויסלאָזען זייער בעסטיאלישעם פערגניגען אפילו צוליעב דעם, אום זייער קינד זאל געזונד זיין. וואס איז אלזאָ דאָ פאר א וואונדער, ווען דיעזע צווייא פערברעכער דענקען איינער איבער דעם צווייטען, אז צוליעב פערגניגען זוכט מען זיך אויף אויך פרעמדע ? איך מיין דאָ, אז דער מאן מיט דער פרוי, צור צייט פון שוואנגערשאפט און זייגען א קינד, ווילען זייא ניט וויסען, אז דיא נאטור פאָדערט ניט קיין צוזאמען זיין. זאָנדערן, צוליעב זייער תאוה, שלאָגען זייא מיט אלעמען כפּרות, אבי זיך נאכצוגעבען. מענשען וואס טרעטען מיט דיא פיס דיא נאטירליכע מאָראל, וועלען זיך געוויס ניט צוריק שרעקען פון דער מענשליכער מאָראל. דאס, דענק איך, איז דיא הויפט אורזאכע פון דער אייפערזוכט, וואס פליעסט אריין אזוי פיעל גיפט אין לעבענס־בעכער.

אונד וויא שרעקליך דיא אייפערזוכט איז! איך רעדט שוין ניט פון דערווירקליכער אייפערזוכט, ווייל דאפיר גיבט עס נאך א גרונד, אונד דאן, וויסענדיג פאָזיטיוו ווארום מען איז אייפערזיכטיג, קען מען זיך נאך דערפון בעפרייען. אבער דיא רעדע איז, פון דער אונבעגרינדעטער אייפערזוכט. עס איז דיא אונזיכערע, דיא אונבעוואוסטע, דיא פערדעכטיגע אייפערזוכט. מען מיינט, מען קלערט, מען טראכט אונד עס קומט פאָר טויזענדערלייא געדאנקען. דיעזע ארט אייפערזוכט, זעהט בייא מיר אויס וויא א צאהן־שמערץ, וועלכער לאָזט ניט נאך, ניט בייא טאָג אונד ניט בייא נאכט.

שטעלט זיך פאָר: א יונגער מאן רעדט מיט מיין פרוי, שמייכעלט צו איהר, זאָגט איהר איין אינדירעקטען קאָמפּלימענט, אונד מיר דאכט זיך, אז ער בעטראכט דערזוויל איהר שעהנעם קערפּער. מיין בלוט ווערט אויפגעקאָכט. וויא האט ער

א רעכט גאר צו דענקען אָדער געלוסטען איבער איהר ! זיא וויעדער, איז גאנץ צופריעדען פון דער אויפמערקזאמקייט וואס דער יונגער מאַן שענקט איהר. אין דער טיעפקייט פון מיין זעעלע שטיינט אויף א חאַס, א ביטערע פעראַכטונג, א וויטהענדער כעס, אָבער איך מוז נאך שווייגען. איך האב קיין רעכט עפּעס צו זאגען. דיא עטיקעטע הייסט מיר בלייבען רוהיג, ווייל אזוי פיהרט זיך דיא וועלט.

דיא וועלט ! אך, דיא פערפלוכטע וועלט ! מיין פרוי וויעדער, וועלכע קען מיך גאנץ גוט, האט גאנץ גוט בעגריפען וואס אין מיר נעהט פאָר, אונד זיא נעהמט אן איין אונשולדיגע מיענע, אום מיך צו בערוהיגען. דאס שטעכט מיך נאך מעהר. איך וויס זיא פערשטעלט זיך פאר מיר, וועהרענד אין איהר הערץ, אין איהרע געדאַנקען, געהט פאָר עפּעס גאנץ אַנדערש וויא איהר געזיכט דריקט אוים.

דיא סצענע שפּיעלט זיך אָב איינמאל, צווייא מאל, מעהרערע מאל, אונד דאַן קומט וויעדער דיא רייהע צו מיין פרוי. דאס הייסט, איך טהו דאסזעלבע געגען איין אַנדערער פרוי, וויא דער יונגער מאַן האט געטהאָן געגען מיינער. עס איז דאָך דיא עטיקעטע, אזוי פיהרט זיך דיא וועלט !

דאס געפיהל ווערט פערמישט מיט גאל אונד ניפט. דיא געדאַנקען יאָגען אין קאָפּ, דאס בלוט שטייגט אונד שטורמט דורך דיא אָדערן, אונד — אך, פער-פלוכטע וועלט ! מען מוז נאך ארויף צווינגען אויף דיא ליפּען א שמייכעלע מיט א געלעכטער פון צופריעדענהייט.

דער מאַן בעטריגט אונד נאַרט דיא פרוי אונד דיא פרוי טהוט דאסזעלבע געגען איהר מאַן. ניין, ניין, עס איז ניט נעטהיג מען זאָל נאך האבען א בעגרינדעטען פערדאַכט איבער אייפערזוכט, אָבער מען טרייבט איהם דערצו. עס איז דאסזעלבע, ווען מען נעהמט איין אונשולדיגעס מעדכען, וועלכע וויס פון גאָר ניט, אונד מען מאַכט זיא לאַנגזאַם אויפמערקזאַם. זיא מערקט זיך, דענקט, טראַכט אונד איהרע געדאַנקען, וואס האבען פריהער געוואַנדערט אין גאנץ אַנדערע ריכטונגען, געפינען נייע וועגען מיט אונענטדעקטע ווינקלען.

עס איז נאַטירליך איבריג צו דערצעהלען, אז מיט מיר איז אויך געווען דער-זעלבער פאַל. איך האב ניט נאָר איינמאָל אָבגעגאָסען מיין פרוי מיט דעם ניפט פון אייפערזיכטיגען האסס. עס איז נאך געווען דאמאלס, ווען איך האב גאָר קיין אורזאַכע געהאַט, אָבער דאָך האב איך איהר שוין צוגעשריעבען אַזעלכע זאַכען.
K. S. S.

וואס האבען זיא, בייא מיר אין דיא אויגען, געמאכט פאר דער ניעדרינגסטע אונד אויסגעלאסענסטע.

איך מעג מיך שעהמען פיר מיר אליין זיך דערמאָהנענדיג אן אלעמען. עס האט בייא מיר אויסגעזעהן, אז זיא איז אזוי וויא יענע פרינצעסין פון „טויזענד אונד איין נאכט,“ וועלכע האט צו טהון געהאט מיט א שקלאף. מיט איהר איז אויך דאסזעלבע געוועזן. אויך זיא האט איבער מיר געדענקט דאס ערגסטע אין דער וועלט, ווען איך בין אין דער וואהרהייט געוועזן גאנץ אונשולדיג.

אָבער דיעזע געפיהלע — דיעזע אונבעגרינדעטע אייפערזיכטיגע געפיהלע! וויא האבען געגרייכט ביז צו אונזערע טיעפסטע זעעלען אונד אונז שרקליך געמאַרטערט. עס איז מערקווירדיג, זיא איז נאך געוועזן אייפערזיכטיגער אלס איך. דאַ איז א ביישפיעל:

עס האט אמאל פאסירט, אז עס איז געוועזן גאנץ שטיל אונטער אונז. מיר זיינען געזעסען, גערעדט אונד דערצעהלט איינער דעם אנדערן פערשיעדענע אונשולדיגע זאכען. פלוצלינג האט זיא עפעס מיט מיר ניט איינגעשטימט, אונד גראדע איבער אזא זאך, פון וועלכער מיר האבען אימער געדענקט גלייך. זיא האט אָנגעהויבען אויפגערעגט צו ווערען, אונד איך, וועלכער האט געוואָלט אויסמיידען כעס אונד רוגז, האב אומגעווענדעט דאס געשפרעך אויף עפעס אנדערש. אָבער זיא האט דערבייא אויך געפונען איין אורזאכע בעז צו ווערען. איך האב דאס ניט גע־קענט פערשטעהען אונד געפרעגט וואס עס איז מיט איהר געשעהען, ווארום זיא געפינט נאָר פעהלער אין אלעמען וואס איך זאג. דארויף האט זיא ניט באלד געענטפערט. א פינסטערער בליק פון איהרע אויגען אונד א מורמלען, האט מיר אנגעציינט, אז דער הונד ליעגט ערגעץ אנדערש בעגראָבען. איך האב אָנגעהויבען נאכצוקלערען אונד ענדליך האב איך דערראטהען, אז דאס מוז עפעס צו טהון האבען מיט דעם שפאציר־גאנג וואס איך האב געמאכט מיט איהר קוזינע. נאטירליך האב איך עס ניט געוואָלט עפענטליך ארויס רעדען וואס איך האב דערראטהען אין קאָפּ, ווייל איך האב געוואוסט, אז דאס וועט נאך איהר פערדאכט מעהר בעפעסטיגען. איך האב מיך ניט געמאכט וויסענדיג אונד זיא געפרעגט:

„וואס איז מיט דיר? וואס זוכסטו אלץ בלבולים?“

„גאר ניט.“ האט זיא געענטפערט, „עס איז גאר ניט מיט מיר, אונד איך אויך ניט קיין בלבולים.“

אָט דאָ האט איהר דאס בעסטע ביישפיעל פון דער פאלשקייט וואס מאן אונד ווייב שפיעלען געגען אנאנדער. מיר האבען ביידע געוואוסט איינער דעם אנדערן׳ס

נעדאנקען. אבער מיר האבען ניט נעוואגט זייא ארויס צו רעדען וויא אמת'ע פער־טרויעטע פריינד, אום זיך צו זאגען דיא וואהרהייט עפענטליך.

דער האס אונד פערדאכט איז ניט נאר געבליעבען דערזעלבער, זאנדערן נאך פערשטערקערט געווארען. אונד אלעס, מערקט זיך, איז בלויז געווען פערדאכט; א פערברעכען אין גערדאנקען, אבער ניט אין דער ווירקליכקייט.

אבער וויא אזוי האט מיין פרוי ניט געקענט זיין אין פערדאכט איבער מיר, ווען זיא האט מיך אזוי גוט געקענט? האט זיא דען ניט געוואוסט, אז אום מיין תאוה צו ערפיללען, וועל איך ווענינ קוקען אויף ערלויבטעס אונד אונערלויבטעס? איז זיא דען ניט גענוג איבערצייגט, אז איך בין פערדארבען אונד לעב נאר צוליעב דער תאוה? אונד איך אליין, מיט מיין גאנצער מאראלישע אויפפיהרונג, בין נאר געווען איינער פון דיעזע, וואס איז ניט נעגאנגען זוכען קיין פרעמדע פרויענצימער, אבער ווען דיא געלעגענהייט וואלט זיך מיר אויפגעדרונגען, וואלט איך געוויס קיין צדיק ניט געבליעבען. דאס האט מיין פרוי גאנץ גוט געוואוסט איבער מיר, אונד זיא האט געמענט האבען א פערדאכט. אונד איך? איך אנערקען יעצט, אז זיא האט קיין טעות געהאט אין איהר אורטהייל.

אבער דאסזעלבע האב איך אויך געדענקט איבער איהר. זיא האט דאך בע־גאנגען דיעזעלבע פערברעכען געגען דער נאטור גלייך מיט מיר. איך בין געווען פאלשטענדיג איבערצייגט, אז זיא פערלאנגט דעם קערפערליכען גענוס, אהן איין אנדערן צוועק, בלויז פיר גענוס. איך האב זיא דערצו צוגעוועהנט, אונד דאס בעד ווייזט אלזא, אז מיין אייפערזיכטיגער פערדאכט, האט אויך געהאט זיינע גוטע גרינדע.

זיא איז ניט געווען פרימער אלס איך אונד איך ניט פרימער אלס זיא. ווען איך בין אימשטאנדע צו פערקעהרען מיט אנדערע/ פרויענצימער, ווארום זאל זיא ניט קענען פערקעהרען מיט אנדערע מענער?

וויפיעלע פרויען זיינען פערהאנדען וואס לעבען מיט מענער, אונד טויטען דיא קינדער אין זייערע איינענע לייבער! איך בין זיכער, אז פיעלע פון דיעזע פרויען, זיינען זיך פריהער צוזאמען געקומען מיט דעם מאן, פאזיטיוו אום דעם איינציגען צוועק, פיר קערפערליכען גענוס. זיא האט דאן געטויטעט דעם נאטירליכען רעזולטאט, בלויז צום איינציגען צוועק, אום נאך אמאל צו קענען פערברעכעריש פערקעהרען מיט איהר מאן. אונד אזעלכע פרויען זיינען צו אלעמען אימשטאנדע, אבי נאר זייער תאוה צו ערפיללען. מיין פרוי איז ניט בעסער געווען.

16.

מיר וועלען זיך אומקעהרען צו מיין איינענער טרויעריגער לעבענס־געשיכטע. טראָטץ דעם וואס מיין ווייב האט ניט געוואָלט אונזער פּאמיליע זאָל זיך פערגרע סערן, האבען דאָך דיא קינדער זיך שנעל פערמעהרט.

אונד ווען מען האט קינדער, דאַן מוז מען זייא דאָך נאטירליך ע"ציהען. דאס איז ניט אין גאנצען זעהר לייכט, אונד עס פּאסירט אָפט וואס א קינד ווערט קראַנק. אין אזא פאל, נאטירליך, רופט מען באלד דעם דאָקטאָר.

עס איז ניט נאָר אינטערעסאנט דאָ צו שטודירען דיא מוטער־ליעבע, זאָנדערן עס איז אויך זעהר וויכטיג. דיא נאטור האט זיא געמאכט פאר א מוטער, אונד איהר געגעבען ליעבע, צערטליכקייט אונד א שטארקען ווילען דיעזע קינדער צו בע־היטען, דערפאר וויל זייא זיינען נאך שוואך. דיא פרוי אָבער אין אונזער שטאנד, מיט איהר גאנצער מוטער־ליעבע, געפינט זיא זיך אין זעהר א שלעכטער לאגע, דיא קינדער זיינען פיר איהר א זאָרג, א מארטער, א קוועלען אונד איין ערגערניס. גע־בוירען, ערנעהרען, פּפלעגען אונד אויפציהען, צו וועלכען זייא זיינען געצוואונגען פון דער נאטור, ליעגט אויף זייא וויא א שווערער שטיין. זייא וואָלטען געוואָלט האבען קינדער, זיין זייערע מוטערס, זייא ליעבען מוטערליך, אָבער זייא ווילען אין דערזעל־בער צייט ניט געשטערט זיין אונד ציטערן פאר דיא קראַנקהייטען אונד טויט פון דיא קינדער. וואס טהון זייא אָבער דאָך? אָה, אונזערע רייכע דאמען געבען זיך עצות: ווען דאָס קינד קומט טראָטץ איהרע אנשטרענגונגען דאס ניט צו ברענגען אויף דער וועלט, דאַן וועט איהר זיא הערען זאגען: „איך וויל דערפאר מיין קינד ניט זייגען, כדי איך זאָל עס ניט צופיעל ליעבען, ווייל טאָמער שטארבט דאס קינד, זאָל עס ניט זיין צו טיעף איינגעוואָרצעלט אין מיין הערצען, אונד איך וועל מיך ניט דארפען אזוי פיעל ערגערן.“

אויף אזא אופן געפינען זייא איין אנדערן אויסוועג וויא צו בעזיעגען דיא נאַ־טור. אז א קינד ווערט קראַנק, ווערט גערופען דער דאָקטאָר; דיא אַמע אָדער ערציהערין שטעהט דערביי. דער דאָקטאָר, וועלכער וויל פערדיענען געלד בייא דיא רייכע הערען, האט מעהר אין זינען זיין וויזיט אלס דעם פּאציענט. ער פער־שרייבט דאָרט זיין מעדיצין, גיבט אָב א בעריכט צו דיא רייכע הערשאפטען, אונד... שרעקליך! אויב דאס קינד איז קראַנק, לעבט, שטארבט, מאכט עס א קליינעם אונטערשיעד. דאס קינד שפּיעלט נאָר בייא אונז א ראָלע אלס א שעהנעס שפּיעלצייג. איז דאס שעהנער, דאַן טהוט אונז מעהר באנג נאָך דעם שעהנעם

שפיעלצייג, ווען עס ווערט געפאָדערט פון דעם טויט. איז עס אָבער ניט אַזוי שעהן, אָדער גאר פיעללייכט א קאַליקע, דאן טראכטען מיר אין הארצען: עס איז קיין גרויסעס אונגליק.

ווירקליך, איך האָב אמאל געזעהען איין ארמע קוה שרעקליך שרייען נאך איהר קאלב וואס מען האט פון איהר אוועק גענומען. עס איז קיין צווייפעל, אז זיא האט מעהר געבענקט נאך איהר קאלב, וויא אונזערע דאמען נאך א קינד וואס איז געשטארבען.

ערגער, יא, פיעל ערגער אלס דיא שטומע בהמות, זיינען דיא אונגאטירליכע מענשען!

דיא קינדער־ליעבע, דיא וואהרע קינדער־ליעבע, דאס היילינסטע געפיהל ביי א מענשען, דאס איז ניטאָ, עס פערשווינדעט. מיר מהון אלעס מעגליכע אונזער בעסטיאליטעט ניט צו שטערען.

אין דערזעלבער צייט וויעדער, קומט דיא פערצערטלונג אתמער דיא קינדער. זייא ווערען ערצויגען געגען דער נאטור, אונד דערפאר זיינען זייא שוואך, אונד קע־נען ניט איבערטראָגען קיין צופעלליגע קראנקהייט אזוי לייכט.

אך! דיא פרויען פון דיא אלטע צייטען, זייא האבען ניט געוואוסט וואס עס הייסט בעזיעגען דיא נאטור. דערפאר זיינען אויך זייערע קינדער אימער געווען געזונד, שטארק אונד מונטער. אונד ווען עס האט פאסירט איין אונגליק, האט דיא פרוי פון אלטע צייטען, וועלכע האט געליעבט מעהר איהר קינד וויא דיא היינטיגע, געזאגט מיט העלדישער פאסונג: „גאָט האט געגעבען, גאָט האט אוועק גענומען — געלויבט איז גאָט דערפאר!"

זיא האט אָנגעווענדעט אלעס מעגליכע אום דאס קינד צו ראטעווען, אָבער ווען אלעס איז שוין געווען פאראיבער, האט זיא געזעהן, דאס אָבוואָהל איהר הערץ איז געבראָכען, דארף זיא דאך זיך ניט אָבלאָזען צום שמערץ אונד פערצווייפלונג, ווען דאס קען מעהר ניט העלפען.

דיא בילדונג פון אונזערע פרויען, אין גראדע אזוי איבערגעקעהרט וויא זייער גאנצע ערציהונג. זייא גלויבען ניט אין גאָט, דערפאר אָבער, גלויבען זייא אין א מכשפה, שפרעכערין, אונד אין א דאָקטאָר וואָס קומט אין א שעהנער דראָזשקע, אונד לאָזט זיך בעצאָהלען הונדערט רובעל פאר א וויזיט.

איך האב דאס אייך בלויז אָבגעשילדערט, כדי איהר זאָלט פערשטעהן, אז דיא קינדער וואס מיין פרוי האט מיר געבוירען, האבען אונזער לעבען נאך גאר ניט פערבעסערט. איך בין געווען זעהר ווענינ פאטער אונד זיא ניט פיעל מוטער,

אין נעגענטהייל, דיא קינדער האבען אונז נאר נאך פיעל געשאדעט, דען זייא זיינען געוועזן איין אורזאכע צו שטרייט אונד קריעגערייא. מיט דער צייט נאָר, ווען דיא קינדער זיינען אונטערגעוואקסען, האט זיך יעדער פון אונז אבגעקליעבען א ליעבלינג, גלייך וויא עס וואָלט געוועזן איין אונטערשיעד פון איינעם צום צווייטען. איך, צום ביישפּיעל, האב מיר גענומען, וויא געוועהנליך, דאס עלטעסטע קינד, וואסיא'ן, אונד מיין פרוי האט זיך אָבגעקליעבען ליזא'ן. מיט דער צייט איז יעדעס קינד געוואָרען דער טהייל־נעהמער פון דעם וואס האט זייא אָבגעקליעבען. דיא אונשולדיגע קינדער האבען שרעקליך געליטען דאדורך. וואסיא פלעגט זיין דער מוטער'ס געגנער, גלייך מיט מיר, אונד דאסזעלבע איז אויך געוועזן מיט ליזא'ן. שפּעטער האבען זיך דיא ארמע קינדער געביטען. דאס מיידעל איז איבערגעגאנגען צו מיר, אונד וואסיא, דער זוהן, איז איבערגעגאנגען צו דער מוטער.

## 17.

מיר האבען פריהער געלעבט אויף א גוט, אונד דאן האבען מיר זיך אריין געצויגען אין שטאָדט. ווען דאס וואָלט ניט פּאסירט, איז עס מעגליך, אז איך וואָלט מיר אזוי אויסגעלעבט מיינע יאָהרען, אונד נאך אימער געדענקט, אז איך בין א גאנץ אנשטענדיגער מענש, אָדער, וועניגסטענס אזוי אנשטענדיג, וויא אלע אנדערע זיינען. איך האב נאך ביז דאמאלס ניט בעגריפען דעם תהום פון אונגליק אונד שקר, אין וועלכען מיר זיינען אריין געפאלען. איך מוז אָבער מודה זיין, דאס אָבוואָהל איך האב ניט אין גאנצען בעגריפען, האב איך דאָך עפּעס געפיהלט, אז ניט אלעס איז ריכטיג.

איך האב געפיהלט, אז איך, אלס מאַן, וואָלט בעדארפט הערשען, אָבער אנשטאט דעם, האב איך מיך געזעהן, וויא מען זאגט, נאר אונטער דעם פאנטאָפעל פון מיין ווייב. אָבער וואס מיך האט געטריעבען דערצו, איך זאָל ליעגען אונטער דעם פאנטאָפעל, זיינען געוועזן דיא קינדער. דאס ביסעל האלב־נאטירליכע ליעבע צו מיינע קינדער, האט מיך צוריק געהאלטען פון מאכען פון אלעמען איין ענדע. אָבער זיא האט דאס אלעס באלד ערפאהרען, אונד זיא האט געוואוסט וויא מיך צו בע-הערשען, מיט דער קראפט פון מיין ליעבע צו דיא קינדער.

ווען מען האט מיידלעך מיט אינגלעך, ציהט מען אימער פאַר דיא מיידלעך. וועניגסטענס אזוי רעכען איך איז דער פאל מיט מענשען, וועלכע שפּירען דיא פערדאָרבענהייט פון דער וועלט. מיידלעך זיינען ניט אונטערוואָרפען אזוי דער פערדאָרבענהייט וויא דיא אינגלעך. זייא שפּיעלען ניט קיין קאָרטען, רויכען ניט.

אונד האבען נים אזעלבע שלעכטע חברים; דאן, אין דעם וואס אנבעטרעפט דער תאוה, זיינען זייא פיעל רײנער אלס דיא אינגלעך. פרויענצימער איבערהויפט, פון קינדוויז אויף, שטעהען זייא העכער אלס דיא מענער אין יעדער בעציהונג פון אנ־שטאנד. איך רעדט דא נאטירליך פון אזעלבע, וועלכע מען קען צו שרייבען אנשטאנד.

יעדענפאלס, ווייס דאס פרויענצימער מיט געפיהל, אז זיא שטעהט העכער אלס דער מאן, וועלכער האט זיך גענומען ראס רעכט צו רעגיערען, הערשען אונד פערוואלטען. זיא פיהלט אין איהר טיעפסטער זעעלע, אז ניט נאר וואס עס וואלט פאר איהר געפאסט צו הערשען, זאנדערן זיא וואלט עס אויך געקענט טהון. מיט אונזערע מענער איז אבער דער פאל אנדערש; זייא שטעלען דיא פרוי פיעל ניעדריגער אלס זיך זעלבסט.

וויא דיא זאך איז, אין דער ליעבע צו מיינע מיידלעך, האט מיין פרוי גע־לערענט, אז זיא האט א רעכט צו שטעהען העכער אלס איך. ווייל זיא איז געווען אמאל אזוי אונשולדיג וויא מיינע מיידלעך, אונד איז דאן אויך געווארען א מוטער— א מוטער מיט פיעלע פעראנטווארטליכקייטען. אבער וואס מעהר זיא האט זיך ארום געקוקט וואו זיא איז אין דער וועלט, אלץ בעסער האט זיא ארויס געזעהען, וויא ווייט מיר שטעהן איינער פון אנאנדער. דאס הייסט, צום פיערטען יאהר נאך אונזער חתונה, איז זיא געווען פאלשטענדיג איבערציינגט, אז אונזביידע פערבינדעט אבסאלוט קיין גייסטיגע זאך.

עס איז מערקווירדיג, אז מיט גאנץ פרעמדע פערזאנען, האט יעדער פון אונז בעזונדער, געקענט רעדען איבער גאנץ פערנינפטיגע אונד גייסטיגע געגענשטענדע. צווישען אונז אליין אבער, האט נאר עקזיסטירט דער קערפערליכער גענוס, וועלכער האט אונז געקענט צוזאמען ברענגען. איך בין זיכער, אז ווען ניט דיא תאוה, וואלטען מיר געקענט זיין ברוגז חדשים־לאנג. אזוי אבער, האבען מיר זיך באלד איבערגע־בעטען. דיא צייט נאטירליך, האט נאך דיא פארבען פון אונזערע קערפערליכע בע־ציהונגען, אויך געענדערט. מיר האבען שוין מעהר ניט בעזעסען יענע ערשטע שעהמעדיגע צוזאמענקונפט, זאנדערן, מיר זיינען געווען גראב, געמיין אונד אונפער־שעהמט. אבער דאס האט אויך דערווייל געפיהרט צו נאך שרעקליכערע פאלגען אונטער אונז. דיא אונפערשעהמטהייט האט אונז געמאכט אזוי גלייכגילטיג איינער צו אנאנדער, אונד מאנכע מאל אזוי זאט איינער פון אנאנדער, אז מיר האבען זיך געהאסט אונד פעראכטעט, וויא א הונד מיט א קאטץ. איך פלעג אין איהר זעהן

די גרעסטע פעהלער, דאסזעלבע זיא אין מיר, אונד דאס האט געפיהרט צו בעליידיגונג, קריעגערייא אונד אבשייליכע קללות.

אום מיך צו פערגעסען, אום מיך צו צערשטרייען, האב איך געטרונקען, געשפיעלט קארטען, געגאנגען אויף דער יאגד, געהוליעט אונד געלומפט. איך האב געמיינט, אז איך בין דער איינציגער אונגליקליכסטער מענש אין דער וועלט, אונד נאך ניט געוואוסט, דאס וועניגסטענס 99 פראצענט דער מענשהייט, לעבען גראדע אזוי אונגליקליך וויא איך, אונד כמעט בייא יעדען אין הויז, איז אזא גיהנום.

## 18.

ביז דאמאלס האבען מיר נאך געלעבט אויף מיין גוט, אונד דאן האב איך מיך מישב געווען אונד זיך אריין געצויגען אין שטאדט. איך וויים ניט אויב איך האב דערבייא געהאט עפעס איין אבזיכט, אבער אזוי איז עס געווען. מיר זיינען געווארען שטאדטס-לייט.

מיט דעם שטעדטישען לעבען, איז אויך געקומען דער שטעדטישער לוקסוס. בעלער, אונטערהעלטע, טהעאטער, מוזיק, ווייץ אונד מאדעס. דאן האט אנגעהויבען מיין ווייב צו קריינקען — וואהרשיינליך אויך נאכצוקומען דער מאדע. דיא דאקטוירים האבען געזאגט, אז זיא טאר קיין קינדער ניט האבען, אונד זייא האבען איהר געגעבען מיטלען דאפיר. איך האב אנפאנגס פראטעסטירט, אבער ענדליך האב איך נאכגעגעבען. עס איז געווען דיא איינציגע צייט דאמאלס, וואס איך האב אביסעל ריכטיג געדענקט. מיר איז פארגעקומען, אז ניט האבען קיין קינדער, גיבט מיר קיין רעכט צו לעבען, ווייל מיין גאנצע עקזיסטענץ זאל דאך זיין וועגען קיום העולם. אבער איך האב מיך דאמאלס ניט צופיעל געפלאגט מיט אזעלכע רעיונות, אונד איך בין באלד געווען צופריעדען צו בעטרייבען מיין בעסטיאליטעט אהן א שום אנדערע אורזאכע, אויסער צו ערפיללען מיין תאוה.

אזוי זיינען פאראיבער צווייא יאהר, אין א לעבען פון רעש, דומהייט אונד נאר ניט. דאס מיטעל פון דיא דאקטוירים האט באלד געווירקט. אויסער דעם וואס זיא האט קיין קינדער ניט געהאט, האט זיא אנגעפאנגען פעטער צו ווערען, אונד האט געקריעגען זעהר א שעהנעס געזיכט. זיא איז דאמאלס געווען אונגעפעהר 30 יאהר אלט, אונד אין איהר געזיכט אונד קערפער, האט זיך געזעהען עפעס אויפרעגענדעס, געגוס־זוכענדעס אונד אויפפאדערונג. בעסער געזאגט, זיא האט אויסגעזעהן וויא א גוט געהאדעוועטעס יונגעס פערד, וואס איז א לאנגע צייט געשטאנען אהן א צוים. 99 פראצענט פון אונזערע פרויען האבען אויך ניט קיין צוים.

19.

יא, מיין פרוי איז געוואָרען פעט, געזונד אונד שעהן. אין דערזעלבער צייט, האט עס אויסגעזעהען, אז זיא האט פּלוצלינג ערוואכט וויא פון א לאנג־יעהריגען חלום, אויפגעמאכט דיא אויגען אונד ערבליקט ארום זיך א וועלט וואו מען דארף לעבען, געניעסען אונד האבען פערגניגען.

„איין מינוט, איין אויגענבליק פערלירען, איז א שאדע.“ האט זיא זיך גע־טראכט. „ניט אימער איז מען יונג אונד שעהן, אונד וואס מען פערזאמט יעטצט, קעהרט שוין מעהר קיינמאל ניט צוריק.“

יא, לעבען אונד האבען פערגניגען האט זיך איהר געוואָלט. זיא האט אויפגע־הערט צו זיין דאס ווערקצייג פון דער נאטור צו ברענגען קינדער אויף דער וועלט אונד איהר איינענע נאטור האט זיך אויך געוועקסעלט. ניט מוטער, ניט נאטירליכע פרוי, זאָנדערן א מענש צום געניעסען אלעס בלויז צום פערגניגען אליין, אונד זיך ניט לאזען שטערען פון דעם, צו וואס מיר זיינען בעשאפען געוואָרען.

זיא האט זיך אָנגעפאנגען ארום צו קוקען אונד פּלוצלינג ערבליקט, אז זיא אט זעהר פיעלעס פערזאמט אונד זיא האט בעשלאָסען דאס אלעס צוריק צו קריעגען, ווען מעגליך. זיא האט, צום ביישפּיעל, איינגעזעהן, אז זיא האט ניט גע־נאָסען דיעזע ליעבע פון וועלכער זיא האט געטראכט אונד געטרוימט אלס מ...דכען.

אונטער זאָלכע אומשטענדען האט זיא אָבער ניט פּראָבירט דיעזע ליעבע בייא מיר צו געפינען. איך בין איהר ענטוועדער נמאס געוואָרען, אָדער זיא האט א...געזעהען, אז איך בעזיטץ ניט דאס וואס זיא וויל אונד פערלאַנגט. דערפאר, פלעג איך זיא זעהען רעדען צו אנדערע מענער, האלב אין שפּאס אונד האלב אין ע...נסט, אזעלכע ווערטער, וועלכע האבען, דורך רעכט, צו מיר בעלאַנגט. איך האב נעזעהן אין איהרע בליקען פייער, פלאם אונד אויפרעגונג צו אנדערע.

דיא קינדער האבען זיא מעהר גאר ניט אינטערעסירט, אונד עס האט אויס־געזעהען, אז זיא האט געפאסט דעם ענטשלוס, אז זיא דארף ניט לעבען פיר דיא קינדער, זאָנדערן פיר זיך אליין, וועלכעס איז דאס וויכטיגסטע. אָט דאס איז געוועזען דער אנפאנג פון דעם גאנצען אונגליק.

דאן איז ערשיענען יענער „מענש“!

(בייא דיעזע ווערטער האט ער געברומט וויא איין אויפגערעגטע חיה, אונד פון זיין ברוסט האט זיך ארויס געריסען א זיפץ, וויא פון א שטערבענדען.) (עס

האט אויסגעזעהען, אז עס שמערצט איהם זעהר צו עראינערן יענעם „מענשען,“ אָבער זיין ערצעהלונג האט איהם געצוואונגען דערצו. דאן האט ער פאָרטגע־זעטצט:)

נאך מיינער אנזיכט איז ער געווען איינער פון דיא ניעדריגסטע ברואים. איך זאג עס נים נאָר דערפאר ווייל ער האט מיך רואינירט, זאָנדערן, איך בין איבער־צייגט, אז דאס איז ער ווירקליך געווען, אפילו, ווען ער וואָלט מיך נים בעריהרט. דערמיט וואס ער האט מיך בעריהרט וויעדער, איז ער וועניגער שולדיג אלס מיין לייבטזיניגע פרוי.

ער איז געווען א מוזיקער. ניין, ער האט געשפיעלט פיעדעל, פון מוזיק אליין איז ער נים געווען קיין גרויסער מייסטער. זיין פאטער איז געווען א גוטס־בעזיטצער פון אונזער נאכבארשאפט. ער האט פערלוירען זיין פערמעגען אונד זיינע זיהן האבען זיך ארום געוואָלגערט. זיין אינגסטער זוהן איז געקומען צו זיינער א קרובה נאך פאריז, אונד אזוי וויא ער האט געהאט חשק צו מוזיק, האט ער ג'אָרט בעזוכט א קאָנסערוואטאָריום, אונד איז פון דאָרטען ארויס אלס פיעדלער אונד אָנגעפאנגען צו געבען קאָנצערטען.

איך ווייס נים גענוי וויא אזוי ער האט געלעבט אין פאריז. אזוי פיעל איז מיר בעקאנט, אז ער איז אין יענעם יאהר געקומען נאך מאָסקווא אונד איז בייא מיר ערשיענען. ער האט געהאט רונדע פייכטע אָדער גלענצענדע אויגען, אימער א שמייכעלע אויף זיינע ליפען. זיינע וואָנצעס זיינען געווען גאנץ פעסט אויסגעצויגען אונד זיינע האאר געקעמט נאך דער לעטצטער מאָדע. זיין געזיכט איז געווען אָהן געשמאק, אָבער שעהן אויף אזא ארט, וואס זאָל מאכען איין איינדרוק אויף פרויען. ער איז געווען שוואך, אָבער נים מיאוס געבוים. זיך בענומען אנשטענדיג אין גע־זעלשאפט, אָבער אימער מיט צו פיעל פרייהיים. זיין קליידונג, האלטונג אונד ער־שיינען, זיינען אלע געווען אום נאָר פאָרצושטעלען דעם פאריזער קאוואליער.

דאס איז געווען דער מאן, וועלכער האט מיט זיין מוזיק אלעס פעראורזאכט. דאס געריכט־הויז האט פערשטאנען, אז אייפערזוכט איז געווען דיא אורזאכע; אָבער דאס איז נים געווען אין גאנצען ריכטיג. אונד דיא ריכטער האבען גע־פסק'ענט, אז איך, דער בעטראָגענער מאן, האב דערפאר געהרג'עט מיין פרוי, ווייל איך האב בלויז געוואָלט פערטהיידיגען מיין אָנגעגריפענע עהרע (אזוי רופען זיא עס!) אונד דערפאר האט מען מיך בעפרייעט. איך האב מיר נים דיא מיה גענעבען אלעס צו דערצעהלען פאר דעם געריכט, אָבער דאָרט האט מען זיך עס אַזוי פארגעשטעלט. דאס וואס זיא האט אבער צו טהאן געהאט מיט דעם מוזיקער.

תאט אבסאָלוט קיינע בעדייטונג. ראס האט אויך גענומען זיך אויף אירגענד איין ארט. דיעזע בעציהונגען האבען מיך ניט נונע געוועזן אונד אויך ניט זייא. דער וואהרער גרונד פון דעם גאנצען אונגליק, איז נאר געלעגען אויף איין אנדערן פלאטץ.

אלסדינג איז געשעהען דערפאר, ווייל ער איז ערשיענען גראדע צו יענער צייט אונטער אונז ביידע, ווען מיר האבען זיך שרעקליך געהאסט אונד א קריזיס האט בעדארפט איינטרעטען אין אונזער לעבען.

אונזערע צאנקערייען זיינען דאמאלס געוועזן העפטינער וויא אימער, אונד שמוטציגער דערפאר, ווייל זייא האבען געהאט איין אָפטערע אבוועקסלונג דורך אונזער טהיערישער ליידענשאפט. איך בין זיכער, דאס ווען ניט דיא אייפערזוכט וואָלט גראדע דאמאלס ערשיענען, וואָלט איך געפונען עפּעס איין אנדערע אורזאכע וויא אזוי אויסצודריקען מיין האס.

עס איז יענע צייט אין איין אונגעוועהנליכעס פאמיליען־לעבען, וואס א מאן נעהמט זוכען צו דערטרינקען זיין ערביטערונג אין שיכרות, אויסגעלאסענהייט, פערראָרבענהייט, אָדער נאָר זעלבסטמאָרד. איך האב געהאלטען מעהרערע מאָל דער בייא מיר צו נעהמען מיין לעבען, אונד מיין פרוי האט זיך געוואָלט פערגיפטען.

## 20.

אום איהר זאָלט האבען א בעגריף וויא אזוי אזעלכע סצענען פון פערצווייפלונג האבען געקענט ענטשטעהען, וועל איך פאר אייך אָבשילדערן א ביישפיעל.

מיר זיינען געזעסען אין הויז, יעדער פערטיעפט אין אייגענע געדאנקען, אונד ניט אין זינען האבענדיג דעם צווייטען. פלוצלינג האט זיא אָדער איך עפּעס געזאגט. איבער דיא קינדער, איבער דעם הויז, אָדער איבער אירגענד א זאך. ווען איינער האט געזאגט „יא,“ האט דער אנדערער געמוזט ענטפערן „ניין.“ ניט דערפאר ווייל עס איז יא אזוי געווען אָדער ניט, זאָנדערן גלאט, ווייל יעדער פון אונז האט געשפראָכען מיט שטעך־ווערטלעך, אונד דער אנדערער האט אימער געמוזט זיין ראנגענען.

„דוא פערשטעהסט ניט,“ פלעג איך אָנפאנגען.

„מעהר פון דיר,“ איז געוועזן איהר ענטפער.

„קענסט דיך נאר פוצען.“

„איך חיים, אז דאס שמעקט דיך.“

„עס שמעקט מיך נים.“

„עס שמעקט דיך יא.“

„דאן בין איך א ליגנער.“

„דוא ביסט אלסדינג.“

ביי אזא אויפטרים האבען מיר געזוכט זיך צו טרעפען מיט די מיאוס'ע ווערטער, אונד איינער זאָל דעם צווייטען אָנריהרען דאָרט וואו עס שמערצט אם־מייסטען. דאן פלעג איך אויסשרייען:

„שווייג!“

דערביי פלעגט זיא זיך אויפהויבען אונד וועלען ארויס לויפען אין קינדער־צימער. איך האב זיא צוריק געהאלטען, אום איך זאָל קענען אויסרעדען אלעס וואס איך האב איהר געוואָלט זאגען.

זיא האלטענדיג ביי דער האנד, האט זיא אָנגעהויבען צו שרייען:

„קינדער! אייער פאטער שלאגט מיך!“

„זאג נים קיין ליגען!“ האב איך געענטפערט, אונד זיא, אָהנע זיך צו בע־זימערן, האט ווייטער געזאגט אום מיך נאך מעהר צו קריינקען:

„עס איז דאָך נים דאס ערשטע מאל וואס דוא לעגסט אויף מיר דיינע גראָבע הענד!“

„שפיעל נים קיין קאָמעדיע!“ האב איך געענטפערט.

„בייא דיר איז אלעס קאָמעדיע,“ האט זיא געזאגט, „וואס מען טהוט פער־שטעלט מען זיך. הלואי זאָל איך פון דיר פטור ווערען! פלאטצען זאָלסטו!“

איך קען מיך עראינערן, וויא איך האב מיך דערשראָקען פאר דיעזע ווערטער. מיין קערפער איז פולל געוואָרען מיט איין איבערנאטירליכען צאָרן, איך האב נאָר נים געוואוסט וואו איך בין אין דער וועלט, אונד זיא איז דערבייא פערשוואונדען געוואָרען.

נאך אזא סצענע בין איך אריין אין מיין שטודיר־צימער, מיך אוועק געזעצט [illegible]יבען. דאן האב איך געהערט וויא זיא מאכט זיך רייזע־פערטיג. איך בין אויפגע־[illegible]

„וואוהין געהסטו?“ האב איך געפרעגט.

[illegible] האט געשוויגען.

„[illegible] גשח צום טייפעל!“ האב איך מיך געטראכט, אונד בין אריין צוריק

אין מיין צימער וואו איך האב גערויכט אונד גערויכט איין ציגארעטע נאך דער אנדערער.

טויזענדער פערשיעדענע געדאנקען אונד פלענער האבען דורך געשאָסען אין מיין געהירן, ביז איך בין געקומען דערצו מיך פון איהר צו בעפרייען אונר חתונה האבען מיט איין אנדערער, א שעהנע אונד א רוהיגע. וויא אזוי זיך פון איהר צו בעפרייען, האב איך געזעהען צווייא וועגען: דעם ערשטען דורך דעם טויט, אונד דעם צווייטען דורך א גט. אָבער דיא געדאנקען זיינען יעדעס מאָל פערמישט גע־וואָרען, אונד איך קען מיך עראינערן, אז איך האב ניט אימער געדענקט דאס, וואס איך האב געוואָלט. דאן האב איך ווייטער גערויכט.

אָבער דאס לעבען אין הויז געהט דערוויל פאָרווערטס. דיא גאָווערנאַנטע ערשיינט אונד פרעגט אויף פראנצויזיש:

„וואו איז דיא מאדאם?" דער דיענער פרעגט אויב מען זאָל אויפגעבען טהעע. איך געה אריין אין עסס צימער, זעטץ מיך אוועק, אונד ליזא, אונזער עלטערעס מיידעלע, בליקט צו מיר ערשראָקען אונד מיט א פראגע אויף איהרע ליפעלעך. מיין פרוי איז אלץ ניטאָ. דער גאנצער אבענד געהט אוועק אונד זיא איז ניט צוריק געקומען.

צווייא פערשיעדענע געפיהלע וועקסלען זיך אין מיר: האס, ווייל זיא קוועלט מיך אונד דיא קינדער דורך איהר אבוועזענהייט, אונד מורא, ווייל, לויט וויא איך קען איהר אויפגערעגטען כאראקטער, פיעללייכט וועט זיא זיך נאר נעהמען דאס לעבען

אָבער וואו זאָל מען זיא זוכען אזוי שפעט בייא נאכט? בייא איהר שוועס־טער? אונד ווען זיא איז דאָרט ניטאָ? עס וועט דאָך אויסזעהען זעהר דום נאך איהר צו פרעגען. עס ווערט 11, 12 אונד 1 אוהר. איך פרוביר אפילו ניט צו שלאָפען. איך וויל שרייבען, לעזען, אָבער דיא אויפרעגונג איז שטארקער אונד איך קען גאר נים טהון.

פארטאָג האט דיא נאטור געזיעגט אונד איך האב איינגעדרעמעלט. ווען איך האב ערוואכט, איז שוין געווען גרויסער טאָג, אָבער זיא איז נאך אלץ ניטאָ. אין הויז איז אימער דאסזעלבע, נאר דיא קינדער בליקען צו מיר מיט א פאָרוואורף. איך ווער אונרוהיגער, א יפגערעגטער אונד צאָרן פיללט אויס מיין זעעלע. דאן פער־גרעסערט זיך דער האס אין א שרעקליכער בימערקייט.

אונגעפעהר אום 11 אוהר פאָרמיטאג, איז ערשיענען איהר שוועסטער, אלס א שליח. זיא הויבט אן מיט דיא געוועהנליכע ווערטער:

„דיא נעפינט דיך אין א שרעקליכען צושטאנד!“

„פאר וואס? עס האט דאך מיט איהר גאר ניט פאסירט.“

דאן דערצעהל איך דער שוועסטער, אז מיין פרוי האט א שרעקליכען כאראקטער, אונד איך פערזיכער זיא, אז איך האב איהר גאר ניט געטהאן, אונד איך האב דערפאר אויך קיין אורזאכע, ווארום איך זאל זיא געהען איבערבעטען. איך הויב דאן אן צו רעדען פון גט'ן זיך, אבער דיא שוועגערין וויל אזא געשפרעך ניט צו לאזען, אונד דערבייא איז זיא אויך אוועק געגאנגען.

עס איז אמת, איך האב דער שוועגערין ערקלערט, אז איך וויל זיא ניט געהן איבערבעטען. אבער וויא איז זיא ארויס געגאנגען פון הויז אונד איך האב ערבליקט דיא ערשראקענע געזיכטער פון מיינע קינדער, בין איך באלד פערטיג געוועזן צוריק צו ציהען מיין ווארט; אבער איך האב דאך איינמאל געזאגט, אונד אלס עהרענמאן האב איך ניט געקענט ברעכען מיין ווארט. דאן האב איך ווידער געזוכט. ווען מיר זיינען געגאנגען עסען מיטאג, האב איך געטרונקען שנאפס אונד וויין, דאן ווידער שנאפס, ביז איך האב ענדליך ערדייכט דעם פונקט וואס איך האב געזוכט: איך בין בערוישט געוואָרען אונד מעהר ניט געוואוסט וויא ניעדריג איך בין געזונקען אונד מיין לאגע האט מיך שוין ניט געקענט ערגערן.

אום 3 אוהר נאכמיטאג איז מיין פרוי אהיים געקומען. ווען זיא האט מיך בעגעגענט, האט זיא געשוויעגען. מיינענדיג, אז זיא איז שוין בערוהיגט, האב איך אנגעפאנגען איהר צו ערקלערען, אז ניט איך בין שולדיג, זאנדערן זיא האט מיך ארויס געפאָדערט צום גאנצען אויפרוהר.

דער ענטפער דארויף איז געוועזן, ניט וואס איך האב ערווארטעט. דיא מיענע אויף איהר געזיכט איז געוואָרען פול מיט האסס אונד ארום איהרע ליפען האט זיך אבגעשפיעגעלט עפעס פעראכטענדעס, וואס האט דורכגעבויערט מיין הערץ.

„איך בין זיך ניט געקומען אויסטענה'ען,“ האט זיא געענטפערט, „איך וויל נאר מיטנעהמען דיא קינדער, ווייל איך קען מיט דיר מעהר ניט לעבען.“

איך האב געוואָלט עפעס ענטפערן, נאר איך האב ניט געקענט.

„רעד ניט מעהר,“ האט זיא ווייטער געזאגט. „דוא וועסט עס בעדויערן.“

ענדליך האב איך איהר ווידער געזאגט, אז איך האב פיינד דיא פערשטעללונגען מיט דיא קאמעדיען.

פלוצלינג האט זיא ארויסגעלאזען א געשרייא, עפעס געזאגט וואס איך האב ניט פערשטאנען אונד אריין געלאפען אין איהר צימער. איך בין איהר נאכגעלאפען. אבער נאך איידער איך האב געקענט אריבער דיא שוועל, האט זיך דיא טהיר שנעל

צונעמאכט, אונד דער שליעסעל פון אינוועניג האט צונעשלאָסען. איך האב נער קלאפט אין דער טהיר, נערופען, אָבער איך האב קיין ענטפער נעקריעגען.

מיין ערבּיטערונג איז נעוועזען שווידערהאפט, אונד אזוי בין איך אוועק פון דער טהיר.

מיט א האלבע שטונדע שפּעטער איז צו מיר אריין נעלאָפען ליזא, איהרע אוינעלעך פול מיט טרערען, אונד עפּעס נעזאגט וואס איך האב ניט באלד פערשטאנען.

„וואס איז ליזא? וואס איז נעשעהען?"

„מאַמא הערט זיך גאר ניט!"

איך בין באלד אויפנעשטאנען אונד מיט איהר נעגאנגען. איך האב מיט אלע מיינע קרעפטען אויפנעריסען דיא טהיר אונד בין אריין אין צימער. איך בין גלייך צונעגאנגען צום בעט.

זיא איז דארט נעלעגען. זיא, מיין פרוי, איז נעלעגען אין איהרע קליידער אונד שיך, אונד איז נעוועזען בעזינונגס־לאָז. אויף'ן טיש איז נעשטאנען א פלעשעלע מיט אפּיום. עס איז דאס מיטעל פון וועלבע אונזערע רייכע דאמען ווייסען אזוי גוט, אום זיך צו ווארפען אין א בעצויבערענדער אָהנמאכט.

איך בליק אויף ליזא'ן, אויף מיין קינד, אינד איהרע טרערען ריהרען מיך. איך בליק דאן אויף דעם בלאסען נעזיכט פון מיין פרוי — אונד איך האב זיא אָנגעפאנגען צו דערמינטערן. דאן האט זיא נעוויינט אונד ענדליך האבען מיר זיך איבערגעבעטען. עס איז ניט גראדע נעוועזען אין גאנצען איבערגעבעטען, ווייל דיא נעפיהלע פון האס אין אונזערע הערצער האבען זיך ניט נעקענט בייטען. אבער פארלויפיג האבען מיר נערעדט, זיך ניט אזוי אויסגעמיעדען, אונד דאס אלטע לעבען האט ווידער אָנגעפאנגען. יא, דאס אלטע לעבען פון בעטרוג, שווינדעל אונד ניעדערטרעכטיגקייט מיט דעם גאנצען שמוטץ נאך פיעלרייכט פערדאָפּעלט...

אזעלבע קריענערייען אונד נאך אפשר ערגערע, זיינען פארגעקומען זעהר אָפט. איין מאל אין וואָך, איין מאל אין מאָנאט אונד אמאל אלע טאג. אין איין צייט האב איך שוין בעשלאָסען צו ענטלויפען, אָבער איך האב ניט נעהאט נענונ מוטה דעם לעטצטען שריט צו מאכען.

אונטער אזעלבע צושטענדען איז יענער מענש געקומען אין אונזער הויז. ער איז נעוועזן א געמיינער שופט — אבער זיינען מיר דען בעסער?

דיעזער חערר איז געקומען נאך מאָסקווא, זיין נאמען איז געוען טרוכאטשעווסקי. אין א פריה-מאָרגען איז ער ערשיענען אין מיין הויז. מיר האבען זיך אמאל אין דער יוגענד גערופען „דוא“ איינער דעם צווייטען, אונד ער האט פרובירט, אין אונזער געשפרעך דאמאלס צו דער צווייטער בעקאנטשאפט, מיר אמאל צו זאגען „דוא“ אונד אמאל „איהר.“ דאס איז געווען אום צו עטאבלירען זיין אלטע בעקאנטשאפט אונד מיך אימער רופען „דוא.“ אָבער איך האב איהם אנגעשפראָכען מיט דעם וואָרט „איהר,“ אונד אזוי איז עס געבליעבען.

ער איז מיר גאָר ניט געפעלען געוואָרען פון דער ערשטער מינוט אן, האב איך אין איהם דערקענט א מיאוס'ן לומפ, אונד דיא אייפערזוכט האט זיך באלד אין מיר ערוועקט. פערגעסט ניט, אז דאס איז געווען, נאך איידער ער האט געזעהן מיין פרוי.

אָבער עס איז געווען מערקווירדיג. א וואונדערבאַרע אונד געהיימניספאָלע קראפט האט מיך געטריעבען דערצו איך זאָל איהם ניט דערווייטערן פון מיין הויז. אין געגענטהייל, איהם נאך מקרב צו זיין. איך האב גאנץ לייכט געקענט אויספיהרען, ער זאָל צו מיר מעהר ניט קומען. איך האב נאָר בעדארפט מיט איהם גאנץ קאלט רעדען אונד איהם ניט פאָרשטעלען מיין פרוי. אויף אזוי פיעל וואָלט ער שוין געוויס פערשטאנען, אז איך ווינש איהם ניט אלס קיין גאסט, אונד ער וואָלט געוויס מעהר ניט געקומען. אָבער ניין! איך האב אָנגעהויבען צו רעדען פון זיין פידעלשפיעלען. ער האָט מיר אפילו געזאגט, אז ער האט שוין אויפגעגעבען פידעלשפיעלען, נאָר איך האב גראדע געהערט, אז ער האט מעהר וויא אימער געשפיעלט.

ער האט זיך דערווייל עראינערט, אז איך האב אויך אמאל געשפיעלט פידעל, אָבער איך האב געענטפערט, דאס איך האב שוין זייט יאהרען דעם פידעל אין דער האנד ניט גענומען, וועהרענד מיין פרוי אָבער, איז מוזיקאליש אונד שפיעלט ציעמליך גוט פיאנאָ.

אויב דאס איז אמת אָדער ניט, אז בייא מענשען גיבט א פאָרגעפיהל פיר שפעטערע צוטרעפונגען, וויל איך דאריבער יעטצט ניט רעדען. אזוי פיעל וויים איך אָבער, אונד איך געדענק עס גאנץ גוט, אז איך האב דאמאלס געשפירט, דאס עטוואס שוידערהאפטעס, פיעל שרעקליכערעס וויא איך האב נאך ביז דאמאלס ביינעוואָהנט, קומט איבער מיין הויז. יא, דאס אלעס האב איך געשפירט ווען

אריס קומען פון דער בעקאנטשאפט מיט ריעזען מענשען, אונד דאך האב איך ניט געקענט איהם בעהאנדלען אונפריינדליך.

איך האב איהם פארגעשטעלט מיין פרוי. עס איז קיין צווייפעל, אז זיא האט זיך דאריבער געפרייט. אנפאנגס, וואהרשיינליך, בלויז דערפאר, ווייל זיא וועט האבען דיא געלעגענהייט, אז א פידעל־שפיעלער זאל בעגלייטען איהר פיאנא־מוזיק, וועלכעס זיא האט זעהר געליעבט; זיא האט אמאל ספעציעל געדונגען דאפיר א פידעל־שפיעלער פון טהעאטער. אבער וויא זיא האט מיך אנגעקוקט, האט זיא באלד דערראטהען מיין געפיהל. זיא האט אין מיר געלעזען א וועלט מיט אייפערזוכט.

מיט א זעלטענער קונסט פון בעהאלטען דיא געפיהלע, האט זיא באלד פער־ענדערט דעם פרייליכען אויסדרוק פון איהר איינענעם געזיכט, אונד זיא האט מיך ווידער אנגעפאנגען צו בעטריגען אונד נארען. איך ווידער, האב אויך אנגעהויבען צו שפיעלען דיא ראלע פון א בעטריגער, אונד איך האב געלאכט פריינדליך, גראדע וויא איך וואלט געהאט דיא גרעסטע הנאה פון אלעמען.

טרוכאטשעווסקי׳ס בליק האב איך גוט שטודירט. ער האט געבליקט אויף מיין פרוי, אונד זיא בעטראכט מיט דערזעלבער מיענע וויא יעדער אייסגעלאסענער לומפ, בעוואונדערענדיג איהר ענטוויקעלטען בוזים, איהרע ברייטע שולטער, איהר רונדעס אונד שעהנעס געזיכט, אונד איהרע גלענצענדע אויגען.

מיין פרוי האט זיך שטארק בעמיהט צו ערשיינען גלייכגילטיג, אבער זיא האט ניט געקענט פיעל סעמפפען דאגעגען. דער תאוה־בליק פון דעם מוזיקער, האט זיא זויא דורכגעשטאכען. איך האב גאנץ גוט בעמערקט, דאס ווען זייערע בליקע האבען זיך בעגעגענט, האבען זייערע אויגען וויא אויפגעפלאקערט.

מיר האבען גערעדט פון מוזיק, פון פאריז, פון אלעס אונד פון גאר ניט, דאס הייסט, מיר האבען געפלוידערט. ווייל יעדען׳ס געדאנקען זיינען געווען בעשעפטיגט מיט עפעס אנדערש: מיינע מיט אייפערזוכט; מיין פרוי׳ס צו שטיקען מיין אייפער־זיכטיגען צארן, אונד טרוכאטשעווסקי׳ס מיט מיין פרוי׳ס קערפער.

דאן האט ער זיך אויפגעהויבען, אום אוועק צו געהען. ער האט גענומען דעם הוט אין זיין האנד אונד געשטאנען מיט א שמייכעל אויף זיינע ליפען, ווארטענדיג צו הערען ואס מיר וועלען זאגען.

איך קען מיך ערינערן אן יענעם אויגענבליק, ווייל איך האב דאמאלס גאנץ גוט געקענט אויספיהרען, איהם מעהר ניט איינצולאדען, אונד ער וואלט שוין ניט געקומען. אבער איך האב פריהער געקוקט אויף מיין פרוי אונד דאן צו איהם.

„רענק ניט, אז איך בין איפערזיכטיג," האט בעדייטעט מיין בליק צו מיין פרוי. דאן האב איך איהם איינגעלאדען, ער זאָל נאך קומען אין דעמזעלבען אבענד מיט זיין פידעל, אונד ער מיט מיין פרוי וועלען שפּיעלען צוזאמען.

זיא האט מיך אָנגעקוקט פערוואונדערט, דאן איז זיא עטוואס רויט געוואָרען אונד אויסגעזעהען מורא צו האבען פאר מיר. זיא האט בעהויפּטעט, אז זיא שפּיעלט ניט גוט גענוג. דאס האט מיך נאך מעהר אנגעטריעבען, איך זאָל איהם גראדע נאך אמאל ערזוכען ער זאָל קומען, כדי איך זאָל זעהען וואס עס קען זיין.

בליסענדיג צו איהם, בין איך פולל געוואָרען מיט האסס. אלעס אין דעם מענשען האט אין מיר ארויס גערופען פעראכטונג. זיין נאקען, זיין ווייסער האלז, איבער וועלכען עס זיינען אריבער געהאנגען קויל־שווארצע האאר, זיין לייכטער אונד שפּרינגענדער גאנג מיט וועלכען ער איז ארויס, האבען מיך אויפגערייצט וויא א טיגער. איך האב מיר געמוזט אליין צו געבען, אז זיין נעגענוואַרט פּייניגט מיך, אונד איך האב צו מיר געמורמעלט:

„איך וועל עס אזוי איינריכטען, אז איך זאָל איהם ניט זעהען ווען ער וועט דאָ זיין."

„איז דאס מעגליך, אז איך האב מורא פאר איהם?" האב איך מיך אליין געפרעגט. „ניין, איך האב פאר איהם קיין מורא ניט, דאס וואָלט געווען צו ניעדריג פון מיין זייט; איך וואָלט מיך אליין בעדארפט פעראכטען."

מיט אזעלכע ווערטער אונד געדאנקען האב איך מיך געטרייסט, אונד איהם בעגלייטענדיג אין קאָררידאָר, האב איך איהם נאך אמאל איינגעלאדען צו קומען אבענד מיט דעם פידעל. איך ווייס, אז מיין פרוי האט געהערט מיין שטימע. ער האט מיר פערשפּראָכען צו קומען, אונד איז אוועק.

אבענד איז ער ערשיענען מיט דער וויאָלין. אָבער אַלעס איז ניט צוגעגאנגען גלאט. ער האט ניט געבראכט דיעזע נאָטען וואס זייא האבען בעדאַרפט, אונד דיא נאָטען וואס ער האט געהאט, האט מיין פרוי ניט געקענט שפּיעלען, אָהנע פריהער איבונג צו מאכען.

איך האב זעהר ליעב געהאט מוזיק. איך האב אַלזאָ געגעבען איין עצה וואס פאר א נאָטען זייא זאָלען אויסקלייבען אונד שפּיעלען. זייא האבען געשפּיעלט עטליכע ליעדער אָהן ווערטער.

דאן א סאָנאטע פון מאָצאַרט.

ער האט געשפּיעלט אויסגעצייכענט. דער טאָן פון דער וויאָלין איז געווען פרעכטיג, אָבער דאָך זיס אונד צערטליך.

קיין שווערע זאכען אין שפיעלען זיינען איהם ניט געווען בעקאנט. ער האט אלעס געקענט שפיעלען. איך האב אפט געשטידירט זיין געזיכט, אונד וויא ער האט אנגעפאנגען צו שפיעלען, איז דאס געוואָרען ערנסט אונד זעהר סימפאטיש.

עס איז קיין צווייפעל, אז ער איז געשטאנען פיעל העכער אין דער מוזיק אלס מיין פרוי. ער האט איהר מעהרערע מאל אויסגעהאָלפען, געראטהען, אונד דאך, אויף א העפליכער ארט, געלויבט איהר שפיעלען. מיין פרוי וויעדער האט אויסגע־זעהען, זיך צו אינטערעסירען נאר מיט דער מוזיק, אונד איז דערבייא געווען גאנץ נאטירליך ליעבענסווירדיג.

איך האב דעם גאנצען אבענד געשפיעלט קאָמעדיע. איך האב מיך פערשטעלט ניט נאָר פאר זייא, זאנדערן אויך פאר מיר אליין. איך האב אָנגענומען א מיענע, געראדע וויא אלעס וואס געהט פאר, אינטערעסירט מיך אויסעראָרדענטליך. אין אמת'ן אבער, האט דיא אייפערזוכט מעהרערע מאל אָנגעכאפט מיין הערץ, וויא מיט אייזערנע צוואנגען, אונד פון איין אנגריף צום צווייטען, האט דער שמערץ ניט נאכגעלאָזען.

פון דער ערשטער מינוט אָן, וואס ער האט זיך בעגעגענט מיט מיין פרוי, האב איך גאנץ גוט בעמערקט, אז ער האט אין איהר געזעהען א פרויענצימער מיט וועלכער עס וואלט נאָר ניט שלעכט געווען זיך גוט בעקאנט צו מאכען, אונד דאבייא אויסנימצען עפעס א געלעגענהייט.

וויא אזוי איך האב דאס דעררעאטהען, קען איך נאָר זאגען, אז עס שטאמט דערפון, וואס איך אליין בין אויך אמאל אזוי געווען, אונד איך האב פערשטאנען צו געבען דעמזעלבען אורטהייל איבער אנדערע. וואלט איך געווען פון אימער איין אנשטענדיגער אונד אונבעפלעקטער מענש אין דיעזער בעציהונג, בין איך זיכער, אז איך וואָלט נאָר ניט געהאט אזעלכע געדאנקען. אָבער איך האב בעטראכט דיא פרוי וויא מייסטענס מענער טהון עס, דערפאר האב איך איהם פערשטאנען אונד מיך געקוועלט.

עס האט מיך איבערהויפט נאך מעהר געערגערט דאריבער, ווייל איך האב געוואוסט, אז מיין פרוי האט מיך, אין גרונד גענומען, געהאסט, אונד דיעזעס גע־פיהל איז נאָר אונטערבראָכען געוואָרען דורך אונזערע קערפערליכע תאוות.

דיעזער מענש האט וויעדער געוואוסט, אז ער קען מיין פרוי ניט נאָר פאנגען, זאָנדערן אויך בעזיגען אונד בעהערשען. ער האט גאנץ גוט פערשטאנען וואס פאר איין איינפלוס זיין שעהנער קערפער קען מאכען, אונד ער האט בעגריפען, אז דורך דעם שפיעלען צוזאמען אונד דורך דעם איינפלוס פון זיין זיסער וויאָלינמוזיק, מוז

ער ווירקליך איבערהויפט אויף מיין פרוי, וועלכע איז געוועזן פון איין אויפרעגענדער נאטור.

יא, אונד איך האב דאס אויך געוואוסט. איהר קענט זיך מערקען מיינע שרעקליכע ליידען.

איך האב אונגעהייער געליטען פון דער אייפערזוכט. אבער א געהיימניספאלע מאכט, געגען מיין ווילען, האט מיך געטריעבען דערצו איך זאל שווייגען. איך בין צו איהם ניט נאר געוועזן העפליך, זאנדערן אויך פריינדליך.

אויב איך האב עס געטהאן צוליעב מיין פרוי אום איהר צו צייגען, אז איך בין ניט אייפערזיכטיג, אדער צוליעב מיר אליין, כדי מיך אבצונארען, ווייס איך יעטצט ניט גענוי. דאס איז בייא מיר פעסט געשטעלט, אז איך בין ניט אימשטאנדע געוועזן איהם ארויס צו צייגען וויא ווייט איך האס אונד פעראכטע איהם. ווען איך וואלט איהם ווירקליך געקענט ארויס צייגען מיינע געפיהלע, דאן האב איך איהם בעדארפט דורכבוירען מיט מיין קינזשאל.

ווען מיר זיינען געגאנגען צו טיש, האב איך איהם נאך אליין דערלאנגט וויין, געשפראכען זעהר בעגייסטערט פון זיין שפיעלען, מיך מיט איהם אונטערהאלטען אונד זעהר געלאכט פון זיינעם א וויטץ, אונד דאן האב איך איהם איינגעלאדען. ער זאל קומען נעכסטען זונטאג צו מיטאג אונד עפעס שפיעלען. איך האב איהם געזאגט, אז איך וועל נאך איינלאדען איינינע בעקאנטע, זייא זאלען קומען אונד איהם הערען שפיעלען.

מיט א פאאר טעג שפעטער, בשעת איך בין אהיים געקומען מיט מיינעם א בעקאנטען, איז מיר פלוצלינג שטארק שווער געווארען אויף'ן הארצען. איך האב עס מיר אליין ניט געקענט ערקלערען פון וואנען עס קומט. אלס איך בין דורך געגאנגען דעם קארידאר, האב איך מיך אן עטוואס דערמאהנט. ווען איך בין אריין אין מיין צימער, האב איך מיך ניט געקענט צוריק האלטען, אונד זיך ענטשולדיגענדיג בייא מיין פריינד, בין איך ארויס געגאנגען נאכצוזעהען, אויב מיין פערדאכט איז ריכטיג.

יא, איך האב קיין טעות ניט געהאט. זיין אויבער־ראק איז דארט געהאנגען, דאס פלוט איז אין מיר באלד אויפגעקאכט געווארען.

וואס טהוט ער דא? ווער האט איהם גערופען? קומט ער שוין אליין, אהן מיין איינלאדונג?

אלע דיעזע פראגען האבען געפונען פערשיעדענע אנטווארטען אין מיינע געדאנקען.

איך בין אריין אין פראנט-צימער. דארט האב איך געטראָפען מיין ליזא'ן
ווײנענדיג איבער א בוך. דאס קינדער-מעדכען האט זיך געשפּיעלט מיט די
קלענערע קינדער. פון דעם זאלאן זיינען געקומען מוזיק-טענער פון דער
פיאנאָ.

דאָן האב איך געהערט זיין שטימע. מיין פרוי האט געענטפערט, אונד ער
האט ווידער געזאגט גאנץ דייטליך:

„אָבער, ניין, ניין!" אונד נאך עפּעס. עס האט אויסגעזעהען, אז ער האט
געוואָלט אריבער שרייען איהרע פיאנאָ-טענער.

נאָט אין הימעל! עס איז געווען א שרעקליכער מארטער. ווילד, שטירמיש
אונד ברויזענד האט אין מיר געקאָכט דאס אויפגערעגטע בלוט. נאך ביז צום
היינטיגען טאג שרעק איך מיך פאר יענע געדאנקען.

מיין הערץ איז פּלוצלינג געבליעבען שטעהן; זיך צוזאמענגעפּרעסט, אונד
דאָן ווידער אָנגעפאנגען צו קלאפּען וויא מיט א האמער.

דאס שטארקסטע געפיהל, וואס בעגלייטעט אימער א מענשען נאך א פירכ-
טערליכען צאָרן, איז געווען מיטלייד מיט מיר זעלבסט.

איך האב געוואָלט וויינען.

„זיא בעליידיגט מיך," האב איך געמורמעלט, „פאר מיינע קינדער אונד פאר
מיין דיענערשאפט."

איך האב געוואָלט געהען, נאָר איך האב ניט געקענט. איך האב אליין ניט
געוואוסט וואס אָנצופאנגען. דאס קינדער-מעדכען האט מיך אָנגעקוקט מיט א
בליס, גלייך וויא זיא וואָלט מיך פערשטאנען.

„יא, איך מוז אריין געהען," האב איך מיר געטראכט. אונד דערבייא האב
איך געעפענט דיא טיהר, אָהנע צו וויסען וואס איך טהו.

ער איז געזעסען נעבען פיאנאָ, מיט זיינע לאנגע אונד ווייסע פינגער אויף
דיא קלאפּערס, אונד עס האט אויסגעזעהען, אז ער האט זיך נאָר וואס דאָרט
אוועק געזעטצט, אום צו ציינגען מיין פרוי דיא טענער. זיא איז געשטאנען נעבען
איהם מיט א געעפענטעס נאָטען-בוך. זיא האט מיך בעמערקט, אָדער, וואהר-
שיינליך פריהער געזעהען קומען, אונד זיא האט מיך אָנגעקוקט מיט איהרע גרויסע
אויגען. אויב זיא האט זיך דערשראָקען אונד אזוי קונסטפאָל צוריק געהאלטען דיא
שרעק, אָדער מיין אונערוואַרטעטעס ערשיינען האט איבער איהר קיין איינדרוק גע-
מאכט, קען איך יעטצט גענוי ניט וויסען. איך האב געזעהען, אז זיא איז רויט
געוואָרען, אָבער ניט באלד, זאנדערן ערשט שפּעטער.

„ווייא דאס פרייט מיך טאקי, וואס דוא ביסט נעקומען,“ האט זיא נעזאגט מיט איין אונפערשעהמטער מיענע, פערשטעהענדיג גאנץ גוט דעם אונרוהיגען אויס־דרוק אויף מיין נעזיכט. „מיר האבען בעשלאָסען עפּעס אנדערש צו שפּיעלען, ניט דאס וואס מיר האבען נעשפּיעלט לעטצטען זונטאג.“

דאס וואָרט „מיר,“ מיינענדיג זיך אונד איהם, האט מיך נעשטאָכען ווייא מיט מעסערס. זייא זיינען שוין אלזאָ נעווען א פּאאר מחותנים, וועלכעס איך האב ניט נעוואָלט דערלאָזען.

איך האב ווידער אנגעפאנגען מיך צו פערשטעללען, אונד איהם בעגריסט. וואס דען האב איך נעקענט טהון? עס איז דאָך אזוי דיא מאָדע!

וואס איך האב געפיהלט, האב איך ניט בעדאַרפט ארויס צייגען, ווייל איך האב דאָך קיין אורזאכע נעהאט. דאָן, פערשטעהט איהר, האב איך אלץ נעוואָלט ווייזען, אז איך בין ניט אייפערזיכטיג, אָבוואָהל דיא אייפערזוכט האט נעריסען שטיקער פון מיין הארץ.

ער האט זיך באלד אויפגעהויבען, מיר נעגעבען דיא האנד, אונד האט אָנ־נעפאנגען מיר צו ערקלערען דיא מוזיק־שטיק וואס ער האט נעבראכט. ער האט דערבייא נעשמייכעלט, אונד איך בין זיכער, אז מיינע ערפאהרענע אויגען האבען אין זיין שמייכעלע ענטדעקט שפּאָט. אלס ענטשולדיגונג פון זיין ערשיינען, האט עס נעהייסען, אז ער איז נעקומען בלויז צוליעב דעם, אום זייא זאלען קענען זיך איינפערשטעהען אין דער מוזיק וואס זייא זאָלען שפּיעלען נעכסטען זונטאג, אונד אזוי האט ער נעבליקט צו מיין פרוי, אונד זיא האט צוגעשטימט מיט א בליק.

דאכט זיך אלעס איז נעווען אזוי נאטירליך אונד איינפאך, אז איך האב אבסאָלוט קיין אורזאכע נעהאט מיך אויפצורעגען. אָבער דאָך בין איך נעווען אין מיר איבערצייגט, אז זייא זאגען ביידע ליגען, אונד זייא האבען זיך פעראייניגט אום מיך צו בעטריגען אונד נארען.

דיא מענער פון אונזער גראד, זיינען אלע אייפערזיכטיג. זייא האבען טויזענדער אורזאכען, אָדער זייא זוכען טויזענדער אורזאכען, אום אייפערזיכטיג צו זיין. דער אנגריף פון אייפערזוכט, איז עפּעס ווייא א שום דורך'ן קערפּער אונד הארץ, בלויז מיט דער אויסנאהמע פון דעם שמערץ. דאס רייסט, אמאל טהוט עס מעהר וועה, אונד אמאל וועניגער. דער שמערצליכסטער אנגריף פון אייפערזוכט אויף דעם מאן איז, ווען ער זעהט זיין פרוי מיט דעם מאן אויף וועלכען ער איז אייפערזיכטיג, אין אנא צוזאמענקונפט, נאר זייא מוזען זיך בעריהרען. איך רעדען אונטער דעם

דיא בעריהרונג אויף בעללער. דיא בעריהרונג פון דעם ארצט (אין נאמען דער קונסט!) אונד דיא בעריהרונג בייא דער מוזיק.

אין אזעלכע פעלע קען מען דאך פערשטעהן, אז עס איז אונמעגליך זיך אויס־צומיידען. אין 99 פעללע קען אויך דיא בעריהרונג קיין אונאנשטענדיגע בעדייטונג האבען. אבער שכל אונד לאגיק פערשווינדען בייא איין אייפערזיכטיגען מאן. אזא צוזאמענקונפט בזיערט איהם דורך וויא מיט גיפטיגע פיילען.

פון דער אנדערער זייט ווידער, איז דיזע אייפערזוכט גאנץ גוט בעגרינדעט. אין מייסטען פעלע, וואו עס האט געפיהרט, אז א מאן אדער א פרוי זאל ברעכען דיא הייראטהס־טרייהייט, איז דאס נאר געוועזן דורך מוזיק.

דיא מוזיק! דיזע זיסע געטטין וואס פיללט אויס אונזער זעעלע מיט הימ־לישעם פערגניגען, ווערט אויך אריין געשלעפט אלס א ווערקצייג פיר אונזערע תאוות. עס ווערען פערפאסט אונד געשפיעלט אויפרעגענדע טענער, איינדרינגענדע, אויפריהרישע אונד בלוט אויפקאכענדע סאנאטען, ביז מיר פערגעסען אין דער ריינ־הייט אונד געבען זיך איבער דעם שמוטץ.

אבער זיך צוריק קעהרענדיג צו מיין בעגעגנונג, האט עס אויסגעזעהען, אז זייא זיינען זעהר אונרוהיג געווארען. דאס איז געוועזן דערפאר, ווייל איך בין א היבשע צייט געשטאנען וויא א גולם אונד נאר נים געוואוסט, אדער נאר נים געקענט רעדען. איך בין געוועזן גראדע וויא איין איבערגעקעהרטע פלאש, וועלכע, דערפאר וואס זיא איז צו פול, קען פון איהר נאר נים ארויס רינען. איך האב איהם געוואלט זידלען, בעליידיגען, ארויס ווארפען אונד שלאגען, אבער איך האב נאר נים געקענט טהון; אין געגענטהייל, דיא עטיקעטע — דיזע אונפערשעהמטע פראסטיטוטקע! — איז ערשיענען פאר מיינע געדאנקען, אונד מיר געמאכט פארווירפע דערפאר וואס איך האב זייא געשטערט.

איך האב געקעמפפט שווער מיט מיר אליין, אונד זיך בערוהיגט. דאס הייסט, איך האב בערוהיגט מיין געזיכט אונד מיין האלטונג. אבער דיא אייפערזוכט האט אין מיר געברענט וויא א העלישעס פייער.

ער איז אונטערדעסען נאך געבליעבען אזוי לאנג, וויא עס איז נעטהיג געוועזן, אום אבצושוואכען דעם איינדרוק פון מיין אויפגערעגטעס ערשיינען. דאן האט ער פערלאזען דאס הויז, אונגעפעהר מיט אזא בעשלוס, אז ער וועט מארגען נאך אמאל קומען אום מיט מיין פרוי עפעס איינצושטודירען. איך האב איהם בעגלייטעט מיט העפליכקייט ביז צום קארידאר, אונד איך האב הערצליך געדריקט זיין ווייסע אונד ווייכע האנד.

וואס ווען האב איך געקענט טהון? יא, דיא עטיקעטע האט מיר געהייסען, אז דער מאן וואס איז ערשיענען צו רויבען מיין גליק, צערשטערען מיין רוהע, שענדען מיין נאמען אונד רואינירען מיין פאמיליע — דיעזען מוז איך בעגלייטען, דריקען זיין האנד אונד זיין פריינדליך!

פוי! א מיאוס'ע וועלט!

22.

דעם גאנצען טאג אָבער, האב איך ניט געשפראָכען מיט מיין פרוי, טראָטץ דעם וואס מאדאם עטיקעטע האט מיר איינגערעדט אין אויער, אז איך האב קיין רעכט, אז איך האב קיין אורזאכע, האבען דאָך מיינע אינערע געפיהלע מיך בע־זיעגט. דער מוטה האט מיר געפעהלט זיך ווייטער צו פערשטעללען.

זיא ווידער האט געפונען אויסריידען זיך צו מיר צו דערנעהנטערן. אָבער א בליק אויף איהר, האט אין מיר ארויס גערופען אזא האס, אז איך האב מיך פאר מיר אליין דערשראָקען.

ווען מיר זיינען געגאנגען עסען, האט זיא מיך געפרעגט, אין דער געגענוואַרט פון דיא קינדער, ווען איך וועל ווידער פאָהרען, ווייל זיא האט געוואוסט, אז געשעפטען רופען מיך אוועק. איך האב איהר דארויף געענטפערט. דאן האט זיא מיך געפרעגט, אויב איך בעדארף ניט עפעס אויף דער רייזע. דארויף האב איך שוין ניט געענטפערט, זאָנדערן איך בין געזעסען שטילל, קיין וואָרט גערעדט אונד אזוי האב איך צוריק געקעהרט אין מיין צימער.

אין דער לעטצטער צייט האט זיא אויסגעמיעדען מיין צימער, איבערהויפט אבענד. פּלוצלינג האב איך געהערט איהרע טריט. אין מיר איז ענטשטאנדען דער שמוטציגער אונד שרעקליכער געדאנק, אז מיין פרוי קומט דערפאר צו מיר אונגע־ריכט, ווייל איהרע זינד מיט דעם מוזיקער טרייבט זיא אין מיין געגענוואַרט, אום מיט איהר העסליכע ליעבע צו מיר צו פערבאָרגען איהר פערברעכען.

איך האב געשווידערט. איך האב געשפירט דיא טראָפּענס שוויים ארויס זעטצען אויף מיין שטערן, אונד דאן ארונטער קאפּען אויף מיינע קליידער. איך האב ארויס געצווינגען מיין טאשענטוך אונד מיך אבגעווישט.

„קומט זיך ווירקליך?" האב איך מיך געפרעגט. „ווען דאס איז דער פאַלל, דאן איז מיין פערדאכט ריכטיג"...

דער האסס האט אין מיר געשטיעגען מיט יעדען אויגענבליק. איך האב גע־שפירט ווי עפעס שטיקט מיך אין האלז. עס האט ארויסגעזעהען, אז דיא קופּט

פערשווינדעט פון ארום מיר. דאן בין איך געבליעבען ווייא אהנמעכטיג. קיין גליעד אונד קיין אדער האט זיך אין מיר געריהרט, בלויז איהרע שריט האבען זיך אלץ געהערט נעהנטער אונד נעהנטער. איך האב געטראכט, אז זיא געהט נאר פארבייא נעבען מיין טיהר צום זאלאן. אבער מיין טיהר האט זיך געעפענט, אונד פאר מיר איז ערשיענען דיא גראציעזע, אונד הויכע געשטאלט פון מיין פרוי. אויף איהר געזיכט איז געלעגען א מיענע פון ערשראקענער נאכפארשונג, וועלכעס זיא האט זעהר געוואלט פערבארגען, אבער איך האב דאס גאנץ גוט געזעהען אונד אויך געוואוסט דיא אורזאכע.

איך האב געמיינט, אז איך ווער דערשטיקט, אזוי האט זיך אין מיר אנגע־זאמעלט דער אטהעם. ענדליך האב איך ארוים געלאזען א גרויסען אונד לאנגען זיפץ, אויסגעשטרעקט מיין האנד אויף'ן טיש, גענומען א ציגארעטע מיט איין האנד, אונד מיט דער אנדערער זיא אנגעצונדען.

„וואס איז דאס?" האט זיא געפרעגט. „אזוי ווייא איך בין נאר אריין געקומען, האסטו שוין אנגעפאנגען צו רויכען?"

זיא האט זיך אוועק געזעטצט נעבען מיר אויף דער סאפע אונד אנגעלעהנט איהר קאפ אן מיין שולטער. איך האב מיך אבגעווענדעט, אום זיך מיט איהר נים צו בעריהרען.

„איך זעה," האט זיא אנגעפאנגען, „אז דוא ביסט אונצופריעדען דערמיט, דאס איך זאל שפיעלען נעכסטען זונטאג?"

„געוויס נים!" האב איך שנעל געענטפערט.

„מיינסטו, אז איך פערשטעה נים?"

„דאן גראטוליר איך דיך וואס דוא פערשטעהסט. עס איז שוין ווירקליך צייט געווען. דיר איז אבער ליעב יעדע געמיינהייט, וועלכע איך האסס אונד פעראכטע."

„ווען דוא פאנגסט אן צו זידלען, דאן געה איך מיר אוועק."

„געה! געה! קענסט געהען וואוהין דוא ווילסט! זאלסט אבער וויסען, אז ווען דיא עהרע פון דער פאמיליע איז בייא דיר נים טהייער, דאן וויל איך מעהר דיין פנים נים זעהען — געה דיר צום טייפעל! — אבער, מערק דיר, דיא עהרע פון דער פאמיליע"...

„וואס איז? וואס!"

„געה! האב איך דיר געזאגט. געה! אום גאטעס ווילען, געה אוועק פון דאנען, איך זאל דיך נים זעהען!"

אָבער זיא איז נים נעגאנגען. זיא איז געבליעבען. האט זיא געוואָלט שפּיעלען דיא ראָלע גלייך וויא זיא פערשטעהט מיך נים וואס איך מיין, אָדער האט זיא מיך ווירקליך נים פערשטאנען? דאס קען איך גענוי נים וויסען. זיא האט יעדענפאַלס פאַרגעשטעלט דיא אונשולדיגע בעליידיגטע.

„איך קען שוין פון דיר נים אויסהאַלטען, דוא ביסט אונערטרעגליך,“ האט זיא געזאגט, אָדער נאך עטוואס שרעקליכעס, אום מיך צו ערגערן. „נאכדעם וויא דוא האסט דיך געקענט אַזוי בענעהמען געגען מיר ווען מיין שוועסטער איז דערבייא געוועזען, דאַן וואונדערט מיך שוין נים איבער קיין זאך.“

זיא האט מיך דאָ דערמאָהנט אן א פאַלל, ווען איך האב זיא בעליידיגט אין דער געגענוואַרט פון איהר שוועסטער, אונד זיא האט געוואוסט, אַז דאס האט מיך נאכהער זעהר געערגערט.

„יא,“ האב איך מיר געטראכט, „זיא בעליידיגט, בעשמוטצט אונד קריינקט מיך ביז צו טויט, אונד צום סוף האלט זיא מיך נאך פאַר דעם שולדיגען.“

מיין צאָרן האט געשטיעגען נאך מעהר וויא פריהער. צום ערשטען מאל, זייט איך בין געוועזען פערהייראטהעט, האב איך געפיהלט דעם וואונש, אויסצודריקען דיעזען צאָרן אין טהאטען. איך בין אויפגעשפּרונגען, גלייך וויא א שלאַנג וואָלט מיך געביסען. אָבער אין דעמזעלבען אויגענבליק האב איך מיך דערמאָהנט וואו איך בין אין דער וועלט, אונד מיך געפרעגט:

„איז דאס רעכט, אַז איך זאָל מיך לאָזען הינרייסען פון מיין צאָרן?“

„יא, עס איז גאַנץ רעכט,“ האב איך מיר געענטפערט, „דאס וועט זיא וועניגסטענס דערשרעקען.“ איך האב אָבגעלאָזען מיין וואוטה וויא דעם דאַמפּף פון א מאַשין, אונד איך האב מיך נאך געפרייט דאַריבער, וואס איך קען ווערען אַזוי אויפגערעגט.

„געה ארויס פון דאַנען!“ האב איך געדונערט, „אָדער איך ערמאָרדע דיך!“ איך האב זיא אָנגענומען בייא איהר האַנד, אָבער זיא איז דאָך געבליעבען. דאַן האב איך זיא פעסט געפּאַקט, אומגעדרעהט אונד איהר געגעבען א העפטיגען שטויס.

„וואס איז מיט דיר?“ האט זיא געפרעגט דערשראָקען בליקענדיג אין מיינע ווילדע אויגען. „ביסטו משוגע געוואָרען?“

„ארויס!“ האב איך געשריען נאך שטאַרקער, „דוא מאַכסט מיך משוגע מיט דיין געגענוואַרט! געה! זאג איך דיר, געה! אָדער איך בין נים פערצנטוואָרטליך פאַר מיר!“

איך האב מיך אבגעלאָזען צום שנעון פון מיין ווילדער אויפרעגונג. איך האב געוואָלט עפּעס טהון, וואס איך האב נאך ניט בעגאנגען זייט איך האב מיט איהר חתונה געהאט, דאמיט, וויא איך האב שוין פריהער בעשלאָסען, זיא איבערצר שרעקען.

דאס זיינען דיא מענער, כמעט אלע — זייא ווילען ניט זייערע פרויען זאָלען פאר זייא האבען רעספּעקט, זאָנדערן מורא; ציטערן פאַר זייא וויא דיא ניעדריגע שקלאַפין פאר איהר הערין.

עס איז אין מיר ענטשטאנדען א וואונש זיא צו שלאגען, אונד שלאגען אזוי לאנג, ביז זיא זאָל שטאַרבען אונטער מיינע הענד. דאמאלס איז אין מיר ענט שטאַנדען א געדאַנק, אז איך דארף דאס ניט טהון. ניט דערפאר ווייל איך וועל רערמיט טויטען דיעזע וואס האט מיר אנפערטרויעט איהר עהרע, יוגענד אונד לעבען, זאָנדערן ווייל איך אליין וואָלט דערפאר געהאט א שווארצען סוף.

איך בין צוגעלאָפען צום טיש, גענאַפּט א שווערען געגענשטאנד פון מיין שרייב־טיש, וואס האט געדיענט אלס שווער־געוויכט אויף מיינע פּאַפּירען, אונד דאס געשליידערט נעבען איהר אויף דער ערד. דאן האב איך גענאַפּט א לייכטער אונד איהם געשמיסען נעבען איהרע פיס, אונד צום שלוס האב איך דאסזעלבע גע־ טהאן מיט א באראָמעטער וואס איך האב ארונטער געריסען פון דער וואנד.

„נעה!" האב איך געשריען מיט פערטרוקענטע ליפּען אונד א הייזעריגער שטימע, „געה! שטעה מיר ניט פאר דיא אויגען, ווייל איך בין מעהר ניט פער־ אנטוואָרטליך פאַר מיינע טהאַטען!"

איך קען מיך גאנץ גוט עראינערן אן יענעם בליק וואס זיא האט מיר צוגע־ וואָרפען. ער איז געוועזען מיט אזוי פיעל האַס אונד פעראַכטונג, אז איך שוידער נאך יעטצט מיך דערמאָהנענדיג אן איהם.

אונד, ווירקליך, וואס דען האט געקענט ליעגען אין יענעם בליק ווען ניט האַס אונד פעראַכטונג? עס איז ניט נעטהיג צו וויסען דיא אורזאכע וואס האט זיא געפיהרט אין מיין צימער. זיא איז יעדענפאַלס געקומען, אונד צערטליכקייט פון מיין זייט, וואָלט געוויס געענדערט דעם שמוטציגסטען בעשלוס, ווען זיא וואָלט אפילו אזעלכען געהאט.

זיא האט מיר געגעבען יענעם שרעקליכען בליק, אונד איז ארויס פון צימער. מיין וואוטה אונד אויפרעגונג, האבען זיך באלד אבגעקיהלט. איך בין געוואָרען רוהיג, נאַר מיין הערץ איז מיר געווען טרויעריג. איך האב אליין ניט געוואוסט

וואס צו טהון. פון איין זייט האט מיך נעפריים דער סקאנדאל, אונד פון דער אנדערער זייט האב איך חרטה נעהאט.

„וואס וויל איך האבען פון איהר?" האב איך מיר נעטראכט. מיינע פעמ-פלאנטערטע נעדאנקען האבען מיר נעזאגט: „א מצוה אויף איהר, זיא האט עס עהרליך פערדיענט; זיא ווייס גאנץ גוט, אז מיך קריינקט איהר אויפפיהרונג, אונד זיא דארף עס ניט טהון." דאן האט זיך מיר ווידער געדאכט: „האב איך איהם דען ניט אליין אריין נעבראכט אין הויז? האב איך ניט מיט איהם גע-שפראכען וויא מיט איין אלטען פריינד? איז זיא ניט מיין פרוי אונד דיא מוטער פון קינדער, וועלכעס איז דער בעסטער שוטץ נעגען פרעמדע מענער? וואס איז פאר איין אונטערשיעד אויב ער שטודירט מיט איהר מוזיק, אדער א פידלער פון טהעאטער האט בענלייטעט איהר פיאנא־שפיעלען?"

אבער איך בין ניט אימשטאנדע געווען צו ענטשיידען צווישען רעכט אונד אונרעכט. אייפערזוכט, איבערהויפט, האט וועניג צו טהון מיט לאגיק. מיין בלוט האט נעקאכט אין מיר, אהנע איך זאל נאכקלערען אויב דאס איז ריכטיג אדער ניט.

מיט א שטונדע שפעטער, האט דאס קינדער־מעדכען מיר נעמעלדעט, אז מיין פרוי האט נעקריגען איין אנפאלל פון היסטעריקע.

פראסטע, איינפאכע ארביטס־פרויען, ווייסען ניט פון דיעזער קראנקהייט. זיא עקזיסטירט אבער אזוי אפט אונטער אונזערע רייכע אונד וואהלהאבענדע דאמען, גראדע וויא הונגער אונטער דיא קבצנים. איך האב ניט פיעל נעטראכט אונד בין באלד צו איהר אריין נעגאנגען. זיא איז געלעגען אויף'ן בעט, נעוויינט, נעכליפעט, נעלאכט אונד נעציטערט, אונד האט ניט נעקענט ארויס רעדען א ווארט. עס האט אויסנעזעהען, אז איהרע אויגען ווילען ארויס שפרינגען פון קאפ.

ניין, זיא האט זיך ניט פערשטעלט, וועניגסטענס ניט דיעזעס מאל. זיא האט ווירקליך נעליטען; דיא היסטעריקע האט זיא ערגריפען.

האב איך מיט איהר נעהאט מיטלייד? איך קען ניט נענוי בעשטימען, אבער איין זאך ווייס איך, אז איך האב נעפיהלט, דאס מיין אויפרעגונג האט גע-ווירקט, אז איך בין דער הערשער, אונד איך האב נעשפירט א שטיקעל פליכט צו לינדערן איהר שמערץ.

איך האב באלד נעשיקט נאך א דאקטאר, דיעזער האט עפעס נענעבען צו בערוהינען איהרע נערווען, אונד איך האב נעוואכט נעבען איהר בעט דיא גאנצע

נאכט. איך האב צייט געהאט, ועהרענד איהרע ליידען, מעהרערע מאל צו בע־
טראכטען איהרע שעהנע גליעדער, איהר גראציעזען קערפער, אונד, מיט דיא גע־
פיהלען פון א בעסטיע האט מיר באנג געטהאן אזא גוטעס אונד ניטצליכעס
ווערקצייג צו פערלירען...

ארום פארטאג איז זיא רוהיג געוואָרען, אונד מיר האבען זיך איבערגעבעטען.
עס איז נאטירליך איבריג צו דערצעהלען, אז דיזעס איבערבעטען איז ווידער גע־
קומען אויף גרונד פון אונזער אלט-בעקאנטע „ליעבע."

מיר האבען דאן גערעדט, געשפראָכען, אונד אין מיינער אונפערשעהמטהייט,
האב איך איהר מודה געווען אז איך בין אייפערזיכטיג אויף טרוכאטשעווסקי'ן. צו מיין
ערשטוינונג, האט דאס זיא גאר ניט איבערראשט. זיא האט געלאכט, אונד מיר
האט עס אויסגעזעהען, אז אין דיזען געלעכטער ליעגט אונגעפעהר דיא מיינונג:
„שעהנע פערליעבעניש! האב איך שוין ניט געפונען קיין בעסערן תכשיט?"

„זאג מיר נאַר, איך בעט דיך," האט זיא אָנגעפאנגען. „ביסטו ניט א
גרויסער נאר? מיט וואס קען אזא מין מענש געפעלען איין אנשטענדיגער פרוי,
אויסער מיט זיין שפּיעלען? אָבער ווען דוא זעהסט אין זיין ערשיינען בייא אונז אין
הויז עפּעס וואס ערגערט דיך, זאָל עס מיר בלייבען דיא לעטצטע דאגה וואס ער
וועט אהער מעהר ניט קומען. עס וועט מיך ניט קימערן, ווען ער וועט דאָ ניט
זיין אפילו נעבסטען זונטאג, ווען מיר וועלען דאָ האבען ספּעציעל איינגעלאדענע
געסט. שרייב איהם, אז איך בין קראנק, אונד דערמיט איז צו אלעמען א סוף.
איין זאך קימערט מיך בלויז, וואס פרעמדע קענען איבער מיר דענקען, אז אזא
חברה־מאן קען מיר געפעהרליך זיין, אונד דאפיר בין איך צו שטאָלץ מען זאָל דאס
אפילו מיינען."

זיא האט געשפראָכען וואס זיא האט געמיינט. זיא האט געגלויבט אין יעדעס
וואָרט וואס זיא האט ארויס געבראכט פון איהר מויל. זיא האט גערעכענט, אז זיא
וועט זיך קענען איינרעדען געגען איהם א פעראכטונג. אָבער אין דעם האט זיא
געהאט א טעות. אלסדינג איז געווען געגען איהר ענטשלוס. ערשטענס מיין אויפ־
מערקזאמקייט מיט דער אייפערזוכט, אונד צווייטענס זיין מוזיק.

איך ווידער, האב נאך אזא לעטצטע סצענע, ניט געהאט דעם מוטה צו
פאָלגען איהר ראטה אונד איהם שרייבען אזא מין בריעף, וואס זאָל איהם אויף
אימער דערווייטערן פון הויז. זונטאג האבען זיך פערזאמעלט דיא געסט אין אונזער
הויז אונד מען האט געשפּיעלט.

## 23.

זונטאג בין איך געוואָרען א גאנץ אַנדערער מענש, גלייך וויא עס וואָלט גאר נים געשעהען. איך אליין האב מיך בעשעפטיגט פאָרצובערייטען דיא שפייזען אונד געטרענקע, גראדע וויא עס פאסט פיר א מוזיקאלישען אבענד. איך האב אליין אלעס איינגעקויפט אונד איינגעלאדען דיא געסט. אום 6 אוהר האט זיך יעדער פערזאמעלט.

„ער“ איז ערשיענען אין א פראק אונד דיאמאנטען האבען ארונטער געגלאנצט פון זיין ברוסט אונד זיינע שעהנע פינגער. ער האט אויסגעזעהען א הערליכער מאן, פאסענד פיר דער גרעסטער געזעלשאפט. ער האט אלעס געטהאָן קאוואליער־מעסיג; צו יעדען געשפראָכען שעהן, אנגענעהם, אונד פאר אלעמען געהאט אימער א צושטימענדעס שמייכעלע, גראדע וויא ער איז אויך פון דער זעלבער מיינונג וואס יענער האט אויסגעשפראָכען. אלסדינג וויעדער, וואס מען האט אין איהם נים בעדארפט ריהמען, דאס הייסט, זיינע חסרונות, האב איך נאך ארויס געזעהן מעהר וויא זיינע מעלות. אונד דאס האט מיך זעהר געפרייט, דען איך האב גאנץ גוט איינגעזעהען, אז ער שטעהט פיעל ניעדריגער אלס מיין פרוי. איך בין צופריעדען געווען אין מיר זעלבסט מיט איהרע ווערטער, וואס זיא האט מיר געזאגט, אז זיא איז צו שטאָלץ דאריבער זאָגאר צו געבען יעמאנדען דיא געלעגענהייט, מען זאָל עפעס מיינען, אז זיא האט אירגענד וועלכע ניעדריגע געדאנקען צו דיזען מענשען.

עס האט אָבער נים פיעל געדויערט, אונד מיין אונרוהע איז וויעדער ענטשטאנדען. איך האב איינגעזעהען, אז איך וויל מיך אליין טרייסטען אונד מיר איינרעדען פיעל מעהר וויא איך דענק אין דער וואהרהייט.

אָבער דיא עטיקעטע! איך האב געמוזט זיין מונטער, פריינדליך, אונד אויף איהם האב איך געמוזט זאגען שמייכעל־ווערטער. וויא דאס האט מיך געשטאָכען, ווייסט נאר איין גאָט דעם אמת, אָבער איך האב געמוזט! נים ווילענדיג האבען מיינע אויגען זייא אויפגעפאסט וועהרענד דער גאנצער צייט פון זיטצען ביים טיש, אונד דאן האט מען אָנגעפאנגען צו שפיעלען.

ער האט ארויס גענומען זיין וויאָלין, אונד מיין פרוי, וועלכע איז צוגעגאנגען צו דער פיאנאָ, האט אָנגעפאנגען צו בלעטערן דיא נאָטען. יא, איך געדענק יעדע איינצעלהייט פון יענעם אבענד! איך עראינער מיך וויא ער האט געעפענט זיין וויאָלין־שאכטעל. דיא וויאָלין איז געווען צוגעדעקט מיט א געשטריקטען דעקעל פון א

ראמענהאנד; דאן האט ער אויפגעהויבען דיא וויאָלין, אנגעפאנגען צו פראָבירען דעם טאָן פון דיא סטרונעס. איך געדענק, וויא מיין פרוי האט זיך שטארק בעמיהט צו זיין לאלטבליטיג, אונד איך עראינער מיך גאנץ גוט וויא איך האב אין איהר בעמערקט א לייכטעס ציטערן. איהרע פינגער האבען בעריהרט דיא קלאפען פון דער פיאנאָ; זיא האט ארויס געבראכט א טאָן, אום ער זאָל קענען אָבשטימען זיין אינסטרומענט. דאן האבען זייא געוועקסעלט א בליק, וועלכער האט געקענט הייסען „אָנפאַנגען," אונד אויך עפּעס אנדערש, וואס האט מיך אויפגעקאָכט מיט אייפערזוכט.

זייא האבען זיך אומגעקוקט צו דיא געסט, ער האט זיך געזעטצט, אונד זייא האבען אָנגעהויבען צו שפּיעלען.

„זייא האבען געשפּיעלט דיא קרייצער־סאָנאַטע פון בעטהאָפען. קענט איהר דעם ערשטען אנשלאג פון דיעזער מוזיק? אין איך בעסאנט דיא קרייצער סאָנאַטע?"

פאָזדניטשעוו האט מיך אָנגעקוקט ווילד אונד אויפגערעגט בייא דיעזע פראגען. דאן איז ער שטילל געבליעבען א לענגערע צייט, אונד פּלוצלינג, וויא ער־וואכענדיג פון א מארטערענדען חלום, האט ער געזאגט:

„עס ליעגט עטוואס שרעקליכעס אין דיעזער קרייצער סאָנאַטע פון בעטהאָפען! איך מיין דעם ערשטען טהייל. איבערהויפּט — עס ליעגט עפּעס שרעקליכעס אין דער מוזיק! וואס איז דיא מוזיק? איך ווייס ניט. וואס וויל זיא? וויא אזוי ווירקט זיא אונד אויף וועלכער ארט מאכט זיא דעם איינדרוק? עס הייסט, אז דיא מוזיק ווירקט אויף אונזער זעעלע, אונד הויבט אויף אין זיסע, פאנטאסטישע וועלטען. וויא אזוי זאָל איך אייך דיעזעס געפיהל פאָרשטעלען? דיא מוזיק ווירקט וואס מיר פערגעסען זיך אן זיך זעלבסט, אונד מיר שפּירען זיך זאנפט אם הערצען, געהויבען, געטראגען אונד שוועבענדיג אזוי וויא איבער דיא וואָלקען. אונטער דעם איינדרוק פון מוזיק דאכט זיך אונז אז מיר פיהלען עפּעס וויא מיר פיהלען זאָנסט ניט אין אלטעגליכען לעבען; אז מיר פערשטעהען זאכען, וואס זיינען אונז זאָנסט אונפערשטענדליך; אז עס איז אונז מעגליך, וואס עס איז אייגענטליך אונמעגליך. דיא מוזיק ווירקט וויא דאס געגעצען אונד לאכען: אפילו ווען מיר זיינען ניט שלעפעריג, ווילט זיך אונז דאך געגעצען, ווען מיר זעהן אנדערע געגעצען, אונד ווען מיר זעהן אנדערע לאכען, לאכען מיר אויך, אפילו ווען עס איז גאָר ניטאָ פון וואס צו לאכען.

די מוזיק ברענגט אונז אין דעמזעלבען זעעלען־צושטאנד, אין וועלכען דער יעניגער איז געווען, וועלכער האט זיא פערפאסט. אונזערע זעעלען שמעלצען זיך צוזאמען, אונד שוועבען, פליהען אונד דריקען זיך אין א זיסער פעראייניגונג.

אָבער וואס דאס איז, ווייס איך נים. דער פערפאסער — לאָמיר נעהמען בעטהאָפען, וועלכער האט פערפאסט די מוזיק פון דער קרייצער־סאָנאטע — האט געוואוסט דעם זעעלען־צושטאנד וואס איהם האט געפיהרט די מוזיק אויפצו־שרייבען. דיעזער צושטאנד האט איהם געטריעבען אזא מוזיק ארויס צו ברענגען; פיר איהם האט די קרייצער סאָנאטע געהאט א געוויסע בעדייטונג. פיר אונז האט עס קיינע בעדייטונג; מיר ווייסען בלויז, אז מיר פיהלען אונהיימליכע, אונגעוועהנליכע, מערקווירדיגע אויפרעגונגען אין אונזערע זעעלען.

ווען מען שפיעלט צום ביישפיעל א קריעגס־מארש, דאן געהען די סאָלדאטען נאך דעם טאקט פון די טענער, אונד דער מארש האט זיין צוועק ערפיללט. שפיעלט מען וויעדער א טאנץ אונד מען טאנצט, דאן האט די מוזיק אויך איהר צוועק ערפיללט. ווען די מוזיק האט אָבער נים קיין שייכות מיט א געוויסער האנדלונג, דאן ווירקט זיא בלויז אויפצורעגען, אונד גיבט אונזערע געפיהלע קיין איינציגע מעגליכקייט צו געפינען א בעשטימטען צוועק. אונד דערפאר ווירקט די מוזיק אמאל אזוי שרעקליך אונד פירכטערליך.

אין כינא בעלאנגט די מוזיק צו דער רעגיערונג. זיא בעשטימט וואס מען זאָל שפיעלען אונד וויא אזוי מען זאָל שפיעלען. איך בעטראכט דאס פאר פאָל־קאָמען רעכט. קיינער האט קיין רעכט נים צו היפנאָטיזירען יעמאנדען אונד מיט איהם טהון וואס ער וויל. איבערהויפט, וויא דארף מען אזא היפנאָטיסט ערלויבען צו טהון וואס ער וויל, ווען ער איז איין אונמאָראלישער מענש? ביי אונז אָבער, ליעגט דיעזעס שרעקליכע מיטעל פרייא ביי יעדען אין די הענד.

די מוזיק האט די קראפט אונז צו היפנאָטיזירען, אונד דער מוזיקאלישער־היפנאָטיסט, קען טהון מיט אונזערע געפיהלע וואס ער וויל. ער מעג אונז טרייבען צו אירגענד איין אויפרעגונג, אונד מיר, וויא איך האב שוין פריהער געזאגט, נעהמען איהם נאך אונד פיהלען ענטוועדער וואס ער האט געפיהלט אָדער וואס ער האט אונז געמאכט פיהלען. מאָראליש אָדער אונמאָראליש, בלייבט זיך דאסזעלבע.

אויב אייך איז בעקאנט דער ערשטער טהייל פון דער קרייצער סאָנאטע, דאן וועט איהר זיך געוויס גוט עראינערן אן די שטירמישע אונד אויפרעגענדע געפיהלע וואס זיא ערוועקט. שטעלט זיך פאָר, ווען דיעזע קרייצער סאָנאטע ווערט גע־שפיעלט אין א זאלאָן, וואו עס געפינען זיך דאמען מיט נאקעטע, ווייסע הענד אונד

ברוסטען. דיא מוזיק זעהט אויס וויא פייער צו לויפען איבער אונזער בלוט, אונד זועקט, מונטערט אונד רופט ארויס געפיהלע פון אויפרעגונג...

איך ווייס ניט אויב מען דארף אין גאנצען פערביעטען אזא מוזיק, אבער עס איז זיכער, אז אונטער א רוהיגער אונד אנשטענדיגער געזעלשאפט, זאל זיא ניט געשפיעלט ווערען. זיא האט דארט ניט מעהר קיין צוועק. אויף מיר האט דיא קרייצער סאנאטע שרעקליך געווירקט. איך האב געשפירט אין מיר זיך ערוועקען נייע געפיהלע אונד נייע פעהיגקייטען, וועלכע זיינען מיר געווען אונבעקאנט. וואס דיא ריכטיגע בעדייטונג איז דערפון געווען, האב איך מיר אליין ניט געקענט ערקלערען.

יא, דאס ווייס איך גאנץ גענוי, אז איך האב מיך געשפירט אזוי הויך, אזוי ערהייבען, אז דאס געפיהל פון אייפערזיכט איז פון מיר פלוצלינג פערשוואונדען, אונד עס האט אויסגעזעהען גאר אהן א שום ווערטה פאר מיר.

נאך דעם ערשטען טהייל פון דער קרייצער סאנאטע, האבען זייא געשפיעלט דעם צווייטען טהייל, וועלכער איז שוין ניט אזוי אויפרעגענד, אונד דאן דעם שלוס, וועלכער ווירקט זאנפט, שטיל אונד בערוהיגענד.

אויף דעם ערזוכען פון דיא געסט, האבען זייא נאך עפעס אנדערש גע־שפיעלט. אלעס איז געווען גאנץ שעהן, אבער קיין זאך האט אויף מיר געווירקט אפילו א הונדערטען טהייל וויא דיא קרייצער סאנאטע. עפעס בין איך געווען דעם גאנצען אבענד פריילעך אונד מונטער. מיין פרוי ווידער, האב איך נאך קיינמאל ניט געזעהען וויא אין דיזען אבענד. וועהרענד זיא האט געשפיעלט, האבען איהרע אויגען געפינקעלט וויא צוויא קוילען פייער. איהרע געזיכטס־ציגע זיינען געווארען ערנסט אונד שעהן, אונד עס האט אויסגעזעהען, גלייך וויא איהר גאנצע זעעלע שווימט אין א ים זיסעס פערגניגען. נאכדעם וויא זיא האט געענדיגט, איז געלעגען א ריהרענדער אונד גליקליכער שמייכעלע אויף איהרע ליפען. איך האב דאס אלעס געזעהען, אבער איך האב אין דעם קיינע אנדערע בעדייטונג געפונען, אויסער דעם־זעלבען איינדרוק וויא עס האט אויף מיר געמאכט. דעם רעסט פון דעם אבענד, בין איך כמעט גאר ניט אייפערזיכטיג געווען.

ביים אבשיעד, ווען טרוכאטשעווסקי האט צחאמען גענומען זיינע נאטען, האט ער מיך געפרעגט, ווען איך דענק צוריק צו קומען פון מיין רייזע, ווייל ער וויל זיך מיט מיר געזעגנען, איידער ער פאהרט אוועק. איך האב מיר דערפון געערגערט, אז ער רעכענט עס ניט פיר פאסענד, וועהרענד מיין אבוועזענהייט צו קומען בעזוכען [illegible]

נ'ין, איך בין כמעט נאָר ניט מעהר אייפערזיכטיג נעווען, אָבער דער לעטצטער געדאַנק, האט מיך געפרייט.

על־פי־חשבון איז עס אויסגעקומען, אז איך וועל ניט צוריק קעהרען פריהער איידער ער וועט אוועק פאָהרען. צום ערשטען מאל האב איך איהם הערצליך גע־דריקט זיין האנד, אונד איהם געדאנקט פאר דעם פערגניגען וואס ער האט אונז פערשאפט.

ער האט זיך אויך געזעגענט מיט מיין פרוי, אונד איך האב גאנץ גוט בע־מערקט, אז דיעזער אבשיעד איז ניט געווען קיין פערשטעלטער, אויסער וואס מיין פרוי אונד מיך, האט עס זעהר געפרייט פון דיעזען מוזיקאלישען אבענד.

דאן האב איך מיט מיין פרוי געשפראָכען גאנץ רוהיג איבער דעם איינדרוק פון דער מוזיק, אונד אונזערע בעציהונגען אין יענעם אבענד, זיינען געווען דיא גליק־ליכסטע, זייט מיר האבען חתונה געהאט.

**24.**

מיט צווייא טעג שפעטער, האב איך אבשיעד גענומען פון מיין פרוי אונד אבגערייזט אום צו בעזאָרגען מיינע געשעפטען. איך בין געווען רוהיג אונד גליקליך.

איך האב געהאט זעהר פיעל צו טהון. וועהרענד דיא ערשטע 2 טעג, האב איך געהאט צו ארבייטען גאנצע 10 שטונדען יעדען טאג. ווען איך בין אבענד אהיים געקומען אויף מיין לאָזשיע, האב איך געטראָפען א בריעף פון מיין פרוי.

זיא האט מיר געשריעבען איבער דיא קינדער, איבער דעם אָנקעל, איבער דאס קינדער־מעדכען, איבער זאכען וואס זיא האט איינגעקויפט, אונד אנדערע קליינינקייטען וואס א פרוי בעזאָרגט פיר א הויז. צום שלוס האט זיא בעמערקט, אז טרוכאטשעווסקי איז דאָרט געווען אונד געבראכט דיא נאָטען וואס ער האט פערשפראָכען צו ברענגען. ער האט איהר, אין דערזעלבער צייט, פאָרגעשלאָגען, וויא זאָלען נאך צחאמען שפיעלען, נאָר זיא האט זיך ענטזאגט.

וויא א דונער־שלאג האט מיך געטראָפען דיא לעטצטע בעמערקונג. דאכט־זיך איך בין גאנץ גוט געווען דערבייא ווען ער האט זיך מיט מיר לעטצטענס געזע־געגט אונד איך געדענק כמעט יעדעס וואָרט וואס ער האט מיט איהר אונד מיט מיר געשפראָכען. איך ערמאנער מיך בשום אופן ניט ווען ער האט איהר פער־שפראָכען צו ברענגען נאָטען.

„איז דאס נים נאַר איין אויסרייד?“ האב איך מיך אליין נעפרעגם. „יא, געוויס, אזוי איז עס. ער איז צו איהר געקומען באלד וויא איך בין אוועק געפאָהרען. זיא ווייעדער, מורא האבענדיג, דאס ווען איך וועל אהיים קומען וועל איך פיעללייכט ערפאהרען, אז ער איז דאָרט געווען, כאפט זיא דיא פיש פאר דער געטץ, אונד דערצעהלט מיר פאָראויס א פוסטען תירוץ. ניין! איך בין זיכער, אז ער האט איהר קיינמאל נים פערשפּראָכען צו ברענגען נאָטען בייאַ דער לעטצטער בעגעגנונג. נאך מעהר, איך בין איבערציינגט, אז ער האט פון מיין פרוי אבשיעד גענומען אונד זיך געזעגענט גלייך וויא מיט מיר. זיא בעטריגט אונד בעשווינדעלט מיך!“

דיעזע זיינען געווען מיינע געדאנקען, אונד איין אונרוהע איז אין מיר ענטשטאנדען, אז איך האב נים געקענט איינזיטצען אויף מיין פּלאַטץ. איך האב מיך אויפגעהויבען, ארום געשפּאצירט איבער דעם צימער אונד נעדענקט שנעל, האסטיג אונד שטירמיש. איך האב דעם בריעף עטליכע מאל דורכגעלעזען. עס האט זיך מיר געדאכט, אז איך האב בעמערקט אין יעדער שורה, אין יעדען וואָרט אונד אין יעדען אות, עפּעס מורא, אויפרעגונג אונד אונזיכערעס. מיין הערץ האט ווידער אָנגענומען יענע בעקאנטע בעוועגונג פון קלאפּען שטארק אונד וויטהענד.

דאן האט מיר אָנגעהויבען צו שווינדלען פאר דיא אויגען אונד בילדער האבען אָנגעפאנגען צו ערשיינען. איך האב געזעהען, געפאנטאזירט, מיר פאָרגעשטעלט אונד געטרוימט וואכענדיג. דיא ווילדע חיה פון אייפערזוכט, וועלכע האט אויסגעזעהן ביז דאמאלס ערגיץ פערשפּארט: האט פּלוצלינג אויסגעבראָכען פון איהר שטייג, אונד האט געריסען שטיקער פון מיר. עס איז געווען א העפטיגער אנגריף, אָבער איך האב נעקעמפּפט, געשטריטען אונד ענדליך געזיעגט. איך האב דיא ווילדע חיה, אייפערזוכט, אָנגעכאפּט ביים גאָרגעל, זיא פעסט אונד שטאַרק צוגעדריקט אונד אריין געוואָרפען צוריק אין איהר שטייג.

איך האב אָנגעהויבען רוהיג אונד איבערלעגט צו דענקען.

„וואס בין איך אזוי אויפגערעגט?“ האב איך מיך געפרעגט. „ווארום זאָל עס נים זיין וויא מיין פרוי שרייבט מיר? אונד וויא איינפאך אונד אונשולדיג יעדעס וואָרט איז! עס איז דאָך נים נויטהווענדיג איך זאָל נעדענקען יעדעס וואָרט וואס מען האט גערעדט. געוויס, ער האט איהר וואהרשיינליך פערשפּראָכען צו ברענגען נאָטען ווען איך האב נים געהערט, דאן געבראכט דיא נאָטען, זיא געבעטען ווייטער צו שפּיעלען, אונד זיא, אום מיין פעררייקטע אייפערזוכט נים אויפצורייצען, האט זיא איהם ענטזאגט. דאס איז גאנץ איינפאך, אונד עס איז זעהר בראוו פון איהר

דיים, וואס זיא שרייבט מיר אלעס ארויס, וויא א גוטע, עהרליכע אונד אנשטענ־דיגע פרוי!"

עס האט זיך מיר געדאכט, אז איך האב מיך בערוהיגט, אונד מיך אויס־ציהענדיג, האב איך מיך אריין געלעגט אין בעט. איך האב מיט געוואלט פער־טריעבען דיא אייפערזיכטיגע געדאנקען פון מיר, אונד האב איבערהויפט געשטרעבט גאר ניט צו דענקען איבער מיין היים. איך האב מיך פערטראכט אין דיא גע־שעפטען וואס איך דארף מארגען דורכפיהרען; מיר אויסגעארבייט א פלאן, אונד אזוי, קלערענדיג אונד טראכטענדיג וועגען אנדערע זאכען, ניט איבער מיין פרוי, בין איך איינגעשלאפען.

איך געדענק, אז זייענדיג אויף דער רייזע אונד ליעגענדיג ניט אין מיין גע־וועהנליכעם בעט, פלעגט מיר אימער שווער זיין איינצושלאפען. אבער דיעזעס מאל, איז געווען איין אויסנאהמע. עס איז קיין צווייפעל, אז דיא שרעקליכע אויפרעגונג אונד פלעטצליכע בערוהיגונג, האט אויף מיר אזוי געווירקט, אז איך בין פערמא־טערט געווארען אונד דער שלאף האט מיך בעזיעגט.

מעהרערע מאל האט עס פאסירט וואס איך האב פלוצלינג ערוואכט. אויך דאמאלס איז מיט מיר דאסזעלבע געשעהען. איך האב אבער דאן ערוואכט, גלייך וויא איין עלעקטרישער פונק וואלט מיך בעריהרט. איך בין אויפגעשטאנען זאפארט, נאר ניט פערשלאפען, אונד דער ערשטער געדאנק איז געווען וועגען מיין פרוי. איך האב מיך דערמאהנט אן מיין קערפערליכע ליעבע צו איהר, אן טרוכאטשעווסקי'ן, אונד איך האב געקלערט, אז צווישען זייא ביידע איז שוין געווים עפעס געשעהען, פאר וועלכען איך דארף פערבארגען מיין געזיכט פון חרפה. צארן אונד שרעק האבען צוזאמענגעדריקט מיין ברוסט, אונד אין דיעזען צושטאנד, האב איך וויעדער אנגעהויבען מיט מיין לאניק מיך צו בערוהיגען.

„איך בין א דומקאפ!" האב איך צו מיר אליין געזאגט. „עס איז גאר ניט געווען אונד עס איז גאר ניט געשעהען. וויא קומען צו מיר אזעלבע געדאנקען? וואס פאר איין אורזאכע האב איך דערצו? ניין, ניין, איך דארף גאר אזוי ניט דענקען, אום מיך אונד זיא אויף אזא אופן צו ערניעדריגען! ער — איין איינפאכער מוזיקער, ביעדנער פידלער, וועלכער איז בעקאנט אלס א שלעכטער מענש, — אונד זיא, א סאלידע, געאכטעטע פרוי אונד מוטער פון קינדער, מיין פרוי! פוי! וויא דום איך בין!"

דום אהין, דום אהער, אבער עס האט מיך דאך ניט געלאזען רוהען. עס האט מיר אויסגעזעהען וויא דיא מאראל פון א געוויסען פרעדיגער, וועלכער האט

נעוואָלט איינרעדען א הונגעריגען, אז דער מענש לעבט ניט אויף דער וועלט נאָר צו עסען. „יא,“ האט זיך דער הונגעריגער געטראַכט, „דאס איז שוין ריכטיג נענוג, אבער דערווייל בין איך דאך הונגריג און מיין מאגען לאזט מיך ניט רוהען!“

צווישען אלע מיינע טרייסט־געדאנקען, האט מיר איינגעראַמט א געהיימע שטימע: „אמת, זיא איז טאקי מיין פרוי, אונד, דערפאר, דארף שוין קיין אנדערער צו איהר קיין חשק ניט האבען? דאסזעלבע וואס טרייבט מיך פון איהר צו האבען א קערפערליכען גענוס, קען איין אנדערן אויך אויפרעגען. איבערהויפּט, ביי טרו־כאַטשעווסקי'ן, איז זיא דאך א נייע זאך, אונד ער, אלס אונפערהייראטעטער, גע־זונטער אונד שעהנער מאן, דערצו נאך אויסגעלאסען, ווארום זאל ער ניט וועלען מיט איהר פערקעהרען? דאריבער איז קיין צווייפעל, איך בין נאך אויך איבער־ציינט, אז ער וואלט קיין געלעגענהייט אויסגעלאזען, אום זיך צו פערשאפען פער־גניגען. און וואס זאל זיא אייגענטליך צוריק האלטען ניט צו מאַכען אזא שריט? גאָר ניט. אלעס אין איהר ציינט גראדע דעם געגענטהייל. זיא איז—א געהיימניס! זיא איז עס אימער געוועזן און איז אויך אזוי געבליעבען. איך קען זיא נאָר ניט; זיא איז מיר בלויז בעקאנט פון דער טהיערישער זייט, קיין זאך זאל אונד דארף זיא צוריק האלטען!“

יעטצט ערשט האב איך נאך אמאל אנגעהויבען צו שטודירען זייערע געפיהלע פון יענעם אבענד, ווען זייא האבען געשפיעלט דיא קרייצעד סאָנאטע. איך האב געזעהן, אז איך בין דאמאלס געוועזן צו פיעל פערטיעפט אין מיינע אייגענע גע־דאנקען איבער דער ווירקונג פון דער קרייצער סאָנאטע.

זייערע געזיכטער זיינען פאר מיר ערשיענען אין דער אויפרעגונג אונד לוסט, אין דער קאָבעדינגער ליידענשאפט אונד גענוס.

ווארום האב איך דאס דאמאלס ניט געזעהן? אונד וויא האב איך געקענט נאך אזא סצענע אוועק פאהרען? איז עס דען ניט דייטליך גענוג, אז אין יענעם אבענד האבען זיך זייערע געפיהלע פעראייניגט? יא, איך געדענק עס גאנץ גוט, מיין פרוי האט אויסגעזעהן צו שפירען דיא פערברעכערישע געדאנקען אונד זיא האט דיעזע אויסגעדריקט אויף איהר פלאַמענדעס געזיכט אין א געפיהל פון שאנדע. איך געדענק אקוראט יענעם גליקליכען שמייכעלע אויף איהרע ליפּען, ווען זיא האט אבגעווישט דעם שוויס פון איהר שטערן. דאן האבען זייא זיךביידע ניט געקענט קוקען אין דיא אויגען דעם גאנצען אבענד. ווען ער האט איהר אָנגעגאָסען א גלאז זאסער, האבען זיך בעגעגענט זייערע בליקען מיט דעמזעלבען גליקליכען שמייכעלע.

איך האב מיך ערינערט מיט א שוידערן אן יענעם שמייכעלע וואס האט מיר דא־מאלס פעראורזאכט אזוי פיעל אונשולדיגעס פערגניגען.

„יא, אלעס איז פאַראיבער!“ האט צו מיר גערופען יענע געהיימניספאָלע שטימע. דאן, ווידער אין איין אַנדערן טאָן: „וואס איז מיט דיר? דאס קען דאָך נים מעגליך זיין!“

איך האב אַנגעהויבען עפעס וויא מורא צו האבען צו ליעגען אין דער פינסטער. איך האב אָנגעצונדען א שוועבעלע, אונד דיא געלע גארדינען, האבען איבער מיר געמאכט איין אונהיימליכען איינדרוק. דערווייל האב איך פעררויכט א ציגארעטע, אונד אָנגעפאנגען צו ציהען שטארק דעם רויך מיט מיין גאַנצען אטהעם.

איהר קענט זיך אַלזאָ מערקען דעם לויף פון מיינע געדאנקען. זייא זיינען געוועזען א ווידערשפרוך, אָהן איין ענטשלוס, אָהן א בעשטימונג — א נערוועזע אונ־זיכערהייט. אין אזעלכע פעללע רויכט מען, פיעל, שטארק, שנעל, אָהן אויפהערליך. דיא געדאנקען יאָגען, פליהען, שוועבען אונד זעהען אויס צו פערשווינדען מיט'ן רויך. אנדערע ווערען געבוירען, ערשיינען אונד פלאגען. אָבער דער רויך האט מיך אביסעל וויא בערוישט אונד אָבגעהאלטען דעם שטורם פון דיא גע־דאנקען.

פון שלאָפען איז אונטערדעסען קיין רעדע נים געוועזען. אום 5 אוהר, אלס עס איז נאך דונקעל געוועזען, האב איך בעשלאָסען איין ענדע צו מאכען פון מיין אונרוהע, אונד איך האב געדענקט זאָפאָרט אהיים צו פאָהרען.

איך האב מיך שנעל אָנגעצויגען, אויפגעוועקט דעם וועכטער, וועלכער איז אויך געוועזען מיין דיענער, אונד איהם געשיקט ברענגען פערד. דאן האב איך מי־וועק געזעצט, אָבגעשריעבען א בריעף צו דיא געשעפטסלייט מיט וועלכע איך בין געשטאנען אין פערבינדונג, אונד זייא אָנגעצייגט, אז עטוואס אונערוואַרטעטעס איז מיר בעקאנט געוואָרען, אונד איך מוז זאָפאָרט צוריק קעהרען נאך מאסקווא. דעם בריעף האב איך גלייך געלאָזען אוועק טראָגען, אונד אום 8 אוהר, האב איך מיך אויפגעזעצט אויף דער דראָשקע אונד בין אוועק געפאָהרען.

**25.**

איך האב בעדארפט פאהרען 35 ווערסט מיט דער דראָשקע אונד 8 שטונדען אויף דער אייזענבאהן. דיא רייזע איז מיר געוועזען זעהר אנגענעהם.

דיא געגענד איז געוועזען בעלייכטעט מיט העלער זונענשיין, אונד דער ערשטער לייכטער פראָסט פון דעם ווינטער האט זיך געשפירט. דער וועג איז געווען גלאַט.

דאס וועטער שעהן אונד דיא לופט ריין אונד קרעפטיגענד. מיינע אייגען האבען געבליקט אויף דער שעהנער אונד הערליכער נאטור, אונד עס האט מיר אויסגעזעהן, אז איך מאך א לוסט־רייזע. איך בין געוועזן העכסט צופריעדען מיך צו פערגעסען אויף א קורצער צייט. ווען דער געדאנק איז מיר געקומען צו וואס איך פאהר אונד צו וועלכען צוועק, האב איך אויף איינמאל געשפירט, גראדע וויא דיא קעלט האט דורכגעבלאזען דורך מיין גאנצען קערפער, אונד עס האט מיך געשווינדעלט. דאן האב איך געדענקט, געטראכט אונד האב אליין גאר ניט געוואוסט וויא אזוי איך זאל רעגולירען מיינע געדאנקען צום שלום האב איך צו מיר געזאגט:

„ווארט, מענש, האב געדולד, דענק יעטצט ניט אן דעם, באלד וועסטו דיך איבערציינגען. דוא וועסט אלעס זעהען מיט דיינע אייגענע אויגען."

גראדע אין מיטען וועג האט עפעס פאסירט וואס האט מיך צוריק געהאלטען. אבער דאס האט מיך אביסעל צערשטרייעט. עס האט עפעס געבראכען בייא א ראד פון דער דראשקע, אונד מיר האבען געמוזט ווארטען דאס צו פעררריכטען. דיא ראד האט דאן געמוזט אונטערגעשפארט ווערען מיט א שטיק האלץ, אונד וועהרענד דיא דראשקע האט זיך געשלעפט, האבען מיר געמוזט נאכגעהען צו פוס, ביז מיר זיינען אנגעקומען צו א קרעטשמע, וואו מיר האבען געטראפען א מאן, וועלכער האט אלעס פעררריכט. דערווייל, נאטירליך, האט מען שוין געטרונקען טהעע, גערעדט, געמאכט שפאס, געלאכט אונד זיך אונטערהאלטען. דאס האט געווירקט וואס איך האב צייטענווייז פערגעסען אן מיין ציעל אונד אבזיכט. געגען אבענד, איז ווידער אלעס געוועזן אין ארדנונג, אונד מיר האבען פארטגעזעטצט דיא רייזע.

בייא נאכט איז דיא רייזע געוועזן נאך שווערער, דערפאר אבער אנגענעהמער פאר מיר, ווייל איך האב פערגעסען צו ביסלעך אן מיינע מארטערענדע געפיהלע. דער טרייבער איז געוועזן א פראסטער, אבער א לוסטיגער יונג, אונד זיין נאטיר־ליכער וויטץ, איז אימער געוועזן זעהר אונטערהאלטענד.

אבער אונגעריכט זיינען ערשיינען געדאנקען אין מיין קאפ — געדאנקען, וועלכע האבען שיער איבערגעקעהרט מיין געהירן. עס האט זיך מיר געדאכט, אז דאס לייכטע ווינטעלע מורמעלט אין מיינע אויערן:

„נאר, פרעה דיך, פרעה דיך יעטצט, ווייל דוא נעהמסט שוין איין אייביגען אבשיעד פון דעם לעבען. זעה אונד אטהעם איין אזוי פיעל פרישע לופט וויא נאר מעגליך; זעטע דיינע אויגען מיט דער שעהנהייט דער נאטור, ווייל באלד וועט דיך אננעמען, עלענד אונד אייביגעס אונגליק שטיקען, ווערגען, פערפינסטערן אונד פער־טרייבען ביז צום פינסטערן קבר."

בייא אזעלכע מאָמענטען פלעגט זיך מיר דאכטען, אז אין מיין קאָפּ ברענט א פייער, מיינע אויגען האבען פערלוירען דיא קראפט צו זעהען, אונד וויא א גרויסער שטיין פרעסט מיין הערץ.

דאן האט מיך ערוואכט דעם טרייבער׳ס געשרייא צו דיא פערד אונד א וויטץ פון זיין מויל אום מיך אויפמערקזאם צו מאכען.

אָבער דער צושטאנד האט זיך באלד געענדערט. איך האב ערדרייכט דיא אייזענבאהן, אויסגעשטיעגען פון דער דראָשקע אונד בין אריין אין וואגאָן. דיא רייזע האט דאָרט געדויערט גאנצע 8 שטונדען, אָבער וויפיעל איך וועל לעבען, וועל איך ניט פערגעסען אן דיא מארטערניסע וואס איך בין דאָרט אויסגעשטאנען.

מיר דאכט יעטצט — אונד איך בין אויך זיכער דאריבער — אז עס גיבט פאר קיין מאן קיין ערגערע שטראפע וויא צו ליידען פון אייפערזוכט.

מערסט זיך גוט, איך האב קיין געגויע אהנונג געהאט איבער דעם וואס מיך ערווארטעט צו הויזע. אונד דאָך האבען זיך פאר מיר געוואָרפען אזעלכע בילדער, וועלכע האבען מיך יעדעס מאל געמאכט איך זאָל אויפשפּרינגען פון מיין זיטץ וויא א משוגענער.

אויב דאס איז געווען דורך מיינע אויפגערעגטע נערווען פון א גאנצען טאָג, אימער שוועבענדיג אין פינסטערע געדאנקען אונד אונזיכערהייטען, אָדער דערפאר ווייל איך האב געשפּירט, אז אָט באלד וועל איך שוין אלעס ערפאהרען, — יעדענ־פאלס האב איך געקעמפּפט געגען מיין פאנטאזיע מיט אלע כוחות, אונד איך האב פון מיר ניט געקענט פערטרייבען דיא שוידערהאפטע געדאנקען.

איינמאל האט זיך מיר געדאכט, אז איך זעה מיין פרוי, האלב נאסעט, ליגענדיג אין דיא ארעם פון דעם מוזיקער. זיא האט געשמייכעלט — א גליקליכען שמייכעל, אונד דערמאָהנט מיין נאמען, בייא וועלכען זיא האט זיך צולאכט. איך האב געשפּירט וויא דיא פינגער פון מיין רעכטער האנד האבען זיך אויסגעצויגען וויא שפּיזען, אונד מיט דיא לייכטע שריט פון א קאטץ, האב איך מיך דערנעהנטערט, זיא ערגריפען מיט דער לינקער האנד ביים האלז, אונד דיא פינגער פון מיין רעכטער האנד האב איך אריין געשטאָכען אין איהר ווייסע ברוסט אונד גענרייכט, טיעף, וויים, ביז צום הערצען... דאס איז געווען רונד, ווארעם, אונד איך האב דאס ארויס געריסען אונד איך האב מיך צולאכט...

ווירקליך, איך האב געלאכט, א ווילדען, שוידערהאפטען לאך, וועלכער האט פערפרוירען דאס בלוט פון מיינע אָדערן. דאן האב איך מיך פּלוצלינג דערמאָהנט

וואו איך בין אין דער וועלט, ווען מעהרערע פאססאזשירען האבען זיך צו מיר אומ־געקוקט, אונד איינער האט מיך געפרעגט:

„איהר האט וואהרשיינליך זיסע חלומות, וואס איהר לאכט אזוי?"

זיסע חלומות! מיין געזיכט האט ניט דערצעהלט דעם סוד פון מיין פער־וואונדעטער ברוסט. איך האב געשוויגען, נאר ניט געענטפערט, אונד מיך אזוי וויא דערמינטערט.

דאן איז דיא באהן ווייטער געלאפען, אונד דיא פינסטערע געדאנקען האבען זיך ווידער אנגעהויבען צו דענקען.

איך האב ערבליקט טרוכאטשעווסקי'ן. ער האט אויסגעזעהען צו ענטלויפען אבער מיט איין שפרונג בין איך געווען נעבען איהם. איך האב איהם אנגעפאקט ביי זיין ווייסען האלז מיט מיינע אייזערנע הענד; געדריקט, אלץ שטארקער אונד שטארקער; זיינע שעהנע אויגען האבען אנגעפאנגען ארויס צו קריכען פון זיין קאפ, אבער איך האב ווייטער געדריקט ביז איך האב געהערט א כארכלען. נו ער איז געבליעבען ליגען אויסגעשטרעקט, פערשטארצט אונד טויט נעבען מיינע פיס...

דער שמערץ אין מיינע צוזאמענגעדריקטע פויסטען, האט מיך ווידער זרוואכט.

איך האב מיך אויפגעשטעלט אויף מיינע פיס, אויסגעצויגען מיינע גליעדער, אונד איך האב געשפירט איין אונגעהייערן שמערץ אין מיין ברוסט. איך בין צוריק געפאלען, אונד מיינע געדאנקען האבען זיך אביסעל אויסגעלייטערט.

בילדער פון איהר מיט איהם זיינען נאך אמאל ערשיענען, אבער שוין ניט אזוי ווילד וויא פריהער, זאנדערן קלאר, דייטליך אונד איינפאך, וועלכע האבען מיר גע־צייגט אויף דער אבשייליכסטער ארט, אז איך ווער בעטראגען.

„איז דאס וואהר?" האב איך מיך געפרעגט. „צייגט דיא פאנטאזיע א ווירקליכקייט? ניין, ניין! עס איז אונמעגליך! דיא פאנטאזיע נארט, בעטריגט אונד בעשווינדעלט, אונד איך בין נאך דומער מיך צו לאזען פערפיהרען פון דער נארישער פאנטאזיע. אבער ווארום דרינגען זיך אין מיר אזעלכע בילדער? ווארום זעה איך ניט בעסער אנדערע, בערוהיגענדע אונד טרייסטענדע בילדער?"

איך האב ניט געוואוסט וואס איך זאל מיר ענטפערן, אונד ווילענדיג אדער אונווילענדיג, האט מיין אייפערזוכט אין מיר געברענט וויא אין א קאלך־אויווען.

צאָרן, האָס אונד פערצוויפלונג; וואוטה, ווילדהייט אונד אויפרעגונג האבען מיך געפלאָגט אונד מיך אלץ הייסער אונד מוטהינער געמאכט.

איז דאָ א טייפעל אויף דער וועלט? איך ווייס ניט. אָבער אויב איינער עקזיסטירט, דאן האט ער זיך דאמאלס איינגעקווארטירט אין מיין גאנצען קערפער אונד מיך ניט געלאָזען רוהען אפילו איין מינוט.

פלוצלינג איז מיר געקומען אויף דיא געדאנקען א געשפרעך וואס איך האב געהאט מיט טרוכאטשעווסקי'ס ברודער. ער האט מיר אמאל דערצעהלט, אום צו בעווייזען זיין „וואוילינגשאפט," דאס ער האט ניט געטהינ צו געהן אין עפענט־ליכע הייזער. דיא אורזאכע דערפון איז גאנץ איינפאך, ערשטענס האט ער מורא, אז דאדורך קען ער אנגעשטעקט ווערען מיט א מיאוס'ע קראנקהייט, אונד, צווייטענס, ניבט עס געגוג פרויען פון מענער, וועלכע האלטען זיך ריין אונד זויבער, אונד פון זייא האט מען ניט צו ערווארטען אזעלכע קראנקהייטען.

דאס איז שוין געוועזען זעהר לאנג, זייט ער האט מיר דיא געשיכטע דערצעהלט, אָבער דער טייפעל אין מיר, האט מיך אן אלעמען דערמאָהנט. אונד מיר געזאגט, אז דער מוזיקער, דער ברודער פון יענעם שופט, האט יעטצט געפונען מיין פרוי, וועלכע ערפיללט זיין לוסט, אונד ער האט דאבייא קיין מורא ניט פאר קיין מיאוס'ער קראנקהייט.

„אזוי איז דאס!" האט מיר דער טייפעל איינגעראמט אין מיינע אויערן. „געוויס, אָהנע צווייפעל! מיט דעם מוזיקער טרוכאטשעווסקי... אונד ווארום זאָל ער עס ניט טהון מיט מיין פרוי? איז זיא עפעס אין דיר אזוי שטארק פערליעבט? האט זיא אפשר מורא פאר איין עבירה? זיא איז דאָך זעהר פרייא, גלויבט ניט אין גאָט, בלויז אין טייפעל, וועלכער קלאפט נאך „בראוואָ" דערפאר. טרוכאַ־טשעווסקי ווידער, אָבוואָהל א שעהנער מאן, האט אין איהר א גאנץ פאסענדע; עס פעהלט איהר אפילו איין צאהן אונד זיא איז אביסעל צו דיק — אָבער זיא איז דאָך ניט מיאוס, אונד, איבריגענס, זיא איז דאָך יעדענפאלס ליעבער פאר איין עפענטליכעם פרויענצימער, וועלכע קען ברענגען קראנקהייט... מענער איבערהויפט, קוקען ניט זעהר פיעל אויף פאָלקאָמענע שעהנהייט, זאָלאנג זייא קענען נאָר ער־פילען זייער תאוה"...

מיין אטהעם האט מיך ווידער געשטיקט, אונד א לאנגער זיפץ האט מיך אביסעל פערלייכטערט.

„ניין!" האב איך אויסגעשריען נענוג הויך אום דיא פאססאזשירען זאָלען אויף מיר קוקען. „עס איז ניט מעגליך! עס איז שרעקליך! דאס איז נאָר איין

איינבילדונג, אונד קיין זאך פון אלעמען וואס איך דענק האט פאסירט: איך האב אויך נאר קיין גרונד אזוי צו דענקען. האט זיא מיר דען ניט געזאגט, אז בלויז דער געדאנק איך זאל איבער איהר אייפערזיכטיג זיין, איז שוין אויך ערניעדריגענד פאר אזא פרויענצימער וויא זיא איז?"

"אבער זיא זאגט דאך א ליעגען!" האט דער טייפעל נאך אמאל מיך דערמאהנט.

ווען איך האב מיך אומגעקוקט, האב איך געזעהען, דאס בלויז צווייא פאסאזשירען זיינען נאך געבליעבען אין וואגאן, אונד אלס דיא באהן איז שטעהען געבליעבען בייא דער סטאציאן, זיינען זייא אויך ארונטער געגאנגען.

אליין! איך בין געבליעבען זיטצען אליין! איך בין אויפגעשפרונגען אונד צוגעלאפען צום פענסטער. איך האב בייא מיר אויסגעזעהען וויא א ווילדער טיגער וואס וויל ארויס שפרינגען פון זיין שטייג.

(בייא דיעזע ווערטער איז פאזדניטשעוו, דער ערצעהלער, אויפגעשפרונגען פון זיין זיטץ. דיא שילדערונג אונד דיא עראינערונג אן אלעמען, האט איהם צופיעל אנגעשטרענגט. ער איז אבער באלד צוריק געפאלען אין זיין זיטץ, ווען ער האט זיך דערמאהנט אן אלעמען וואס געהט יעטצט פאר מיט איהם.)

"דיא אייזענבאהן!" האט ער נאך אמאל אנגעפאנגען, "זיא שווידערט מיך, ווייל מיט איהר קומען אזוי פיעל טרויעריגע עראינערונגען! אבער אום פארטצוזעטצען מיין ערצעהלונג וועל איך זאגען, אז גראדע וויא יעטצט, אזוי האב איך מיך דאמאלס אויך צוריק געזעטצט. איך האב אנגעפאנגען אנצושטרענגען מיין גרעסטע קראפט צו פערטרייבען דיא רעיונות פון מיר. איך האב מיך מיט געוואלט דערמאהנט אן דעם ווירטה פון דער קרעטשמע, אן מיין טרייבער, אן דעם טהעע וואס איך האב געטרונקען, אונד דאן אום א איינגעלע וואס איך האב דארט געזעהען זיך שפיעלען. דערבייא האב איך מיך אויך עראינערט אן מיין וואסיא'ן.

מיין וואסיא? ווער זאגט מיר דען מיט געגוג זיכערהייט, איך זאל דאס קענען גלויבען, אז ער איז מיינער? אונד ווען יא, פיעללייכט שטעהט ער יעטצט, מיט זיין אונשולדיגען פנים'ל אונד איז איין עדות דערבייא וויא טרובאטשעווסקי קושט זיין מוטער, מיין פרוי! וואס קען דאס קינד פיהלען בייא אזא סצענע?

וואס איך האב געליטען, איז קיין מענשליכע פעדער אימשטאנדע צו בא-שרייבען.

k. a.

**דאן איז מיר פלוצלינג איינגעפאלען א נייער געדאנק: איך זאל ארויס געהן** פון דעם וואגאן בייא דער נעכסטער סטאציאן, מיך אוועק לעגען אויף דיא שינעס מיט מיין קערפער — ניין! מיט מיין האלז, אונד דיא ברייטע אונד שווערע ראד וועט ארויף, א שפריטץ בלוט, א קליינער שמערץ, א בליק, א געדאנק, אונד אלעס איז פאראיבער.

אבער ווארום זאל איך דאס טהון? ניין, איך דארף אזא שריט ניט מאכען, פיעללייכט איז זיא נאר גאנץ אונשולדיג? וואס פאר א בעוויז האב איך דען פון איהר שולד? אונד ווען זיא איז יא שולדיג, דאן ווארום זאל איך איהר פרייא מאכען דעם וועג? ניין, איך מוז לעבען אונד זיא זאל ליידען — אזוי פיעל ליידען, ביז זיא זאל האבען א בעגריף פון מיינע שמערצען.

דענקען, טראכטען, דענקען! איך האב וויעדער געדענקט. איך האב בעשלאסען רוהיג צו איבערלעגען יעדע איינצעלהייט אונד זעהען מיט א קלארען פערשטאנד, ווארום איך בין אזוי אויפגערעגט. אבער איך האב וויעדער געהאט א טעות אין מיר אליין. איך האב גאר ניט געקענט האבען קיין קלארען פערשטאנד דאמאלס, אונד רוהיגע איבערלעגונג, האט מיר געפעהלט.

דאן זיינען געקומען אנדערע געדאנקען. איך האב מיך עראינערט, אז עס האט שוין אמאל פאסירט, וואס איך בין אויך געווען אויפגערעגט מיט אייפערזוכט (נאטירליך ניט אזוי פיעל וויא דאמאלס), אונד אלס איך בין געלאפען, געפלויגען אונד געשוועבט אהיים מיט דעם געדאנק זיא צו טרעפען מיט איין אנדערן, האב איך זיא נאר געפונען רוהיג שלאפענדיג.

„דומקאפ!“ האב איך צו מיר געזאגט, „יעטצט קען אויך דיעזעלבע זאך זיין, אונד דוא וועסט ערשט שפעטער זעהען וויא נארריש דוא ביסט געווען. דוא וועסט אהיים קומען, זיא וועט אויפשטעהען פון איהר בעט, פערשלאפען, דיך בעגעגנען מיט א [illegible]ליבען שמייבעלע, דיך נעהמען אין איהרע ארעם, אונד דוא וועסט איינזעהען וויא דום אלע דיינע געדאנקען זיינען געווען. אך גאטט! העלף מיר עס זאל אזוי זיין! אך, וויא שעהן דאס וואלט דאמאלס געווען — אבער ניין, דאס האט אפילו עטליכע מאל פאסירט, אבער ניט יעטצט, ניט יעטצט!“

**דיא לעטצטע ווערטער האט צו מיר געמורמעלט דיא געהיימניספאלע שטימע.**

**אך, זיינען דיעזע געווען שמערצען! אום אוועק צו נעהמען פון א יונגען מאן דעם חשק פון פרייען, דארף איך איהם ניט פיהרען אין דער האספיטאל־אבטהיילונג**

פון אנגעשטעקטע אונגליקליכע, זאָנדערן איהם נאָר צייגען דאס גליהענדע פייער אין מיין הערץ, וואס איז דאמאלס אָפּט אויפגעשאַרט געוואָרען פון טייפעל־הענד מיט אייזערנע גראבלעס.

דאס שרעקליכסטע איז געווען, וואס איך, אלס מאַן, האב מיך געדעכענט צו בעזיטצען דאס גאנצע רעכט איבער איהר קערפער, גראדע וויא איבער א טהייל פון מיר אליין, אונד דאָך, נאבקלערענדיג האב איך געמוזט איינזעהען, אז זיא קען טהון מיט איהר קערפער, וואס זיא וויל. איך האב מיך געשפירט קראַפטלאָז אום צו פערהינדערן דאס ער, טרוכאמשעווסקי, וועלכען איך האב געהאסט מעהר וויא דעם טויט, זאָל ניט בעזיטצען אונד טהון מיט מיין פרוי אַלעס וואס איז אין מיינע אויגען שווידרהאפט אונד שרעקליך.

## 26.

פאַר דער לעטצטער סטאַציאָן, איז דער קאָנדוקטאָר אריין געקומען אונד בייא מיר אָבגענומען מיין בילעט. איך האב מיך גכייך אויפגעהויבען, צוזאמען גע־נומען מיינע זאכען אונד ארויס אויף דער פּלאַטפאָרמע פון דעם וואגאָן. איך בין געווען זעהר אונגעדולדיג אונד איך האב מיך שוין געוואָלט זעהען בייא מיין ציעל. עס איז מיר קאלט געוואָרען. איך האב געציטערט אונד געשפירט, אז עס האט מיר געקלאפּט א צאהן אן א צאהן. דאן איז דיא באהן געבליעבען שטעהען, אונד איך בין שנעל ארויס. וויא אזוי איך בין ערשיענען אויף דער גאס, געדענק איך ניט, נאָר איך ווייס, אז איך האב דערזעהען א פוהרמאן מיט א דראָשקע אונד איך האב איהם געהייסען, ער זאָל מיך אָבפיהרען אהיים. וועהרענד דעם פאהרען, האב איך געבליקט אויף דיא פערביינעהענדע אונד איך האב געלעזען דיא שילדער אויף דיא געשעפטען.

וויא איך בין אָבגעפאָהרען אונגעפעהר א האלבע ווערסט, האב איך גע־שפירט, אז מיינע פיס פרירען מיר. איך האב מיך דערמאָהנט, אז זיטצענדיג אין וואגאָן, האב איך מיר אויסגעצויגען מיינע וואָלענע זאָקען אונד אריין געלעגט אין רייזע־טאַש. אָבער וואו איז דער רייזע־טאַש? האב איך איהם געהאט? יא. אונד וואו איז דער גרויסער קאָרב? איך האב מיך דערמאָהנט, אז איך האב פער־געסען דאס געפּעק. אָבער איך האב געהאט א קוויטונג, אונד איך האב מיר גע־טראכט, אז דאס וועט ניט פערפאַלען ווערען.

ווען איך דערמאָהן מיך יעטצט, דאן זעה איך ניט איין דיא אורזאכע, וואָרום איך האב מיך דאמאלס אַזוי געאיילט. עס איז בייא מיר קיין צווייפעל געווען, אז

עמוואס שרעקליכעס אונד פירכטערליכעס וועט באלד פאסירען אין מיין לעבען. אלזא. וואס איך האב מיך בעדארפט איילען דיעזעס אונגליק צו בעגעגענען? אבער דיעזע זיינען דיא געהיימניסע פון אונזער לעבען, וואס מיר זיינען ניט אימער איםשטאנדע צו ערקלערען.

עס איז געוועזען 1 אוהר אין דער נאכט. איך האב געזעהען איינינע פורהרלייטע שטעהענדיג אויף דער גאס, וואו דיא האבען ערווארטעט פאססאזשירען. אויפ־הויבענדיג מיינע אויגען, האב איך בעמערקט, אז דיא פענסטער פון מיין זאלאָן זיינען בעלייכטעט.

פון דיעזען מאמענט אן, האב איך בייא מיר אויסגעזעהען, וויא אזעלכער, וועלכער איז פעראורטהיילט געוואָרען צום טויט, אונד איז א לאנגע צייט געוועזען זעהר אונרוהיג, אבער קומענדיג נאהענט פון דער תליה, איז דיא מורא פלוצלינג פערשוואונדען געוואָרען, אונד א זעלטענע גלייכגילטיגקייט האט איהר פלאטץ פערטרעטען.

איך האב מיר ניט גענוי ערקלערט, וואס דאס בעדייטעט, ווארום עס איז ליכטיג אין מיין זאלאָן, אבער אויבערפלעכליך האב איך דאס אקצעפטירט אלס א טהייל פון דעם פראָגראם, צו וועלכען מיין שרעקליכע פאנטאזיע האט מיך פאָר־בערייטעט.

איך בין ארונטער פון דער דראָשקע, בעצאָהלט דעם פוהרמאן, אונד מיט א מערקווירדיגער רוהיגקייט בין איך ארויף אויף דיא טרעפען פון מיין הויז, אונד אָנ־געקלונגען.

יעגאָר, מיין געטרייער דיענער, אבער זעהר א נארישער מענש, האט געעפענט דיא טיהר.

דאס ערשטע וואס מיינע אויגען האבען ערבליקט, איז געוועזען א פרעמדער פאלטאָ, וועלכער איז געהאנגען נעבען מיינע קליידער אויף דעם קליידער־געשטעל אין קאָרידאָר. ניין, איך האב מיך דאריבער ניט געוואונדערט. נאך דעם ליכט אום 1 אוהר בייא נאכט אין מיין זאלאָן, איז אויף'ן פראָגראם דער צווייטער געגענשטאנד, א פרעמדער פאלטאָ. וועמעס ער איז, האב איך ניט בעדארפט פרעגען, איך האב שוין אליין פערשטאנען.

מיין פאנטאזיע האט מיך אלזאָ ניט בעטראָגען. איך האב אתמעראעסען, בלויז אום עפעס צו רעדען, געפרעגט יעגאָר'ן, ווער עס איז דאָ אין הויז. ער האט מיר אָנגערופען טרוכאטשעווסקי'ס נאמען. דאן איז מיר איינגעפאלען צו פרעגען,

אויב נאך יעמאנד איז דא. אבער ער האט געזאגט, אז אויסער דעם מחיקער, איז קיין פרעמדער פערהאנדען אינ[illegible].

איך געדענק, ווען יענאר האט מיר דיא לעטצטע ווערטער געזאגט, האט עס אויסגעזעהען, אז ער האט מיך געוואלט אזוי וויא בערוהיגען, אונד זאגען, אז אויסער איין שופט איז קיין אנדערער ניטא.

„אונד דיא קינדער?“ האב איך געפרעגט.

„זייא זיינען גאט דיא דאנק געזונד,“ האט ער געענטפערט, „אונד זייא שלאפען שוין זייט לאנג.“

דערבייא האב איך געשפירט א ציטערן אין מיינע קניען אונד וויעדער דיא לופט־פרעסונג, וואס האט מיך לעטצטענס אזוי אפט געשטיסט. פלוצלינג האב איך מיך דערמאהנט אן דעם וואס איך האב פריהער געדענקט, אז איך וועל אהיים קומען, זיא טרעפען שלאפענדיג אין אונשולד —

„אונד יעטצט!“ האב איך געמורמעלט כאפענדיג דעם אטהעם, „איז דיא לעטצטע שפור פון דיעזער האפנונג פערשוואונדען.“

אלע מיינע שוידערהאפטע געדאנקען, האב איך געטראפען בעשטעטיגט. איך האב געשפירט א גרויסען שמערץ, אונד איך האב געוואלט ווייגען. מיין שטימע האט אונווילענדיג געזאגט:

„וויינען? דומקאפ! לאז דיך ניט הינרייסען פון דיינע ווייכהערציגע געפיהלע, דאמיט זייא זאלען זיך דערוויל קענען שיידען, אונד דוא וועסט בלייבען דערזעלבער נאר וויא פריהער, ניט האבענדיג אפילו קיין בעווייזע איבער איהר שולד.“

איך האב באלד ערוואכט. קראפט, שנעללקייט, מוטה אונד ענטשלאסענהייט זיינען אין מיר ענשטאנדען. איך האב געזעהען דיא נויטהווענדינקייט פון באלדיגער האנדלונג אונד טהעטינקייט. איך בין פלוצלינג געווארען א וויטהענדעס אבער דענקענדעס טהיער.

„עס איז ניט נעטהיג, מען דארף ניט!“ האב איך געזאגט צו יענאר'ן איהם צוריק האלטענדיג, אלס ער האט געוואלט אריין געהן אין זאלאן אנצייגען מיין אנקונפט. „געה, נעהם זאפארט א פוהרמאן אונד ברענג מיר מיין געפעק. דא האסטו דיא קוויטונג. געה שנעל!“

ער האט בייא מיר גענומען דאס שטיקעל פאפיר אונד איז אוועק דורכ־ פיהרען מיין אויפטראג.

אום ער זאָל קיינעם ניט אויפמערקזאם מאכען, אָדער דערשרעקען, בין איך איהם נאכגעגאנגען זעהען אויב ער איז אוועק. אלס איך האב מיך צופריעדען גע־שטעלט, בין איך צוגעגאנגען אויף דיא שפיטץ פינגער נאָהענט צום זאלאָן אונד איך האב געהערט א קלאפעריי א פון טעלער מיט מעסערס.

„דיא העררשאפט אונטערהאלט זיך אזוי שפעט,“ האב איך מיר געטראכט קריצענדיג מיט דיא ציינער, „נאטירליך מוז מען שפעט עסען, ווען מען איז אויף אזוי שפעט ביי דער נאכט“...

מיין העכסטער וואונש איז געווען, דאס איינער פון זייא זאָל מיך ניט בע־מערקען, איידער איך בין פערטיג צו מיין ארבייט.

אָבער וואס איז מיין ארבייט? דאס האב איך נאך ניט געוואוסט. איין זאך איז מיר געווען בעקאנט, אז באלד וועט עפּעס שרעקליכעס פּאסירען.

איך האב מעהר ניט געצווייפעלט אין איהר שולד. מיין איינציגער געדאנק איז געווען, וויא מיך נוקם צו זיין.

אליין, ביי דער נאכט מיט איהם? איז דאס אליין ניט קיין פערברעכען? אָבער ווער זאגט מיר, אז זייא זיינען שוין דערביי געבליעבען שטעהען? אזוי שפעט ביי נאכט! יא, איך האב געגלויבט, אז דאס ערגסטע איז שוין געשעהען!

יא, איך בין אין א געוויסער בעציהונג געווען רוהיג אונד געקענט דענקען אונד איבערלעגען. דיא פראגע, ווארום דער זאלאָן איז בעלייכטעט, איז מיר באלד בעענטפערט געוואָרען: ער איז דאך געוויס ערשינען דאמאלס, ווען דיא דיענער־שאפט האט איהם געזעהען, דאס קען זיא דאך ניט פערלייקענען. אויסצולעשען נאכהער דיא ליכט, וואלט געווען א בעשטעטיגונג פיר יעדען פון איהר פערברעכען. זיא האט בעסער געלאָזען ברענען דיא ליכט אונד... איך האב געשווידערט.

נאָר איין זאך האט מיך געשראָקען, אונד דאס איז געווען, זייא זאָלען ניט ענטלויפען, איידער איך האב געקענט דורכפיהרען וואס איך וויל. דאן האב איך געהערט פון דיא ווייטע שטימען אונד געאורטהיילט, אז זייא זיינען נאָר ניט אין זאלאָן, זאָנדערן אין צימער נעבען זאלאָן.

יעדער שאטען פון צווייפעל איז שוין פערשוואונדען! זיא איז שולדיג! ביידע זיינען שולדיג, אונד זייא זאָלען ליידען!

ווייטער אויף דיא שפיטץ-פינגער, בין איך צוריק געגאנגען איבער דעם קאָר־רידאָר, אונד מיר פאָרגעשטעלט וואס זיא וועט דענקען, ווען זיא וועט מיך ערבליקען.

איך האב געוואוסט, אז דאס בלוט וועט פערגליווערט ווערען אין איהרע אָדערן, אונד דאס האט מיך געפרייט.

איך בין אונטערדעסען אריין אין מיין צימער, אונד דער ווייכהערציגער שמערץ, האט מיך ווידער ערגריפען. איך האב מיך דערמאָהנט אן דיא קינדער, אונד אומפאלענדיג אויף מיין סאָפא, האב איך אויסגעבראָכען אין א העפטיגעס געוויין.

„איך בין איין אָרענטליכער מענש,“ האב איך צו מיר אליין געזאגט, „א טאַטען׳ס א קינד, וועלכער האט אימער געדענקט אונד געטראכט וועגען דעם גליק פון מיין פאמיליען־לעבען, אונד איך האב קיינמאָל ניט, זייט איך האב חתונה גע־האט, געבראָכען דעם טרייהייט צו מיין פרוי... אונד זיא! א מוטער פון פינף קינדער... זיא אומארמט יעטצט דעם מוזיקער, ווייל ער האט א ווייסען האלז מיט רויטע ליפען... אונד מיר האט זיא אזוי געשריעבען, אזוי שענדליך אָבגענארט... וואס ווייס איך? פיעללייכט איז עס אימער אזוי געוועזן, פיעללייכט זיינען גאָר דיא קינדער, וועלכע זיא זאָגט, אז זייא זיינען מיינע, דער רעזולטאט פון א צוזאמענקונפט מיט דיא דיענער? אונד ווען איך וואָלט מאָרגען געקומען, דאן וואָלט זיא מיר ענטקעגען געקומען, שעהן אויסגעפוטצט, מיט א שמייכעלע אויף איהרע ליפען, אונד מיט בעסטיאלישער אונשולד מיך ווידער אָבגענארט! וואס דענקט דאס קינדער־מעדכען אונד דער פראָסטער דיענער יעגאָר... אונד דיא ארמע ליזא? ווען זיא איז אפילו ניט מיין קינד, האב איך זיא דאָך ליעב, אונד זיא איז שוין גאנץ פער־שטענדיג. — אונד דאס אלעס איז, אום איהר תאוה, אום איהר קערפערליכען נענוס צו ערפיללען!“

איך האב געוואָלט אויפשטעהן, אָבער איך האב ניט געקענט. מיין הערץ האט ווידער פירכטערליך געקלאפט, אונד דיא פיס זיינען מיר געוועזן וויא אונטערגעהאקט. איך האב מורא געהאט, איך זאָל ניט שטארבען פון הערץ־שלאג.

„מיט מעהרערע מענשען האט עס שוין אזוי פאסירט,“ האב איך ווייטער גע־ברומט שטילערהייט. „אונד וואס איז דאס פאר א וואונדער? קען דען ניט אזא ווייב טרייבען צים טויט? אונד וויא זיא וואָלט זיך דאן געפרייט! זיא וואָלט מיך געירשה׳ענט, געהאט א סך געלד, געטהאָן וואס זיא וויל אונד פערקעהרט מיט אלע לומפען, אבי צו ערפיללען איהר תאות... זיא וואָלט געשפיעלט נאך אמאל דיא קרייצער סאָנאטע, אום צו ערוועקען איהר רייץ... אונד איך, דומקאָפ, ליעג דערווייל דאָ, וועהרענד זייא קושען זיך אונד לאכען... ניין, ניין, ער האט אָנגעגעסען

איהר ליעבע, אפילו ווען זיא איז ניט אזוי יונג... דאן איז זיא דאך איבערהויפט ניט מיאוס, אונד דיא הויפטזאך איז, זיא קען דאך ניט נעפעהרליך ווערען פיר זיין קאסטבארע געזונדהייט... ווארום האב איך זיא ניט דאמאלס דערוואָרגען, מיט אכט טעג צוריק, ווען זיא איז געווען אין מיין צימער ?"

איך האב מיך גאנץ גוט עראינערט אן יענעם צושטאנד, אונד איך בין זיכער געווען, אז איך האב אין מיר בעזעסען גענוג וואוטה אום זיא צו ערמאָרדען. איך האב בעדויערט ווארום איך האב פערנאכלעסיגט דיא געלעגענהייט.

„עס וואָלט בעסער געווען דער שמערץ," האב איך געטראכט. „צו צווייפלען אין איהר שולד, שוין נאך דעם וויא זיא איז טויט, אלס צו זיין איבערציינט, אז זיא איז שולדיג, אונד ענטרייסען דיא ליעבע אונד פליכט פון דיא אונשולדיגע קינדער !"

איך האב געוואָלט אויסשרייען וויא א פערוואונדעטער הונד, אָבער איך האב דערשטיקט דיא שטימע אין מיר. קראפט אונד מאכט האבען צוריק געקעהרט מיט גרויסער שנעללינקייט, אונד איך האב, פאר אלעמען, אויסגעצויגען מיינע שטיוועל. איך בין אויפגעשטאנען אין דיא זאָקען. דאן האב איך אויסגעשטרעקט מיין האנד צו דער וואנד, איבער דער סאָפא, וואו מיינע געוועהרען זיינען געהאנגען. איך האב פון דאָרט ארונטער גענומען נאך איין אונבענוטצטען דאמאסצענער קינושאל. דאס איז געווען א צווייא־שארפיגעס קרומעס שטיך־מעסער. איך האב דערפון ארונטער געצויגען דיא לעדערנע שייד, וועלכע איז ארונטער געפאלען צווישען דער סאָפא.

איך עראינער מיך, אז איך האב געדענקט, דאס איך מוז דיא שייד נאכהער אויפזוכען אונד צוריק לעגען אויף איהר פלאטץ, זאָנסט וועט זיא פערלוירען געהען. דאן האב איך אויסגעצויגען מיין פאלטאָ, וועלכען איך האב נאך אימער געטראגען אויף מיר. דערצו האט מיך געצוואונגען דיא גרויסע ווארעמקייט אונד איך האב געשפירט, אז צו מיין ארבייט קען ער מיך הינדערן.

איך האב אָנגעהויבען צו געהען מיט לייכט שריט צום זאלאָן. וויא אזוי איך בין געגאנגען, געדענק איך ניט. אויב לאנגזאם אָדער געלאָפען, קען איך גענוי ניט זאגען, אָבער איך בין געווען גענוג פאָרזיכטיג, מען זאָל מיך ניט הערען. איך האב געדעכענט, אז זייא זיינען נאך אימער אין געבען־צימער, נאָר ווען איך האב געעפענט דיא טהיר, זיינען זייא שוין געווען אין זאלאָן.

27.

דער אויסדרוק פון איהר געזיכט, ווען זיא האט מיך ערבליקט, איז געוועזען שרעקליך. אָבער דאס האט מיך געפרייט. איך וועל ניעמאלס פערגעסען דיא טויט־שרעקען, ערשטוינען, איבערראשונג אונד ווילדהייט, וואס האט זיך אין יענער מינוט אָבגעשפּיעגעלט אויף איהר געזיכט. עס האט אויסגעזעהן וויא איין אבערגלויבישער מענש ערבליקט אין דער פינסטער אויפשטייענדיג דיא פיגור פון זיין טויטען שונא.

ער איז, דאכט מיר, געזעסען נעבען איהר ביים טיש, אָבער ער איז גלייך אויפגעשפּרונגען אונד זיך געשטעלט מיט'ן ריקען נעבען א גרויסען קליידער־שראַנק. זיין געזיכט האט אויך אויסגעזעהן שטארק דערשראָקען.

אָבער, פּלוצלינג, האט זיך דיא מיענע אויף איהר געזיכט געוועקסעלט. איך בין מודה ומתודה, אז ווען זיא וואָלט ניט אָנגעפאנגען וויעדער אמאל, אונד גראדע דאמאלס, צו שפּיעלען איהר אלטע ראָלע פון פערשטעלען, וואָלט עס פיעללייכט אנדערש געווען. אָבער דיא מיענעם אויף זייערע ביידען'ס געזיכטער, האבען זיך זעהר אָפט געוועקסעלט, אונד פאַרגעשטעלט צאהלרייכע בילדער פון זייערע געדאנקען.

אויף זיין פּנים, האב איך געלעזען, אז ער פרעגט זיך אליין, אויב עס וועט איהם געלינגען מיך אָבצונארען. ווען יא, דאן מוז ער עס זאָפאָרט פּראָבירען, אונד ווען נים, דאן דארף ער, אלס ערפאהרענער אין אזעלכע סצענעס, עטוואס אנדערש פּראָבירען.

אָבער וואס איז דאס? זיין בליק ווענדעט זיך צו איהר, אונד איך לעז אין דיעזען בליק א פראגע. זיא וויעדער ערווידערט דיעזען בליק מיט א צווייטען, וויא איינער רעדט: „דער דומקאָפּ שטערט אונז.“ איהר געזיכט, איהרע מיענען, האבען מיך שיער פערריקט געמאכט אויס צאָרן.

דעם קינזשאל האב איך דערווייל געהאלטען מיט מיין רעכטער האנד אויף דעם ריקען, זייא זאָלען איהם נים זעהען. אין דיעזען אויגענבליק, האט זיך בעוויעזען אויף זיינע ליפּען א שמייכעלע, אונד מיט א נאטירליכער קאלטבלוטיגקייט, האט ער געזאגט:

„אונד מיר האבען געשפּיעלט“...

„דאס איז אונערוואַרטעט.“... האט זיא דאן אָנגעפאנגען מיטה פאסענדיג, נאכדעם וויא זיא האט געהערט זיין שטימע.

זיא האבען אָבער ביידע ניט געקענט ענדינען וואס זיא האבען געוואָלט זאגען.

אהא! איך האב מיך דערפרייט! איך האב געשפירט א געוואָלטיגע לוסט צו מאָרדען!

עס איז קיין צווייפעל, אז מיין געזיכט האט פאָרגעשטעלט דיא שווידערהאפ־טינקייט זעלבסט. איך האב מיר געמערקט וויא אין זייערע בליקען צו מיר, איז גע־לעגען דיזעלבע שרעק, וויא צור צייט וואס א שוואכער אונד הילפלאָזער מענש, זעהט זיך אין דער געוואָלט פון א ווילדער חיה.

מיט איין שפרונג בין איך געווען נעבען איהר. דעם קינזשאַל האב איך נאך אימער געהאלטען הינטער מיין ריקען, דאמיט טרובאטשעווסקי זאָל מיך ניט שטערען. איך האב שוין פאָלשטענדיג געוואוסט וואס איך וועל טהון — אריין שטעכען דעם קינזשאל אין איהר זייט, אונטער דער ברוסט.

אָבער אין נעכסטען אויגענבליק, האט ער בעמערקט דעם קינזשאַל, אונד אָנ־געכאפט מיין האנד, וועלכעס איך האב פון איהם ניט ערוואַרטעט.

„וואס איז מיט אייך, מענש!" האט ער געשריען, „וואס ווילט איהר טהון? הילפע! רעטעט!"

איך האב מיט איין בעוועגונג, אויסגעריסען מיין האנד, אונד מיך אויף איהם געוואָרפען מיט אזא וואוטה, אז איך האב פערגעסען אן דעם קינזשאַל, אונד איהם געוואָלט צעררייסען מיט דיא צייהן.

ער האט געוויס גערעכענט, אז זיין לעטצטע שטונדע האט שוין געשלאָגען, דען זיין געזיכט האט אויסגעזעהן אזוי בלאַס וויא דיא וואנד, זיינע אויגען האבען זיך אָנגעפאנגען צו שליעסען אונד עפענען, אונד, וויא יעדער פיינלינג. שופט, האט ער זיך אויסגעריסען אונד ענטלאָפען אין נעבען־צימער.

איך האב איהם געוואָלט נאכלויפען, אָבער א גרויסע אונד שווערע משא האט זיך פלוצלינג אויפגעהאנגען אויף מיין לינקען ארעם. אנפאנגס האב איך ניט פער־שטאנען, אין מיין איבערראשונג, פון וואנען דאס קומט. אָבער א בליק צוריק, האט מיר געצייגט, אז זיא איז עס. איך האב מיך געוואָלט אויסרייסען, אָבער זיא איז געהאנגען נאך שווערער אונד מיך ניט אבגעלאָזט.

עס זעהט אויס, אז איך האב אויף אזא אנערוואַרטעטע שטערונג ניט גע־האָפט. איהר בעריהרונג ווידער, האט מיך נאך שרעקליכער צורייצט אונד דיא העכסטע שטופע פון צאָרן אונד האס, איז אין מיר ענטשטאנדען. איך האב מיט אויסעראָרדענטליכער קראפט בעוואוינען מיין לינקע האנד, מיך אויסגעריסען. אונד

איהר געטראָפפען מיט מיין עלענבויגען צווישען איהרע אויגען, מיט אזא העפטיגער מאכט, דאס איך האב געדענקט, מיין ביין האט זיך אָנגעשלאָגען אן איין אייזען. זיא האט ארויס געלאָזען א שמערצהאפטען געשרייא אונד איז צוריק געשפרונגען, צולענענדיג ביידע הענד צו איהר געזיכט.

איך האב געוואָלט טרוכאטשעווסקי'ן נאכלויפען, טראכטענדיג, אז איך וועל שוין מיט איהר דערנאך פערטיג ווערען. עס איז מיר אָבער דערוויל איינגעפאלען, אז ער איז שוין געווים אויף דער גאַס, אונד עס וועט אויסזעהען צו לעכערליך איהם צו פערפאָלגען אין דיא הוילע זאַקען.

ניין! איך האב ניט געוואָלט ערשיינען לעכערליך, זאָנדערן שרעקליך! טראָטץ דעם שרעקליכען צאָרן וואס האט מיך בעהערשט, בין איך דאָך געבליעבען בייא מיינע געדאנקען אונד איבערלעגונג. איך קען זאגען מיט זיכערהייט, אז יעדע פון מיינע האנדלונגען, איז דאמאלס געוועזען אויף אזוי וויט אויסגערעכענט, וויא נאָר א מענש קען זיך פאָרשטעלען אונטער אזעלכע אומשטענדען.

איך האב מיך אומגעווענדעט. זיא איז געזעסען אויף א וויכען שטוהל, האל־טענדיג דיא הענד בייא איהר געזיכט, אונד מיך אָנגעקוקט. איהר מויל האב איך געקענט זעהן גאַנץ גוט. דאס האט אויסגעדריקט שרעק אונד האס געגען מיר. עס איז מיר פאָרגעקומען אונגעפעהר וויא דיא מויז זעהט אויס, בשעת דיא קאַטץ האט זיא געפאנגען צווישען איהרע לאַפּעס.

איך, ווענינגסטענס, האב געלעזען אין איהר גאַנצער בענעהמונג, מורא פאַר מיין אויפרעגונג אונד האס דערפאַר, ווייל איך האב געשטערט איהר ליעבע צו אנאַנדערען.

נאך צווייפעל איך, אויב איך וואָלט דיא לעטצטע שרעקליכע סצענע דורכ־געפיהרט, ווען זיא וואָלט געשוויעגען. פיעללייכט וואָלט איך זיא געשלאָגען, אָדער מיך אָבגעווענדעט מיט פעראכטונג נאכדעם וויא איך וואָלט זיא ארויס געוואָרפען פון הויז. אָבער זיא האט אָנגעהויבען צו רעדען, אונד זיך אויפהויבענדיג פון דעם שטוהל, האט זיא געוואָלט נרייכען מיין האנד מיט דעם קינושאַל. איך האב אָבגע־ווענדעט דיא האנד, אונד זיא האט געזאגט:

„בעזינן דיך! קום צו דיין פערשטאנד! וואס ווילסטו טהון? וואס איז מיט דיר? עס איז נאר ניט געשעהען, גאָר ניט! איך שווער עס דיר!"

זיא זאגט מיר עס איז גאר ניט געשעהען! אונד שווערט מיר! דיא? דיעזע בערוהיגענדע ווערטער, האבען איבער מיר געמאכט גראדע א געגענדאיינדרוק. עס איז שוין געוועזען צו פיעל, איך זאָל נאך ווארטען. דיא אונפערשעהמטהייט פון איהר

איז צו ווייט נעגאנגען. עס איז מערקווירדיג, אבוואהל איך האב נעוואוסט, אז איך האב מיט איהר מעהר ניט וואס צו טענה'ן, האב איך דאך נעענטפערט:

„שווייג, אונפערשעהמטע! ווער פערשטומט, ליגנערין! אך ניט מיך נאך יעטצט צו נארען!"

איך האב זיא אנגעכאפט מיט מיין לינקער האנד, אבער זיא האט זיך אויס־נעריסען. דאן האב איך זיא ערגריפען צום צווייטען מאל מיט דער לינקער האנד ביים האלז, זיא אניעדער נעווארפען צו דער ערד. דעם קינזשאל האב איך נאך אימער געהאלטען אין דער רעכטער האנד, אבער א נעוואלטיגער חשק האט מיך אנגעכאפט, זיא צו דערווערגען. זיא האט אבער מיט איהרעביידע הענד, אבגע־ריסען מיין האנד פון איהר האלז.

דאן האב איך פעסט צונעדריקט איהר קערפער מיט מיין קניע, ארויף נעלעגט מיין לינקע האנד אויף איהר ברוסט, מיך שטארקער צונעבוינען, אונד אריין גע־שטאכען דעם קינזשאל, טיעף, צווישען איהרע ריפען, אין דער לינקער זייט.

ווען מענשען בעהויפטען, אז ווערענד א שרעקליכען כעס, ווייסען זייא ניט וואס זייא טהון — איז דאס ניט אמת! עס איז א ליגען! איך האב נעוואוסט אלעס וואס איז פארגעגאנגען אין יעדען אוינענבליק. וואס מעהר דיא פירכטערליכע וואוטה האט נעוואקסען, אלץ דייטליכער האבען נעהאנדעלט מיינע גדאנקען, וועלכע האבען נעהאט איין בלוטדורסטיגען ציעל. איך קען ניט זאגען, אז דיא איינצעל־הייטען זיינען מיר פריהער נעוועזן אלע בעקאנט, אבער איך בין זיכער, אז ווערענד דער טהאט, האב איך גאנץ גוט געוואוסט פון מיינע האנדלונגען.

עס האט מיר אויסגעזעהען, אז איך וויים גאנץ גוט, דאס שפעטער קען איך חרטה האבען, אונד איך האב מיך נעקענט גאנץ גוט בעהערשען, ווען איך וואלט נאר געוואלט. אבער מיין וואונש איז נעוועזן צו מארדען, אונד דאס האב איך גע־טהאן. דער מאמענט איידער איך האב איהר אריין געשטאכען דעם קינזשאל, איז מיר נעוועזן גאנץ קלאר. דאן גערענק איך, וויא דער קארסעט האט מיך אביסעל נעהינדערט, אונד דאן האב איך געשפירט וויא דאס מעסער נעהט אין וויכען אונד איך שטויס אלץ טיעפער. זיא האט אנגעכאפט מיט איהרע ביידע הענד דעם קינזשאל, זיא האט זיך אבער שטארק צושניטען אונד ניט נעקענט אבהאלטען מיין מערדערישע טהאט.

בשעת איך בין געזעסען אין נעפענגניס, האב איך זעהר פיעלע מאל נאכגע־דענקט איבער יענע מאמענטען, אונד יעדע איינצעלהייט איז פאר מיר ערשיענען מיט דער גרעסטער דייטליכקייט איך האב אויך נעדענקט, אז איך מארדע

א שוטצלאַוז פרוי, וועלכע האט זאָגאר קיין מעגליכקייט זיך צו פערטהיידיגען.

ווען איך בין געוועזן איבערציינט, אז דער לאַנגער קינזשאַל האט שוין געוויס געגרייכט יענע טהיילען, אז וואו ער שטעכט בעדייטעט טויט, האב איך איהם ארויס געצויגען, שנעל אונד האסטיג.

וואס האב איך געמיינט דערמיט? יא, אויך דאס געדענק איך. איך האב פלוצלינג חרטה געהאט אויף דעם וואס איך האב געטהאָן, אונד איך האב געוואָלט אלעס ווידער ענדערן, דאס הייסט, זיא זאָל ניט שטארבען, איך זאָל ניט זיין איהר מערדער.

זיא איז אויפגעשפרונגען אונד אויסגעשריען: „ניאניא! ער האט מיך ערמאָרדעט!" דאס קינדער-מעדכען, וועלכע האט געהערט דעם ליארם אונד ערוואכט, איז גראדע צוגעקומען צו דער טיהר אונד איז געבליעבען שטעהען. איך בין אויך געשטאַנען, געקוקט פערווירט, ניט געוואוסט וואס צו טהון, אונד עפעס איז מיר פאָרגעקומען אונגלויבליך איבער דעם וואס איז געשעהן. דאן האב איך געזעהן א שטראָם בלוט ארויס פליסענדיג פון איהר זייט אויף דעם קלייד, אונד איך האב בעגריפען וואס עס האט פאסירט. איך האב פערשטאַנען, אז אלעס איז פאָראיבער, אזוי האב איך געוואָלט, אזוי איז געשעהן, אונד — אזוי האט עס געמוזט זיין!

איך האב געוואַרט ביז זיא איז אומגעפאלען. דאס מעדכען איז צוגעלאָפען מיט א געשרייא: „מיין גאָט!"

דאן האב איך אוועק געוואָרפען דעם קינזשאַל אונד בין אוועק צו מיין צימער.

„איך דארף מיך ניט אויפרעגען," האב איך געטראכט, „איך טאָר ניט זיין איבערראַשט, אונד מוז וויסען וואס איך האב צו רעדען."

איך האב שוין צוריק ניט געקוקט. איך האב געהערט מיין פרוי'ס שטימע, רופענדיג דיא גאָווערנאַנטע. פארבייגעהענדיג דעם קאָרידאָר, האב איך אריין געשיקט צו איהר דיא גאָווערנאַנטע. דאן בין איך אריין אין מיין צימער.

„וואס זאָל איך יעצט טהון?" האב איך מיך געפרעגט. איך בין שוין געווען גאַנץ רוהיג, אונד איך האב אָנגעפאַנגען אויסצואַרבייטען א פּלאַן.

איך האב אָנגעצונדען א לאָמפּ, אונד א קוק געבענדיג אויף דער וואַנד מיט געוועהר, האב איך צו מיר געטורמעלט א צופריעדענעם „גוט!" אויסשטרעקענדיג דיא האנד, האב איך אַרונטער גענומען א רעוואָלווער. איך האב איהם בעטראכט

אונד געזעהען, אז ער איז געלאדען. דאן האב איך איהם לאנגזאם אוועק געלעגט אויף'ן טיש. אין דערזעלבער צייט האב איך מיך דערמאהנט אן דער שייד פון דעם קינזשאל, אונד מיך אנבוינענדיג, האב איך איהם אויפגעהויבען פון צווישען דער סאפא. אבער א שרעקליכע מיעדקייט האט מיך בעפאלען, אונד מיין קערפער איז צוריק געזונקען אויף דער סאפא.

א היבשע צייט בין איך אזוי געזעסען, אהן געדאנקען, אהן ערראינערונג. עס האט אויסגעזעהען, אז גראדע וויא מיין קערפער קען זיך נים ריהרען פון גרויסער אנשטרענגונג, אזוי איז עס אויך געוועזן מיט מיין געהירן. איך האב אבער אונטער־רעסען געהערט כמעט אלעם וואס עס איז פארגעגאנגען אין הויז. איך האב געהערט וויא יעמאנד איז צוגעפאהרען פאר דער טיהר, דאן נאך יעמאנד. איך האב געהערט אונד געזעהען, וויא יעגאר איז געקומען אונד אהיים געבראכט דאס געפעק. צו וואס האט דאס מיר געטויגט?

„האסטו געהערט וואס עס איז געשעהען?" האב איך איהם געפרעגט. ער האט וואהרשיינליך שוין געהערט, דען ער האט ארונטער געלאזען דעם קאפ אונד געשוויעגען.

„געה זאג יעמאנדען פון דער דיענערשאפט," האב איך ווידער אנגעפאנגען, „ער זאל דאריבער אנזיינען דער פאליצייא."

יעגאר האט גאר נים געענטפערט אונד איז אוועק.

איך האב מיך געשפירט אביסעל קרעפטיגער נאך דעם רעדען מיט יעגאר'ן. איך בין אויפגעשטאנען, גענומען א ציגארעטע, אנגעצונדען אונד אנגעפאנגען צו רויכען. איך האב אונטערדעסען צוגעשלאסען דיא טהיר, אונד אלס איך בין נאך נים פערטיג געווארען מיט דער ציגארעטע, האב איך געשפירט אזא מיעדינקייט אין מיינע אויגען, דאס איך האב מיך צוריק געזעטצט אויף דער סאפא, אונד בין זאפארט איינגעשלאפען.

איך האב געשלאפען אונגעפעהר א פאאר שטונדען. איך געדענק, אז איך האב געחלומ׳ט, דאס איך מיט מיין פרוי זיינען ווידער פריינדליך געוועזן צו אנאנ־דער, אז מיר האבען זיך געקריעגט אונד נאך אמאל איבערגעבעטען.

מיך האט אויפגעוועקט א קלאפען אין דער טהיר.

„דאס איז דיא פאליצייא," האב איך מיר געטראכט ערוואכענדיג. „ריכטיג, איך האב דאך בעגאנגען א מארד. אדער פיעללייכט איז עס גאר נים דיא פא־ליצייא אונד עס איז גאר נים געשעהן." — איך האב מיר געריבען דיא אויגען אונד

מען האט נאך אמאל אַנגעקלאפּט. איך האב ניט געענטפערט, אונד מיך בלויז געפרעגט :

„האט דאס ווירקליך פּאסירט ? — יא, יא, איך האב זיא דערשטאכען !“

איך האב מיך באלד ערינערט אן איהר קאָרסעט, וועלכער איז געוועזען האַרט צום דורכשטעכען, דאן, וויא עס איז געוועזען ווייך, אונד וויא איך האב געזוכט צו טרעפען אין איהר הערץ.

„יא, געוויס,“ האב איך געמורמעלט, „עס איז ניט געוועזען קיין חלום, זאָנדערן א ווירקליכקייט, אונד יעטצט מוז איך מאכען א סוף פון מיין אייגענעם לעבען.“ אָבער וועהרענד איך האב דאס איבערגעדענקט, האב איך גאַנץ גוט געוואוסט, אז איך וועל מיך ניט הרג'ענען. איך האב אונטערדעסען ערגריפען דעם רע־וואָלווער.

מערקווירדיג ! איך האב מיך ערינערט וויא אָפט עס איז מיר שוין געקומען אויף דיא געדאנקען מיר צו נעהמען דאס לעבען, אונד אויף דער באהן, וויא ענט־שלאָפען איך בין שוין געוועזען דערצו. איך האב אימער געדענקט, וויא דאס וועט זיא דערשרעקען. אָבער צו דיעזער צייט, בין איך שוין ניט מעהר פעהיג געוועזען מיר אריין צו יאָגען א קוגעל אין דיא שלייפען.

„איבעריגענס,“ האב איך געטראכט, „צו וואס זאָל איך דאס טהון ?“ איך האב מיר דארויף ניט געקענט געבען קיין ריכטיגען ענטפער.

מען האט שוין צום דריטען מאל אַנגעקלאפּט אין דער טיהר, אתד איך האב געמוזט זעהען ווער דאָרט איז. איך האב אוועק געלעגט דעם רעוואָלווער צוריק אויפ'ן טיש, איהם צוגעדעקט מיט א צייטונג, צוגעגאַנגען צו דער טיהר אונד געעפענט דעם ריגעל.

עס איז געוועזען מיין פרוי'ס שוועסטער, א גוטע אונד איינפאכע פרוי.

„שוואָגער,“ האט זיא געזאגט מיט טרערען אין דיא אויגען, „וואס האט איהר געטהאָן ?“

„וואס ווילט איהר ?“ האב איך זיא געפרעגט אין א בעזען טאָן. איך האב געוואוסט, אז איך דארף מיט איהר ניט רעדען גראָב, ווייל זיא האט עס זיך ניט פערדיענט. אָבער איך האב קיין אַנדערן טאָן ניט געקענט געפינען צו מיין שטימע.

„שוואָגער !“ האט זיא ווייטער געזאָגט, וועהרענד דיא טרעהרען זיינען גע־לאָפען פון איהרע אויגען, „זיא שטאַרבט ! איוואן פעאָדאָראָוויטש האט עס געזאגט.“

איזהאַן פעאָדאָראָווימש אין געווען דער דאָקמאָר — איהר דאָקטאָר אונד
יועץ.

„איז ער דען דאָ ?" האב איך ווידער געפרעגט אין צאָרן.

„וואס ווילט איהר יעמצט, שוואָגער ? זאָל ער זיין. געהט אריין צו איהר ;
עס זיינען דיא לעטצטע מאָמענטען."

„זאָל איך צו איהר געהן ?" האב איך מיך געפרעגט. עס איז נים געווען זעהר
אנגענעהם, אז אזא מאן וויא איך, וועלכער האט דעשטאָכען זיין ווייב, זאָל געהען
אונד שטעהן בייא איהר גסיסה.

„אָבער עס איז דאָך אזוי דיא מאָדע," האב איך מיר ווייטער געטראכט,
„איך מוז געהען. איבעריגענס, וואס קען איך דאָ צולעגען ? איך וועל נאך
ציים האבען שפעטער, מיר צונעהמען דאס לעבען. יעמצט, נאטירליך, וועל איך
הערען קולות, קלאגען, פלאגען אונד אנדערע עקעלהאפטע סצענעס ; אָבער קיין
זאך וועט מיך ריהרען."

מיין שוועגערין האט נים געוואוסט וואס איך דענק, אונד אימער וויינענדיג
אין דער שטילל, האט זיא זיך אומגעווענדעט.

„ווארט אוים אביסעל," האב איך פלוצלינג געזאגט מיט אביסעל א ווייכערע
אָבער הייזעריגע שטימע. „עס פאסט דאך נים איך זאָל געהן אָהן שיך. איך וועל
מיר אָנטהאָן דיא פאנטאָפעל."

## 28.

דעם מענשעק'ס נאסור אין א געהיימנים. וויא איך בין ארוים געקומען אין
קאָרידאָר אונד ווידער אמאל ערבליקט מיין בעקאנטע הייזאטה, האט אין מיר
ערוואכט דיא האָפנונג, אז עס איז נאָר נים געשעהן, אונד אלעס וועט נאך גוט
ווערען. אָבער דער אונאנגענעהמער גערוך פון דיא ערצטליכע מעדיצינען — קלאָ־
ראָפאָרם אונד קארבאָל — האט מיך באלד דערמאָהנט, אז דאס ווערט פערוועג־
דעט צו איהר וואונד אונד איך האב שוין נים אויף וואס צו האָפען.

אריבער נעהענדיג דעם קאָרידאָר, נעבען קינדער־צימער, האב איך דערזעהען
ליזאָ'ן. איהר אוינעלעך זיינען געווען רויט אבער טרוקען. דאס ארמע קינד האט
וואהרשיינליך שוין פערגאָסען אזוי פיעלע טרערען, אז זיא האט מעהר נים געקענט
וויינען. איהר געזיכט האט פאָרגעשטעלט א גאנצע וועלט מיט שרעק אונד אנגסט.
מיר האט געדאכט, אז אלע 5 קינדער קוקען אויף מיר. אָבער איך האב מעהר נים

ציריק געקוקט, אונד צונעגאנגען צו דער טיהר. דאס קינדער-מעדכען האט געעפענט פון אינוועניג, אונד איז ארויס געגאנגען.

דאס ערשטע, וואס מיינע אויגען האבען ערבליקט, איז געווען איהר העלל־גרויעס קלייד, וועלכעס איז געהאנגען אויף א ביינקעל, אונד איז געווען האלב שווארץ פון בלוט. אויף אונזער דאפעל־בעט איז זיא געלעגען מיט אויפגעהויבענע קניען. איהר קאפ איז אויך געווען הויך אונטערגעבעט, וואהרשיינליך ווייל דער דאקטאר האט אזוי געהייסען. זיא איז געווען אנגעצויגען אין איין אויפגעקנעפעלטען ווייסען נאכט־יאק. דיא וואונד איז געווען עטוואס בעדעקט. א שטארקער גערוך פון יאדאפארם האט זיך געפיהלט אין צימער.

איך האב באלד בעמערקט איהר געשוואלענעס געזיכט, מיט בלויע פלעקען אויף דער נאז אונד צווישען דיא אויגען. דאס איז געווען פון דעם העפטיגען קלאפ מיט דעם עלענבויגען, ווען זיא האט מיך געוואלט צוריק האלטען איך זאל נים נאכלויפען טרוכאטשעווסקי׳ן. איהר שעהנהייט איז געווען פערשוואונדען, אונד אנשטאט דעם, האב איך געזעהן עפעס עקעלהאפטעס אין איהר.

איך בין נאך אימער געשטאנען פון וויטען. „געהט צו, שוואגער,״ האט דיא שוועסטער געזאגט. „פיעללייכט וויל זיא זיך מתודה זיין פאר מיר,״ האב איך גע־טראכט, „זאל איך איהר מוחל זיין?״ איך האב געוואלט זיין בארמהערציג. איך בין צוגעגאנגען גאנץ נאהענט. זיא האט מיט מיה אויפגעהויבען דיא אויגען צו מיר אונד מיך אנגעקוקט. איין אויג איז געווען שטארק געשוואלען. זיא האט אנגעפאנגען צו רעדען מיט א שוואכער שטימע. עס האט אויסגעזעהען, אז יעדעסווארט קאסט זיא לעבען.

„דוא האסט ענדליך ערר״יכט דיין ציעל,״ האט זיא געזאגט. „דוא האסט מיך ערמארדעט.״

פון איהרע אויגען האט אויסגעבראכען דער אלטער אונד קאלטער האס צו מיר, אונגעאכטעט דארויף, וואס דער טויט איז איהר שוין געשטאנען צו קאפענס.

„אבער,״ האט זיא ווייטער קוים געמורמעלט, „דיא קינדער... זייא וועל איך דיר נים געבען... זיא (דיא שוועסטער) וועט... זייא נעהמען.״

דאס וואס מיר איז געווען דיא הויפטזאך, זיא זאל זיך מודה זיין, דער צעהלען פון איהר פאלשקייט צו מיר, האט זיא נים געפונען פאר נעטהיג צו שילדערן.

יאַ," האָט זיא געזאָגט מיט איהרע לעטצטע כוחות. „פרעה דיך מיט דיין טהאָט"... זיא האָט געבליקט צו דער טיהר אונד אָנגעפאַנגען צו וויינען. דיא קינדער זיינען וועהרענד דעם אריין געקומען. „זעה, זעה, וואָס דוא האָסט געטהאָן... דוא האָסט זייא געמאַכט פאַר יתומים"...

איך האָב געבליקט צו דיא קינדער, אויף איהר, אויף איהר פערשוואָלענעם געזיכט, אונד צום ערשטען מאָל האָב איך פערגעסען אָן מיינע רעכטע, אָן מיין שטאָלץ — אונד, צום ערשטען מאָל האָב איך צו איהר געשפירט דיא סימפּאַטהיע וויא צו א מענשען, צו א שוועסטער. אַלעס וואָס איך האָב געליטען, האָט אויס־געזעהען פּלוצלינג פערשוואונדען נעגען דער עראינערונג פון מיין לעטצטער טהאַט. איך האָב איהר געוואָלט זאָגען: „פערצייהע מיר," אָבער איך האָב עס ניט גע־וואגט ארויס צו רעדען פון מיין מויל.

איהרע אויגען האָבען זיך צוגעמאַכט. דאַן האָט זיא אויפגעציטערט איהר פער־וואונדעטעס געזיכט, אונד אויסשטרעקענדיג איהר האַנד, האָט זיא מיך אָבגע־שטויסען לאַנגזאַם אָן א זייט.

„וואָרום, וואָרום," האָט זיא געמורמעלט וועהמיטהיג, „האָט דאָס אַלעס געמוזט אַזוי זיין?"

„פערצייהע מיר!" האָב איך געענטפערט.

„דיר פערצייהען, יאַ, ווען דוא וואַקסט מיך נאָר ניט געהרג'עט." בייא דיעזע ווערטער האָבען זיך איהרע אויגען געעפענט, אונד געבליקט ווילד, פיעבער־האַפט.

„פערצייהע מיר!" האָב איך נאָך אַמאָל געזאָגט.

„דאָס איז רומהייטען!" האָט זיא געשריען מיט א העפטיגער שטימע, „ווען איך זאָל נאָר ניט דאַרפען שטאַרבען! דוא האָסט אָבער עררייכט דאָס, וואָס דוא האָסט געוואָלט. — אך! וויא איך האָס דיך!"

דאַן האָט זיא אָנגעהויבען צו פאַנטאַזירען, אונד געשריען: „שיט מיך, איך האָב קיין מורא ניט! — מאָרדע אָבער אַלע! — ער איז אוועק! ער איז אוועק!"

דיא היטץ האָט געשטיעגען, אונד זיא האָט אפילו דיא קינדער מעהר ניט דערקענט.

אום מיטאָגצייט, אין דעמזעלבען טאָג, איז זיא געשטאָרבען. אונד איך האָב אַן איהר קיין וואָרט געהערט, וואָס זאָל בעשטעטיגען איהר שולד. איז זיא ווירקליך

שולדיג געווען? דאריבער צווייפעל איך נים. אָבער אויף וויא ווייס שולדיג? ווער קען דאס וויסען? טרוכאטשעווסקי קען דאריבער אורטהיילען.

איך בין אונטערדעסען, דאס הייסט, איידער זיא איז נאך געשטאָרבען, ארע־טירט געוואָרען. מען האט מיך פריהער געפיהרט אין דער פּאָליציע, וואו מען האט מיך גענומען אויף א קורצען פערהער. דאן האט מען מיך אריין געזעטצט אין גע־פענגניס, וואו איך בין אָבגעזעסען 11 מאָנאט.

איך האב גענוג צייט געהאט צו דענקען, אונד איך האב דאָרט גוט שטודירט מיין פערנאנגענהייט. וויא ווייט איך האב דיעזע פערשטאַנען, האט איהר געקענט הערען ביז יעטצט, וואס איך האב פאר אייך געשילדערט אין קורץ פון מיין געשיכטע.

מען האט מיר ערלויבט צו געהען נאך איהר לויה, אין דער בעגלייטונג פון א פּאָליציסט. ווען איך האב געזעהען איהר בלאסעס אונד טויטעס געזיכט — ניין, ווען איך האב זיא דערשטאָכען, אין יענעם מאָמענט, האב איך פערשטאַנען, אז מיין פרוי איז פאר מיר שוין לאנג טויט. אונד איך בין געווען דער יעניגער וואס האב זיא ערמאָרדעט. בליקענדיג וויעדער אין דיא טויטע געזיכטס־ציגע פון מיין פרוי, אויף איהרע פערשטאַרצטע גליעדער, האב איך פערשטאַנען, אז אלעס איז שוין פער־פאלען, אונד איך קען שוין גאָר נים פטרריכטען.

מיין פּראָצעס, וואס איך האב שוין איינמאָל דערמאָהנט, איז געווען וויא אלע פּראָצעסען פון דיעזער ארט. דיא ריכטער אונד דיא געשווארענע האבען אקצעפּטירט דיא לעטצטע טהאַטזאכע, דאס הייסט, איך האב געכאַפּט מיין פרוי מיט איין אנדערן, אונד איך האב זיא דערפאר ערמאָרדעט.

ערשטענס האבען זייא גאָר נים געקענט דענקען אנדערש, דאס איך האב זיא ווירקליך ענטדעקט מיט טרוכאַטשעווסקי'ן אין אזא צושטאנד, וועלכער האט מיך געבענט אויפרעגען צום פונקט פון מאָרדען. ווארום דען האב איך בעגאנגען דעם מארד? מען האט קיינע ווייטערע בעווייזע געזוכט דאריבער, אונד מען האט אויך קיינע בעווייזע געקענט פאָדערן. וואס טרוכאַטשעווסקי האט געזאגט, אלס עדות, אונד געקענט זאגען, האט מען איהם נים געוואָלט גלויבען. דארף מען דען האבען אן אנדערן בעוויז, וויא אז ער איז געווען מיט מיין פרוי, אין מיין אבוועזענהייט, איבער 1 אוהר נאך האלבע נאַכט אליין אין א צימער?

פיעלליכט האבען זייא געשפּראָכען פון מוזיק, גערעדט פון קונסט. אדער א דערגלייכען עטוואס? ניין, דאס ווערט דיא ווערדע ריכטער אונד דיא הערדען גע־

שוואַרענע קיינמאל ניט איינפאלען. זייא אלע ווייסען, אז א מאן מיט א פרוי קומען זיך נאַר צוזאמען, — איבערהויפט אזוי שפעט בייא נאכט, — אום קערפערליכען גענוס צו האבען.

דיא פרוי איז דאָך צו דיעזען צוועק געשטעלט געוואָרען; מען שטודירט דאָך מיט איהר דאזועלבע פון קינדוויין אויף.

יא, מען קען נאַר ניט בעגרייפען, וויא א פרוי קען אויך זיין א מענש, ווייל מען גיבט איהר קיין רעכט דערצו.

דיעזע זיינען געווען דיא הערשענדע געדאנקען אין געריכט־הויז.

דאן, וואס האט דאס מיט דיא ריכטער אונד געשוואָרענע צו טהון, צו אונ־טערזוכען אלטע אורזאכען? מען האט מיך ניט געפרעגט וויא איך האב פער־בראכט, אין פריוואט, מיט מיין פרוי, אונד ווער עס האט געקענט שולדיג זיין אין דעם, וואס טרובאטשעווסקי האט געהאט דיא מעגליכקייט צו צוקומען צו מיין פרוי אזוי שפעט בייא נאכט.

אזעלכע פראגען געבען איבערהויפט ניט. זיא איז געווען מיין פרוי, מיין דינ־נערין, מיין שקלאפין, מיין ווערקצייג, אונד זיא האט קיין זאך בעדארפט טהון, וואס איז געווען געגען דיא אנזיכטען פון מיין תאוה צו איהר.

נאטירליך, אזוי דענקט כמעט יעדער, אונד אזוי האבען וועניגסטענס דיא ריכטער מיט דיא געשוואָרענע געדענקט. זייא זיינען דאָך וועלטס־מענשען, אונד זייא ווייסען שוין וואָס עס איז רעכט אונד וואס עס איז אונרעכט.

אָבער ווער דער שולדיגער איז געווען, האב איך געוואוסט אמבעסטען. איך האב מיין אונגליקליכע פרוי צו אלעמען געטריעבען מיט מיין אייפערזוכט, אונד איך האב פטרדיענט דיא תליה, נאך מיט א היבשער צייט פריהער, איידער איך האב אריין געשטאָכען דעם קינזשאל צווישען איהרע ריפען.

„אבער איינס מיט דעם אנדערן האט ניט צו טהון אין אונזער גרויסער אונד קלוגער וועלט. מען האט אויסגעפונען — דאָרט אין געריכט־הויז, — אז איך האב ריכטיג, אָדער אַנדערש ניט געקענט האנדלען, אונד מען האט מיך בע־פרייעט!“

פּאָזדנישעוו איז געבליעבען שטילל. זיין גאַנצער קערפער האט געציטערט, אונד ער האט אָנגעפאנגען שטילל צו וויינען, אָבער דאס האט געריהרט מיין הערץ. זיין געזיכט האט אויסגעדריקט א גאַנצע וועלט מיט ליידען אונד יסורים.

„יא,“ האט ער פּלוצלינג געזאגט, „ווען איך וואָלט דאמאלס געוואוסט

דאס, וואס איך ווייס יעטצט, וואלט אנדערש געוועזן. איך וואלט דא גאר ניט געהייראטעט — ניין! פיר קיין זאך אין דער וועלט!"

עס איז געוועזן הערצרייסענד צו זעהען וויא דער ארמער פאזדניטשעוו האט געליטען. דא איז דיא באהן געבליעבען שטעהן בייא דער לעטצטער סטאציאן וואו ער האט בעדארפט אויסשטייגען, אונד איך האב איהם, אויס מיטלייד, בעגלייטעט װייטער.

**ענדע.**



# איך אונד מיין מאַן.

1.

מיר האבען געטרויערט נאך מיין מוטער, וועלכע איז געשטאָרבען לעטצטען הערבסט, אונד מאַטשא, סאָניא אונד איך, האבען צוגעבראַכט דעם גאנצען ווינטער אויף'ן לאנד. מיין נאמען איז קאַטיא, דאמאלס בין איך נאך געווען זעהר א יונגעס מעדכען. מאַטשא איז געווען מיין מוטער'ס איין אלטע פריינדין אונד מיין גאָווער־נאַנטקע, וועלכע איך האב געקענט אונד געליעבט, זייט איך בין צו מיין שכל געקומען. סאָניא איז געווען מיין קליין שוועסטער'ל.

דעם ווינטער וואס מיר האבען צוגעבראַכט אין פּאָקראָווסקי, אונזער לאנד־וואָהנונג אין רוסלאנד, איז געווען זעהר א טרויעריגער אונד לאנגווייליגער. עס איז געווען קאלט אונד דער ווינט האט אָנגעוואָרפען גרויסע הויפענס שנעע כמעט ביז איבער דיא פענסטער. דיא שויבען זיינען געשטאנען אנגעפרוירען וואָכענלאנג. בעזוך האבען מיר זעהר ווייניג געהאט, אונד דיא עטליכע וואס זיינען צו אונז געקומען וועהרענד דעם ווינטער, האבען אונז ניט געבראַכט קיין פרייד אונד קיין אונטערהאלט. אלע האבען אויסגעזעהן מיט טרויעריגע געזיכטער וויא דער גרויער ווינטער. זייא האבען גערעדט וויא פערשלאָפענע. ווען זייא האבען געזעהן מיך אונד סאָניא'ן אין אונזערע טרויער־קליידער האבען זייא דארויף געענטפערט מיט א זיפץ. אין אלגעמיינעם האט עס אויסגעזעהן, אז דער מלאך־המות האט גע־שוועבט אין דער לופט איבעראל, אונד זיין געגענוואַרט פון טויט האט אונז נאך ניט פערלאָזען. מיין מוטער'ס צימער איז געווען צוגעשלאָסען, אבער ווען איך בין דאָרט פאַרביינגעגאנגען, האט עס אויסגעזעהען וויא א געהיימע קראַפט ציהט מיך אריין צו פערבלייבען אונד פערברענגען דאָרט וואו דער טויט האט אויסגעדריקט איהר עדעלע נשמה.

עס איז שוין געווען נאך מיין 17־טען געבורטסטאג, אונד מיין מוטער, פאר איהר טויט, האט זיא בעשטימט, אז וועהרענד דעם ווינטער, ווען זיא זאָל לעבען, זאָלען מיר אריין פאָהרען נאך פּעטערסבורג אונד איך זאָל דאָרט פאָרגע־שטעלט ווערען אין געזעלשאַפט, וויא דער מנהג איז מיט אונזערע יונגע אונד רייכע

מיידלעך. מיין מוטער'ס טוים, האט אבער דיעזען פלאן געשטערט. ווען איך האב מיך דערמאָהנט, אז איך וועל נאך דערפאר, פיעללייכט מוזען צו ברענגען נאך א ווינטער אין אזא איינזאמקייט אונד טרויער, האב איך געשווידערט.

מיט דער צייט האט דער שמערץ, איינזאמקייט אונד בייזקעניגעש, אויף מיר אזוי געווירקט, אז איך פלעג זיטצען שטונדען־לאנג אונד וויינען. דיא פיאנא האט פאר מיר קיין אינטערעסע געהאט אונד צו ביכער האב איך ניט קיין געדולד געהאט צו לעזען. ווען מאטשא פלעגט מיך בעטען איך זאל עפּעס טהון אום מיך צו צערשטרייען, פלעג איך ענטפערן:

„איך קען ניט, מיין הערץ לאזט מיך ניט," — אונד דאן האב איך ווידער געוויינט.

זייא פלעגען זאגען, אז איך בין שטארק פערענדערט געווארען אונד איך בין פון טאג צו טאג בלאסער אונד מאגערער געווארען. אבער דאס האט מיך ניט בעקימערט.

ווארום זאל איך מיך קימערן דארום? האב איך מיך געפרעגט. בייא מיר האט עס אויסגעזעהן, אז איך בין פעראורטהיילט געווארען צו פערברענגען מיין גאנצעם לעבען אין טרויעריגער איינזאמקייט — אונד דיעזער געדאנק, האט פון מיר בערויבט יעדע האָפנונג פון לעבען.

אונגעפעהר צום ענדע פון ווינטער, האט מאטשא בעשלאָסען מיך אוועק צו נעהמען אירגענדוואו פון פּאקראָווסקי, אזוי שנעל וויא נאָר מעגליך. אבער דאפיר האט מען בעדארפט האבען געלד, אונד מיר האבען נאך גאר ניט געוואוסט וואס מיין מוטער האט צוריק געלאזען פאר א ירושה. דערפאר האבען מיר געווארט, פון טאג צו טאג, ביז אונזער פערוואלטער וועט קומען אונד ער זאל אונז מיט־טהיילען איבער אונזער שיקזאל.

צום ענדע פון מאָנאט מערץ, איז ער ערשיענען.

„דאנקען גאָט," האט מאטשא בעמערקט אין א טאג, אלס איך בין צוגע־גאנגען צום פענסטער וויא א שאטען. „דאנקען גאָט, סערגעי מיכאילאָוויטש איז ענדליך דאָ. ער האט אונז געשיקט אנזאגען, אז ער וועט דאָ זיין צו מיטאג. איך בעט דיך, מיין טהייערע סאָטיא, זייא אביסעל מונטער. וואס וועט ער דענקען איבער דיר ווען ער וועט דיך אזוי זעהן? ער האט דיך אונד סאָניאַן אימער אזוי געליעבט."

סערגעי מיכאילאָוויטש איז געוועזען איינער פון אונזערע שכנים אונד איין אַלטער פריינד פון מיין טויטען פאטער, אבוואהל סערגעי איז געוועזען פיעל אינגער.

אויסער דעם וואס זיין קומען האט געקענט וועקסלען מיין טרויעריגע לאגע, האט עס מיך אויך געפרייט דערפאר איהם צו זעהן, ווייל איך האב איהם ליעב געהאט פון קינדווייז אן. מאטשא האט אויך פערשטאנען, אז עס וואלט מיך געשמערצט איך זאל וויסען, דאס סערגעי מיכאילאָוויטש רעכענט מיך פאר א נארישעם מעדכען.

ניט נאר איך, זאנדערן יעדער אין אונזער הויז, פון מאטשא'ן, סאָניא, ביז צום שטאל־דיענער, האט איהם יעדער געליעבט. איך קען מיך עראינערן, אז מיין מוטער האט אמאל געזאגט, אז זיא וואלט זיך גליקליך געשעטצט איך זאל קענען האבען אזא מאן וויא סערגעי מיכאילאָוויטש.

צייטענווייז, ווען איך האב מיך עראינערט אן איהרע ווערטער, האט דאס ביי מיר אויסגעזעהן זעהר נאריש. מיין אידעע פון א מאן, איז געווען א גאנץ אנדערע: איך האב מיר פאָרגעשטעלט, אז מיין מאן מוז זיין יונג, הויך, עדעל אין קערפער, בלאס אונד מרה־שחורה'דיג; סערגעי מיכאילאָוויטש וויעדער, איז געווען דער געגענטהייל: ניט יונג, דיק, זעהר שטארק געבויעט אונד אימער מונטער.

דעננאך, טראָטץ מיין אידעע, פלעגען מיר מיין מוטער'ס ווערטער אָפט קומען אין געדאנקען. נאך מיט 6 יאהר צוריק, צור צייט וואס סערגעי מיכאילאָוויטש האט מיר געזאגט „דוא" אונד מיך גערופען פריהלינגס־בלומעלע, איז מיר מעהרערע מאל פאָרגעקומען דיא פראגע: וואס וואלט איך איהם געקענט ענטפערן, ווען ער זאל מיך פרעגען אויב איך וויל מיט איהם הייראטהען?

מאטשא האט פאָרבערייטעט א גוטען מיטאג, אונד מיט איינינע מינוטען פאר 12 אוהר, איז סערגעי מיכאילאוויטש אנגעקומען. איך האב איהם געזעהען דורך'ן פענסטער צוקומענדיג אויף א שליטען. איך בין אריין געלאפען אין פראָנט־צימער, מיט דער אבזיכט עס זאל אויסזעהען גלייך וויא איך האב איהם ניט ערוואַרטעט. אלס ער איז אבער אריין אין הויז אונד איך האב געהערט זיין מונטערע שטימע בעגריסענדיג מאטשא'ן, האב איך באלד פערגעסען אן מיין ענט־שלוס, אונד בין באלד אריין געלאפען איהם צו זעהן.

ער האט געהאלטען מאטשא'ס האנד, רעדענדיג שנעל אונד לאבענדיג זעהר פרעהליך. אלס ער האט מיך ערבליקט, איז ער געבליעבען גאנץ שטיל, אונד עס האט אויסגעזעהען, אז ער האט אפילו ניט פאר מיר קיין בעגריסונגס־וואָרט. איך וויעדער, האב מיך געשפירט זעהר אונבעקוועם אונד איך האב פערשטאנען, אז מיין געזיכט איז רויט געווארען.

„איז דאס מעגליך!" האב איך דאן געהערט זיין שטימע, „יא, איהר זייט עס; אבער, מיין גאט, וויא פערוועקסעלט!"

ער האט אויסגעשטרעקט זיין האנד צו מיר, אהן צערעמאניע, אונד וויטער געזאגט:

„וויא איהר זייט דאס אויסגעוואקסען! אונזער קליינעס פריהלינגס־בלומעלע איז שוין געוואָרען א פאָלשטענדיגע רויז!"

דאן האט ער אזוי צוגעדריקט מיין האנד, אז עס האט מיך פיינאהע וועה געטהאָן. איך האב ערווארטעט, וויא דער מנהג איז בייא אונז, ער זאָל קושען מיין האנד אונד איך דאן זיין שטערען. איך האב מיך דערפאר צו איהם געהנטער צור געבויגען, אָבער ער האט נאָר צו מיר געקוקט מיט זיינע גרויסע, שעהנע אונד גוטע אויגען, אונד ער האט מיר דיא האנד ניט געקושט.

זעקס יאהר האב איך איהם ניט געזעהן, אונד ער איז געוועזען שטארק גע־וועקסעלט. ער האט אויסגעזעהן עלטער, דונקלער, אונד געטראגען א גרויסע בארד, וועלכע האט איהם ניט געפאסט. אָבער ער איז אונטערדעסען געבליעבען דער־זעלבער איינפאכער, אויפריכטיגער אונד אנגענעהמער מענש מיט זיין אימער־וועהרענדען קינדער־שמייכעלע אויף זיינע ליפען.

מיט 5 מינוטען שפעטער, האבען מיר פערגעסען אויב ער איז א גאסט אונד מיר האבען איהם בעטראכט אלס איינעם פון דער פאמיליע.

ער איז ניט געוועזען וויא אונזערע אנדערע שכנים, וועלכע האבען עס געפינען פאר געטהיג צו זיפצען אונד קרעכצען ווען זייא זיינען צו אונז געקומען. גראדע אין געגענטהייל, ער האט גערעדט, געלאכט, אונז פרעהליך געמאכט, אונד האט אפילו קיין איינציגעס מאל ניט דערמאָהנט מיין מוטער. אנפאנגס האט מיך אזא גלייכ־גילטיגקייט ערשטוינט, אָבער שפעטער האב איך איינגעזעהן, אז דאס איז געוועזען פאָרזיכטיגקייט, אום ניט אויפצורעקען קיין אלטע וואונד, וועלכע שמערצט אימער.

נאָך עסען זיינען מיר אריין אין צווייטען צימער, וואו מיר האבען געטרונקען טהעע. איך אונד סאָניא זיינען מיר געזעסען נעבען מאטשא'ן, אונד דער אלטער דיענער גרעגאָרע, האט געבראכט פיר סערגעי מיכאילאָוויטש'ן, איינע פון מיין פאטער'ס לולקעס צום רויכען. ער האט נאך פון לאנג געהאט א טבע, צו רויכען אונד ארום שפאציערען איבער דער שטוב. ער האט דאמאלס אויך דאסזעלבע געטהאָן.

„ווי פיעלע טרויעריגע ועקסלונגען דא האבען שטאטגעפונדען,“ האט שר פלתלינג געזאגט בלייבענדיג שטעהן.

„יא, יא,“ האט מאטשא געענטפערט צודעקענדיג דעם סאמאָוואר אונד בליקענדיג צו מיר מיט סאָניאָ'ן מיט טרערען אין איהרע אויגען.

„געדענקט איהר נאך אייער פאטער?“ האט סערגעי געפרעגט זיך ווענד־ענדיג צו מיר.

„זעהר וועניג,“ האב איך געענטפערט.

„וואס פאר א פרייד עס וואָלט געווען, ווען ער זאל יעטצט מיט אייך זיין,“ האט ער געמורמעלט וויא צו זיך אליין. דאן, אימער וויא טרויעריש, האט ער געזאגט: „איך האב זעהר פיעל געליעבט אייער פאָטער.“

„אָבער נאט האט איהם פון אונז אוועק גענומען,“ האט מאטשא געענטפערט אונד דיא טרערען האבען אַרונטער געקאפעט פון איהרע אויגען אויף איהר שויס.

„טרויעריגע ועקסלונגען האבען שטאטגעפונדען,“ האט סערגעי געזאגט זיך האלב אבווענדענדיג. „סאָניא, קום אהער צו מיר אונד צייג מיר דיינע שפיעלערייען.“

דיא לעטצטע ווערטער האט ער געזאגט שנעל, אום אבצרווענדען דאס גע־שפרעך. מיט אויגען פול טרערען האב איך צו איהם געבליקט, וויא ער איז ארויס מיט סאָניאָ'ן אין קאָרידאָר.

„מיר האבען וועניגסטענס איין טרייען פריינד,“ האט מאטשא בעד מערקט.

„יא, דאנקען גאָט דערפאר,“ האב איך געזאגט, אונד אָבוואָהל פון מיינע אויגען האבען זיך געגאָסען דיא טרערען, האב איך מיך געשפירט געטרייסט ויסענדיג, אז דיעזער גוטער מענש סימפאטהיזירט מיט אונז.

דער קלאנג פון סאָניאָ'ס געלעכטער אונד סערגעי'ן שפאסען, האט צו אונז גע־גרייכט, אתד מיר האבען איהם ארויס געשיקט א גלאז טהעע. דאן האבען מיר איהם געהערט עפענען דיא פיאנאָ אונד מיט סאָניאָ'ס פינגער האט ער בעריהרט דיא קלאפען.

„קאטיא אלעקסאנדראָווגא!“ האט ער גערופען, „קומט אהער, איך בעט אייך, אונד שפיעלט אביסעל.“

איך האב הנאה געהאט הערענדיג דיעזען איינפאכען בעפעהל, אונד איך בין באלד אהין אריין געגאנגען.

„שפּיעלט דאס!“ האט ער געזאגט, אונד בייא דיעזע ווערטער האט ער פאר מיר אוועק געלעגט דיא נאָטען פון בעעטהאָפען׳ס סאָנאָטאַ “Quasi una Fantasia” (אויף מיר א פאנטאזיע.)

„איך וויל הערען וויא איהר קענט שפּיעלען,“ האט ער ווייטער געזאגט, אונד געהמענדיג זיין גלאז טהעע, איז ער אוועק אין אנדערן ווינקעל פון צימער.

איך האב געשפּירט, אַבוואָהל איך וויים ניט ווארום, אז איך קען איהם נאר ניט ענטזאגען. איך האב אפילו מיך אויך ניט געקענט ענטשולדיגען, אז איך וועל פּיעללייכט ניט גוט שפּיעלען, ווייל איך האב שוין לאנג ניט פּראקטיצירט. איך האב מיך געזעטצט בייא דער פּיאַנאָ אונד אָנגעפאנגען, טראָטץ דעם וואס איך האב מיך שטארק געשראָקען פאר זיין קריטיק, ווייל איך האב געוואוסט, אז ער האט אי געליעבט מוזיק, אי פערשטאַנען וואס עס הייסט גוט שפּיעלען.

דער אנפאנג פון דער סאָנאַטע האט אויסגעדריקט אונגעפעהר דיעזעלבע גע־פיהלע, וועלכע זיינען אין אונז ערוועקט געווארען, בשעת מיר זיינען געזעסען אונד געטרונקען טהעע. אבער מיין שפּיעלען האט אויסגעזעהן איהם צו געפעלען. דעם שלום האט ער מיך שוין ניט געלאָזען שפּיעלען.

„ניין, גענוג,“ האט ער געזאגט צוקומענדיג צו מיר. „דער אנפאנג איז געווען ציעמליך גוט געשפּיעלט. איך זעה, אז איהר פערשטעהט זיך אויף מוזיק.“

דיעזער איינפאכער לויב האט מיך אזוי דערפרייט, אז איך האב געשפּירט דאס בלוט לויפען אין מיין געזיכט. עס איז איבערהויפּט געווען עפּעס א נייא מיך געפיהל, צו זעהן מיין אלטען פאטער׳ס אלטען פריינד רעדענדיג מיט מיר וויא מיט א מענשען אונד ניט וויא מיט א קינד.

ווען מאטשא איז ארויף געגאנגען לעגען סאָניאַ׳ן אין בעט, האט ער צו מיר גערעדט פון מיין פאטער; וויא אזוי ער האט זיך מיט איהם צום ערשטען מאל בעקאַנט געמאכט; וויא דיא פריינדשאפט צווישען זייא האט געוואקסען פון יאהר צו יאהר, ביז דער טויט איז ענדליך געקומען אונד מיין פאטער אוועק גענומען. דאמאלס בין איך נאך געווען א קליינעס אונד שעהנעס קינד, ניט וויסענדיג פון דער וועלט, אונד איך האב מיך בעשעפטיגט מיט מיינע שפּיעלערייען אונד אָפט־מאל פערבראכט אין האלטען דיא קאַטץ אויף מיינע הענד.

צום ערשטען מאל האט זיך מיר געדאכט, אז איך האב געקענט מיין פאטער. ער האט מיר אויסגעזעהן, אז ער איז געווען גוט־הערציג, ליעבענסווירדיג אונד געשאפען צום ליעבען אונד געליעבט ווערען. דאן האט מיך סערגעי מיכאילאָוויטש

געפרענט איבער מיין שטודירען אונד איבער מיין אנגענעהמסטער בעשעפטיגונג. ער האט שוין מעהר ניט אויסגעזעהען דער מונטערער אונד שפאס־ליעבענדער יונגער מענש, וויא איך האב איהם אמאל געקענט, זאָנדערן ערנסט, נאכדענקענד, מיר צייגענדיג סימפאטהיע אונד אכטונג. מיר איז דאס אלעס זעהר געפעלען געוואָרען, אָבער דאָך האט זיך מיר געדאכט, אז איך בין אזוי נאריש, דאס עס איז בעסער איך זאָל ניט צופיעל רעדען, דאמיט איך זאָל מיך ניט ארויס כאפען מיט א דומהייט, וואס זאָל איהם איבערצייגען, אז איך בין ניט ווערטה צו זיין מיין פאטער׳ס טאָכטער.

ווען מאטשא איז צוריק ארונטער געקומען, האט זיא זיך פאר איהם בע־קלאגט איבער מיין טרויער אונד צוריק־געצויגענהייט, וועלכעס איך האב געזוכט ביז דאמאלס פאר איהם ניט ארויס צו ווייזען.

„אלזאָ,“ האט ער בעמערקט שאָקלענדיג מיט׳ן קאָפּ אלס שפאס פון בטזקייט, „מיר האט זיא ניט געוואָלט דערצעהלען איבער דער הויפטזאך וואס איז איהר אליין נוגע?“

„וואס איז דען דאָ צו דערצעהלען?“ האב איך געענטפערט, „עס איז ווירקליך ניטאָ איבער וואס צו רעדען; עס וועט פאָראיבער.“

אין דער ווירקליכקייט, האב איך ניט נאָר געדענקט, אז מיין מרה־שחורה וועט פאָראיבער, זאָנדערן, איך בין געוועזן בייא מיר זיכער, אז איך בין שוין גאָר א גאנץ אנדערער מענש געוואָרען.

„עס איז זעהר ניט גוט,“ האט ער פּלוצלינג צו מיר געזאגט, „ווען מען וויים ניט וויא צו ערטראגען איינזאמקייט. זייט איהר ווירקליך א יונגע דאמע?“

„וויים איך, אזוי דאכט מיר,“ האב איך געענטפערט לאכענדיג.

„ניין, איהר זייט עס ניט; אָדער וועניגסטענס זייט איהר שוין א האלבע קאָקעטקע, וועלכע פיהלט זיך נאָר גליקליך דאמאלס, ווען עס איז דאָ ווער עס זאָל איהר מאכען קאָמפּלימענטען, אָבער ווען דיעזע פעהלען, דאן דרינגט זיך אויף טרויער אונד בייגקענעש.“

עס איז מערקווירדיג, האב איך מיר געטראכט. זאָל דאס אמת זיין, אז מיין טרויער שטאמט ניט דערפון וואס מיין מוטער איז געשטאָרבען? פיעללייכט האט מיכאילאָוויטש אויך ווירקליך רעכט, דאס ווען איך זאָל האבען מיט וועמען צו פערברענגען וואס זאָל מיך אינטערעסירען, וואָלט איך פערגעסען זאָגאר אן מיין מוטער. איך האב איהם אבער אונטערדעסען געענטפערט;

„עס שיינט, אז איהר האט איבער מיר ניט קיין גאנץ גוטע מיינונג.“

ער איז געבליבען שטעהן שטילשווייגענד, אונד דאַן, טורמלענדיג וויא צו זיך אליין האט ער געזאגט:

„עס איז אונמעגליך; עס קען ניט זיין; איהר זיים זעהר עהנליך צו אייער פאטער. עס מוז עפּעס זיין אין אייך וואס איך פערשטעהע נאך ניט."

דאַן האבען זיינע שעהנע אונד מילדע אויגען זיך ווידער צו מיר געווענדעט, אונד זיין בליק האט מיך אַנגעפיללט מיט איין אונהיימליכעס, ווארעמעס געפיהל. איך האב בעמערקט צום ערשטען מאל, דאס טראַכט דעם וואס זיין פּנים האט אויסגעזעהן פרעהליך אונד מונטער, איז דאָך געלעגען עפּעס פון אונטען, וואס האט געצייגט, אז טיעפער, ארונטער, דארט אין הערץ, ליגען געפיהלע פון נאכדענקען, אויסגעמישט מיט טרויער אונד ניט וועניג שמערץ.

„עס איז אונמעגליך איהר זאָלט פיהלען אונמוטהיג," האט ער ווידער אַנגעפאַנגען, „איהר האט נאַטען וואס איהר פערשטעהט, ביכער, פערשיעדענע אנדערע ערדלע בעשעפטיגונגען — אייער גאנצעס לעבען שטעהט יעטצט אָפען פאר אייך, אונד איהר מוזט זיך בעשעפטיגען, ארבייטען אונד זיך פאַרבערייטען ארויס צו טרעטען אין דער גרויסער אונד ברייטער וועלט, וואו איהר זאָלט שפּעטער ניט דארפען חרטה האבען, בלויז מיט איין יאָהר שפּעטער קען עס שוין זיין צו שפּעט."

ער האט צו מיר געשפראָכען וויא אַ פאטער אדער וויא איין אָנקעל, אונד איך האב געזעהען, אז ער האט אנגעווענדעט אלע מעגליכקייטען ניט צו ערשיינען פאר מיר אין איין אנדערן כאראַקטער. איך האב מיך געפונען אביסעל בעליידיגט דערמיט וואס ער האט מיך בעטראַכט אזוי וויים פון איהם, דאס הייסט, אז ער דארף מיך ערשט לערנען שכל, אָבער, אין דערזעלבער צייט, האט עס מיך געפרייט וואס ער גיבט זיך דיא מיה פון מיינעט וועגען אזוי צו ערשיינען.

וועהרענד דיא נעכסטע פּאאר שטונדען, האט ער פערבראַכט אין געשפּרעך מיט מאַטשאַ'ן איבער געשעפטען.

„אונד יעטצט, אדיע, מיין טהייערע סאַטיאַ," האט ער געזאגט געהמענדיג מיין האַנד.

„ווען זעהען מיר זיך ווידער?" האט מאַטשאַ געפרעגט.

„ניט פריהער איידער דער פריהלינג קומט. איך פאָהר יעטצט נאך דאַנילוקא (אַ צווייטעס גוט,) אום צו זעהען וואס דארט טהוט זיך, דאַן מוז איך אָברייזען נאָך מאָסקווא, אָבוואָהל דאס איז געגען מיין ווונש. אָבער וועהרענד דעם זומער, וועלען מיר זיך שוין אָפט זעהען."

„וואָרום בעאַבזיכטיגט איהר אזוי לאַנג אויסצופעהלען?“ האָב איך געפרעגט מיט א טרויעריגער שטימע.

איך האָב ערוואַרטעט איהם צו זעהן יעדען טאָג, אונד זיינע ווערטער האָבען אזוי צערשטערט מיינע האָפנונגען, אַז מיין טרויער האָט באַלד צוריק געקעהרט. מיינע געפיהלע האָבען זיך געמוזט ארויס ציינען אויף מיין געזיכט וויא אויך אין מיין שטימע, דען סערגעי מיכאַילאָוויטש האָט באַלד בעמערקט:

„ווען איהר וועט נאָר זעהן זיך פלייסיג בעשעפטיגען, וועט דער ווינטער שנעל אַוועק געהען.“

זיין טאָן אונד בענעהמונג זיינען געווען קאַלט אונד רוהיג.

„נעכסטען פריהלינג,“ האָט ער געזאָגט, „וועל איך אייך עקזאַמינירען אונד זעהן וואָס פאַר א פאָרטשריט איהר האָט געמאַכט.“

בייא דיעזע ווערטער האָט ער אַבגעלאָזען מיין האַנד אונד ער האָט זיך אָב־געווענדעט.

אין קאָרידאָר, וואו מיר זיינען איהם נאָכגעגאַנגען, האָט ער שנעל אָנגעצויגען זיין פוטער־מאַנטעל, אונד עס האָט אויסגעזעהן, אַז ער האָט אויסגעמיעדען צו קוקען צו מיר.

„איך קען דאָס ניט פערשטעהן,“ האָב איך מיר געטראַכט. „איז דאָס מעגליך, אַז ער רעכענט, דאָס מיך קימערט אום זיין אויפמערקזאַמקייט? ער איז אָהנע צווייפעל, א גוטער מענש, זעהר א גוטער מענש, אונד דאָס איז אַלעס וואָס ער סען זיך מיט מיר אָנקעהרען.“

אין יענעם אַבענד בין איך אונד מאַטשא געווען שטאַרק וואַך, אונד מיר האָבען זעהר פיעל געשפּראָכען, ניט גראָדע פון איהם, זאָנדערן פון דעם פריהלינג, אונד, וויא אזוי מיר וועלען צוברענגען דעם ווינטער ביז צום פריהלינג. דאָס האָט אונז ביידע אויסגעזעהען א וויכטיגע פראַגע. אָבער וואָרום? ווירקליך, עס איז קיין צווייפעל געווען, אַז אונזער אַלטע אונד טרויעריגע וואָהנונג פון פּאָקראָווסקי, איז פּלוצלינג אָנגעפילט געוואָרען מיט פרעהליכען ווינענשיין — אָבער וויא אזוי? פון וואַנען איז עס געקומען? ווער האָט דאָס געבראַכט? איך בין זיכער, דאָס ווען איך אָדער מאַטשא וואָלטען איינע דיא אַנדערע געשטעלט דיעזע פראַגע, וואָלטען מיר ניט געוואוסט וואָס זיך צו ענטפערן.

---

## 2.

דער פריהלינג איז ענדליך געקומען! מיין מרה־שחורה איז פערשוואונדען, אונד אנשטאט דעם איז ערשיענען א גאנצע רייהע פון אונערקלערליכע, טרוימערישע אונד אונבעריהרענדע האפנונגען. מיין גאנצע ארט לעבען איז געוועקסעלט גע־ווארען. איך האב מיך בעשעפטיגט מיט סאניא'ן; איך האב מעהר פערגניגען געהאט פון דער מוזיק, וויא איך האב נאך געשפירט אין מיין גאנצעם לעבען; איך האב געשטודירט אונד געלעזען ביכער מיט גרויסען פלייס; איך האב געשפא־צירט איבער דעם גרינעם גראז, אדער געזעסען אונטער דיא ברייטע צווייגען פון דיא בוימער, טרוימענדיג, האפענדיג אונד דענקענדיג — גאט אליין האט אבער נאר געוואוסט פון וואס!

מאנכע מאל פלעג איך ליעגען נעבען מיין פענסטער וואכענדיג דיא גאנצע נאכט, איבערהויפט ווען דיא לבנה האט געשיינט; אדער, איינגעהילט אין מיין לאנגען מאנטעל, פלעג איך ארויס פון הויז גאנץ שטיל, דאמיט מאטשא זאל ניט הערען, אונד אזוי בין איך ארום געגאנגען אויף דעם ניעדריגען באלקאן, דאן ארום דעם גארטען, אונד דיא שטיללקייט האט מיר אויסגעזעהן אזוי זיס, אזוי אנגע־נעהם, אז מיר האט זיך געדאכט, דאס מיין הערץ ווערט פעט אונד דיק פאר פרייד.

עס איז מיר שווער זיך צו ערמאינערן אין אלע איינצעלהייטען פון יענער צייט, אבער ווען איך דערמאהן מיך, זעהט עס מיר אויס, אז איך קען מיר עד־היום ניט ערקלערען ווארום דאס לעבען האט מיר אויסגעזעהן אנדערש וויא איך האב עס ביז דאמאלס בעטראכט.

צום ענדע פון מאנאט מאי, איז סע־געי מיכאילאוויטש צוריק געקומען. ער איז בייא אונז ערשיענען, גאנץ אונערוואַרטעט, צור צייט ווען מיר זיינען געזעסען אויף דעם באלקאן, וואוהין מאטשא האט אונז געלאזען ארויס ברענגען טהעע.

דער גארטען האט שוין אויף זיך איבעראל געטראגען דעם פרישען גרינעם מאנטעל, דיא נאכטיגאלען האבען אויפגעבויט זייערע נעסטען אין דיא ניעדריגע ביימלעך נעבען גארטען, אונד זייא האבען אבגעגעבען זייער ערשטען קאנצערט, אונד זייערע הערליכע שטימען האבען אבגעקלונגען אין דער שעהנער אונדווארעמער לופט. דיא ליליאק־בוימער האבען געהאנגען זייערע צווייגען מיט דיא שנעעווייסע בלומעלעך, פון וואנען א זיסער אונד געשמאקער גערוך האט זיך

אויסגעגאָסען אונד צופאַכט געוואָרען פון דעם לייכטען ווינטעלע. דער גרינער גאַרטען־פראָנט איז געלעגען אין קיהלען שאַטען פון דיא בוימער; דיא טהוי טראָפּען פון דער נאַכט האבען ארונטער געהאנגען פון יעדען גרינעם בלעטעלע וויא דיא גלענצענדע פּערעל, אונד פון ווייטען האט מען געקענט הערען דיא גלעקער פון דער סטאַדע בהמות אָנקומען פון דיא פעלדער.

געגען אונז, אויף'ן טישעל, איז געשטאַנען דער שעהן־אבגעפּוצטער סאַמאָוואר פון וואַנען א פּאַרע האט ארויס געדאַמפּפט, וועהרענד פרישע סמעטענע, צוקער־טאָרטען אונד אנדערע גוטע זאכען זיינען געלעגען אויף דעם ווייסען טישטוך אונד געמאַכט א גוטען אפּעטיט.

מאַטשאַ האט אָנגענומען דיא טהעע־גלעזער מיט איהר דיקער אונד ווייסער האַנד, ווירטהין־מעסיג, וויא מיין מאַמאַ פלעגט טהון, וועהרענד איך האב געפיהלט א געוואַלטיגען הונגער נאָך א וואַרעמער באָד, וועלכע איך האב נאָר וואָס געהאַט. איך האב ניט געקענט וואַרטען ביז וואַנען דיא טהעע וועט פערטיג ווערען, אונד איך האב דערווייל אָנגעהויבען צו עסען א שטיקעל ברויט איינגעטונקט אין סמעטענע. איך האב געטראַגען א ליינוואַנטענע בלוזע מיט גרויסע אונד ברייטע ארבעל; מיינע נאַסע האאר זיינען געוועז איינגעוויקעלט אין א קלאַר־ווייסער פאַטשיילע.

מאַטשאַ איז געווען דיא ערשטע צו בעמערקען דיא אַנקונפט פון אונזער פריינד.

„אַך, סערגעי מיכאַילאָוויטש!“ האט זיא אויסגעשריען, „עס פרייט מיך אייך צו זעהן! מיר האבען נאָר וואָס פון אייך גערעדט.“

אין נעכסטען אויגענבליק בין איך אויפגעשפּרונגען אונד געזוכט צו ענטלויפען, אָבער ער האט מיך ערבליקט גראַדע וויא איך האב געוואָלט אריין דורך דער קאָרידאָר־טהיר.

„וואָס איז דאָס?“ האט ער געפרעגט, „איהר וועט דאָך ניט וועלען גראַדע נאַכטהון דיא צערעמאָניע דאָ אויף'ן לאַנד?“

ער האט דאַן אָנגעהויבען צו לאַכען, מילד אונד אַנגענעהם, אונד געקוקט מיט פערגניגען אויף מיין קאָפּ־פּוטץ.

„ווען איהר שעהמט זיך ניט דאָס צו טראַגען גרעגאָרע זאָל זעהן,“ האט ער ווייטער בעמערקט, „וואָרום זאָלט איהר גראַדע וועלען מיט מיר מאַכען איין אויסנאַהמע?“

גרעגאָרע? יאַ, אָבער גרעגאָרע איז דאָך געוועזן איין אַלטער מאַן; אונד סערגעי מיכאַילאָוויטש? איך האב מיר דיעזע פראַגע ניט געקענט בעענטפערן,

אונד דאָך האב איך געשפּירט, דאס ווען ער האט אויף מיר געקוקט, בין איך געוועזן אונרוהיג.

„אין א מינוט בין איך דאָ צוריק,“ האב איך געענטפערט מיך אב-ווענדענדיג.

„איך וויים ניט וואס פאר א פעהלער איהר געפינט גראדע אין דיעזער קליידונג? אין געגענטהייל, מיר דאכט, אז זיא איז זעהר שעהן.“

איך בין אונטערדעסען אוועק, אונד וועהרענד איך האב מיך איבערגע-קליידעט, האב איך מיר געטראכט, אז איך האב בעמערקט אין זיין בליק צו מיר, עפּעס אונפערשטענדיגעס.

„יעדענפאלס,“ האב איך געזאגט, „דאנק איך גאָט וואס ער איז צוריק גע-קומען. יעטצט וועלען מיר ערשט אנפאנגען צו לעבען.“

נאכדעם וויא איך האב מיך שנעל אנגעקוקט אין שפּיעגעל, בין איך ארונטער געלאָפען דיא טרעפּען, אונד זיך ניט בעקימערענדיג אום דעם וואס ער וועט בע-מערקען מיין איילענעש, בין איך ארויס אויף'ן באלקאָן, סאָפּענדיג.

סערגעי מיכאילאָוויטש איז געזעסען נעבען טישעל פערטיעפט אין געשפּרעך מיט מאטשא'ן וועגען געשעפטען. ער האט געשמייכעלט, ווען זיינע אויגען האבען בעגעגענט מיינע, אָבער ער האט זיין געשפּרעך ניט אונטערבראָכען. ער האט אונז דאן מיטגעטהיילט, אז ער האט געטראָפען אונזער גוט אין פאָלשטענדיגער אָרדנונג אונד אונז מיטגעטהיילט, אז מיר דארפען מעהר ניט פערברענגען אין פּאָקראָווסקי וויא ביז צום נעכסטען הערבסט, ווען מיר וועלען קענען פאָהרען נאך סט. פּעטערס-בורג וועגען סאָניא'ס אויסבילדונג, אדער נאך דער שווייטץ אונד איטאליען, אום צו האבען פערגניגען.

„איך ווינש מיר, אז איהר זאלט קענען פאָהרען מיט אונז,“ האט מאטשא געזאגט זיפצענדיג. „מיר דאכט, ווען מיר זאָלען פאָהרען אליין, וועלען מיר פער-בלאָנדזעט ווערען, גראדע וויא קליינע קינדער אין א וואלד.“

„עס וואָלט מיך ווירקליך געפרייט מיט אייך אויסצופאָהרען אפילו א האלבע וועלט.“ האט ער געענטפערט האלב אין שפּאס אונד האלב אין ערנסט.

„זעהר גוט,“ האב איך דאן געזאגט, „מיר וועלען אלזאָ מאכען א רייזע ארום דער וועלט.“

„אונד וואס וועט ווערען פון מיין מוטער אונד מיינע געשעפטען?“ האט ער געפרעגט נאכדענקענד. דאן, אום אָבצוּוועקסלען דאס געשפּרעך, האט ער געזאגט:

„אבער דערצעהלט מיר בעסער פריהער, וואס האט איהר נעטהאָן דיא גאנצע צייט זייט איך האב אייך פערלאָזען?״

איך האב איהם דאן דערצעהלט פון מיינע בעשעפטיגונגען אונד אונטערהאלטע, אונד ערקלערט, אז איך האב דיא גאנצע צייט ניט געשפירט דעם שמערץ פון איינזאמקייט. ער האט מיך געלויבט אונד געריהמט, אונגעפעהר מיט אזא טאָן וויא איך וואָלט געוועזן א קינד אונד ער מיינער א פאטער אָדער נאטירליכער בעשיטצער. לויט זיינע ווערטער, האב איך עס בעטראכט פאר גאנץ גלייך, איהם צו דערצעהלען פון אלע מיינע גוטע טהאטען וויא אויך איבער נארישקייטען, גראדע וויא מען רעדט צו א געטרייען פאטער.

דער אבענד איז געוועזן הערליך אונד מיר האבען פערבראכט אויף׳ן באלקאָן, רעדענדיג אונד דערצעהלענדיג פערשיעדענעס, זאָ דאס איך האב גאר ניט בעמערקט וויא דיא צייט פערשווינדעט.

דיא גאנצע לופט איז געוועזן פול מיט דעם פארפום פון דיא בלומען; דיא טהוי האט וויא אבגעבאדען דאס גראז; דיא נאכטיגאלען האבען געזונגען אויף דיא ליליאק־בוימער נעבען אונז, אונד דער בלויער, אויסגעשטערענטער הימעל, האט אויסגעזעהן וויא א חופה בעזעטצט מיט בריליאנטען.

איך האב צום ערשטען מאל בעמערקט, אז עס מוז שוין זיין גאנץ שפעט, ווען א פלעדער־מויז איז ארויף געפלויגען אויף׳ן באלקאָן אונד האט מיט איהרע פלינעלעך בעריהרט מיין ווייסעס קלייד. גלייך וויא אלע פרויען, האב איך געוואָלט ענטלויפען אונד אָנהויבען צו שרייען, אבער זיא איז גראדע אוועק געפלויגען, נאך איידער איך האב צייט געהאט צו מאכען א געוואלט איבער גאר ניט.

„וויא איך ליעב אייער פאָקראָווסקי!״ האט סערגעי מיכאילאָוויטש פלוצלינג אויסגערופען. „איך וואָלט צופריעדען געוועזן, צו צוברענגען דעם רעסט פון מיין לעבען, זיטצענדיג אזוי וויא יעטצט.״

„איהר קענט עס טהון,״ האט מאטשא געזאגט.

„יא, איך קען עס טהון,״ האט ער געענטפערט, „אָבער דאס לעבען ערלויבט עס ניט.״

„פאר וואס הייראטה איהר ניט?״ האט מאטשא געפרעגט. „איהר וואָלט געוועזן זעהר א גוטער מאן.״

„איך זאָל הייראטהען דערפאר וואס איך ליעב צו זיטצען שטילל?״ האט ער געפרעגט לאכענדיג, דאן ערנסטער: „ניין, מאטשא, פאר אייך אונד פאר מיר איז שוין צו שפעט צו דענקען פון חתונה האבען. אלע מיינע בעקאנטע האבען שוין

לאנג אויפגעהערט צו דענקען איבער מיר, אז איך דארף הייראטהען, אונד איך אליין — שטים איין מיט זייא!"

דיא לעטצטעווערטער, "האט זיך מיר געדאכט, האט ער אויסגעשפראכען מיט אזא טאן, וויא איינער וואס וויל יענעם מאכען גלויבען, אז ער גלויבט אויך אזוי, נאר אין דער וואהרהייט געשפראכען, נארט ער אי יענעם, אי זיך.

"דומהייטען!" האט מאטשא בעמערקט, "א מענש פון 36 יאהר, שטארק געזונד אונד מונטער, האט ערשט דיא וועלט פרייא אונד אפען פאר זיך!"

"יא, מאטשא, יעטצט וואלט איך געוואלט, מען זאל מיך לאזען איך זאל בלייבען שטיל, רוהיג אונד דאס וואכט מיך גליקליך געמאכט. ווען איך זאל אבער סלערען פון הייראטהען, דאן וואלט איך אנדערש געמוזט דענקען. פרעגט קאטיא'ן," האט ער געזאגט זיך ווענדענדיג צו מיר, "אבער, מאטשא, יעטצט מוזט איהר אונד איך נאר פון עפעס אנדערש דענקען. מיר מוזען אויפזוכען א גוטען אונד אנ־שטענדיגען מענשען, וועלכער זאל הייראטהען מיט קאטיא'ן, אונד אין איהר גליק, וועלען מיר אויך זיין גליקליך."

עס איז אמת, איך בין נאך געווען איין אונערפאהרענעס מעדכען, אבער איך האב גאנץ גוט געקענט בעמערקען דעם טאן פון זיינע ווערטער, וואו עס איז געלעגען ביטערקייט אונד פערצווייפלונג. דאן איז ער פלוצלינג געבליעבען זיטצען שטיל, אונד ניט איך אונד ניט מאטשא, האבען געוואגט צו אונטערברעכען דיא שטילקייט.

"שטעלט זיך פאר," האט ער פלוצלינג געזאגט, זיך בעוועגענדיג אונרוהיג אויף זיין שטוהל, "וויא דאס וואלט אויסגעזעהן, ווען איך זאל, דורך איין אונגליק־ליכען צופאל, הייראטהען א 17־יעהריגעס מעדכען, צום ביישפיעל וויא קאטיא אלעססאנדראוונא — מיר דאכט, אז איך האב גראדע געטראפען זעהר א גוטעס ביישפיעל"...

ער האט בייא דיעזע ווערטער ארויס געלאזען א ביטערן געלעכטער. איך האב אויך געלאכט, נאר איך האב ניט געוואוסט וואָרום.

"יעטצט זאגט מיר," האט ער זיך צו מיר צוגעווענדעט, "אבער איך וויל איהר זאלט מיר ענטפערן אויפריכטיג: וואלט איהר עס ניט גערעכענט אלס דאס גרעסטע אונגליק אין אייער לעבען, ווען איהר, אזוי פריש אונד יונג, זאלט זיין צו־געבונדען צו איין אלטען אונד אבגעלעבטען מאן, וועלכער זוכט שוין נאר איין ציעל, צו זיין אונד לעבען רוהיג? וויא, ווירקליך, וואלט איהר זיך געקענט פיהלען, ווען

אייערע געדאנקען האָלטען געשוועבט אין מונטערקייט אונד געדוישׁ, וועהרענד אייער מאַן וואָלט געזוכט א שטילען ווינקעל וואו צו פערברענגען זיין וועלט?״

איך האב מיך געשפירט זעהר אונרוהיג בייא דיעזע פראגען, ווייל איך האב גאָר קיין בעגריף געהאט, וואס איך קען דארויף ענטפערן.

„איך שטעל אייך קיין אנטראג,״ האט ער געזאגט מיט א שטאַלצער שטימע וועהענדיג, אז איך בין אין פערלעגענהייט, „איך בין בלויז נייגיעריג צו וויסען אייער אויפריכטיגע מיינונג איבער אזא מאַן וויא איך האב אייך פאָרגעשטעלט, אין פער־גלייך מיט דעם מאַן וואס שוועבט אין אייער פאנטאזיע, וועהרענד איהר שפאציערט אליין אין גארטען בייא זונענאונטערגאנג. זאגט, זאגט, שעהמט זיך ניט; אזא מאַן וואָלט געווען א גרויסע שטערונג אונד א קוואַל פון אונגליק — איז עס ניט אזוי?״

„ניט גראדע אונגליק, אבער״ — האב איך קוים ארויס געשטאַמעלט, נאָר איך האב ווייטער ניט געקענט רעדען ביז ער איז מיר געקומען צו הילפע אונד געזאגט:

„אבער געוויס ניט קיין גליק.״

„ניין, פיעללייכט האב איך גאָר א טעות.״

„גענוג, איהר דארפט מיר מעהר ניט ערקלערען; וואס איהר האט געזאגט, איז פאָלשטענדיג ריכטיג, אונד איך דאנק אייך פאר אייער אויפריכטינקייט. עס פרייט מיך גראדע זעהר וואס מיר האבען אויפגעבראָכען אזא געשפרעך, ווי״.. אבוואהל אזא הייראטה וואָלט געבראכט גענוג אונגליק צו א יונגער פרוי, וואָלט עס מיך פאָזיטיוו נאָך אונגליקליכער געמאכט.״

„איהר זייט א מערקווירדיגער מענש!״ האט מאַטשא געזאגט וועהרענד זיא איז געגאנגען הייסען געבען עסען. „אלע יאָהרען האבען אייך נאָך ניט גע־וועקסעלט אפילו אויף א האאר.״

נאָך דעם וויא מאַטשא איז אוועק, איז עס געבליעבען שטיל ארום אונז וויא אויף א בית־עולם. עס האט זיך נאָר געקענט הערען דיא זיסע שטימע פון דער נאכטיגאַל אבקלינגען פון גאנץ ווייט. דאן איז אויך דער זיסער זינגער שטיל גע־וואָרען, אונד א לייכטער ווינטעלע האט געבלאָזען צווישען דיא בלעטעלעך אונד געפאָכט אונזערע געזיכטער.

מיר זיינען אזוי געזעסען א היבשע צייט אונד דיא שטילקייט האט אויסגעזעהן מיך צו שוידערן. דאן האט ער געזאגט:

„וויא שעהן איז דאס לעבען!"

איך האב טיעף אויפגעאטהעמט הערענדיג זיין שטימע.

„וואס איז מיט אייך?" האט ער געפרעגט.

„יא, דאס לעבען איז שעהן," האב איך געענטפערט אונד מיר זיינען ווידער געבליעבען זיטצען אין א טיעפער שטילקייט. פלוצלינג זיינען מיר אנגעקומען אונ־רוהיגע געדאנקען, וועלכע האבען מיך שרעקליך געמארטערט דערפאר, ווייל איך האב איהם מודה געווען, אז ער איז אלט, אונד פיעללייכט האב איך איהם דערמיט בעליידיגט. איך האב מיך געוואלט ענטשולדיגען, איהם געבען איין ערקלערונג, אבער איך האב ניט געוואוסט וויא אזוי אנצופאנגען.

„גוטע נאכט!" האב איך געהערט אויסקלינגען זיין שטימע, אונד ער האט זיך שנעל אויפגעהויבען. „מיין מוטער ערווארטעט מיך אין דער היים צום עסען. איך האב בײנאהע צו איהר היינט גאר ניט געדערט."

„אבער איך האב דאך געוואלט פאר אייך היינט שפיעלען א נייע סאנאטע!"

„אנאנדער מאל," האט ער געענטפערט באלד אזוי וויא אונהעפליך, „אדיע!"

איך בין געווען פאלשטענדיג איבערצייגט, אז איך האב איהם וועה געטהאן מיט מיינע פריהעריגע ווערטער, אבער איך האב ניט געוואוסט וויא איך זאל דאס ווידער גוט מאכען.

מאטשא איז דאן ארויס געקומען אונד מיר האבען איהם בעגלייטעט ביז ארונטער אין הויף, וואו מיר זיינען געבליעבען שטעהן איהם נאכקוקענדיג, ביז ער איז פערשוואונדען געווארען אונד דער קלאנג פון זיין פערד'ס פאדקאוועס האט זיך יעדעס מאל שוואכער געהערט. איך בין דאן צוריק ארויף אויף'ן באלקאן אונד אנגעפאנגען שפאצירען הין אונד צוריק בליקענדיג אין גארטען.

נאך צווייא אדער דרייא בעזוכע וואס סערגעי מיכאילאוויטש האט אונז גע־מאכט, האט אנגעפאנגען דאס געפיהל, פון אונזער לעטצטעס געשפרעך, לאנגזאם פערשוואונדען צו ווערען. ער פלעגט קומען, וויא געוועהנליך, צווייא אדער דרייא מאל אין דער וואך, אונד איך האב מיך באלד אזוי צוגעוואהנט צו דיעזע בעזוכען, אז ווען ער האט אמאל אויסגעפעהלט, האט זיך מיר געדאכט, דאס איך קען מיר גאר קיין ארט ניט געפינען פאר אונרוהע, אבער ווען ער איז ווידער ערשיענען האט עס אויסגעזעהן וויא ליכט נאך א שטארקער פינסטערניס

ער האט מיך אַנגעפאַנגען צו בעהאַנדלען וויא א טהייערע׳ אונד ליעבער פריינד, מיך ראַטהען אונד מיט מיר סימפּאַטהיזירען, מיך אביסעל אויסזידלען, לאַבען פון מיר אויף א מילדער ארט; אָבער טראָטץ זיין איינפאַכע גוטסקייט, האב איך אימער געשפּירט, אז א גאַנצע וועלט מיט געפיהלע אונד געדאַנקען ליעגט בעהאַלטען אונטער זיין געהיימניספאָלער ברוסט, וואוהין ער האט מיך ניט צוגעלאָזען אלעס צו וויסען.

פון מאַטשאַ׳ן האב איך ערפאַהרען, אז אויסער דיא זאָרג פון זיין מוטער מיט וועלכער ער האט געוואָהנט, אונד אויסער דער פיהרונג פון זיין אייגענעם גוט אונד אונזער גוט, האט ער נאך געהאט אַנדערע געשעפטען, וועלכע האבען איהם צייטענווייז זעהר בעאונרוהיגט.

אָבער עס איז מיר קיינמאל ניט געלונגען פון איהם ארויס צו קריעגען א וואָרט איבער זיין פּריוואט לעבען, אָדער איבער דיא פּלענער פון זיין צוקונפט. ווען איך האב איהם שטאַרק צוגעדרונגען, פּלעגט ער לעגען דיא האנד אויף זיין שטערען, צודריקען פעסט, אונד עס האט אויסגעזעהען גלייך וויא ער האט געוואָלט זאגען:

„קינד, דיך דארפען אזעלכע זאכען ניט בעקימערן, עס איז גענוג וואס איך האב אייגענע צרות.“

דאן האט ער אימער אומגעווענדעט דאס געשפּרעך אויף עפּעס אַנדערש.

אנפאַנגס פּלעג איך מיך געפינען וויא בעליידיגט דערפאַר, ווייל עס האט מיר אויסגעזעהן, גלייך וויא ער האלט מיך גאר ניט פאר קיין מענשען, אָבער מיט דער צייט האב איך מיך צוגעוואָהנט צו הערען נאָר פון זאכען וואס זיינען אונז נוגע, אונד דאס פּלעגט מיר אויסזעהען גענוג אינטערעסאַנט אונד אַנגענעהם.

נאך א זאך האט מיין גרויסע אויפמערקזאַמקייט צוגעצויגען. ער האט אויסגעזעהן זעהר גלייכגילטיג איבער מיין גאַנצעס ערשיינען. איהר ווייסט געוויס, דאס יעדע פרוי וויל, דאס אירגענד א מאַן זאָל זיך אינטערעסירען מיט איהרע קליידער, וויא זייא ליעגען, וויא זייא פּאַסען, אונד, איבערהויפּט, דאס געזיכט אויב עס ווערט שעהנער אָדער מיאוס׳ער. ער האט ניעמאַלס, זאָגאר דורך א מיענע, אנגעצייגט, אויב ער רעכענט מיך פאר שעהן אָדער ניט; אין געגענטהייל, ווען יעמאַנד האט מיר געמאַכט א קאָמפּלימענט אין זיין געגענוואַרט, האט זיך זיין שטערן פערקנייטשט אונד ער האט געלאַכט שפּאָטיש. דיא נייע־מאָדע קליידער אונד איבערהויפּט דעם קאָפּ־פּוטץ, מיט וועלכע מאַטשא פּלעגט מיך אזוי פּינקטליך בעזאָרגען,

פלענען פון איהם ארויס רופען א פעראכטענדען שמייכעלע. דאס אלעס האט גע־שמערצט מאטשא׳ן אונד איך בין דאדורך געווען ערשטוינט.

דיא ארמע מאטשא, וועלכע האט בייא זיך בעשלאָסען, אז ער ליעבט מיך, האט ניט געקענט בעגרייפען ווארום ער וויל מיר אפילו ניט שענקען א פריינדליכען בליק ווען איך בין געווען אם שענסטען אויסגעפוצט. אבער איך האב אלעס באלד בעגריפען. ער האט ניט געקענט ליידען דיא איינגעצויגענע טאליע, דעם ארויס געדריקטען בוזים וויא מיט געוואלט, דיא פארבינע קליידער, דיא לאנגע בענדער, דיא דרייא־שטאָקיגע מויער אויף׳ן קאָפּ — ער האט געליעבט דאס איינפאכע, ריינע אונד נאטירליכע אין דעם פרויענצימער.

האט ער דען ניט רעכט? האב איך מיר געטראכט. ווען איך בין ניט גענוג שעהן פון דער נאטור, וואס פאר א פוטץ קענען מיר געבען דיא שמאטעס?

זאָ שנעל וויא איך האב דאס ענטדעקט, האב איך באלד אָבגעלעגט פון מיר דיא שווערע טאָאלעטע, מיך אָבגעוועהנט אפילו פון דעם אוננאטירליכען דרעהען מיט׳ן קערפער וויא פיעלע מיידלעך האבען דיא טבע, אויפגעגעבען דיא ראָלע פון א קאָקעטקע אונד בין געוואָרען דיא איינפאכהייט אליין.

ווען ער האט מיך צום ערשטען מאל ערבליקט אָהן א קאָרסעט, אָנגעצויגען אין איינפאכע אונד נעטע קליידער, מיט מיינע שעהנע לאנגע צעפּ אריבער גע־האנגען איבער מיינע שולטער, האב איך בעמערקט א צופריעדענעם שמייכעלע אויף זיינע ליפּען.

יא, איך בין זיכער געווען, אז סערגעי מיכאילאָוויטש האט מיך אזוי גע־ליעבט — אָבער אויב אלס פריינדין אָדער פרויענצימער, האט ער אליין נאָר גע־וואוסט. איך ווייעדער, האב מיר ניט געוואָלט נעהמען דיא צייט אום אזעלכע פראגען צו בעענטפערן.

אין דערזעלבער צייט האב איך מיך אָבער געוואָלט פאָלשטענדיג איבער־צייגען, אויב עס איז ווירקליך וואהר, אז ער ליעבט מיך אין דער איינפאכהייט, אָדער, אנדערש געזאגט, אויב ער ליעבט דיא איינפאכהייט. צו דיעזען צוועק, האב איך אמאל געשפּיעלט דיא ראָלע אלס קאָקעטקע — דאמאלס איז געלעגען אויף זיין געזיכט דער אויסדרוק פון שפּאָט פערמישט מיט פעראכטונג; ווען איך הא ווייעדער אָבגעלעגט דיעזע ראָלע, איז ער געווען פאָלקאָמען צופריעדען. יא, איך האב דאס גאַנץ גוט געזעהן, אונד מיר פרויענצימער מעגען זיך ריהמען, אז אין דיעזער בעציהונג, האבען מיר א גוטע ראית.

איך האב דאן געוואוסט, אז מיין פערזענליכעס ערשיינען, דאס הייסט, כמעט מיין גאנצער קערפער, איז איהם שוין אזוי גוט בעקאנט, אז עס איז אונמעגליך איהם אָבצונארען. איך האב עס דערפאר אויך מעהר ניט פראָבירט צו טהון. אויסצופיללען דארט וואו מיר האט זיך געדאכט, אז עס איז ניט דיק גענוג, אָדער איינצוציהען דאָרט וואו איך האב גערעכענט, אז איך בין ניט עדעל גענוג, האב איך מעהר ניט פּראָבירט. איך האב געזעהן, אז ער איז צופריעדען מיך צו זעהן װיא דיא נאַטור האט מיך געמאכט, אונד איך בין אויך צופריעדען געוועזען.

אונטערדעסען בין איך זיכער, אז ער האט ניט געוואוסט וואס עס געהט פאָר אין מיינע געדאנקען, אונד, אין דיזער בעציהונג ווענינגסטענס, האב איך איהם געקענט אָבנארען. איז דאס ניט א מערקווירדיגעס געפיהל ביי פרויען? ווער לערענט אונז דאס? דאכט זיך ניעמאנד, אונד דאָך וויל זיך, מיר זאָלען נארען דיא מענער.

ווען ער האט מיר אמאל געזאגט: „ווירקליך, איך רעכען, אז אין אייך ליעגט איין העררליכער גייסט" — בין איך געוועזען שטאָלץ דארויף. זיין מיינונג, האט ביי מיר געשפּיעלט א גרויסע ראָלע.

אזא בעמערקונג פלעגט ער וויא געוועהנליך מאכען, ווען איך האב אויסגעזעהן געריהרט פון דעם אַלטען גרענאָרעס ליעבע צו זיין אייניקעל, ווען טרערען האבען זיך בעוויעזען אין מיינע אויגען ביי דער פאָרלעזונג פון א גוטער געשיכטע, אָדער, ווען איך האב ערקלערט, אז איך ליעב בעסער מאָצארט׳ס מוזיק אלס שולהאָף׳ס. עס איז מערקווירדיג, ווען איך עראינער מיך יעטצט אן דער ווייטער פערגאנגענהייט, דאס איך האב אימער אויסגעקליעבען דאס גוטע אונד שעהנע, אָבוואָהל איך האב אליין ניט געוואוסט דיא גענויע אורזאכע.

סערגעי מיאילאָוויטש האט זיך קיינמאל ניט געמישט אין מיינע אונטערהעלטע אָדער בעשעפטיגונגען, דעננאָך האט ער נאָר בעדאַרפט מאכען איין אונצופריעדענע מיענע אונד איך האב באלד פערשטאנען וואס ער ליעבט ניט אונד עס איז מיר אויך נמאס געוואָרען.

עס האט מיר אויסגעזעהן, גלייך וויא איך האב אויף איינמאל געעפענט מיינע אויגען צו ערבליקען אלעס ארום מיר גאנץ פערשיעדען וויא איך האב עס אמאל בעטראכט. אמאל איז ביי מיר לעזען ביכער ניט מעהר געוועזען וויא א צייט פערטרייב, אָבער אונטער זיין איינפלוס, איז לעזען ניטצליכע זאכען פאַר מיר געוועזען דיא אינטערעסאנטעסטע בעשעפטיגונג. איבערהויפּט, האט ער מיר מייסטענטהיילס אויסגעסליעבען וואס צו לעזען. צו לערנען מיט סאָניא׳ן, איז אמאל געוועזען פאַר מיר

א שווערע ארבייט, אבער אונטער זיין איינפלוס, איז דאס געוואָרען א ליעבענס־ווירדיגע פליכט. אויף דיא דיענערשאפט האב איך בעטראַכטעט מיט אנדערע אויגען וויא אמאל.

זאָגאר מאטשא, וועלכע איך האב פון פריהער זעהר געליעבט, איז פאר מיר ערשיענען אין א גאנץ אנדערע ראָלע. פריהער האט זיך מיר געדאכט, אז עס איז איהר פליכט צו שפיעלען דיא ראָלע פון מוטער, פריינדין אונד שקלאפין פיר מיר אונד סאָניא. אָבער איך האב אָנגעפאַנגען אויף איינמאל צו פערשטעהען, אז אזא טריהייט אונד ליעבע, קען מען מיט קיין געלד ניט בעצאָהלען אונד איך בין צו איהר פערפליכטעט פיר איהר צערטליכקייט מיין גאנצעס לעבען.

דיא דיענער, האב איך אמאל בעטראַכטעט וויא בהמות, וועלכע האבען בלויז דעם פאָרצוג וואס זייא קענען רעדען אונד געהן אויף צווייא פיס, דאמיט זייא זאָלען אונז קענען בעדיענען. אָבער איך בין פלוצלינג געקומען צו דער איבערצייגונג, אז זייא קענען ליעבען, האפען אונד ליידען גראדע וויא איך, אונד, פאָלגליך, דארף איך זייא נאך בעדויערן וואס דאס שיקזאל האט זייא געמאכט פאר שקלאפען.

זאָגאר דאס פעלד, אונזער גארטען, דיא בוימער, דיא בלומען אונד דאס גראָז — אלעס האט בייא מיר אויסגעזעהען שעהנער, הערליכער אונד אנגענעהמער.

אין א טאָג האט סערגעי מיכאילאָוויטש געזאגט, אז דאס ווירקליכע וואהרע גליק ליעגט אין דעם, ווען דער מענש קען לעבען פיר זיינע מיט־מענשען. אנפאנגס האב איך גאר ניט פערשטאַנען וואס ער מיינט, אָבער מיט דער צייט האב איך אלעס בעגריפען. א נייע וועלט, נייעס פערגניעגען אונד נייע אינטערעסען אין לעבען איז פאר מיר ערשיענען. מיט איינעם וואָרט, עס האט מיר אויסגעזעהן, אז אלעס, זייט מיין קינדהייט, איז געווען איינגעוויקעלט אין א דונקעלען וואָלקען, אונד זייט סערגעי מיכאילאָוויטש איז ערשיענען, איז דער וואָלקען פערשוואונדען אונד ליכט האט זיך בעוויעזען.

אין יענעם זומער האט עס אָפטמאָל געטראָפען, וואס איך האב ניט געקענט שלאָפען נאכדעם וויא איך האב מיך געלעגט אין בעט. איך פלעג אויפשטעהן, צו געהען צו מאטשאַ׳ן אונד איהר דערצעהלען וויא גליקליך איך בין, אָבוואָהל דאס איז ניט געווען געמהיג, ווייל זיא האט דאס גאנץ דייטליך געקענט זעהען. וויא געוועהנליך האט זיא בעמערקט, אז זיא איז אויך גליקליך אונד צופריעדען מיט אלעמען וואס עס איז, אָבער צייטענווייז איז זיא געווען שלעפעריג, אונד מיך אנזיד־לענדיג האט זיא מיר געהייסען איך זאָל איהר ניט פערקלאפען א מוח אונד געהן

שלאפען. איך האב זיא געפאלגט אתר געגאנגען, אבער איך האב ניט געקענט שלאפען, שפירענדיג דאס פערגניגען פון גליק וואס דערנעהנטערט זיך איבער מיר.

מעהרערע מאל האט עס פאסירט, וואס איך פלעג אויפהויבען מיינע הענד אונד דאנקען גאט פאר דער צופריעדענהייט וואס ער האט מיר געגעבען. אונד וויא שטיל עס פלעגט זיין אין זאלכע צייטען! בלויז דאס רעגעלמעסיגע אטהעמען פון מאטשא'ן, דאס לייכטע אבער כמעט הויכע קלאפען פון מיין זייגער'ל, אדער דאס זשוזשען פון א געפאנגענער פליעג, האט אבגעקלונגען אין מיינע אויערן. דיא טהירען אונד דיא לאדענס זיינען געוועזן פערמאכט, אונד איך האב מיר געוואונשען צו פערבלייבען אין דער שטילער גליקזעליגקייט אפילו מיין גאנצעס לעבען.

אונד וואס האט דאס אלעס בעדייטעט? פון וואנען אונד וויא אזוי איז געקומען דיעזעס גליק? לאנגזאם האב איך מיר אלעס אנגעהויבען צו ערקלערען, אז עס קומט נאר פון א י ה ם אונד דורך א י ה ם! אונד דאך, האב איך דאמאלס נאך אזוי ווייניג געוואוסט, אז דאס איז געוועזן ליעבע!

**3.**

אין א נאכמיטאג, נאהענט פון דעם הערבסט, זיינען סאניא, מאטשא אונד איך ארויסגעגאנגען אין גארטען אונד מיר האבען זיך געזעטצט אונטער דעם לינדען בוים, זעהר א בעליעבטער פלאטץ פיר אונז אלע. פון דארט האבען מיר געקענט ארויס קוקען אויף דער שאסע וויא אויך אויף דיא פעלדער אונד אין א גרויסען וואלד וואס האט זיך אויסגעברייטעט גאנץ ווייט.

סערגעי מיכאילאוויטש איז ניט געוועזן אין פאקראווסקי גאנצע דרייא טעג, אבער מיר זיינען געוועזן זיכער, אז ער מוז אנקומען, ווייל אזוי האט ער פערשפראכען דעם אויפזעהער פון פעלד.

אום 2 אוהר האב איך איהם בעמערקט ארום רייטענדיג אונטער דיא פלייסיגע פעלד־ארבייטער. מאטשא האט געשיקט ברענגען פרישעס אונד ווייגשעל, וועלכע ער האט אימער זעהר געליעבט, אונד דאן, זיך אוועק לענענדיג אויף'ן גראז, האט זיא צוגעדעקט איהר געזיכט מיט איהר ווייסעם טאשענטוך, אונד איז איינגע־שלאפען. איך האב אבגעבראכען א צווייגעל פון דעם לינדענבוים אום אבצוטרייבען דיא פליעגען פון איהר, אונד דערווייל האבען מיינע אויגען געקוקט צום פעלד פון וואנען איך האב איהם ערווארטעט צו זעהען אנקומען.

סאניא איז געזעסען פון דער אנדערער זייט בוים אונד זיך בעשעפטיגט צו בויען א הויז פאר איהר פופע (ליאלקע.) עס איז געוועזן א הייסער טאג אונד די ליפט האט אויסגעזעהען אונבעוועגליך. פון גאנץ ווייט האט זיך געקענט הערען א שוואכער דונער אונד א לייכטער בליטץ האט זיך געציינט אויף א שטיק שווארצער במארע, וועלכע איז געהאנגען זעהר ווייט פון אונז.

דאס רוישען פון דיא פארבייפאהרענדע וועגען אויף דער שאסע אונד דאס קנאקען פון דיא בויערן־בייטשען, האט צומאל אונטערבראכען דיא נאהענטע שטילקייט. דאן האב איך געהערט דיא שטימען פון דיא פרויען זינגענדיג אויף׳ן פעלד אונד איך האב געקענט בעמערקען דיא געלע זאנגען, וויא מען האט פון זייא געמאכט בינטלעך אונד אויסגעלעגט אויף׳ן פעלד נעבען דעם גרינעם וואלד. דאן האב איך מיך דערמאהנט, אז דאס בילד צייגט, דאס אקוראט דאמאלס, קומט פאר דער וועקסעל צווישען זומער אונד הערבסט.

דיא זונן האט געשיינט אונד געווארפען איהרע גאלדענע שטראהלען, וועלכע האבען אויסגעזעהען צו ברענגען פריידען אונד גליק פאר דער גאנצער שעהנער וועלט.

„וואס האב איך געטהאן,“ האב איך מיך געפרעגט, „וואס איך בין אזוי גליקליך? וואס קען איך טהון, אום דיעזעס גליק אויך צו טהיילען מיט אנדערע?“

דיא זונן האט אנגעהויבען צו זינקען, אונד זיא האט אויסגעזעהען וויא א גרויסער גאלדענער לאמפ. וואס רוקט זיך אוועק פון אונז, איבערלאזענדיג גליק דא אונד ברענגענדיג גליק אנדערסוואו. איבער דיא בערג אונד לאנדען האט זיך אויסגעשפרייט וויא איין גרויסע דעק פון א הימלישער פורפור־קאליר, גרייכענדיג מיט דיא גאלדענע ברעגעס אין קלארען טייכעלע נעבען דעם פוס פון בארג. דיא ארבייטער האבען אנגעהויבען א היים צו געהען, זייערע שטימען האבען געקלונגען העכער מיט געזאנג, נאר — סערגעי מיכאילאוויטש, איז נאך אלץ ניט ערשיענען.

פלוצלינג האב איך בעמערקט זיין הויכע פיגור אנקומענדיג נאר פון איין אנדערער ריכטונג, ניט פון דארט וואו איך האב איהם ערווארטעט. מיט א געזיכט שטראהלענדיג פון גליק, האט ער זיך צו מיר דערנעהנטערט. אלס ער האט אבער געזעהען מאשא׳ן שלאפען, האט ער צוגעלעגט דיא פינגער צו זיינע ליפען, אונד שאקלענדיג מיט׳ן קאפ צו מיר. איז ער צוגעקומען אויף דיא שפיטץ פינגער אום

ויא ניט אויפצורוועקען. איך האב באלד דערקענט, אז ער געפינט זיך אין א מונטערער שטימונג.

„גוטען אבענד, מיין קליינע בלומעלע! וויא געהט עס אייך?" האט ער גע־פרעגט מיר דריקענדיג מיין האנד.

איך האב איהם געענטפערט, אז איך בין פאלקאמען געזונד אונד דאן גע־פרעגט וויא עס געהט איהם.

„מיר איז אונגעוועהנליך גוט היינט," האט ער געענטפערט זעהר מונטער, „מיר דאכט, אז איך בין היינט געווארען בלויז 13 יאהר אלט, אונד איך בין פערטיג צו שטיפען, לויפען אונד קלעטערן אויף דיא בוימער. אבער קאטיא, וואס האט איך געטהאן דיא ארמע מאטשא קארלאוונא, וועלכע איהר שלאגט אזוי אונבארמ־הערציג איבער דער נאז!"

איך האב ערשט דאן בעמערקט, אז אין מיין איבערראשונג, האב איך ארונטער געווארפען דאס טאשענטוך פון מאטשא'ס פנים אונד מיט דער צווייג, האב איך זיא געקלאפט איבער דער נאז, מיינענדיג, אז איך טרייב אוועק דיא פליעגען. איך האב געלאכט.

„אבער עס שאדעט ניט," האב איך ווייטער בעמערקט שטילערהייט, „ווען זיא וועט אויפשטעהען, וועט זיא סאי־וויא־סאי זאגען, אז זיא איז ניט געשלאפען אונד געהערט אלעס וואס עס איז פארגעגאנגען."

ערבליקענדיג דיא וויינשעל, האט ער זייא גטכאפט וויא איין אבן־טוב אונד אנגעפאנגען צו עסען. דאן איז ער צוגעגאנגען צו סאניא'ן אונד זיך אוועק געזעטצט נעבען איהר פופע. סאניא איז געוועזען שטארק בעז דאריבער, אונד וועהרענד ער האט זיך מיט איהר געררייצט אונד געלאכט, האט זיא איהם געזאגט, אז ער מוז אוועק געהען, וויל זיא וועט אויפוועקען מאטשא'ן אונד איהר דערצעהלען אלעס. אבער הערענדיג איהרע ווערטער, האט ער זיא באלד איבערגעבעטען אונד מיט איהר צוזאמען אויפגעגעסען דיא וויינשעל.

„זאל איך שיקען נאך ברענגען, אדער זאלען מיר אליין געהען?" האב איך געפרעגט.

אלס ענטפער דאריף, האט ער געכאפט דעם טעלער, ארויף געלעגט סאניא'ס פופע, אונד מונטער וויא איין אונשולדיגעס קינד, איז ער געלאפען פאראויס צו אונזער פערמאכטען פרוכט גארטען. סאניא איז איהם נאכגעלאפען, אנגעכאפט ביים ראק אונד איהם אזוי לאנג געצויגען, ביז ער האט איהר געמוזט אבגעבען דיא פופע.

„איהר מוזט זיין א וויאָלעט־בלום,“ האט ער צו מיר געזאגט, „וויל היינט, ווען איך בין געקומען אהער, האב איך געשפירט דעם געשמאקען ריח פון וויאָלעטען מיך ארום נעהמענדיג וויא מיט א פארפום־וואָלקען; עס איז ניט געווען דער שטארקער פארפום נערוך, זאָנדערן דער לייכטער אונד זיסער גערוך פון דיא ערשטע דונקלע וויאָלעטען־שפּראָצונגען, וועלכע קוקען ארויס אין פריהלינג פון צווישען דיא גרינע בלעטעלעך, נאכדעם וויא דער שנעע האט זיך צו שמאלצען.“

וואס איך האב דאמאלס געשפירט, בין איך יעטצט ניט גענוי אימשטאנדע צו בעשרייבען. עטוואס קען איך מיך נאך ערינערן. איך האב געפיהלט א קלאפּ אין הערצען — אָבער א לייכטען אונד אנגענעהמען קלאפּ, וועלכער האט אפילו געפאָלגט מיט אביסעל קאָלטקייט אין מיין לייב, דערפאר אָבער האב איך געשפירט וויא מיינע ברוסטען האבען זיך בעוואויגען פון גליק אין מיין לויזעם העמד; אין מיינע באקען האט געיאָגט א שטראָם בלוט; פאר מיינע אויגען האט זיך בעוויעזען אלעס אזוי שעהן וויא אין גן־עדן, אונד אלע מיינע גליעדער האבען דאן וויא אויפ־געציטערט פאר פערגניעגען.

„וויא איז עס היינט צוגעגאנגען אין פעלד?“ האב איך געפרעגט נאך א פויזע, אום ניט צו צייגען דיא געהיימע געפיהלע וואס האבען זיך אין מיר ערוועקט.

„אויסגעצייכענט גוט,“ האט ער געענטפערט, „דיעזע מענשען, מעג מען טרויען; וואס מעהר מיר קענען דאס עהרליכע הערץ פון דעם רוסישען מוזשיק, אלס מעהר שענקען מיר איהם אונזער אכטונג.“

„יא,“ האב איך געזאגט, „איידער איהר זייט היינט געקומען, האב איך זייא אויפגעפּאסט בייא זייער ארבייט, אונד איך האב מיך ווירקליך געשעהמט פאר מיר אליין, זיך דערמאָהנענדיג וויא גרינג אונד רוהיג איך לעב אונד וויא פלייסיג שווער זייא ארבייטען.“

„ניין, ניין, קאטיא,“ האט ער זיך אָנגערופען, „גאָט זאָל אייך אָבהיטען איהר זאָלט נאך אמאל וויסען, דורך אייגענער ערפאהרונג, וואס פאר א שווערעס אונד ביטערעס לעבען דיעזע מענשען פיהרען. אָבער וואו זיינען דיא ווינשעל?“

מיר זיינען שוין געווען נעבען גארטען, אָבער דיא טהיר איז געווען פערשלאָסען. סאָניא איז געלאָפען בּרענגען דיא שליסעל, אָבער סערגעי מיכאילאָוויטש האט ניט געוואָלט ווארטען. מיט דער שנעלליגקייט פון א אינגעל, איז ער ארויף געקראָבען איבּ'ן פּארקען, אונד אין נעכסטען אויגענבליק, איז ער געווען אינווענינ.

„ווען איהר ווילט אביסעל ווייטשעל,“ האט ער געזאגט, „דאן גיבט מיר אריין דעם טעללער.“

„ניין, איך וויל זיא אליין אברייסען,“ האב איך געענטפערט. „איך גערה שוין ברענגען דעם שליסעל, וויל סאניא וועט איהם נאר ניט קענען געפינען.“

אבער גראדע אין יענעם אויגענבליק, איז אין מיר ענטשטאנדען א ברענענדער וואונש איהם צו זעהן, ווען ער האט זיך גערעכענט, אז ער איז אליין. איך האב מיך געשטעלט אויף דיא שפיטץ-פינגער אונד אין ווייכען גראז, האב איך אנגע-פאנגען ארום צו געהן אונד זוכען א שפאלט אין דער וואנד דורך וועלכען איך זאל קענען אריין קוקען. איך האב דערזעהען א לעדיג פעסעל, אויף וועלכען איך האב מיך באלד ארויף געשטעלט, אונד איך האב אריין געקוקט אין דעם אלטע פרוכט-גארטען, מיט דיא אלט-בעקאנטע בוימער, וועלכע זיינען געווען בעדעקט מיט רויט-דונקלע, גלענצענדע פריכטע. דאן האב איך ערבליקט סערגעי מיכאילאָוויטש זיך אנשפארענדיג אן איין אלטען בוים, זיין הוט האט ער ניט געהאט אויף קאפ אונד זיינע אויגען זיינען געווען פערמאכט וויא אין א דרעמעל. עס האט אויסגעזעהן, אז ער האט גערעכענט, דאס איך בין אוועק ברענגען דעם שליסעל אונד קיינער קען איהם ניט זעהן. ער איז אזוי געשטאנען א קורצע צייט, דאן האט ער זיך געזעטצט אויף א ווארצעל פון א בוים, אונד איך האב געזעהן, וויא ער האט אויפגעצויגען זיינע שולטער, געעפענט זיינע גוטע אונד מילדע אויגען, אונד דאן האט ער אויסגעשפראכען א ווארט אונד געשמייכעלט. דאס ווארט האט מיך אזוי איבערראשט, אז איך האב מיך געשפירט שולדיג גראדע וויא אין גנבה, דאמיט וואס איך האב געוואגט איהם נאכצוקוקען אין געהיים. דאס ווארט, האט זיך מיר גערדאכט איז געווען „קאטיא.“

„עס איז אונמעגליך,“ האב איך מיר געטראכט. אבער גראדע דאמאלס, האט זיין שטימע, מיט ריהרענדע צערטליכקייט, געמורמעלט: „טהייערע קאטיא!“

איך האב שוין געהערט דיא לעטצטע צוויא ווערטער גאנץ דייטליך: אין מיין ברוסט איז ענטשטאנדען א שטראם מיט פרעהליכע געפיהלע, אונד א מערק-ווירדיגעס בעוואוסטזיין פון גליק האט מיך בעפאלען, זא דאס איך בין געצוואונגען געווען מיך פעסטער אנצוהאלטען כדי איך זאל ניט פאלען.

נאר דיעזע בעוועגונג האט געמאכט אפילו א לייכטען גערויש, נאר עס א נענט געווען איהם אויפצו-וועקען פון זיין טרוימען. ער האט אויפגעהויבען זיין

אויגען, מיך ערבליקט אונד זיין געזיכט איז געפּאַרבט געוואָרען; אונזערע אויגען האבען זיך בעגעגענט, אונד איך האב געשמייכעלט — דאן האט זיך פּלוצלינג אויסגעלייטערט זיין געזיכט אונד אָנגענומען א מיענע פון גליקזעליגקייט. זיין געזיכט האט פון סעקונדע צו סעקונדע אויסגעדריקט אזוי פיעל פרייד אונד גליק, דאס מיר האט זיך אויסגעוויעזען, אז איך געפין דאָרט ניט מעהר דעם אלטען גוטען פריינד, וועלכען איך דאַרף אכטען אונד פאָלגען, זאָנדערן א מאן, א הערליכען מאן, וואס ליעבט מיך אונד האט מורא פאר מיר, אונד פאר וועמען איך האב אויך מורא אונד ליעב פון מיין גאנצען הארצען.

אונגעפעהר א מינוט אָדער צוויא זיינען פאָראיבער אונד קיינער פון אונז האט גערעדט א וואָרט, דאן איז ער ווידער געוואָרען ערנסט. דער שמייכעל פון זיינע ליפּען אונד דאס ליכט פון זיינע אויגען, זיינען אָבגעשטאָרבען. עס האט אויסגעזעהן, גלייך וויא מיר וואָלטען בעגאַנגען עפּעס א פערברעכען, אונד נאכדעם וויא ער האט דאס פערברעכען פריהער ענטדעקט, האט ער זיך אָנגעהויבען צו בע־הערשען אונד מיך דערמאָהנט, אז איך דאַרף מיך אויך בעהערשען. ער האט זיך צו מיר געווענדעט מיט ברידערליכער־קאַלטקייט אונד געזאגט:

„געהט אַרונטער; איהר קענט נאָך פאַלען אונד זיך בעשעדיגען. גלייכט אייך אויס דיא האאר; זעהט וויא איהר האט זיך צו שויבערט!"

יא, איך בין נאָך דאמאלס געווען יונג אונד אונערפאהרען, אָבער עס איז ניט געווען לייכט מיך צו נאַרען. איך האב גאַנץ גוט געוואוסט, אז ער ליעבט מיך, אונד ער האט זיך נאָר געוואָלט פערשטעלען. מיין הערץ האט אָנגעהויבען אונ־היימליך אונד אונצופריעדען צו קלאַפּען.

„פאַר וואס שפּיעלט ער אזא ראָלע?" האב איך מיך געפרעגט, „אונד ווארום בעהאַנדעלט ער מיך אזוי?"

דאמאלס איז אין מיר ענטשטאַנדען דער וואונש צו פּראָבירען מיין קראַפט איבער איהם. עס איז דערזעלבער וואונש פון אלע פרויענצימער, וועלכע וויסען, אז זייער שעהנהייט איז א מעכטיגע וואַפּען.

„ניין," האב איך געענטפערט הויך, „איך וויל אָנרייסען אביסעל ווינשעל." דערביי האב איך אָנגעכאַפּט דיא נאהענטעסטע צווייג מיט ביידע הענד, אונד אזוי האב איך מיך ארויף געצויגען אויף דער וואַנט פון דעם פּאַרקען, נאָך איידער ער האט מיך געקענט הינדערן.

„וויא נאַרריש!" האט ער אויסגעשריען: אונד, ווירקליך, האב איך

בעגאנגען איין אונאיבערלעגטע נארישקייט, ווייל איך האב מיך באלד געשפירט זעהר אונבעקוועם זיטצענדיג אויף'ן פארקען.

„וויא ווערט איהר ארונטער געהען?" האט ער געפרעגט שטארק בעזארגט. ער האט אויסגעזעהן זעהר געערגערט, אבער זיין ערגערניס האט מיך ניט מעהר אונטערהאלטען, זאנדערן ערשראקען. איך האב אונטערדעסען אויך ניט געוואוסט וויא איך וועל פון דארט ארונטער. ער איז דאן צוגעגאנגען אונד מיט שווערער מיה, האט ער ערגריפען מיין האנד אונד מיר געהאלפען, דורך דעם בוים, ארונטער שטייגען. דיא בעריהרונג מיט זיין קערפער האט מיך וויא בערוישט. דערווייל איז סאניא אנגעקומען, אויפגעשלאסען אונד אונז בעפרייט

מיר האבען אויסגעמיעדען צו רעדען איינער צו אנאנדער, אונד אנשטאט דעם, האבען מיר געשפראכען צום קינד.

ווען מיר זיינען צוריק געקומען, איז שוין מאטשא אויפגעשטאנען. זיא האט ערקלערט, וויא איך האב פריהער געזאגט, אז זיא איז גאר ניט געשלאפען. איהר געגענווארט האט מיך אבער בערוהיגט. סערגעי מיכאילאוויטש האט פארטגעזעטצט זיין קאלטע פריינדליכע בענעהמונג. אבער ווען זיין טאן האט גענארט מאטשא'ן, האט ער אבער מיך ניט געקענט אבנארען.

מיר האבען געפלוידערט איבער פערשיעדענעס, אונד מאטשא האט בעהויפטעט, דאס אבוואהל ניעמאנד געפינט עפעס א פעהלער אין דעם וואס א מאן ערקלערט ליעבע א פרויענצימער, וואלט אבער יעדער פעראכטעט דאס פרויענצימער, וואס וואלט געהאט דעם מוטה צו ערקלערען דעם מאן ליעבע.

ניין, ניין," האט סערגעי מיכאילאוויטש געענטפערט, „עס פאסירט אבער מעהרערע מאל, וואס א מאן קען ניט אונד וואגט ניט אויסצודריקען זיינע געפיהלע אין ווערטער צו דער, וועלכע ער ליעבט."

„ווארום?" האב איך געפרעגט.

ער האט ניט באלד געענטפערט. אבער נאך א פויזע האט ער געזאגט:

„עס איז דערפאר, ווייל מענשען ערווארטען צו זעהן, נאך א ליעבעס-ערקלערונג, זאל געשעהן עפעס איין אויסערארענטליכע זאך. איך דענק איבערהויפט, אז דיזע מענער, וועלכע שרייען אויס אזוי טהעאטערמעסיג: „איך ליעב דיך!" נארען זעהר אפט זיך אליין, אונד דאס ערגסטע איז נאך, וואס זייא נארען אנדערע."

„אבער וויא אזוי קען א פרוי וויסען, אז זיא איז געליעבט, ווען מען זאגט עס איהר ניט?" האט מאטשא געפרעגט.

„דאס ווייס איך ניט גענוי,“ האט ער געענטפערט. „נאָר מיר דאכט, ווען ליעבע איז דאָ, דאַן זיינען ווערטער ניט קיין הויפטזאַך. ווען איך לייען א ראָמאַן, דאַן דאכט זיך מיר, אז איך זעה דיא נארישע מיענע אויף דעם געזיכט פון לייטנאַנט סטרעטסקי, אָדער מאָנסיע ווערנאָן, נאכדעם וויא ער שרייט אויס דראַמאַטיש: „איך ליעב איידך, לעאָנאָראָ!“ זייא מיינעןביידע, אז עפּעס אויסערארענטליכעס וועט נאכדעם פּאסירען, אָבער עס געשעהט גאר ניט: דיא געזיכטער, דיא בליקען, דיא אויגען, אלע בלייבען דיעזעלבע. היינט צו וואס טויג דיא צערעמאָניע פון דער ליעבעס־ערקלערונג? דיא ליעבע, וויא מען זאגט, פערשטעהט זיך בעסער איין אויף שטום־לשון.“

אָבער מאטשאַ האט מיט איהם ניט געקענט איינשטימען. זיא האט גערעדט דיא געזעצע פון ליעבע, אין דיא פראַנצויזישע ראָמאַנען, אונד זיא האט אום קיינעם פּרייז ניט געוואָלט אויפגעבען דיא אידעע איבער דעם העלד, וועלכער פאלט אויף דיא קניע פאר זיין געליעבטער אונד שרייט אויס גאָט ווייס וואס.

„זאגט מיר דעם אמת, סערגעי מיכאַילאָוויטש,“ האט זיא זיך געווענדעט צו איהם, „האט איהר נאך ניעמאלס געזאגט א פּרויענצימער, אז איהר ליעבט זיא?“

„ניין, איך בין נאך ניעמאלס געפאלען אויף דיא קניען פאר א פּרויענצימער, אונד איך בעאַבזיכטיג אויך ניט דאס צו טהון,“ האט ער געענטפערט מיט א מונטערער שטימע.

איך האב מיר געטראכט, אז עס איז ווירקליך ניט נויטהווענדיג ער זאָל מיר זאגען, אז ער ליעבט מיך. איך בין אויך געוועזן איבערצייגט, אז מיט אלע זיינע קונסטפּאָלע פערשטעללונגען, וועט ער פאר מיר ניט קענען פערדעקען זיינע געפיהלע.

עס איז שוין געוועזן גוט דונקעל. מיר האבען צוריק געקעהרט אין הויז, אונד נאכדעם וויא מיר האבען עפּעס געגעסען אויף'ן באַלקאָן, בין איך אריין געגאַנגען אין פּיאַנאָ־צימער. ער איז מיר נאכגעגאַנגען.

„שפּיעלט עפּעס, קאטיא,“ האט ער געזאגט, „עס איז שוין א לאַנגע צייט זייט איך האב אייך ניט געהערט שפּיעלען.“

איך האב מיך פּלוצלינג צו איהם געווענדעט אונד געפרעגט:

„סערגעי מיכאַילאָוויטש, איך וויל וויסען אויב איהר זייט אין כּעס אויף מיר?“

איך האב איהם נעקוקט גראדע אין דיא אויגען אונד ער האט גע־
ענטפערט:

„אין כעס, ווארום?"

„וויל איך האב אייך ניט געוואָלט פאָלגען היינט פארנאכט," האב איך גע־
ענטפערט שפּירענדיג דיא פארבען קומען אין מיין געזיכט.

ער האט מיך פערשטאנען, געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ אונד געשמייכעלט. אָבער
זיין שמייכעל האט מיר אונטערדעסען געזאגט, אז ער האט בעאבזיכטיגט מיך אויס־
צחידלען וויא זיין מאָדע איז געווען, נאָר מיינע פראגען האבען פון איהם אוועק
גענומען דעם מוטה דערצו.

„אלעס איז פאָראיבער, יא?" האב איך געפרעגט, „אונד מיר זיינען וויעדער
גוטע פריינד."

„יא, קאטיא, געוויס," האט ער געזאגט, אונד איך האב מיך אוועק געזעצט
בייא דער פּיאנאָ.

דיא איינציגע בעלייכטונג אין דעם גרויסען אונד לאנגען צימער, איז געקומען פון
צווייא וועקסענע ליכט אויף דער פּיאנאָ. כמעט אלע אנדערע טהיילען זיינען געווען
פינסטער. דורך דעם אָפענעם פענסטער האבען זיך וויא אריין געגנב'עט א שטראָם
זילבערנע לבנה־שטראהלען; זאָנסט האט געהערשט א הייליגע שטיללקייט.

ער האט זיך אניעדער געזעצט הינטער מיר, כדי איך זאָל איהם ניט זעהן;
אָבער פון דער דונקעלהייט, פון צווישען דער הארמאָניע פון דער מוזיק; פון צווישען
דיא לבנה־שטראהלען, האב איך איהם געשפּירט.

עס איז קיין צווייפעל, אז איך האב דאמאלס גוט געשפּיעלט אונד דיא טענער
האבען געגרייכט צו מיין הערץ אונד שטארק אויפגערעגט מיינע געפיהלע. איך
האב מיך געמוחט אומוועגדען איהם צו זעהען. ער איז געזעסען אין ליכט פון
דיא שטראהלען, וועלכע האבען געשיינט אויף זיין געזיכט וואס האט אויסגעדריקט
מענליכע שעהנהייט, צופריעדענהייט אונד גליק. זיינע אויגען זיינען געווען געריכטעט
אויף מיין פינגר. איך האב געשמייכעלט אונד אויפגעהערט שפּיעלען. ער האט
אויך געשמייכעלט אונד געמאכט מיט'ן קאָפּ צו דער פּיאנאָ, אז איך זאָל ווייטער
שפּיעלען.

מאטשא האט אונטערדעסען געשפּאצירט אין דרויסען, אונד איך האב גע־
הערט איהר שטימע בעמערקענדיג, אז עס איז א שאדע וואס איך האב אונטער־
בראָכען מיין שפּיעלען. סערגעי האט אויך בעמערקט, אז איך האב אין יענעם אבענד
געשפּיעלט שעהנער אונד בעסער וויא אלע מאָל.

איך האב גאר ניט געענטפערט, נאָר איך האב געשמייכעלט אונד מיך גע־פיהלט אזוי גליקליך, אז איך האב געוואָלט לאכען פון דעם גאנצען הערצען. דאָן איז מאטשא אריין געקומען. איך בין צו איהר צוגעלאָפען, זיא אומארמט, געקושט איהר ווייסען אונד דיקען האלז. דאָן האט סערגעי אָנגעפאנגען צו שפאצירען איבער דעם צימער. מאטשא האט מיך אָנגעקוקט ערשטוינט אונד איהם גע־פרעגט:

„וואס איז מיט איהר היינטיגע נאכט?"

ער האט גאר ניט געענטפערט, נאָר געקוקט צו מיר אונד געשמייכעלט.

„עס איז א הערדליכע נאכט!" האט ער געזאגט, אונד אָהנע וויטערע צע־רעמאָניע, איז ער ארויס אין גארטען. מיר זיינען נאכגעגאנגען, אונד איך האב ווירקליך, אין מיין גאנצעם לעבען, נאך ניט געזעהען ביז דאמאלס אזא הערדליכע אונד שעהנע נאכט.

דיא פולע לבנה איז געהאנגען אין א טיעף-בלויען הימעל; דיא שאטענס פון דיא בוימער אונד סטאטוען אין גארטען, האבען זיך אויסגעברייטעט פאנטאסטיש איבער דעם מילד־בעלייכטעטען גראָז אונד וויט אוועק, האט עס אויסגעזעהען גע־חיימניספאָל דונקעל.

„זאָלען מיר אביסעל שפאציערען?" האב איך געפרעגט.

מאטשא האט איינגעשטימט, אָבער זיא האט בעמערקט, אז איך מוז אָנ־טהון דיא קאלאָשען, דאמיט דיא טהוי אויף'ן גראָז זאל ניט דורכנעטצען מיינע דינע שיך אונד איך זאָל מיך פערקיהלען.

איך האב געענטפערט, אז דאס איז ניט נעטהיג, סערגעי מיכאילאָוויטש וועט מיר געבען זיין ארעם, גראדע וויא דאס וועט שוין פערהיטען א פערקיהלונג: אָבער זייא זיינען אויך געווען וויא בערוישט אונד קיינער האט ניט געפונען קיין פעהלער אין מיין אונפאסענדען ענטפער.

ער האט מיר נאך קיינמאל פריהער ניט געגעבען זיין ארעם, נאָר דאמאָלס האב איך איהם אליין גענומען, אונד ער האט ניט אויסגעזעהן איבערראשט. מיר האבען אלע דרייא שפאצירט אונד מיר האט אויסגעזעהן, אז דיא בלומען סוד'ן זיך מיט אנאנדער אונד שמייכלען מיט פערגניגען צו אונז. איך האב אויפגעהויבען מיינע אויגען אונד א בליק געגעבען צו איהם. ער האט אויסגעזעהען מערקווירדיג שעהן אונד גליקליך.

„אך! א זשאבע!" האב איך פלוצלינג געהערט א דערשראָקענע שטימע הינטער אונז. איך בין געוועזן צו פיעל פערטראכט, אונד עס האט גענומען עטליכע

סעקונדען בין איך האב הערקענט מאטשא'ס שטימע. זיא האט מורא געהאט פאר זשאבעס. דאן האב איך דערזעהען א זשאבע שטעהענדיג אויף א גרויען שטיין, פון וועלכען זיא איז באלד ארונטער געשפרונגען צווישען גראז.

„איהר האט קיין מורא ניט?" האט מיך סערגעי מיכאיקאָוויטש געפרעגט מיט א ציטערענדע שטימע, אונד מיר האט זיך געדאכט, אז איך הער:

„איך ליעב דיך, געליעבטע! איך ליעב דיך!" דיעזעלבע שטימע האט מיר אויסגעזעהן אבצוקלינגען פון דיא הייטע בערג. מיר האבען נאך שפאציערט, אונד דאן האט מאטשא געזאגט, אז עס איז צייט אריין צו געהן אין הויז. 'איך האב געהאט מיטלייד מיט איהר, ווארום זיא איז אויך ניט געליעבט וויא איך.

דאן האבען מיר צוריק געקעהרט צום באלקאָן, וואו מיר זיינען געזעסען אונד געשפראָכען, ניט וויסענדיג וויא שפעט עס איז. אונגעפעהר אום 1 אוהר פארטאג, איז ער ערשט אוועק.

איך בין ניט געגאנגע, שלאָפען, זאָנדערן ארום געשפאצירט אליין אונד אויפגעזוכט דיא פלעטצער וואו מיר זיינען פריהער געווען, זיך וועלענדיג ערא‌ינערן וואו ער האט געשפראָכען צו מיר.

„יא," האב איך געמורמעלט, „ער ליעבט מיך, דאריבער איז מיר ניט דער מינדעסטער צווייפעל, אָבער ווארום מיידעט ער אוים ארויס צו ציינען דיא ליעבע? ווארום רופט ער זיך אלט, ווען ער ערשיינט מיר אזוי יונג, שטארק אונד שעהן? ווארום זאלען מיר פערלירען גליק אין אונזער לעבען, וועלכעס מען קען שפעטער קיינמאל ניט אָניאָגען? ניין, ניין, ער מוז מיר זאגען, אז ער ליעבט מיך! ער מוח צובייגען זיין שעהנעס קאָפּ צו מיר, איך זאָל לעזען אין זיינע אויגען דיא ליעבע. דאן וועל איך איהם אלעס דערצעהלען וואס איך פיהל. אבער ניין, איך וועל איהם גאר ניט זאגען, זאָנדערן צודריקען צו מיין הערץ אונד וויינען. אָבער, ווען איך זאָל גאר האבען א טעות? וואס וועל איך טהון ווען ער ליעבט מיך גאר ניט?"

נאָר דער לעטצטער געדאנק איז פון מיר באלד אוועק. איך האב מיך דער־מאָהנט אן דער סצענע פון דעם גארטען, אונד איך בין געווען איבערצייגט. דאן האב איך געשפירט דיא טרערען אין מיינע אויגען, איך האב מיך דערמאָהנט אן מיין מוטער אתד געבעטען נאָט ער זאל מיר העלפען איך זאל גליקליך זיין מיט סערגעי מיכאילאָוויטש.

איך האב בעשלאָסען צו בעשטימען מיין נעכסטען געבורטס־טאג, אלס מיין פערלאָבונג. ווארום איך האב אזוי בעשלאָסען, ווייס איך ניט, אָבער איך האב געשפירט, אז אזוי וועט עס זיין.

פערטיעפט אין מיינע געדאנקען, האב איך פלוצלינג בעמערקט ווי דער מארגענשטערען איז בלאס געווארען, די לבנה איז שוין געווען ווייס, אונד אין מזרח־זייט האט זיך בעוויזען טאגעס־ליכט. איך בין אריין אין מיין צימער.

4.

מיט א וואך פאר מיין געבורטס־טאג, האט סערגעי מיכאילאוויטש אונז אויפגעהערט צו בעזוכען. די אורזאכע האט ער אליין געוואוסט. איך בין געוועזען פון איין זייט זעהר געערגערט, אבער וויסענדיג, אז ער וועט געוויס ערשיינען צום געבורטס־טאג, בין איך געוועזען זעהר גליקליך אין פארבערייטען זיך איהם צו עמפ־פאנגען.

אין איין אבענד האב איך געהערט א דיענער דערצעהלענדיג מאטשא'ן, אז דער בויער סימאן איז געקומען בעטען עטליכע ברעטער, כדי ער זאל האבען מיט וואס צו מאכען א טרונע פאר זיין קליינער טאכטער, וועלכע איז נאר וואס גע־שטארבען.

„איז ער ווירקליך אזוי ארעם?“ האב איך געפרעגט פיהלענדיג די טרערען אין די אויגען.

„ער איז אזוי ארעם,“ איז געוועזען דער ענטפער, „אז ער האט אפילו ניט א שטיקעל ברויט אין שטוב.“

עס האט זיך מיר געדאכט, אז עפעס א שארפער אינסטרומענט האט בייא דיעזע ווערטער דורכגעבויערט מיין הערץ, אבער, אין דערזעלבער צייט, האב איך מיך געפרייט, וואס איך האב דערפון ערפאהרען.

זאגענדיג מאטשא'ן, אז איך געה שפאצירען, בין איך ארויף געלאפען אין מיין צימער, צוזאמען גענומען אביסעל געלד (עס איז ניט געוועזען פיעל, ווייל איך האב מעהר ניט געהאט) אונד בין באלד ארויס דורך'ן גארטען אויף'ן וועג צום דארף. איך בין צוגעקומען צו סימאן'ס וואהנונג אונבעמערקט אונד אוועק געלעגט דאס געלד אויף'ן פענסטער, דאן האב איך שטארק אנגעקלאפט. איך האב געהערט די טהיר זיך עפענען אונד א שטימע האט געפרעגט:

„ווער איז דארט?“

איך בין אבער באלד ענטלאפען אונד געזעהען ווי יעמאנד איז צוגעגאנגען צום פענסטער אונד געלעגט די האנד אויף'ן געלד. אויפגערעגט אונד צופריעדען בין איך געלאפען אזוי שנעל ווי די פיס האבען מיך געקענט טראגען, ביז איך בין אנגעקומען אהיים.

אלס איך בין אריין געקומען אין הויז, האט מאטשא מיך געפרעגט וואס איך בין אזוי אויפגערעגט ; איך האב מיך אבער געמאכט, אז איך פערשטעה זיא ניט אונד האב געשוויעגען. איך האב מיך פערשלאסען אין מיין צימער, אונד האב מיר אנגעפאנגען פארצושטעלען דיא פרייד פון דעם ארמען סימאן בשעת ער האט דערזעהן דאס געלד, אונד דאן, וויפיעל ברכות ער האט געגעבען זיין אונבעקאנטען וואהלטהעטער.

איך האב מיך אליין געפרעגט, וואס סערגעי מיכאילאוויטש וואלט געזאגט, ווען ער וואלט געוואוסט פון מיין האנדלונג. איך בין ניט געווען אין צווייפעל, אז דאס וואלט ארויס גערופען א גליקליכען שמייכעלע אויף זיינע ליפען, אבער עס האט מיך געפרייט וואס ער האט דערפון ניט געוואוסט, כדי מיין גוטע טהאט זאל ניט אויסזעהען, אז איך זוך לויב דערפאר.

אך ! וויא גליקליך איך בין געווען ! דיא אידעע פון העלפען, שטיטצען אונד גליקליך מאכען דעם צווייטען, האט אין מיר ארויס גערופען א מערקווירדיגעס געפיהל, דאס איך האב געלאכט, געבעטען אונד געוויינט, אונד עס האט מיר אויסגעזעהען, אז איך ליעב דיא גאנצע וועלט ,אונטער וועלכער איך אליין מאך ניט קיין בעזונדערע אויסנאהמע.

פלוצלינג האב איך מיך דערמאהנט, אז א דאמע פון אונזער נאכבארשאפט, אין מיט מיר געווען ברוגז דערפאר, ווייל איך האב פון איהר אמאל חוזק געמאכט. אהנע פיעל צו קלערען, האב איך מיך אוועק געזעטצט, צו איהר אבנעשריעבען א בריעף אונד געבעטען אום איהר פערצייהונג. דאן האב איך אנגעהויבען צו קלערען אויב איך האב ניט נאך יעמאנדען וואס איך דארף איבערבעטען. זעהענדיג, אז איך בין גאנסט אין פריעדען מיט דער גאנצער וועלט, האט מיין הערץ אין מיר וויא געטאנצט פאר שמחה.

איך האב דעם בריעף אבגעשיקט צו דער דאמע מיט א דיענער, אונד איך האב גלייך ערהאלטען איין ענטפער. איך בין אריין צוריק אין מיין צימער, געעפענט דעם בריעף אונד געלעזען, אז ניט איך, זאנדערן זיא אליין איז שולדיג, אונד פון מיר פערצייהען, איז גאר קיין רעדע ניט, אין געגענטהייל, זיא האט געבעטען אום מיך פערצייהונג.

„אך נאט!‟ האב איך אויסגעשריען, „סערגעי מיכאילאוויטש האט פאלקאמען רעכט ! וואהרעס גליק בעשטעהט אין דעם וואס מיר ווייסען, אז אנדערע זיינען גליקליך, אונד וויא גוט עס וואלט געווען אויף דער וועלט, ווען יעדער בעזונדער זאל זארגען דערפאר ! קיינער וואלט ניט געליטען, אונד דיא ליידען פון איינעם

וואָלטען אויסגעזעהען גאר אונבעדייטענד, ווען יעדער אנדערער וואָלט געזוכט דיעזע צו לינדערן!"

דיא אלטע געדאנקען פון רייזען, קומען אין מונטערער געזעלשאפט, טאנצען, שפרינגען אונד זיין גליקליך פיר זיך אליין, זיינען פערשוואונדען, אונד דיא ווערטער פון סערגעי מיכאילאָוויטש, אז דאס לעבען מיט דער שטילער נאטור איז דאס גליקליכסטע, זיינען פאר מיר ערשיענען ניט נאָר אלס א וואהרהייט, זאָנדערן איך בין געווען בערייט מיין גאנצעס לעבען דאפיר אָבצוגעבען.

דיא נעסט פון דער נאכבארשאפט זיינען שוין באלד געווען פערזאמעלט צו מיין געבורטס־טאג, ווען איך האב בעמערקט, דורך דעם פענסטער, אנקומענדיג א טראָיקא (דרייא־געשפאַן) וואו סערגעי מיכאילאָוויטש איז געזעסען. ער איז שנעל ארונטער געשפרונגען, אריין אין הויז, גענומען מיין האנד אונד מיר געוואונשען גליק.

ער איז דאן געשטאנען אונד מיך בעטראכט א היבשע צייט. יא, סערגעי מיכאילאָוויטש האט אימער געקענט לעזען מיינע געדאנקען אין מיין געזיכט. ער האט דערקענט דאס גליק אונד צופריעדענהייט וואס האט געהערשט אין מיין זעלע. זיין שעהנעס געזיכט האט אויך אָנגענומען א גליקליכע מיענע, אונד ער האט געשמייכעלט. אלס איך האב געוואָלט עפענען דיא טהיר אום אריין צו געהען אין מיין פיאנאָ־צימער, האט ער געזאגט:

„ניין, קאטיא, איהר דארפט היינט ניט שפיעלען; אין אייער זעלע הערשט היינט אזא הארמאָניע, וואס שטעהט העכער פון אירגענד א מוזיק אין דער וועלט."

איך בין איהם געווען זעהר דאנקבאר פאר זיינע ווערטער, אבער, אין דער זעלבער צייט, האט עס מיך זעהר געערגערט, וואס ער האט אזוי לייכט דעררּאטהען מיינע געדאנקען.

איז דאס ניט מערקווירדיג? מיר פרויען, וויא ריין אונד וויא געטרייא מיר זאָלען זיין צו דעם מאן וואס מיר ליעבען, ווילען מיר דאָך האבען אונזערע סודות, וועלכע מיר ווינשען ניט ער זאָל ערפאהרען.

וועהרענד דעם עסען, האט ער אונז אָנגעצייגט, אז ער איז ניט נאָר געקומען מיך צו גראטולירען, זאָנדערן אויך אָנצוזייגען, אז ער פאָהרט אויף'ן צווייטען טאָג אוועק נאך מאָסקווא, אונד ער וויל זיך שוין אין איין וועג געזעגנען.

ער האט געקוקט צו מאטשא'ן, דאן צו מיר, אונד עס האט אויסגעזעהען, אז ער האט געזוכט צו לעזען אויף מיין געזיכט אונצופריעדענהייט. איך האב מיך

אָבער בעהערדשט, אונד איך האב אפילו ניט נעפרעגט, אויב ער וועט זיך לאנג זאמען. יא, איך האב ערוואַרטעט פון איהם זאָוואס צו הערען, אונד איך האב אויך געוואוסט, אז ער וועט ניט פאָהרען. וויא אזוי איך האב דאס געוואוסט, קען איך ניט ערקלערען, אָבער אין יענעם טאָג האט עס מיר אויסגעזעהען, אז איך האב געוואוסט פון אלעמען וואס עס האט פאסירט אונד וועט פאסירען.

דיא נעסט זיינען אוועק, אונד מאטשא, זיך פיהלענדיג מיעד, איז זיא גע־גאנגען אביסעל שלאָפען. סערגעי איז דערפאר געצוואונגען געוועזען נאך צו ווארטען. מיר זיינען דערווייל ביידע ארויס אויף׳ן באלקאָן.

נאך איידער מיר האבען זיך געזעטצט, האב איך אָנגעפאנגען דאס געשפ־עך, וואס האט בעדארפט ענטשיידען דאס שיקזאל פון מיין ליעבע. פון וואנען מיינע פראגען אונד מיין רוהיגע האלטונג האט זיך צו מיר גענומען, ווייס איך אליין ניט. עס האט מיר אויסגעזעהען, גלייך וויא איין אנדערע פערזאָן האט פון מיר ארויס געשפראָכען.

סערגעי מיכאילאָוויטש האט זיך דאן געזעטצט נעגענאיבער מיר, זיך אָנ־לעהנענדיג מיט דער לינקער האנד אויף דער זייט פון דעם באלקאָן, אונד מיט דער רעכטער האט ער אָנגענומען א בלומען־צווייגעל, פון וואנען ער האט אָבגעריסען א בלעטעל. ווען איך האב אָנגעהויבען צו רעדען, האט ער אָבגעלאָזען דאס צווייגעל, אונד זיך אָנלעהנענדיג מיט זיין קאָפּ אויף דער רעכטער האנד, האט ער נעבילדעט דיא פאָזיציאָן וואס איז מיר שוין געוועזען בעקאנט, אז ווען דיין גייסט איז געשטערט, מוז ער אזוי זיטצען אום אלעס ריכטיג איבערצודענקען.

„ווארום פאָהרט איהר אוועק?" האב איך איהם געפרעגט קוקענדיג גלייך אין זיין געזיכט.

„איך האב וויכטיגע געשעפטען צו בעזאָרגען," האט ער געענטפערט, ארונטער לאָזענדיג זיינע אויגען. איך האב פערשטאנען, אז עס האט איהם געקאָסט שווערע מיה מיר צו זאגען אזא גרויסען ליגען.

„הערט," האב איך געזאגט, „איהר ווייסט גאנץ גוט, וואס פאר א וויכטיגער מאָמענט דער היינטיגער טאָג איז בייא מיר, אונד איך וויל ניט אונד קען ניט מעהר בעהאלטען פאר אייך מיינע געפיהלע. איך ליעב אייך אונד בעדארף האבען אייער נעגענוואָרט. אונד יעטצט, פרעג איך אייך נאך אמאל, ווארום פאָהרט איהר אוועק? איך מח עס וויסען!"

זיינע אויגען האבען זיך שטארק געעפענט, וואו איך האב בעמערקט א נער־וויסעסלאָכעס פייער׳ל אויפפלאקערן. איך האב גאנץ גוט געזעהן, וויא זיין גאנצער

מעכטיגער קערפער האט אויפגעציטערט. אבער דאס האט געדויערט נאר א מא-מענט אונד ער האט זיך באלד בערוהיגט. דאן האט ער געענטפערט:

„עס איז ניט לייכט אייך צו זאגען דיא וואהרהייט. איך האב זעהר פיעל געדענקט איבער אייך אונד איבער מיר, וועהרענד דער לעטצטער וואך, וואס איך האב אייך ניט בעזוכט. נאך דעם פיעלען אונד שווערען נאכדענקען, האב איך בעשלאסען, אז איך מוז אוועק פאהרען. ווארום דאס איז, קענט איהר לייכט טרעפען, אונד ווען איהר קימערט זיך אום מיר, דאן בעט איך אייך, דריננט מיך ניט מעהר מיט קיין פראגען."

עס האט איהם געקאסט געזונד אונד לעבען ארויס צו זאגען דיא עטליכע ווערטער, אבוואהל מיר האט זיך געדאכט פון אנפאנג, אז ער איז רוהיג. אויף זיין שטערען זיינען געשטאנען גרויסע טראפענס שווייס אונד ער האט טיעף אויפגע-אטהעמט. ער האט דאן געמורמעלט:

„עס איז זעהר שווער, זעהר שווער — אבער איהר מוזט מיך פערשטעהן אונד ויסען ווארום."

ווען איך וואלט געטראגען א קארסעט, וואלט ער געקענט בעמערקען וויא מיין ברוסט האט געשטורמט. אבער איך האב געשפירט, אז מיין הערץ האט פירכטערליך געוויטהעט.

„ניין, איך פערשטעה אייך ניט," האב איך געענטפערט, „זאגט ארויס אלעס — אלעס זאלט איהר מיר זאגען! אום גאטעס ווילען, איך בין בערייט צו הערען אירגענד עטוואס!"

ער האט זיך אונרוהיג בעוואויגען אויף זיין שטוהל, אונד דאן, וויעדער אנ-נעהמענדיג דאס צווייגעל אונד בליקענדיג אויף א זייט, האט ער געזאגט:

„אלזא," וועהרענד דעם האב איך בעמערקט דעם קאמפף מיט זיך זעלבסט אום זיך צו בעהעררשען. „עס איז כמעט אונמעגליך פאר מיר איך זאל אייך ער-קלערען מיין מיינונג, אונד דאך וועל איך פראבירען דאס צו טהון."

ער האט דאן וויעדער צונעדריקט דיא האנד צום שטערען, גראדע וויא ער וואלט געלימען דיא שרעקליכע שמערצען.

„אלזא?" האב איך געפרעגט אונגעדולדיג.

„הערט מיך אויס, קאטיא," האט ער אנגעפאנגען, „איך וויל אייך ברענגען א ביישפיעל. שטעלט זיך פאר איין אלטען מאן, וועלכער האט שוין געזעהען דיא וועלט מיט איהרע פארבען, אבגעלעבט אונד אבגעשוואכט; לאמיר איהם רופען

A אונד א יונגעס, שעהנעס אונד לעבהאפטעס מעדכען, וועלכע מיר וועלען רופען B. דיא לעטצטע, פרייליין B, איז אונשולדיג, אונערפאהרען, אונד קען נים קיין מענער וויא אויך נים דאס לעבען. פאמילען־אנגעלעגענהייטען אדער אנדערע צופעלע, האבען זייא צוזאמען געפיהרט. אנפאנגס האט הערר A געליעבט פרייליין B, אלס א טאכטער, ניעמאלס דענקענדיג, אז עס קען אנדערש זיין."

ער איז געבליעבען שטיל. אבער איך האב קיין בעמערקונג געמאכט, דאן האט ער פארטגעזעטצט:

"מיט דער צייט אבער, האט A פערגעסען, אז B איז אזוי יונג אונד דאס גאנצע לעבען זעהט איהר נאך אויס וויא א זיסער חלום, א פרעהליכער אונטער־האלט, אונד, אין א געוויסען מאמענט, האט ער פלוצלינג ערוואכט פון א שטויס אין זיין הערצען אונד ארויס געזעהען, צו זיין פרייד אונד ערגערניס, אז ער ליעבט פרייליין B מיט זיין גאנצעס לעבען. דיא ענטדעקונג פון דיעזען געפיהל, האט דעם הערר A נים נאר דערשראקען, זאנדערן אויך ארויס גערופען אונענדליכען שמערץ, אונד זעהענדיג וויא אונגלייך, וויא אונפאסענד אזא פעראייניגונג קען זיין, האט ער בעשלאסען אוועק צו פאהרען — נאט ווייסט וואוהין — מיט דער אבזיכט, נים ווידער אויפצופרישען זייער אלטע פריינדשאפט אונד מעהר נים צוזאמען ברענגען דיא צווייא כאראקטערע נאהענט געגנוג, אום צו פערהיטען געפאהר."

נאך א שווידער איז געלאפען איבער זיין קערפער, אונד זיין האנד האט בע־דעקט זיינע אויגען.

"וואס איהר האט מיר ביז יעטצט דערצעהלט," האב איך געזאגט מיט א האלב־הייזעריגער שטימע, "פערשטעה איך נאר האלב. דיא פראגע, איז אבער, ווארום האט A מורא געהאט צו ליעבען פרייליין B אויף איין אנדער ארט, נים אלס קיין טאכטער?"

סערגעי מיכאילאוויטש האט געווענדעט זיינע ביידע אויגען צו מיר, אונד וויא מיט איין איבערנאטירליכער אנשטרענגונג האט ער געענטפערט:

"קאטיא, קינד, איהר זייט יונג, ועהרענד איך בין עס נים. דאס לעבען איז בייא אייך נאך א שפיעלצייג. בייא מיר איז עס א ווירקליכקייט אונד א גרויסער ערנסט. ניין, קאטיא, איהר דארפט עס נים, אונד גאט בעהיטע, ווען דאס זאל געשעהען, וואלט געמוזט קומען דיא צייט איהר זאלט ביטער חרטה האבען. אזוי, פריינדין, וואלט A געמוזט ענטפערן פרייליין B. יעטצט, האף איך, פערשטעהט איהר מיך ווארום איך מוז אוועק פאהרען. אונד איך בעט אייך, לאז דערמיט נעהמען איין ענדע אונד מיר זאלען שוין מעהר נים רעדען דאריבער."

„ניין, ניין," האב איך געענטפערט, ווערענד דיא טרערען האבען מיך גע־שטיקט. „מיר מוזען יא רעדען דאריבער. זאגט מיר דיא וואהרהייט, האט A געליעבט פרייליין B אָדער ניט?"

סערגעי מיכאילאָוויטש האט ניט געענטפערט.

„ווען ער האט זיא ניט געליעבט," האב איך ווייטער געזאגט, „ווארום האט ער זיך געשפּיעלט מיט איהרע געפיהלע?"

„ער האט בעגאנגען א גרויסען פעהלער," האט ער געענטפערט, אונד דאן, וויא זיך דערמאָהנענדיג אן עפּעס האט ער געזאגט: „ער האט זיך קיינמאל ניט גע־שפּיעלט מיט איהרע געפיהלע, נאָר אויב דאס איז געשעהן, דאן איז דאס ניט געווען מיט זיין בעוואוסטזיין. יעדענפאלס אָבער, ווען ער האט בעגאנגען א פעהלער, האט ער בעשלאָסען זאָפאָרט צו מאכען איין ענדע אונד נעהמען איין אייבינען פריינדליכען אבשיעד פון איהר."

„דאס איז שרעקליך!" האב איך אויסגערופען פערצווייפעלט, „אָבער איז ווירקליך קיין אנדערער אויסוועג געווען?"

„איין אויסוועג?" האט ער געפרעגט, „וואס פאר איין אויסוועג קען זיין? A זעהט פּאָזיטיוו איין אונגליק אין דער פעראייניגונג מיט B. אום צו דערשטיקען דיא געפיהלע אין זיין ברוסט, שטעכט ער אריין אהין א מעסער. ניט אזוי צוליעב זיך, וויא צוליעב איהר, וועלכע ער ליעבט מעהר וויא זיך אליין."

איך האב געשווידערט אונד געוואָלט עפּעס זאגען, אָבער ער האט מיך ניט געלאָזט.

„ערלויבט מיר איין אויגענבליק," האט ער געזאגט מיט א ציטערענדער שטימע, „A האט זיך אום קיינעם פרייז ניט געקענט פאָרשטעלען, אז דיא יונגע בלום B, קען איהם ליעבען. ער האט דאס גערעכנט אלס א רעזולטאַט פון מיטלייד, סימפּאַטהיע אונד פיעללייכט אויך אכטונג. אָבער זיא האט זעלבסט ניט פער־שטאנען איהרע געפיהלע אונד איהם געהייראַטעט. ער, נארריש אונד דום גענוג זיך צו לאָזען בעטריגען פון פאלשע געפיהלע, האט זיך פּלוצלינג געשפּירט וויעדער יונג, אָבער עס האט ניט פיעל געדויערט אונד ער האט זיך איבערצייגט, אז ער האט געלעבט אין אירטהום. אָבער, קאַטיא, קינד, דיזעס געשפּרעך הרג'עט מיך; זאָל זיין גענוג, איך בעט אייך, איהר"...

ער האט מעהר ניט געקענט רעדען, אונד זיך אויפהויבענדיג, האט ער אָנגע־פאנגען ארום צו שפּאַציערען איבער דעם באַלקאָן.

איך האב געוואָלט עפּעס ענטפערן, איינווענדען, אָבער דיא צייהן ריינען מיר געווען וויא צוזאַמענגעדריקט. בליקענדיג אין זיין געזיכט, האב איך דאַרויף בעד מערקט א שווידערהאַפטע בלאַסקייט אונד זיינע ליפען האבען געציטערט.

וויפיעל זעעלענקראַפט איך האב אין מיר געהאַט, האב איך צוזאַמען גענומען אונד אַרויס געשטאַמעלט דיא ווערטער:

„דיא איינציגע וואהרהייט אין דער גאַנצער טרויעריגער געשיכטע איז, דאס ער האט זיא קיינמאל ניט געליעבט! אונד ער האט איהר פעראורזאַכט שרעקליכע שמערצען, זיך רעכענענדיג פאַלשטענדיג בערעכטיגט דערצו, ווייל ער איז א מאַן, ער ווייס פון אַלעס אונד האט ערפאַהרונג. ער האט זיא ניט געהייראַטעט אונד איז אוועק, זיך שפּירענדיג שטאָלץ וואס ער האט זיא אַזוי ערניעדריגט. יא, סערגעי מיכאַילאָוויטש, ניט איך, זאָנדערן איהר זייט שולדיג, ווייל איך האב אייך געליעבט פון אנפאַנג אָן, יא, איך ליעב אייך!“

מיינע לעצטע ווערטער האבען אויסגעזעהען וויא דער געשריא פון א שטערבענדען.

ער איז געבליעבען שטעהען פאר מיר מיט זיין בלאַסעס געזיכט אונד זיינע ליפען האבען נאָך מעהר געציטערט. דאַן האב איך בעמערקט וויא צוויא גרויסע טראָפּענס טרערען האבען זיך אַרויס געקייקעלט פון זיינע אויגען.

„איהר זייט שולדיג סערגעי מיכאַילאָוויטש!“ האב איך געשריען מיט איין אונטערדריקטער שטימע, אונד איך האב געמיינט, אַז איך וועל דערשטיקט ווערען מיט דיא טרערען. דאַן האב איך מיך געוואָלט אויפהויבען אונד אוועק געהען. ער האט מיך צערטליך צוריק געהאַלטען. זיין קאָפּ האט זיך צוגעבויגען אַלץ ניעדריגער אונד ניעדריגער, ביז זיינע ליפּען האבען בעריהרט מיינע ציטערענדע הענד. וויא איך האב געפיהלט זיינע קאָכענדיגע טרערען פאַלענדיג.

„מיין גאָט!“ האט ער אַרויס געשטאַמעלט, „איז דאס אַלעס ווירק-ליכקייט?“

„ווארום? ווארום?“ האב איך געפרעגט אָהנע צו וויסען וואוהין דיעזע פראַגע געהערט. אָבער איך האב מיך געשפּירט גליקליך: איך האב געוואוסט, אַז ער ליעבט מיך אונד ער איז מיינער.

מיט פינף מינוטען שפּעטער, איז סאָניא אַרויף געלאָפען צו מאַטשאַ'ן, שרייענדיג, אַז יעדער זאָל הערען: „שוועסטער קאַטיא געהט חתונה האבען מיט סערגעי מיכאַילאָוויטש!“

5.

עס איז נים געווען קיין איינציגע אורזאכע, ווארום ער זאָל אָבלעגען דיא חתונה אויף שפעטער. מאטשא האט אפילו געוואָלט מיר זאָלען פאָהרען נאָך מאָסקווא אום מיר איינצוקויפען קליידער פון דער לעטצטער מאָדע, אונד סערגעי מיכאילאָוויטש'עס מוטער האט פערלאנגט ער זאָל איבער א נייעס איינריכטען זיין אלטעס הויז אונד קויפען א שעהנע דראָשקע, אָבער מירביידע האבען בע־שלאָסען, אז אזעלכע קליינינקייטען וועט מען קענען גאנץ גוט ברענגען אין אָרדנונג אויף שפעטער. מיר האבען אלזא חתונה געהאט מיט 2 וואָכען נאָך מיין 18-טען געבורטס־טאג. אלעס איז צוגעגאנגען זעהר שטיל, אָהן געסט, אָהן אונטעפיהרערס, אָהן שאמפאניער אונד אָהן דעם געוועהנליכען לוקסוס פון דיא רייכע הערען אונד ראמען.

סערגעי מיכאילאָוויטש האט מיר פריהער דערצעהלט, אז זיין מוטער איז זעהר אונצופריעדען דערמיט וואס אונזער חתונה וועט זיין אָהן דער צערעמאָניע אונד אלגעמיין בעקאנטען גערויש. זיא האט געוואָלט הערען מוזיק אויף איהר זוהן'ס חתונה, זעהען נאנצע וועגען מיט פרעזענטען, אונד זיא וואָלט פאָלשטענדיג צופריעדען געווען צו זעהען איהר הויז איבערגעקעהרט קאפויר, גראדע וויא עס איז געווען אויף איהר איינענער חתונה, וועלבע האט אויך געקאָסט דרייסיג טויזענד רובעל. נאָר זעהענדיג, אז איהר וואונש קען נים ערפיללט ווערען, האט זיא געטהאָן דאס בעסטע וואס עס איז מעגליך געווען אונטער דיא אומשטענדען. זיא איז אוועק מיט מארושקא'ן, איהר הוידהאלטערין, אונד איינגעקויפט פערשיעדענע קלייניג־קייטען אום אויפצופוטצען דיא אלטע וואָהנונג.

בייא אונז אין דער היים ווידער, האט מאטשא אונד מיין קאמער־מעדכען קושמינישנא, געניים, געארביים, געשטריקט אונד אויסגעשטאטעט אלעס צור פאָלקאָמענהיים ווענען מיין גליק.

ניקאָלסקי אונד פאָקראָווסקי האבען זיך וויא פעראייניגט, אונד צאָהלרייכע שלוחים, זיינען געלאָפען יעדען טאָג הין־אונד־צוריק. סערגעי מיכאילאָוויטש'עס מוטער אונד מאטשא, זיינען אימער געווען גוטע פריינדינען, נאָר דיעזעס מאל האט איינע געוואָלט איבערשטייגען דיא צווייטע אין דער קונסט פון אויס־שטאטונג.

מאטיאנא סימאָנאָוונא איז געווען דער נאמען פון מיין קינדערווארטער־מוטער. דיא איז אימער געווען אונזערע א פריינדין, אונד איך האב זיא געקענט

אלס א זעלטענע ווירטהין. סערנעי האט זיא פערגעטערט אלס זיין מוטער אונד געליעבט מיט גרויסער צערטליכקייט. ער האט זיא איבערהויפט בעטראכט אלס איינע פון דיא קלינסטע פרויען אין דער וועלט. זיא איז געוועזן צופריעדען מיט איהר זוהן׳ס שידוך, נאָר וועהרענד דיא 14 טעג פאר דער חתונה, ווען זיא איז זיך מיט מיר צוזאמען געקומען, האט זיא קיינמאל ניט אויסגעפעהלט דיא געלעגענהייט, מיך אויפמערקזאם צו מאכען. כלאחר־יד, אז איך בין אפילו א גאנץ שעהנע אונד קלוגע, דאָך שטעהט איהר זוהן פיעל העכער אלס איך. ווען זיא וואָלט עס מיר געזאגט גלייך אין פנים, וואָלט איך אויך ניט ברוגז געוואָרען, ווייל איך האב גע־וואוסט, אז ערשטענס איז דאס אמת, אונד צווייטענס, בין איך אויך געוועזן שטאָלץ וואס מיין מאן שטעהט העכער פון מיר אין גייסטיגער ענטוויקלונג.

יעדען טאג, ביז צו דער חתונה, האב איך מיך געזעהען מיט סערנעי׳ן. ער פלעגט קומען צו מיטאג־עסען אונד פערבלייבען ביז שפעט אין דער נאכט. אָבער אָבוואָהל ער האט מיר מעהרערע מאל געזאגט — אונד דאס איז אויך געוועזן אמת, — אז ער קען אָהן מיר ניט לעבען, איז ער קיינמאל ניט פערבליעבען נעבען מיר א גאנצען טאָג, זאָנדערן ער האט אימער פריהער פערזאָרגט זיינע געשעפטען אונד דאן איז ער געקומען מיך בעזוכען.

אונזער צוזאמענקונפט איז אונטערדעסען פערבליעבען אונפערוועקסעלט, גראדע וויא פריהער; מיר האבען זיך נאך אלץ ניט גערופען „דוא,“ אונד ער האט אפילו מיין האנד ניט געקושט. אין געגענטהייל, ער האט געזוכט אויסצומיידען יעדע געלעגענהייט מיך צו טרעפען אליין. איך האב פערשטאנען, אז ער האט מורא געהאט ארויס צו וויזען אויף איינמאל זיין גרויסע צערטליכקייט.

כמעט וועהרענד דיא גאנצע 14 טעג, איז געוועזן זעהר א שלעכטעס וועטער, ווינטיג, אונד רעגען איז געגאנגען אלע 24 שטונדען אין מעת־לעת. אונד מיר זיינען געצוואונגען געוועזן צו זיטצען אין הויז. מיר האבען מייסטענטהיילס פערבראכט אין פיאנאָ־צימער אונד נעבען פענסטער.

„געדענקסט איהר דיא געשיכטע וואס איך האב אייך אמאל דערצעהלט פון A אונד B ?“ האט ער מיך געפרעגט אין איינעם פון דיא שטירמישע אבענדע.

„געוויס געדענק איך דיא נארישע געשיכטע,“ האב איך געענטפערט לאַ־כענדיג, „אונד וואס פאר א גליק דאס איז וואס אלעס האט זיך אצוי גוט גע־ענדיגט !“

איך האב בעמערקט איין אונרוהיגע מיענע אויף זיין געזיכט. נאָר ער האט מיר קיין צייט געגעבען פיעל צו דענקען אונד געענטפערט:

„יא, אונד וויא לייכט עס איז געוועז צו פערלירען אזא גליק; אונד דערביי וואָלט קיינער ניט שולדיג געוועזען אויסער איך. איהר האט מיך געראטעוועט. אָבער איך האב דאמאלס געזאגט א סך ליגען, אונד שעהם מיך יעטצט אליין דערפאר“...

„עס מאכט ניט, אַלעס איז פאָראיבער.“

„אך! איך האב פראָבירט צו פרעדיגען שכל צו מיר אליין.“

„ווארום? צו וועלכען צוועק?“ האב איך געפרעגט. „קיין מענש דארף דאס ניט טהון אין אזא פאל!“

„מיין נאָט!“ האט ער וויא אויסגעשריען, „עס איז מיר אונמעגליך געוועזען איינצוגעהען אויף אזא אונגלייכען מסחר. איך בין געוועזען איבערציינט, אז איך עמפפאַנג זעהר פיעל אונד קען נאָר געבען אין אויסטויש זעהר וועניג. איהר זייט א רויז וואס האט נאָר וואס אָנגעהויבען צו בליהען; איהר ליעבט צום ערשטען מאל, וועהרענד“...

„זאגט מיר,“ האב איך איהם אונטערבראָכען; אָבער איך בין געבליעבען שטעהן ניט וויסענדיג וויא ארויס צו רעדען דיא איבריגע ווערטער. „אָבער ניין, עס מאכט ניט, איהר קענט ווייטער דערצעהלען.“

„אך, קאטיא, איך וויים, איהר ווילט מיך פרעגען אויב איך האב נאָך יעמאנדען געליעבט,“ האט ער געזאגט טרעפענדיג מיינע געדאנקען. „ניין, איך פערזיכער אייך, דיעזעס הייליגע געפיהל וואס איך האב צו אייך, האב איך נאָך קיינמאל ניט געשפירט; ניין, איך האב נאָך קיינעם ניט געליעבט אונד קיינער האט מיך נאָך ניט געליעבט.“

ער איז געבליעבען שטיל אונד נאָך א פויזע האט ער פלוצלינג גע־זאגט:

„אָבער, נאָך אלעמען, וואס קען איך אייך געבען? ליעבע? דאס איז וואהר.“

„איז דאס אזוי וועניג?“ האב איך געפרעגט איהם קוקענדיג אין דיא אויגען.

„עס איז וועניג פאר אייך, מיין טהייערע,“ האט ער געענטפערט אונד א שלאַם פון צערטליכקייט איז געלעגען אין זיין שטימע. „מיין גליק וויעדער, איז

אזוי גרויס, אז איך קען ביינאהע ניט שלאָפען בייא נאכט. איך האב שוין אָבגע-לעבט שעהנע עטליכע יאָהר, אונד דאָך, דאכט זיך מיר, אז איך בין ערשט ארויס געקומען אויף דער שעהנער אונד זיסער וועלט. אך, קאטיא! וויא גרויס וועט זיין מיין גליק, ווען מיר וועלען לעבען צוזאמען אין רוהע אונד פריעדען, אונד אויך קענען זאָרגען פאר דעם גליק פון אנדערע מיר וועלען צוזאמען לעזען, שטודירען, שפיעלען אונד זיך פעראייניגען מיט דער נאטור, וועלכע איז אונזער הערצליכסטע פריינדין. דאס, קאטיא, איז אזוי פיעל גליק פאר מיר, אז איך האב עס מיר קיינמאל ניט פאָרגעשטעלט אפילו אין חלום. אונד, איבער אלעמען, דאס איהר וועט זיין מיין פרוי — איהר! אָה גאָט! איך קען אזוי פיעל גליק ניט אויס-דריקען! אונד דאַן, פיעללייכט קינדער; וואס נאך קען איך ווינשען?"

"יא," האב איך געענטפערט.

דיא טרויעריגע מיענע איז ווידער ערשיענען אויף זיין געזיכט אונד ער האט געמורמעלט:

"יא, פאר מיר, ווייל מיין יוגענד איז שוין אוועק; אָבער ניט פאר אייך. איהר וואָלט געזוכט גליק אנדערסוואו אונד עס אויך דאָרט געפונען. קאטיא, זאגט מיר דיא וואהרהייט, איז דאס מעגליך, אז דאס וואס איך האב אויסגערעכענט זאָל אייך קענען גליקליך מאכען? ניין, ניין, עס קען ניט זיין; עס איז נאָר דער-פאר ווייל איהר ליעבט מיך, אונד איהר ליעבט אלזאָ אויך דאס, נאך וואס איך שטרעב"...

"ניין, סערגעי מיכאילאָוויטש!" האב איך געזאגט, "ווען איהר דענקט אנדערש איבער מיר, דאן קענט איהר מיך ניט. איך האב אימער געטרוימט פון א רוהיגעם פאמיליען-לעבען. איהר האט בלויז אויסגעדריקט אין ווערטער מיינע שטילע געדאנקען."

ער האט געשמייכעלט אונד בעמערקט גוטמיטהיג:

"יא, ליעבעס קינד, אזוי זעהט עס אייך אויס. אונד דאָך איז עס פאר אייך אזוי וועניג. איהר בעזיטצט שעהנהייט אונד יוגענד!"

איך האב מיך געפונען אביסעל בעליידיגט, זעהענדיג, אז ער וויל מיר ניט גלויבען, אונד עס האט זיך מיר געדאכט, אז ער איז שטארק אין כעס אויף מיר ווארום איך בין שעהן אונד יונג.

"ווען עס איז אזוי," האב איך געזאגט קאָקעטיש, "ווארום ליעבט איהר מיך? ליעבט איהר מיך פאר מיין שעהנהייט אונד יוגענד, אָדער פאר מיין גליק?"

„איך ווייס ניט," האט ער געענטפערט טרוימעריש, „איך ליעב אייך."

איך האב מעהר גאר ניט געענטפערט, ואר פלוצלינג האב איך געשפירט א מערקווירדינעס געפיהל אין מיין גאנצען קערפער. אין זיינע אויגען האט עס גע־פלאקערט וויא א שעהן פייער׳ל וואס האט דורכגעדרונגען אלע מיינע גליעדער, אונד עס האט זיך מיר געדאכט, אז איך פערליר מיין בעזינונג. וואס איז גע־לעגען אין יענעם בליק? איך קען איהם עד־היום ניט בעגרייפען. איך האב געמוזט אבווענדען מיינע אויגען פון יענעם בליק, וועלכער האט מיך אנגעפיללט מיט שרעק, אונד אויסגעמישט מיט א מערקווירדיגעם פערגניגען.

אין דעם אבענד פאר אונזער חתונה, האט זיך דער הימעל אויסגע־לייטערט, אונד דאס ערשטע קיהלע הערבסט־וועטער האט זיך אנגעפאנגען צו שפירען.

איך בין געגאנגען שלאפען אין יענער נאכט אנגעפיללט מיט דיא גליקליכע געדאנקען דאריבער וואס עס וועט פאסירען דעם נעכסטען טאג. איך בין אויפגע־שטאנען ווען דער מארגענשטערען האט נאך געשיינט, אונד בין ארויס אין גארטען. דיא זונן האט דאן אנגעפאנגען אויפצוגעהען אונד פון זיך געווארפען בלאסע שטראהלען איבער דיא געלע בלעטער פון דיא לינדען־בוימער. דאס גראז איז געווען בעדעקט מיט דיא צאהלרייכע טויטע בלעטער, וועלכע זיינען ארונטער געפאלען וועהרענד דער לאנגער רעגען־צייט, אונד אין מאנכע פלעטצער האב איך בעמערקט דיא אנגעפרוירענע טהוי. דיא זונן איז אונטערדעסען אויפגעשטיעגען איבער א ריינעם טיעף־בלויען הימעל.

„איז שוין דער טאג געקומען?" האב איך מיך געפרעגט, „איז דאס מעגליך, אז פון מארגען אן, וועל איך דיעזען פלאטץ שוין מעהר ניט אנרופען מיין היימאטה? וועל איך שוין ניט דארפען וואהנען מיט סאניא׳ן אונד מאטשא׳ן צוזאמען? וועל איך שוין ניט הערען דורך דער וואנט, יעדען פריה־מארגען, סאניא׳ס פרעהליכען געלעכטער אונד איהר זיסע שטימע אויסקלינגענדיג מיט א גוט־מארגען?"

איך האב ערווארטעט סערגעי׳ס ערשיינען מיט אונגעדולד. מיין הערץ איז מיר געווען בעטריבט מיט פערשידענע געפיהלע. ער איז ערשיענען, אונד אונ־געפעהר אום מיטאג־צייט, זיינען מיר אוועק אין קירכע צו הערען דיא געבעטע פיר דיא נשמות פון מיין פאטער אונד מוטער.

„אך, ווען דייא וואלטען נאר געלעבט!" האט מיין הערץ אין מיר געשפראכען וועהמיטהיג אונד איך האב דערבייא פעסט צוגעדריקט דעם ארעם פון מיין טהייערסטען פריינד. עס האט מיר אויסגעזעהען, אז דער גייסט פון מיין פאטער

שוועבט נעבען מיר, מיר געבענדיג זיין ברכה צו מיין פעראייניגונג מיט זיין פריינד.

געדאַנקען אונד האָפנונגען, פרייד אונד שמערץ, האבען זיך צוזאמען אויסגעמישט אין מיין ברוסט, אונד עס האט מיר אויסגעזעהען, אז דיא פרישע לופט, דיא הייליגע שטילקייט, דיא נאַקעטע פעלדער, דיא קאַלטע אונד שעהנע זונענשטראַהלען — אלעס סימפאַטהיזירט מיט מיר.

פּלוצלינג האט סערגעי מיכאַילאָוויטש אומגעווענדעט זיין נאַבדענקענדעס געזיכט צו מיר אונד געזאגט, גראַדע וויא ער האט געקענט אַלע מיינע געדאַנקען:

„אין א טאָג האט אייער פאטער צו מיר געזאגט וויא אין שפּאַס: „איך וואָלט געוואָלט דוא זאָלסט הייראַטהען מיין קליינע קאַטיא.“

איך בין געוועזן זעהר אונרוהיג דאַריבער, מיך דערמאָהנענדיג, אז ער קען לעזען אַלע מיינע געדאַנקען. איך האב אונטערדעסען געענטפערט:

„וויא גליקליך וואָלט ער דאַן געוועזן, ווען ער וואָלט געוואוסט, אז עס וועט אזוי זיין.“

„איהר זייט נאָך געוועזן א קליינעס קינד,“ האט ער פאָרטגעזעטצט, „אונד איך האב מעהרערע מאָל אויסגעקושט אייערע אויגען, געפינענדיג אין זייא אזא גרויסע עהנליכקייט צו דיעזע פון אייער פאטער. ניין, ניין, איך האב דאַמאלס קיין אידעע געהאט, אז איך וועל אייך יעטצט אזוי ליעבען.“

מיר האבען זעהר ווייניג בעמערקט דעם וועג איבער דיא פעלדער, אונד ווען מיר זיינען אָנגעקומען אהיים, האבען מיר געטראָפען בלויז זיין מוטער מיט א צוויא אָדער דרייא אונפערמיידליכע געסט וואַרטענדיג אויף אונז.

וועהרענד דער חתונה־צערעמאָניע אין דער קליינער קירכע, האט עס אויסגעזעהן אזוי שטילל, גראַדע וויא קיין מענש וואָלט דאָרט געוועזן. נאָך דעם, האבען מיר זיך געקושט.

עס איז געוועזן דער ערשטער אונרוהיגער געדאַנק אין דיעזער בעציהונג. איך האב געשפּירט עפּעס א מערקווירדיגעס געפיהל אין דעם קוש, אין דער איינזאַמקייט, אין דער שטיקקייט, אונד דיא גאַנצע סצענע האט נאָר אין מיין הערץ ארויסגערופען דיעזע דרייא ווערטער מיט דער פראַגע:

„איז דאס אַלעס?“

נים ווּסענדיג, נים פיהלענדיג, האב איך וואהרשיינליך מעהר ערוואַרטעט.

איך אהד סערגעי האבען איינגעשטיעגען אין דער דראָשקע, אונד ווען ער האט פעסט צוגעמאכט דיא טהיר, האט עס מיר אויסגעזעהען זעהר אונ־היימליך.

איך האב ארויס געקוקט דורך דעם פענסטער, וועהרענד דיא דראָשקע איז געלאָפען; איך האב געזעהען דיא בלאסע לבנה אויפשטייגענדיג צווישען א ים זילבער־שטראהלען איבער דיא פעלדער, איבער דיא בוימער אונד איבער דיא שטיינער. געדאנקען האבען זיך געדרענגט, אונד צום שלוס איז ווידער אמאל געקומען דיא פראגע:

„איז דאס אלעס?"

וואס האב איך ערווארטעט? דיזע פראגע האב איך מיר אליין ניט געקענט בעענטפערן. דאן האב איך מיך אומגעווענדעט צו מיין מאן אונד איהם געוואלט עפעס זאגען, נאר איך האב ניט געקענט.

„איז דאס אלעס?" האט זיך ווידער געפרעגט.

עס האט מיר פלוצלינג אויסגעזעהען, אז איך האב פאר סערגעי מיכאַילאָ־ווימשן קיינמאל ניט געשפירט קיין צערטליכקייט, זאָנדערן מורא אונד רעספעקט.

„ביז יעמצט," האט ער פלוצלינג געזאגט, „האב איך מיר נאר אלץ ניט געגלויבט, אז דאס אלעס קען זיין וואהר."

„איך האב עפעס מורא," האב איך געמורמעלט, „אונד איך וויים ניט ווארום."

„ניט פאר מיר, מיין הערצענס־געליעבטע," האט ער געענטפערט אננעהמענדיג מיין האנד וואוהין ער האט צוגעבויגען זיין קאָפּ.

„יא, פאר אייך," האב איך געענטפערט אויפריכטיג. מיין האנד איז געלעגען אין זיינער וויא אבגעשטארבען אונד קאלט וויא א שטיין. דאן האט ער צוגעבויגען זיינע ברענענדע ליפען אונד בעריהרט מיין האנד. דאס איז א מערקווירדיגעס פייער. עס האט מיר אויסגעזעהן, גראדע וויא מיין גאנצער קערפער איז עלעקטריזירט געווארען. מיין הערץ האט פלוצלינג אנגעהויבען ווידער צו קלאפען, מיינע אויגען האבען געזוכט זיין געזיכט אין דער פינסטער, אונד דאס געפיהל פון שרעק איז פערשוואונדען. דאן האט אנגעהויבען צו דרינגען דורך מיין קערפער איין אנגענעהמע װארעמקייט, מיין הערץ איז דערהיטצט געווארען, אונד א מערקווירדיגעס אונד ברענענדעס געפיהל פון בעטויבענדער ליעבע איז אין מיר ענטשטאנדען.

6.

טעג, וואכען אונד גאנצע מאָנאטע זיינען פאַראיבער אין דעם געוועהנליכען לאַנד־לעבען, אָבער, איין זאך מוז איך צו געבען, אז אָבוואָהל דאס איז געווען פערהעלטניסמעסיג א קורצע צייט, האב איך גענאָסען אזוי פיעל גליס, זעגען, ליעבע אונד אויפרעגונג, וואס וואָלט זאָנסט גענוג געווען אויף א גאנצעס לעבען.

מיינע פריהערינע חלומות, זיינען ניט אין גאנצען מקוים געוואָרען, אָבער דיא ווירקליכקייט פון ליעבע, האט זיך פאר מיר ארויס געוויעזען פיעל אנגענעהמער וויא איך האב פריהער געקענט האבען א בעגריף. דיא אידעע פון לעבען פיר אנדערע אונד זיין גליקליך דערמיט אליין, איז אויך ניט דורכגעפיהרט געוואָרען. דיא וואהרהייט איז, אז איך אונד סערגעי מיכאילאָוויטש האבען נאָר געלעבט איינער פאר'ן צווייטען, פערגעסענדיג איבערהויפט, אויב עס עקזיסטירט נאך יעמאנד אויף דער וועלט. ווענינגסטענס מיט מיר אליין, איז דאס פּאָזיטיוו געווען דער פאַל.

ער פלעגט מיך יעדען טאָג איבערלאָזען אום צו בעזאָרגען זיינע געשעפטען, אָבער איך האב גאנץ גוט געקענט ארויס זעהען, וויפיעל מיה אונד שמערץ דאס האט איהם געקאָסט. דאס בעוואוסטזיין, אז ער ליידעט פאר מיין ליעבע, האט מיך גליקליך געמאכט אין זיין אבוועזענהייט. איז דאס ניט אויך א מערקווירדיגעס געפיהל ?

ער פלעגט מיר זאגען, אז ווערענד איך בין ניט נעבען איהם, האט קיין זאך אין דער וועלט איהם געקענט אינטערעסירען; מיט מיר איז אויך אונגעפעהר געווען דערזעלבער פאַל. איך האב געלעזען, געשפיעלט, מיך אונטערהאלטען מיט זיין מוטער, אָבער, אין דער וואהרהייט געשפראָכען, האב איך עס נאָר געטהאָן, וויל איך האב געוואוסט, אז דאס איז זיין וואונש. דאָרט וואו ער איז ניט געווען פערמישט, האבען מיך אזעלכע זאכען ניט געקענט אינטערעסירען. יעדען־פאַלס, בין איך געווען זיכער, אז ער אליין עקזיסטירט פאר מיר אין דער גאנצער וועלט. איך האב איהם בעטראכט ניט נאָר אלס דעם בעסטען, זאָנדערן אויך אלס דעם שענסטען מאַנספערזאָן אין דער וועלט. איך האב געלעבט פאר איהם אונד צוליעב איהם. אונד אָבוואָהל איך האב געוואוסט, אז ער ליעבט מיך אונענדליך וויא איך בין, האב איך נאך אָנגעווענדעט אלעס מעגליכע, איהם צו בעצויבערן אונד זיין בעסער וויא איך בין געווען.

ניקאָלסקי, אתזער חיימאטח, איז געווען איין אלט־מאָדישעס לאנד־הויז, אונד דיא עלטערן, אור־עלטערן אונד אור־אור־עלטערן, פון סערגעי מיכאילאָוויטש, האבען דאָרט געלעבט אונד געשטאָרבען. דיא לופט זאָגאר אין אונד אַרום דעם הויז, האט אויסגעזעהען פארפומירט מיט אלטע אונד זיסע עראינערונגען, וועלכע איך האב זאָפאָרט אַקצעפּטירט גראדע וויא זייא וואָלטען געווען פון מיינע אייגענע עלטערן.

אז אונזער וואָהנונג אונד אויסשטאָטונג איז געווען גלענצענד, קען איך ניט בעהויפּטען, אָבער דאס מעבעל אונד שפּייז, זיינען געווען רייך, גענוג אונד זעהר גוט.

אין מיין צימער, וואס טאַטיאַנא סימאָנאָוונא האט אליין אויסגעצירט, איז געשטאַנען דאס שענסטע מעבעל פון גאַנצען הויז. דאס הויזגעזינד אליין, איז געווען א מערקווירדיגעס. דיא שטימע פון מיין שוויגער־מוטער, האט זיך קיינמאל ניט געהערט, אונד דאָך איז אלעס צוגעגאַנגען מיט אזא רעגעלמעסיגקייט, אז איך האב געשטוינט. דיא ריענערשאפט אין הויז האט געטראָגען פאַנטאָפעל מיט ווייכע פאָדעשוועס, ווייל מיין שוויגער־מוטער איז געווען זעהר נערוועז אונד ניט געקענט הערען קיין איינציגען גערויש. דיא דיענערשאפט איז אונטערדעסען געווען שטאָלץ צו זיין אין אזא הויז, רעספּעקטירט דיא בעל־הבית'טע אונד איינפאך פערגעטערט סערגעי מיכאילאָוויטש'ן. יעדען פרייטאג פלעגען אָבגעוועקסט ווערען אלע פוס־באָדענס אונד דער שטויב איז אויסגעווישט געוואָרען פון יעדען ווינקעלע. דיא געבורטס־טעג פון מיין שוויענער־מוטער אונד מיין מאן, פלעגען אימער געפייערט ווערען מיט א באַלל, צו וועלכען דיא גאַנצע נאכבארשאפט איז געקומען, אָבער עס איז אימער צוגעגאַנגען אזוי פּאָעטיש שטיל, דאס איין אונבעקאַנטען וואָלט מען געמוזט אנזאגען, אַז דאס איז א באַלל, זאָנסט האט ער געקענט מיינען, אז א רוהיגע פאמיליע איז זיך צוזאַמען געקומען צום עסען.

מיין מאן האט זיך ניט אינטערעסירט מיט דיא אנגעלעגענהייטען פון הויז. ער פלעגט אויפשטעהען גאַנץ פריה אונד ארויס געהען אויף'ן פעלד. זאָגאר אין ווינטער איז אויך געווען דערזעלבער פאַלל, אונד ווען איך האב געעפענט דיא אויגען, איז ער שוין לאַנג געווען בעשעפטיגט. אלס ער האט צוריק געקעהרט צו פריהשטיק, וועלכעס מיר פלעגען עסען צוזאַמען, איז ער אימער געווען אזוי וויטציג אונד שפּאַסיג, וויא א פרעהליכער אינגעל.

טאַטיאַנא סימאָנאָוונא האט געהאט א טבע ניט ארויס צו געהען פון איהר שלאָף־צימער ביז מיטאג־צייט. אונז האט זיא אימער בעגריסט דורך א שליח. איך

קען מיך עראינערן, וויפיעל מיה עס האט מיך אנפאנגס געקאסט איך זאל נים לאכען, ווען איהר קאמער־פרוי, מיט צונויפגעלעגטע הענד אונד ערנסטעס געזיכט איז ערשיענען אונד געזאגט:

„טאטיאנא סימאָנאָוונא ווינשט צו וויסען וויא איהר האט גערוהט לעצטע נאכט; דיא ערדעלע דאמע הייסט מיר אויך איך זאל אייך זאגען, אז זיא האט נים געקענט שלאפען א גאנצע נאכט, דערפאר וואס עס שטעכט זיא אין דיא זייטען אונד דיא הינט הערען נים אויף צו ביללען. ווייטער וויל זיא וויסען וויא עס האט אייך געשמעקט דאס נייע ברויט וואס ניקאלאש אונד נים טעראססע האט געבאקען; זיא דענקט, אז דאס ברויט איז אויסגעצייכענט. דיא ווירדיגע דאמע רעכענט אז דיא קליינע זעמעלעך זיינען געווים גוט, אָבער דער קוכען איז אביסעל צו שטארק געבאקען.“

היינט שטעלט זיך פאר, ווען מען הערט דיזעלבע ווערטער, מיט דעמזעלבען ניגון פון דערזעלבער קאמער־פרוי, מאָנאטען לאנג! פריהער האט דאס אויס־געזעהען זעהר קאָמיש, אָבער שפעטער האט דאס מיך שיער גערוועז גע־מאכט.

צווישען פריהשטיק אונד מיטאג, וואס מיר האבען גענעסען אום 4 אוהר, האב איך אונד מיין מאן זיך זעהר וועניג געזעהן. צו דיזער צייט האב איך גע־שפיעלט פיאנא אונד געלעזען, וועהרענד ער האט זיך אָבגעגעבען מיט זיינע גע־שעפטען. צו מיטאג האבען מיר זיך אלע פערזאמעלט אין גרויסען שפייזע־זאאל. דיא שווינער־מוטער פלעגט ערשיינען מאנכע מאל מיט א פאאר בעזוכערינס, וועלכע זיינען מייסטענטהיילס געווען אלט־מאָדישע אדעל־דאמען. סערגעי פלעגט זיך שנעל אויפהויבען, געבען דער מוטער זיין ארעם, אונד מיך האט זיא אימער ערזוכט איך זאל איהר געבען מיין ארעם, אונד אזוי זיינען מיר געגאנגען צו טיש. דיא שווינער־מוטער איז יעדעס מאל געווען דיא פאָרזיצערין ביים מיטאג עסען, וועהרענד דעם איז עס געווען אזוי שטיל, אז מען האט געקענט הערען דיא לעפעל קלינגען אן דיא צייהן.

נאך׳ן עסען, איז טאטיאנא סימאָנאָוונא אריין אין איהר זיטץ־צימער, זיך לאנגזאם אוועק געזעטצט אויף׳ן גרויסען שטוהל, זיך איינגעוויקעלט אליין א ציגארעט אונד אָנגעפאנגען צו רויכען. סערגעי אונד איך האבען דאן פון איהר אבשיעד גענומען אונד אריין אין פיאנא־צימער וואו איך האב ענטוועדער געשפיעלט אָדער מיר האבען ביידע צוזאמען עפעס געלעזען.

צו אבענד־ברוים בין איך שוין געווען דיא פּאַרזיטצערין, אונד עס האט מיר גענומען א היבּשע צייט ביז איך האב מיך צוגעוואוינט צו אלע צערעמאָניען. נעבען מיר איז געשטאַנען א גרויסער סאַמאָוואר, אונד אָנפילענדיג דיא גלעזער מיט טהעע, האב איך כמעט יעדען אבענד געמוזט זאגען:

„דאס בעלאַנגט צו מאריא מינישנא; דאס געהערט צו איוואן איוואַ־נאָוויטש; דאס צו סערגעי מיכאילאָוויטש״ א. ז. וו. אלס דאס איז געווען פאַר־איבער, האט אונז ביידען דיא שוויגער־מוטער געקושט אונד איז באלד אריין אין שלאָף־צימער. זיא פלעגט אונז אפילו אָנזאגען, אז מיר זאָלען געהען פריה צו בעט, אָבער מיר האבען וויא געוועהנליך פערבראַכט אין געשפרעך ביז האלבע נאַכט, נאַטירליך רעדענדיג שטיל געגוג, אום זיא ניט צו שטערען. צייטענוויז זיינען מיר הונגריג געוואָרען, אונד סערגעי אָדער איך, פלעג זיך אריין כאַפּען אין קיך, ארויף ברענגען עפּעס עסען אונד א לייכטען געטראַנק.

סערגעי מיכאילאָוויטש אונד איך, האבען געלעבט דיא גאַנצע צייט אין דיעזען הויז וויא פרעמדע, וועלכע האבען געמוזט נאַכקומען א געוויסע צערעמאָניע זיטצענדיג בייא א פרעמדען טיש אונד שלאָפענדיג אין א פרעמדעס בעט. אָבער אונזער ליעבע האט אונז געמאַכט פערגעסען אן אלעמען.

איך האב דיעזעס לעבען דורכגעמאַכט עטוואס איבער צוויא מאָנאַט, אונד דאַן איז געקומען דער ווינטער מיט זיינע שנעען, שטורמען אונד פרעסט. אבוואָהל סערגעי מיכאילאָוויטש איז געווען מיט מיר צוזאַמען מעהר וויא פריהער, האט דאָך מיר אָנגעפאַנגען אלעס אויסצוזעהען אזוי וואָכעדיג, אזוי געוועהנליך, אונד, יא — אָבגעלעבט, זאָ דאס איך האב ניט געקענט איינזעהן וואס עס קען איהם אינטע־רעסירען אָדער מיך.

אונזערע געשפרעכע האבען אויסגעזעהען אלץ דיעזעלבע; אונזער ליעבע, אבוואָהל נאך ווארעם גענוג, האט זיא אָבער אין זיך מעהר ניט געהאט דאס אויפרעגענדע. דער קוש איז שוין מעהר ניט געווען אזוי ברענענדיג, מיט איינעם וואָרט, איך האב מיך אָנגעהויבען צו שפּירען לאַנגווייליג.

מיין מאַן האט פּלוצלינג זיך אָנגעפאַנגען שטארק צו בעשעפטיגען מיט זיינע חשבונות אונד געשעפטליכע אונטערנעהמונג, אונד צייטענוויז האט זיך מיר גע־דאַכט, אז איך בעמערק א טרויעריגען שאַטען פערדונקלען זיין מונטערעס געזיכט. אלס איך האב פּראָבירט צו ערפאַהרען וואס דאס בעדייטעט, האב איך געזעהען, אז ער וויל מיך אין דיעזער פערמאַכטער קאַמער, ניט אריין פיהרען.

איך האב גאנץ נום פערשטאנען, אז דאס הייסט געשעפטליכע ליידען אונד מיך האט פערדראָסען, ווארום ער מאכט מיך נים פאר זיין פערטרויעטען. איך בין איבערצייגט, אז איך האב איהם נים געליעבט וועניגער אלס פריהער. אָבער דיעזע ליעבע, אי געבליעבען שטעהן. זיא איז נים געגאנגען ווייטער. א געפיהל פון אונרוהע אונד אונצופריעדענהייט, האט מיך אָנגעהויבען צו מארטערן. אנ־פאנגס האב איך נים געוואוסט וואס דאס איז, נאָר מיט דער צייט האב איך אָנ־געהויבען צו בעגרייפען, אז איך בענעטהיג אויפרעגונג, בעוועגונג; איך האב וויא געביינקט נאך עפעס געפאהר אונד זעלבסט־אָפפערונג. איך האב געשפירט אין מיר איין ענערגיע וואס בענעטהיגט א פלאטץ וואו זיך אויסצובריימען. מיין צימער, דאס גאנצע הויז, ניין, דאס גאנצע דאָרף, האט אויסגעזעהן צו ענג פאר מיר. איך פלעג שפירען מאָמענטען פון טרויער, ערנערנים אונד פערצווייפלונג, וועלכע איך האב אפילו געזוכט פאר איהם צו פערבאָרגען, נאָר איך האב נים געקענט.

אין א טאָג איז ער געזעסען געגענאיבער מיר, געקוקט א לאנגע צייט שטיל־שווייגענד אין מיין געזיכט, גלייך וויא ער האט געוואָלט דורכדרינגען מיין זעלע. דאן איז ער געבליעבען זיטצען פערטראכט, אונד, פלוצלינג, האב איך איהם גע־הערט זאגען:

„קאטיא, מיר וועלען זיך אביסעל דורכשפאצירען אין שטאדט.“

ער האט דעררא טהען מיין געהיימניס. אָבער איך האב באלד גע־ענטפערט:

„ניין, ניין, סערגעי, מיר וועלען נים פאָהרען; מיר וועלען נים פערלאָזען דיעזען שטילען פלאטץ וואו מיר געפינען גליק איינער אין צווייטען — איך האב מורא“...

סערגעי מיכאילאָוויטש האט צום ערשטען מאל, זייט א לאנגע צייט, ארויס געבראכט א ביטערן שמייכעלע אויף זיינע ליפען אונד געענטפערט:

„עס איז וואהר, קאטיא, דוא מיינסט וואס דוא זאגסט, אָבער מיר מענשען דארפען נים קעמפפען געגען דאס אונפערמיידליכע. מיר וועלען פאָהרען!“

דיא לעטצטע ווערטער זיינען געוועזען אויסגעשפראָכען מיט א טאָן וויא פון געפעהל אונד פעסטע ענטשלאָסענהייט. אָבער בליקענדיג צו איהם, האט עס געבראָכען מיין הערץ וויסענדיג וויפיעל שמערצען איך פערארזאך איהם. איך האב איהם זעהר געבעטען, ער זאָל מיר צוליעב טהון אונד מיך נים דרינגען צו פאָהרען. סערגעי האט געשוויגען אונד איז אוועק נעגאנגען.

מיר פרויען זוכען נאָר צו וויסען דאס, וואס מען וויל אונז ניט פערטרויען אונד ניט וויסען פון דעם וואס מען דערצעהלט אונז. מאנכע פרויען בעהויפטען, אז דער מאן דארף רייסען דיא ערד מיט דיא נעגעל אונד זייא ברענגען וואס זייא דארפען, אָהנע זייא זאָלען וויסען פון וואנען עס קומט. דאס איז אָבער וואהר־שיינליך נאָר דערפאר, ווייל דער מאן פערטרויעט זיין פרוי וויא שווער אונד ביטער ער ארבייט אום זיא צו בעזאָרגען. אנדערע ווידער, וועלכע האבען מענער וואס טהון אלעס מעגליכע זייערע פרויען זאָלען ניט וויסען פון זאָרג, זיינען גראדע נייגיעריג צו ערפאהר־ען וואס עס געהט פאָר אונד זייא געפינען זיך בעליידיגט ווען דער מאן פערטרויעט זיך ניט אין זייא.

אונטער דיא לעטצטע בין איך אויך געוועזען. סערגעי מיכאילאָוויטש איז אין א טאג אהיים געקומען זעהר אונרוהיג אונד בעזאָרגט. אלס איך האב איהם געפרעגט וואס עס האט פאסירט, האט ער געענטפערט:

„גאר ניט, מיין קינד; אזעלכע זאכען דארפסטו ניט וויסען."

„ער האלט מיך פאר א קינד!" האב איך מיר געטראכט ווערענדיג שטארק אין כעס. „איך דארף ניט וויסען פון זיינע געשעפטען; איך, זיין פרוי, קען ניט זיין דיא פערטרויעטע פון איהר מאן!"

מיין אויפרעגונג האט געשטיגען אונד איך בין אריין געלאָפען אין מיין צימער וואו איך האב מיך בעגאָסען מיט טרערען. דאן בין איך ארויס געקומען אונד געטראָפען מאריא מינישנא אלס גאסט בייא אונז. איך האב זיא אריין גערופען אין מיין פיאנאָ־צימער, וואוהין סערגעי מיכאילאָוויטש איז באלד נאכ־געגאנגען.

איך האב גערעדט הויך, געטענה'עט, געפלוידערט אונד געלאכט אזוי משונה'דיג, אז איך האב מיך דערשראָקען פאר מיין אייגענעם קול. סערגעי מיכאילאָוויטש האט צו מיר ניט געשפראָכען, נאָר איך האב ווידער בעמערקט דעם טרויעריגען שמייכעלע אויף זיינע ליפען, אונד מיט'ן קאָפּ ארונטער געלאָזען, פערטיעפט אין געדאנקען, איז ער ארויס פון צימער.

דאן האב איך געשפירט איין אונבעשרייבליכען טרויער אין מיין הערץ, אונד ווען מאריא איז געגאנגען צו מיין שוויגער־מוטער, האב איך ווידער געוויינט אונד בין געוואָרען שטארק אין כעס אויף איהם. ווארום? דיעזע פראגע האב איך מיר ניט געקענט בעענטפערן.

איך בין ארויס געגאנגען דורך דער אָפענער טהיר אונד בין אריין אין זיין שרייב־צימער. ער איז געזעסען נעבען זיין טיש מיט דער פעדער אין האנד. ווען

איך בין אריין געקומען, האט ער אומגעווענדעט זיין קאָפּ צו מיר, מיך בעטראַכט מיט א פינסטערען אונד זוכענדען בליק, אונד דאַן האט ער ווידער אָנגעפאנגען צו שרייבען.

ניט וויסענדיג וואס איך זאָל טהון, האב איך גענומען א בוך אין דער האנד.

„קאטיא,“ האט ער געזאגט, „דוא ביסט עפּעס היינט ארויס פון דיא בלים.“

איך האב אומגעווענדעט מיינע אויגען צו איהם אונד געענטפערט:

„דאס קימערט דיך ניט!“

ער האט ווידער געבליקט צו מיר, געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ אונד געשמייכעלט. אָבער עס איז געווען דאס ערשטע מאל אין מיין לעבען מיט איהם, וואס איך האב ניט געענטפערט מיט א שמייכעלע אויף זיין גוטמיטהיגען שמייכעל.

„וואס איז היינט געשעהען?“ האב איך געפרעגט, „ווארום ווילסטו מיר ניט דערצעהלען?“

„גאר ניט, קאטיא, ווירקליך א קלייניגקייט. עפּעס האב איך געהאט איין אויפטריט מיט דיא בויערן, אונד“...

אָבער איך האב איהם ניט געלאָזען ענדיגען אונד ווייטער געפרעגט: „ווארום האסטו מיר ניט דערצעהלט אויף'ן פּלאטץ?“

„איך בין דאמאלס געווען אויפגערעגט, קאטיא, אונד איך האב מורא געהאט, אין מיין אויפרעגונג, זאָל זיך ניט ארויס כאַפּען עפּעס א נארישקייט פון מיין מויל.“

„אָבער איך האב עס דאמאלס געוואָלט וויסען.“

„ווארום גראדע דאמאלס, קאטיא?“ האט ער ווידער געפרעגט זעהר גוטמוטהיג.

„ווייל דוא דענקסט איך קען דיר גאר ניט ניטצען אין דיינע געשעפטען; דוא האלטסט מיך פאר א נאר!“

„אָה ניין, קאטיא,“ האט ער געענטפערט אוועק לעגענדיג זיין פען. „איך רעכען דיך ניט פאר קיין נאר. איך רעכען דיך אלס דאס ליכט פון מיין לעבען אונד איך קען אָהן דיר ניט עקזיסטירען. אָבער ווארום זאָל איך דיך בעטריעבען, ווען איך בין איבערצייגט, אז“...

„יא, יא,“ האב איך איהם אונטערבראָכען, „דוא דענקסט איך בין ניט מעהר וויא א קינד, צו וועלכען דוא דארפסט אימער זאגען שעהנע זאכען, ווייזען

שפּיעלציינ — אָבער, סערגעי מיכאַילאָוויטש, איך האָב שוין פערלוירען מיין געדולד־
דוא האסט גענוג זאָרג פיר אונזביידען; איך פערשטעה עס גאנץ גוט. אָדער,
ווענינסטענס זיינען דיא זארגען פאר דיר אליין צו פיעל.״

„הער מיך אוים, קאַטיא,״ האט ער געזאגט שנעל אום צו פערהינדערן איך
זאָל נים געהן אין צו ווייטע דרכים, „מיר״...

„ניין, איך וויל גאר נים הערען,״ האב איך איהם ווידער אונטערבראָכען,
אָבוואָהל איך האב זעהר געוואָלט מיט איהם זיך גוט אויסטענה׳ן. אָבער מיר
האט אויסגעזעהען צו פערשאַפען פערגניגען, אז איך זאָל איהם נים לאָזען רעדען.
„ניין, ניין, איך וויל מיך שוין נים שפּיעלען; איך בין נים קיין קינד. איך וויל
לעבען אין אזא ערנסטער וועלט וויא דוא; איך וויל זיין גלייך מיט דיר, איך האב
א רעכט דערצו!״

מעהר האב איך נים געוואָנט צו רעדען. איך האב בעמערקט וויא זיינע
באקען זיינען געוואָרען בלאס אונד אויף זיין שטערען האבען זיך געציינט טראָפּענס
שווייס.

„וויא אזוי ווילסטו זיין גלייך מיט מיר?״ האט ער געפרעגט זיך בעהערר־
שענדיג, „מיינסטו, אז דאָס איז פיעללייכט דיא גלייכהייט מיט מיר, ווען איך וועל
דיר דערצעהלען, אז איך האב מיך געקריענט מיט שיכור׳ע בויערן?״

„נים נאָר דאָס,״ האב איך געענטפערט.

„פערשטעה מיך, מיין טהייערע,״ האט ער זיך וויא געבעטען אונד איך האב
בעמערקט דיא טרערען גלענצענדיג אין זיינע אויגען. „איך וויים, דורך ערפאהרונג,
אז אזעלכע זאכען, ווען אפילו קלייניגקייטען, פערשאפען זייא שמערצען אונד
ערגערניסע, אונד וייל איך ליעב דיך, ווינש איך דיך צו שיטצען פון אומזיסטע
צרות. דאס, קאַטיא, איז מיין פליכט צו ליידען. איך בעט דיך, געליעבטע, פער־
אורזאך מיר דוא ווענינסטענס נים קיין אומזיסטע שמערצען.״

„דוא האסט רעכט, געוויס; דוא האסט אימער רעכט,״ האב איך געזאגט
הארטנעקיג, אָבוואָהל איך האב אונגעהייער געליטען זעהענדיג וואס פאר א ליידען
איך האב איהם פעראורזאכט.

„קאַטיא, וואס איז מיט דיר געשעהן? עס איז יעטצט נים דיא פראגע ווער
עס האט רעכט. ביסטו קראנק, אָדער ביסטו געערגערט פון עפּעס? ענטפער
מיר נים שנעל, איבערלעג עס דיר, אונד פיעללייכט בין איך דער שולדיגער, דאַן
נעהם דיר א רוהיגען מאָמענט אונד צייג מיר אויף מיין שולד.״

איך בין ארויס מיט דער שפּראַכע:

„איך האב געגען דיר גאר ניט, אָבער עס איז מיר שוין נמאס דיעזע ארט לעבען, וויא איך זעה, הער אונד בעטראַכט אימער דאס זעלבע. אָבער עס קען דאָך אנדערס ניט זיין, דוא ווערסט עס מיר בעווייזען באותות ובמופתים, אונד, נאַטירליך, דוא ווערסט אימער האבען רעכט.“

זיין געזיכט האט זיך פּלוצלינג מערקווירדיג בערוהיגט, אונד ארונטער לאָזענדיג דעם קאָפּ אויף זיין ברוסט, האט ער געשוויעגען. איך האב אויסגעבראָכען אין געוויין. וואס מעהר דיא טרערען זיינען געפלאָסען פון מיינע אויגען, אַלץ לייכטער האב איך מיך געשפּירט אויף מיין הערצען. בליקענדיג צו איהם, האב איך חרטה געהאט אויף אַלעמען וואס איז פאָרגעגאנגען. ער האט אויפגעהויבען זיינע אויגען אונד ער האט מיר צוגעוואָרפען אזא צערטליך־מעלאַנכאָלישען בליק, אז איך האב אָנגעכאפּט זיין האנד אונד אויסגעשריען:

„פערצייהע מיר, איך וויים ניט וואס עס איז מיט מיר געווען!“

ער האט שמטרצהאַפט געשמייכעלט אונד געענטפערט:

„אָבער, קאַטיא, דוא האסט מיר בלויז געזאגט דיא וואהרהייט.“

„דיא וואהרהייט? וואס האב איך דיר דען געזאגט?“

„דיינע ווערטער בעדייטען, אז מיר זאָלען זאָפאָרט אוועק פאָהרען נאָך סט. פּעטערסבורג. קיין זאַך זאָל אונז מעהר הינדערן; אונד, קאַטיא, ווען דוא האסט אירגענד א געפיהל פאַר מיר, בעט איך דיך, דוא זאָלסט מיך ניט ווידערשפּרעכען.“

איך האב געשוויעגען.

דאַן האט ער מיך גענומען אין זיינע ארעמס אונד מיך צערטליך געקושט. א זיפץ פון זיין הערץ, האט מיר פעראורזאכט שרעקליכען שמערץ.

„פערצייה מיר, סערגעי, איך בעט דיך, איך האב געגען דיר ניט געהאַנדעלט וויא דוא פערדיענסט, אָבער, גלויב מיר, איך האב עס ניט געטהאָן אַבזיכטליך.“

אין דיעזען אבענד, זיינען מיר געזעסען א היבשע צייט צוזאַמען אין אונזער צימער. דאַן האט ער זיך אויפגעהויבען, אָנגעפאַנגען צו שפּאַצירען הין־אונד־צוריס, אונד דעקלאַמירט עפּעס א געדיכט.

„וואס האסטו געזאגט?“ האב איך געפרעגט נייגיעריג, כאַפּענדיג עפּעס א גאַאר בעקאַנטע ווערטער.

ער איז געבליבען שטעהען, אונד שמייכלענדיג, האט ער ווידערהאָלט לער־מאָנטאָוו׳ס ווערטער:

„אָבער ער, דער נאַר, ער האט געבענקט נאָך'ן שטורם,

„גלייך וויא אין שטורם קען ער געפינען רוה.“

„ער איז מעהר ניט וויא א מענש,“ האב איך מיר געטראכט איהם בעד־אונדערענדיג. „ער ווייס אַלעס וואס עס געהט פאָר אין מיר! ער לעזט מיינע געדאַנקען בעסער וויא איך אליין! איז דען דאס ניט אליין גענוג אורזאכע ווארום איך זאָל איהם ליעבען?

איך בין אויפגעשטאַנען אונד צוגעגאַנגען צו איהם.

„אַלזאָ, קאַטיא, איז דאס ניט אַזוי?“ האט ער געפרעגט.

„יא,“ האב איך געמורמעלט גאַנץ שטיל, אונד איהם אומארמענדיג האב איך זיין לײדענשאַפטליך געקושט.

מיט צוויא וואָכען שפּעטער, פאַר דיא פייערטאַגען, זיינען מיר געווען אין סט. פעטערסבורג.

7.

אונזער רייזע נאָך סט. פעטערסבורג אונד דיא וואָך וואס מיר האבען צוגע־בראכט אין מאָסקווא, זיך צו בעקענען מיט מיינע אונד סערגעי׳ס קרובים, זיינען פאַר מיר פאַראיבער וויא א שעהנער אונד אנגענעהמער טרוים. אַלעס האט אויסגעזעהען אַזוי נייא אונד אינטערעסאַנט, אַזוי בעלייכטעט מיט דער געגענוואַרט פון מיין מאַן׳ס ליעבע, דאס איך האב פערגעסען אויב איך האב נאר אמאל געלעבט ערגעץ אין א דאָרף.

צו מיין איבערראַשונג אונד פערגניגען, בין איך איבעראַל זעהר העפליך עמפפאַנגען געוואָרען, אבוואָהל איך האב גערעכענט, אז מען וועט ניכער לאַכען פון דיא דאָרפס-לייט. איך האב נאָך שפּעטער ענטדעקט, צו מיין גרעסערער איבערראַשונג, אז אונטער דער העבערער געזעלשאַפט, האט מיין מאַן געהאט דיא בעסטע בעקאַנטע. דאס האט ער מיר פריהער ניט דערצעהלט אונד איך האב איהם ביז דאַמאלס גערעכענט, אז ער האט גאר פאר זיך אין זיין לעבען ניט געזעהען אַזא וועלט. מעהרערע מאָל פלעג איך מיך וואונדערן, וויא אַזוי ער האט קריטיקירט יעמאַנדען זעהר שלעכט, וועהרענד מיר האט זיך געדאַכט, אַז דיא קריטיקירטע זיינען דיא פיינסטע מענשען.

שפעטער האב איך געהאט דיא געלעגענהייט צו ערפאהרען, אז זיין אורטהייל אונד קריטיק, איז געווען גוט בעגרינדעט.

מיט א טאָג פריהער איידער מיר זיינען אוועק געפאָארען נאך סט. פעטערס־בורג, האט מיר מיין מאן געזאגט:

„קאטיא, מיין געליעבטע פרוי, איך בעט דיך דוא זאָלסט מיר פערצייהען ווען איך וועל דיך מוזען אויפמערקזאם מאכען אויף עפּעס וואס איז מיר זאָנסט אונאנגענעהם מיט דיר דאריבער צו רעדען. אין דאָרף בייא אונז, בין איך אויך א גרויסער עושר, אָבער אין סט. פעטערסבורג קען איך מיך אפילו נים רופען מיטעל־מעסיג רייך. עס לוינט זיך אונז דאָרט צו פערבלייבען איבער דעם ווינטער, אָבער מיר דארפען זיך נים אריין לאָזען אין צו פרעהליכער אונד אויסברענגענדער גע־זעלשאפט.“

„האב קיין מורא נים,“ האב איך געענטפערט. „מיר וועלען בלויז בעזוכען עטליכע קאָנצערטען, געהען א פּאאר מאל אין טהעאטער, אונד דאן וועלען מיר צוריק קעהרען נאך ניקאלסקי.“

אָבער דיעזע בעשליסע זיינען באלד פערגעסען געוואָרען. זיך זעהענדיג אומ־רינגט פון א וועלט מיט גענוס אונד פערגניגען, האב איך אָנגעפאנגען צו שווימען אויף דיא וואָלקען פון דער זיסער פאנטאזיע אונד מיר האט זיך געדאכט, אז איך בין נאָר וואס געבוירען געוואָרען. דער פריהעריגער טרויער אונד אויפרעגונג, זיינען פערשוואונדען, אונד דיא געדאנקען וועגען מיין מאן, וועגען זיין ליעבע, האבען אָנ־געפאנגען וויא אויפצוגעהען אין רויך.

אונד ער? יא, ער האט געלעזען יעדען וואונש מיינעם אויף מיין געזיכט, אונד כל־זמן איך האב פערגעסען אן דעם וואס ער האט מיר געזאגט, אז ער איז קיין עושר, האט ער געספענדעט געלד וויפיעל איך האב פערלאנגט, אָהנע מיך נאך אמאל צו דערמאָהנען אן אונזער לאגע.

איך האב אליין געגעבען אונטהערהעלטע אונד געשפּיעלט דיא ראָלע אלס דיא העררין־פערוואלטערין פון דעם באלל אָדער באנקעט. ער האט, בייא אזעלכע געלעגענהייטען, מיך נאך ענטשולדיגט, אונד פלעגט זאגען:

„דוא שפּיעלסט דיין ראָלע אויסגעצייכענט, מיין קינד! ווירקליך גוט אונד שעהן!“

מיט א קורצער צייט נאך אונזער אנקונפט אין סט. פעטערסבורג, האט ער אבגעשריעבען א בריעף צו זיין מוטער אונד מיך געפרעגט אויב איך וויל עפּעס

צו שרייבען. ער האט מיר געוויזען דיא ווייטע לעדיגע זייט, מיט דער אבזיכט, וויא איך האב פערשטאנען, אז איך זאל ניט לעזען וואס ער האט געשריעבען. אבער דאס אליין איז שוין גענוג געווען אום מיך צו מאכען גענוג נייגיעריג, אונד, נעגען זיין ווילען, האב איך געלעזען דיעזע ווערטער:

„אך, מוטער! דוא וואלסט שוין גאר ניט דערקענט אונזער קאטיא. איך אליין בין ערשטוינט איבער איהר. וואו האט זיא געלערענט דיא אלע בענעהמונגען אין דער העכערער געזעלשאפט? זיא איז אבער אזוי גוט אונד איינפאך. יעדער פרייט זיך מיט איהר, אונד איך ליעב זיא נאך מעהר וויא אימער, אויב אזא זאך קען נאר מעגליך זיין.“

„אך!“ האב איך מיר געטראכט, „אונד איך ליעב אויך סערגעי מיכאילאָוויטש מעהר וויא אימער, אויב אזא זאך איז נאר מעגליך.“

האב איך איהם ווירקליך געליעבט מעהר וויא אימער? דיעזע פראגע וואלט איך דאמאלס ניט געקענט בעענטפערן, נאר יעטצט ווייס איך, אז מיין ליעבע צ איהם איז בעשטאנען אין דעם, וואס ער האט ערפילט יעדען וואונש וואס איך האב אויסגעשפראכען.

מיינע אונבעקאנטע קרובים האבען מיך עמפפאנגען אזוי שעהן, דאס איך האב מיך דארויף ניט געריכט. איך האב געזעהען פון אלע זייטען איין אנקעל, א מוהמע, אדער א קוזינע, וועלכע האבען געטהאן אלעס מעגליכע צו זארגען פיר מיין בעקוועמליכקייט. איינער האט געזאגט, אז קיין צווייטע צו מיר אין סט. פעטערס־בורג איז ניטא; איין אנדערער האט ערקלערט, אז איך בעדארף נאר אויסשפרעכע־דעם וואונש, אונד איך קען ווערען דיא אנפיהרערין פון דער העכסטער געזעלשאפט. דיא קרובה וואס האט מיך אמבעסטען אנגעצויגען, איז געווען פרינצעסין (קיאזין) רעמיקאוו, מיין מאן'ס א קוזינע. זיא איז געווען א פאלסאמענע ערפאהרענע וועטליבע פרוי, וועלכע איז שוין ניט געווען יונג, אבער זיא האט ניט אויפגעהערט מיך אויפ־מערקזאם צו מאכען, אז איך בין אונגעהייער שעהן.

שעהן? יא, איך האב פון פריהער געוואוסט, אז איך בין א שעהנהייט, נאר איך האב ערשט לעטצטענס ערפאהרען אין סט. פעטערסבורג, וואס פאר א מאכט א שעהנהייט האט. איך האב מיך דערפאר אליין אנגעהויבען צו בעוואונדערן, אונד עס איז שוין ניט ווייט געווען, איך זאל מיך פערליעבען אין מיין בילד פון דעם שפיעגעל, וואו איך פלעג שטעהן מעהר וויא געוועהנליך.

ווען זיא איז ערשיענען צום ערשטען מאל מיך איינצולאדען אויף א באלל, האט סערגעי מיכאילאָוויטש אויף מיר געווארפען אזוי וויא א דערשראקענעם

שמייכעל אונד מיך אנטשולדיגט נעפרענט אויב איך וויל גהען. איך האב ניט געקענט ענטפערן מיט'ן מויל; איך האב געשפירט דאס בלוט אויפשטייגען אין מיינע באקען, אונד איך האב געשאקעלט מיט'ן קאפּ „יא."

„דוא ביסט רויט געוואָרען וויא א פערברעכער וואס איז זיך מודה אויף זיינע זינד," האט סערגעי מיכאילאָוויטש דאן בעמערקט אזוי גוטמוטהיג, אז איך האב מיך נאר ניט געקענט געפינען בעליידיגט פון אזעלכע שארפע ווערטער.

„דוא האסט מיר געזאגט," האב איך געענטפערט אָהנע פיעל צו וויסען וויא איך זאָל צוזאמען שטעלען מיינע ווערטער, אז עס לוינט זיך אונז ניט צו ספּענדען פיעל געלד, אונד איך רעכען, אז דאס איז דיר אונאנגענעהם."

איך מוז דאָ ערקלערען וואס איך האב געמיינט: איך האב געוואָלט זאגען, דאס נאכדעם ער האט מיר איינמאל ערקלערט, אז מיר זיינען גרויסע עשירים אין דאָרף אונד פיעל ווענינער וויא עשירים אין סט. פּעטערסבורג, איז דאס געהען אויף אזא באלל, פערבונדען מיט גרויסע הוצאות; נאר איך וויל פּאָרלויפיג דערפון ניט וויסען, אונד ווייל איך וויל האבען פערגניגען, קימערט מיך ניט. עס האט מיך דערמאָהנט אן דעם פראנצויזישען קעניג, וועלכער האט געזאגט: „בל־זמן איך לעב, וויל איך פראנקרייך זאָל האבען א קעניגרייך אונד מיר זאָל זיין גוט — נאָך מיר ווידער, קימערט מיך ניט, מעג אפילו קומען א מבול אויף דער גאנצער וועלט."

סערגעי מיכאילאָוויטש האט מיך פערשטאנען, אָהנע איך זאָל איהם פיעל ערקלערען, אונד זאָ האט ער בעמערקט:

„ווען דוא ווילסט עס זעהר, מיין קאטיא, דאן וועלען מיר גהען"

איך האב געוואָלט שפּיעלען דיא ראָלע פון אָבנארען סערגעי מיכאילאָוויטש'ן, אונד אָבוואָהל אין מיר האט געברענט דער וואונש בייצו־וואָהנען דיא פראכט אונד הערליכקייט פון דעם באלל, האב איך געזאגט:

„פיעללייכט דענקסטו, אז מיר דארפען ניט געהען, וועלען מיר זיטצען אין דער היים."

„ניט דארפען?" האט ער געמורמעלט וויא צו זיך אליין, „א מענש דארף אלעס וואס קען איהם גליקליך מאכען, אונד, איבערהויפּט שאדעט עס ניט אמאָל צו בעזוכען מונטערע געזעלשאפט. אין דעם ליעגט ניט קיין געפאהר. מען דארף זיך נאָר אָבהיטען ניט צו געהען זעהר אָפט אונד ניט זוכען צו בעשטייגען אזא לייטער וואס קען צוברעכען ווערען אונטער אונזערע פיס. יא, יא, קאטיא, מיר וועלען געהען."

„איך וועל דיר זאגען דיא וואהרהייט,“ האב איך דאן בעמערקט איהם אומ־ ערמענדיג, „מיר דאכט, אז איך האב נאך ניעמאלס נעהאט אזא וואונש ערגעץ צו געהען, וויא אויף דיעזען באלל.“

מיר זיינען געגאנגען, אונד דאס פערגניגען וואס איך האב ערווארטעט, איז נאך מעהר וויא פערווירקליכט געווארען. מיר האט עס אויסגעזעהן, אז דער שטראם גאלדענע שטראהלען פון דיא טויזענדער עלעקטרישע ליכטער, איז ספעציעל פיר מיין פערגניגען פארבערייטעט געווארען; אז דיא הערליכע אונד מונטערע מוזיק, אונד דאס גאנצע פובליקום, איז בעשטימט געווארען אום מיין הערץ זאל זיך פרייען. דאן האב איך געהערט דיא צאהלרייכע קאמפלימענטען, ניט נאר פון יונגע מענער, זאנדערן אויך פון יונגע פרויען, אלטע העררען אונד דאמען — יעדער האט בע־ וואנדערט מיין שעהנהייט. דער פרינץ, מיין קוזין, האט מיר געזאגט:

„איהר זייט ניט וויא אלע אנדערע פרויען, וועלכע זיינען אויך שעהן; איהר זעהט אויס וויא א פרישע בליהענדע רויז, געוואקסען אונטער דיא נאטירליכע אומשטענדען אויף'ן פרייען פעלד, נעגען א געקונסטעלטער בלום פון א שטוב.“

דאס אלעס האט מיך בערוישט אונד מיין גאנצע זעעלע האט געוואלט אונד געשטרעבט בלויז פיר עהנליכעס פערגניגען, וואו דיא שענסטע געזעלשאפט זאל מיר מודה זיין, אז איך בין א געטטין דער שעהנהייט. אלס איך האב מיטגעטהיילט סערגעי'ן, אז מיין וואונש איז צו געהען אויף נאך בעללער, האט ער, צו מיין ער־ שטוינען, נאר קיין איינווענדונג געמאכט, אונד ניט נאר איינגעשטימט צו טהון וואס איך וויל, זאנדערן, ער האט אויסגעזעהען צו האבען דאס גרעסטע פערגניגען פון מיין ערפאלג אונטער דער שעהנער אונד רייכער וועלט וואס שווימט אימער אין א ים פערגניגען.

יעטצט ערקלער איך מיר דיא אורזאכע פון סערגעי מיכאילאוויטש'עס האנד־ לונגען. דאמאלס, נאטירליך, האב איך דאס ניט געקענט בעגרייפען. סע־געי מיכאילאוויטש איז געוועזען א מענש, וואס האט שוין געזעהען דיא וועלט; ער האט געוואוסט גאנץ גוט, אז אזא וואונש וויא איך האב אויסגעשפראכען, איז ניט מעהר צו אונטערדריקען. זיין אויפטריט דאגעגען, מיך צו פערהינדערן, וואלט פעראור־ זאכט, וואס איך וואלט ניט נאר פערלוירען דיא ליעבע צו איהם, זאנדערן איהם געהאסט. דאס האט ער ניט געוואלט, אונד ער האט בעשלאסען מיך אבצוזאגען, איך זאל טהון וואס איך וויל, ביז איך וועל אליין קומען צום שכל.

יא, יא, איך בין איבערצייגט, אז אין אזא פאל העלפט ניט צו פרעדיגען שכל

מען מוז צו איהם גרייכען נאך א בימערער ערפאהרונג, אונד סערגעי מיכאילאָוויטש האט קיין אנדערן אויסוועג געזעהען.

אנפאנגס האט עס אויסגעזעהען, אז ער האט אויך הנאה געהאט פון דעם געוויש, גלאנץ אונד פראכט. ער האט נאטירליך נאר געשפּיעלט אזא ראָלע, אונד איין גאָט ווייסט דעם אמת וויפיעל מיה עס האט איהם געקאָסט זיך ניט צו פערראטהען. אָבער ענדליך, האט ער שוין מעהר ניט געקענט זיך פערשטעלען אונד איך האב איהם געהערט זיך בעקלאגען, אז אזא לעבען איז איהם נמאס. אָבער וואס האט מיך געקימערט זיינע געפיהלע? איך האב מיך געמאכט, אז איך פערשטעה איהם גאר ניט. איך בין געווען בעצויבערט מיט דער בעוואונדערונג פון פרעמדע — איבערהויפּט האט עס מיר אויסגעזעהען, אז אין מיר איז געלעגען א גרויסער טייך אָבגעשפּארט זיית יאָהרען, אונד מיט איינמאל איז דאס וואסער ארויס אונד געפלאָסען אונד בענעטצט אונד אויפגעלעבט א פעלד מיט ליליען, ראָזען, בלומען אונד גרינע צווייגען.

ווען איך פלעג אריין אין א באלל־זאלאָן אונד אלע אויגען האבען זיך צו מיר געווענדעט, האב איך געשפּירט וויא א באלזאם פון זיסען שטאָלץ זיך צוגיסען איבער מיינע גליעדער. איך האב בייא מיר אויסגעזעהען העכער אונד גרעסער וויא א קעניגין, אונד, נאַטירליך, אויך פיעל וויכטיגער וויא סערגעי מיכאילאָוויטש. איך האב איהם נאך אפילו געליעבט, ווייל ער האט געזעהען מיך בעזאָרגען מיט דיא שענסטע קליידער אונד אנדערע זאכען צו מיין פערגניגען, אָבער איך האב מיר געמוזט צוגעבען, אז איך בין פריהער געווען א גרויסער נאר, ווען איך האב איהם גערעכענט, אלס א גאנצען מאבער.

„אָה, סערגעי מיכאילאָוויטש,“ האב איך מיר געטראכט, „עס זיינען דאָ ניט נאָר שענערע פון דיר, זאָנדערן אויך קליגערע פון דיר, אונד, ווען איך וויל, קען איך יעהען איינעם פון זייא זעהען ליעגען צו מיינע פיס!“

אלס דער געוויש איז פאָראיבער אונד איך בין מיר געזעסען רוהיג אין צימער פון מיין האָטעל, פלעגען צו מיר קומען אנדערע געדאנקען. „אמת,“ האב איך מיר געטראכט, „עס זיינען דאָ שענערע אונד פיעללייכט אויך קליגערע מענער אלס סערגעי מיכאילאָוויטש, אָבער קיינער איז ניט אזוי גוט וויא ער.“

דאן האט מיר וועה געטהאָן מייו הערץ איהם צו זעהן ליידען, אונד איך האב מיך געטרייסט:

„אָה ניין, סערגעי מיכאילאָוויטש, דוא האסט געוויס א טעות אין מיר, ווארט

נאַר ביז מיר וועלען אהיים קומען, וועסט זעהען צוליעב וועמען איך וויל זיין שעהן — יא, יא, נאַר צוליעב דיר, אונד איך וועל עס דיר בעווייזען."

אמאל פלעגט אין מיר אויפשטיינען דער געדאנק, דאס מיין מאן איז אויף מיר אייפערזיכטיג. יעטצט וויים איך עס, אָהנע צווייפעל, אז אייפערזיכטיגע גע־פיהלע האבען שיער צעריסען זיין ארמעס הערץ, אָבער סערגעי מיכאילאָוויטש איז אימער געווען קלינער אלס איך אונד זיין האלטונג צו מיר האט איהם ניט פער־ראטהען.

אונד איך? איך בין ניט אימשטאנדע געווען ארויס צו טרייבען פון מיין פאנטאזיע דאס שעהנע געזיכט פון דיעזען יונגען העררן אָדער פון איין אנדערן, וועלכער, אזוי עלעגאַנט אונד אזוי קאוואליר־מעסיג, האט ער צו מיר געזאגט, אז איך בין דיא שענסטע פראווינציאַלקע וואס לעבט.

דאַן, אום מיך אָבצונארען אונד מיין מאַן, האב איך אין א פריה־מאָרגען געוואָלט פערטרייבען דיעזע געדאַנקען פון מיר, אונד צו איהם געזאגט, מאכענדיג מיט'ן פינגער וויא אויף שפּאס:

„אזוי סערגעי מיכאילאָוויטש, ווילסט מיך מאכען אייפערזיכטיג? איך האב דיך געזעהען נעכטען אבענד עפּעס צופיעל רעדענדיג מיט גרעפין אבלאָ־מאָוויטץ."

דיא געגאנגטע דאמע, איז געווען אונזער בעסטע פריינדין אונד זעהר גוט בע־קאנט אין סט. פּעטערסבורג. דער וויטץ אָדער שפּאס, האט אָבער ניט געווירקט, אונד מיין מאן איז אין יענעם טאָג געבליעבען מערקווירדיג שטיל אונד איך האב איהם כמעט גאר ניט געהערט רעדען.

פּארנאכט, האב איך אין עהנליכען פאללען וויטץ געזאגט איבער דערזעלבער דאמע. זיינע שעהנע אויגען האבען זיך געווענדעט צו מיר אונד זיין געזיכט איז פערדונקעלט געוואָרען. ער האט, וויא פון צווישען דיא צייהן, ארויס געשטאַמעלט אין גרויסער אויפרעגונג:

„קאטיא, וויא קענסטו מיר זאגען אזעלבע ווערטער? איך וויים, אז דאס איז א שפּאס, אָבער ער פּאסט ניט פאר דיר. ניין, קאטיא, ער פּאסט ניט! זאָלען אנדערע מאכען אזעלבע שפּאסען. דאס איז א געקינסטעלטעס לעבען, אונד דער אָנפאנג פון אָבנארען פער שפּאס, ביז... ניין, ניין, קאטיא, אזעלבע שפּאסען פערשאָרזאכען וואס מאן אונד ווייב פערלירען דעם רעספּעקט איינער פאר'ן צווייטען."

איך האב מיך געפיהלט שטארק געטראפען אונד מיך געשעהמט. איך האב געשוויעגען.

„אלזא, קאטיא,“ האט ער ווייטער געזאגט, אום מיך בעזער צו מאכען, „וואס ואגסטו דארויף?“

„אונזער ליעבע אונד רעספעקט איינער פאר׳ן צווייטען,“ האב איך געענטפערט, „קען דאדורך ניט ליידען אונד זיא וועט פערבלייבען אונפערענדערט.“

מיר האט זיך געדאכט אויף׳ן פלאטץ, אז איך גלויב אין דעם וואס איך זאג, אבער ער האט געענטפערט:

„נאט זאל געבען עס זאל אזוי זיין וויא דוא זאגסט! אבער דעננאך, קאטיא, גלויב איך, אז עס איז שוין צייט מיר זאלען אהיים פאהרען.“

נאך דיעזער געשיכטע, האט ער שוין קיין איינציגעס מאל גערעדט פון צוריק קעהרען נאך ניקאלסקי. איך בין צופריעדען געוועזען דערפון אונד האב גאר ניט גערעדט דאריבער.

דער ווינטער איז פאראיבער מיט בליטץ־שנעללינקייט, אונד געגען מיינע ערווארטונגען, זיינען מיר פערבליעבען ביז איבער דעם מאנאט אפריל אין סט. פעטערסבורג. אבער צום ערשטען מאי האב איך איהם שוין אליין געזאגט, אז מיר דארפען אהיים פאהרען. עס איז ניט געוועזען דערפאר, ווייל דאס פרעהליכע לעבען איז מיר נמאס געווארען, זאנדערן ווייל איך האב אויף איהם רחמנות געהאט, זעהענדיג וויא ער ליידעט אין דער שטיל.

נאכדעם וויא סערגעי איז פערטיג געווארען מיט איינקויפען פערשיעדענע קלייניגקייטען פיר אונזער הויז אונד דיא קופערטען זיינען געוועזען איינגעפאקט, האב איך בעמערקט דיא אלט־בעקאנטע גליקליכע מונטערקייט צוריק קעהרען אויף זיין געזיכט.

פלוצלינג אבער, איז ערשיענען זיין קוזינע, פרינצעסין דעמיקאוו, אונד אונז געזאגט, אז עס איז א יושר מיר זאלען נאך פערבלייבען ביז זונטאג, דאמיט מיר זאלען בייוואהנען דעם באלל פון גרעפין וואראנססי.

„דיא גרעפין,“ האט פרינצעסין דעמיקאוו צו מיר געזאגט, „ווינשט איבערהויפט זעהר אייער אנוועזענהייט, ווייל פרינץ מ.—זאגט, אז איהר, קאטיא, זייט דיא שענסטע פרוי אין רוסלאנד, אונד ער האט מודיע געוועזען, דאס אין פאלל איהר וועט ניט זיין אויף׳ן באלל, קומט ער אויך ניט. עס וואלט געוועזען דיא גרעסטע

נאררישקייט איהר זאָלט זיך דערפאר איילען צוריק צום לעבעדיגען קבר, דאָרט אין דאָרף, אונד ניט בייוואָהנען אזא גלענצענדען אונטערהאלט, וואו מען ווינשט איבערהויפט אייער אנוועזענהייט."

וועהרענד דיא פרינצעסין האט געשפּראָכען דיא לעטצטע ווערטער, איז סערגעי געווען אין דער צווייטער זייט פון דעם צימער, רעדענדיג מיט א דיענער. איך האב דערפאר ניט געוואוסט, אויב ער האט דאס געהערט.

„אלזאָ, וואס וועט זיין, קאטיא?" האט זיא ווייטער געפרעגט, „וועט איהר געהען?"

„מיר פאָהרען מאָרגען אוועק נאך ניקאָלסקי," האב איך געענטפערט, בליקענדיג צו מיין מאַן. אונזערע אויגען האבען זיך בעגעגענט, אונד ער האט זיך באלד אָבגעווענדעט.

„איך וועל איבעררעדען אייער מאַן ער זאָל אייך לאָזען געהען," האט דיא פרינצעסין פאָרגעשלאָגען.

„אָבער דאס וועט שטערען אלע אונזערע פּלענער," האב איך געענטפערט, אבוואָהל איך האב געוואָלט מיט לייב אונד לעבען געהען אויף'ן באלל.

סערגעי האט זיך אומגעווענדעט, אונד מיט איין אויפרעגענדע שטימע, וועלבע האט מיך דערשראָקען, האט ער מיך געפרעגט:

„וואָלט עס ניט פיעללייכט גאר בעסער געווען, אז דו זאָלסט אוועק צום פרינץ היינטע אבענד אונד זיך מיט איהם געזעגנען?"

„הא, הא!" האט זיך מיין קוזינע צולאכט. „קוק איהם נאָר אן וויא ער איז אייפערזיכטיג. עס איז ווירקליך א פערגניגען איהם אזוי צו זעהען, ווייל עס מאכט אין איהם אָביסעל א וועקסלונג אין זיין אימער וועהרענדער גלייכגילטיגקייט. אָבער, סערגעי מיכאיילאָוויטש, עס איז ניט אזוי צוליעב דעם פרינץ וואס מיר ווילען, אז קאטיא זאָל קומען"...

„זיא קען געהען, ווען זיא וויל," האט ער זיא אונטערבראָכען אונד באלד פערלאָזען דאס צימער. זיין אויפרעגונג האט פעראורזאכט, וואס איך האב דער פרינצעסין ניט געקענט געבען קיין בעשטימטען ענטפער.

ווען זיא איז אוועק, בין איך געגאנגען זעהען וואו ער איז. איך האב איהם געטראָפען ארום שפּאַצירענדיג אין צווייטען צימער מיט א פערטראכטעס געזיכט.

א מערקווירדיגעס געפיהל פון מיטלייד איז אין מיר ענטשטאנדען, אונד איך האב מיר געטראכט: „ער טרויערט פון אונזער שטילער היימאטה אין ניקאָלסקי:

פון זיינע פעלדער, בּויערן אונד אונזער פּיאַנאָ־צימער. ניין, ניין! נים פאַר אלע בעללער, נים פאַר אלע מונטערקייטען אונד שמייכלען פון טויזענד פּרינצען, וועל איך בייטען זיין צערטליכע ליעבע."

איך האב איהם נאָר וואס געוואָלט אַרום נעהמען, קושען אונד זאגען, אז מיר פאָהרען אהיים, אונד... אָבער פּלוצלינג האט ער זיך אומגעווענדעט צו מיר מיט א פינסטערן בליק, אונד זיך אויך באַלד פערשטעלענדיג, וויא זיין טבע איז אימער געוועזען אין מיין נעגענוואַרט, האט ער געפרעגט:

„וואס איז געשעהען, מיין טהייערע?"

איך האב נים געוואוסט וואס צו ענטפערן.

„ווילסטו ווירקליך געהען אויף'ן באלל?" האט ער ווייטער געפרעגט.

„איך וואָלט וועלען געהען," האב איך געענטפערט גלייכגילטיג, „נאָר אזוי וויא אלעס איז שוין צוזאמען געפּאַקט אונד דאס איז דיר אונאַנגענעהם"...

א לייכטער שפּאָטישער שמייכעלע האט זיך בעוויזען אויף זיינע ליפּען. דאַן, מיט איין ענטשלאָסענעם טאָן, האט ער ערקלערט:

„איך וועל פון דאנען נים אוועק פאָהרען ביז דעם מיטוואָך פון נעבסטער וואָך, אונד איך וועל באַלד געבען א בעפעהל, אז אלעס זאָל אויסגעפּאַקט ווערען."

ער האט דאַן אָנגעפאנגען צו שפּאַצירען הין־אונד־צוריק, וועלכעס האט בעוויזען, אז ער איז שטארק אויפגערעגט. איך האב איהם נאכגעפאָלגט מיט מיינע אויגען אונד געזאגט:

„איך קען דיך ווירקליך נים פערשטעהן. ווארום רעדסטו אזוי צו מיר? וואס איז דאס פאַר א בענעהמונג? איך בין פאָלשטענדיג בערייט צו אָפּפערן מיין פערגניגען פיר דיינעם."

„איין אָ פּ פ ע ר!" האט ער וויא אויסגעשריען, בלייבענדיג שטעהן אונד אויסציהענדיג דאס לעטצטע וואָרט. „גוט אלזאָ, איך ברענג דיר אויך איין אָפּפער, אונד אזוי זיינען מיר ביידע קווים. ווירקליך, וואס נאך קען מען ערוואַרטען פון אזא קליינעם פאַאר פאָלק וויא מיר זיינען?"

זיין קאַלטער אונד שפּאָטישער טאָן, האט מיך געשטאָכען וויא מיט מעסערס.

„אה, סערגעי, דוא ביסט מעהר נים דערזעלבער," האב איך בעמערקט מיט א זיפץ. „וואס איז געשעהען, ביסטו אין כעס אויף מיר? עס איז אונמעגליך, אז

אלעס זאָל זיין גאָר צוליעב דיעזען באלל. דאָ מוז ליעגען איין אנדערער הונד בעד גראָבען. זאג מיר דעם אמת, וואס איז געשעהן?"

איך בין דאן געווען נייגיעריג צו זעהען וואס דער נעכסטער מאָמענט וועט ברענגען; וואס ער וועט מיר ענטפערן, וויא ער וועט מיך ארום נעהמען, צודריקען צו זיין ברוסט, מיך איבערבעטען אונד אלעס וועט ווידער גוט ווערען. אָבער איך האב געהאט א גרויסען טעות. ער איז געבליעבען שטעהן אין מיטען צימער אונד מיר געקוקט גראד אין דיא אויגען.

„דוא פערשטעהסט מיך ניט?" האט ער געפרעגט.

„ניין."

„דאן, בעט איך דיך אום ענטשולדיגונג, ווען איך וועל דיר צום ערשטען מאָל ערקלערען אָדער אויסשפרעכען אזעלכע געפיהלע פון מיין ברוסט, וועלכע איך וואָלט צופריעדענער געווען זייא צו פערבאָרגען."

זיינע ליפען האבען אָנגענומען דיא אלט-בעקאנטע בלאסקייט אונד זיינע אויגען האבען אונהיימליך געגלאנצט

„וואס מיינסטו?" האב איך געפרעגט אויסבּרעכענד אין געוויין. ער איז אָבער געשטאנען אויף זיין פלאטץ, אונד מיט א גרויסע אנשטרענגונג צו אונטער־דריקען זיין צאָרן, האט ער אָנגעפאנגען:

„דאס מיין איך, קאטיא. איך ווינש ערשטענס, אז דוא זאָלסט דיך בע־חערשען אויף א מאָמענט אונד מיך פערשטעהען. איך שטעל דיך זעכבסט פאר א ריכטער, אונד איך וועל דיך פרעגען ווער עס האט רעכט. מען איז דיר געקומען זאגען, אז דער פרינץ וויל דיך זעהען אויף'ן באלל. ווארום? וויל דיין שעהנער קערפער געפעלט איהם! דוא קענסט דאָך מיר ניט זאגען, אז דיין גייסט, דיין פארפזינן, האט איהם בעצויבערט, וויל איהר האט נאך ביידע ניט געשפראָכען, אונד ער האט דיך בכלל געזעהען. דוא ווייסט, ביסט בערייט צו געהן ערפילען דעם וואונש פון א פרעמדען מאן, זאָנדערן אן דעם זעלבסט-רעספּעקט פון א פערנינפ־טיגעם פרויענצימער. דיין מאן, וועלכער אכטעט פריהער דיך זעלבסט, אָהנע צו דענקען אן דער קערפערליכער שעהנהייט; דיין מאן, וועלכער איז שטאָלץ אויף דיר, וועלכער ליעבט דיך אלס פרוי, שעטצט דיך אלס שוועסטער אונד אכטעט דיך אלס קאָמפּאניאָן, ליידעט דאדורך דיא גרעסטע מארטערניסע. דוא ווייסט, האסט דיך אזוי וויט פערגעסען, אז דאס אלעס בעקימערט דיך ניט. דאן קומסטו אונד ערקלערסט — מערק עס דיר גוט — דוא ערקלערסט, אז דוא ביסט בערייט

צו אָפּפערן דיין פערגניגען פיר מיינעס. וועלכעס איז דיין פערגניגען אונד וועלכעס איז מיינעס? דיין פערגניגען איז, צו געפעלען מיט דיין קערפּער דעם פּרינץ, אונד מיין פערגניגען איז, דיך צו זעהען געאַכטעט אונד געשעטצט בייא דיר זעלבסט. פערשטעהסטו מיך וואס איך מיין?"

נאַטירליך זיינען מיר זיינע ווערטער אריין דורך איין אויער אונד ארויס פון דעם צווייטען. דאַן, שפּיעלענדיג דיא קאָקעטישע מיענעס, האב איך געזאגט:

„יא, יא, איך האב ערוואַרטעט אזא אויסברוך שוין פון לאנג, דוא קענסט ווייטער רעדען."

„וואס דוא האסט ערוואַרטעט ווייס איך ניט, אָבער א י ך, קאַטיא, האב ערוואַרטעט דאס ערגסטע, דיך שטודירענדיג טאָג טעגליך אין דעם שטראָם פון קאָסטבארען לוקסוס, לעדיג־געהען אונד פערשווענדונג. האב איך געציטערט פאר דעם מאָמענט, ווען מיין פּנים וועט מוזען רויט ווערען פאר חרפּה, וויא עס האט היינט פּאסירט. דיין פריינדין איז ערשיענען אונד צעררייסען מיין הערץ מיט איהרע שמוטציגע הענד, שפּאָטענדיג פון מיין אייפערזוכט — אויף וועמען בין איך אייפערזיכטיג? איך בין אייפערזיכטיג אויף א מאַן וואס דוא קענסט איהם אזוי ווייניג וויא איך. איך בין אייפערזיכטיג איבער דער עהרע פון מיין קאָמפּאַניאָן, פון מיין פריינדין, פון מיין שוועסטער אונד פון מיין פרוי, וועלכע איך מוז אונד דארף ראטהען. נאָר זיא וויל מיך ניט פערשטעהן. דוא גיבסט מיר איין ענטפער — אך, קאַטיא, פריינדין, איך שעהם מיך פאר מיר אליין אונד פאר דיר — איין אָפּפער"...

ער האט מעהר ניט געקענט רעדען. איך האב מיר געטראַכט: „אזוי זיינען דיא מענער! איך האב גאר קיין אונרעכט בעגאנגען, אונד בייא איהם איז עס שוין רעכט איך זאָל פאלען אויף מיינע קניעס אונד איהם בעטען ער זאָל מיר מוחל זיין. ניין, ניין, סערגעי מיכאילאָוויטש, דאס וועל איך ניט טהון!"

„איך וועל פאר דיר גאר ניט אָפּפערן," האב איך דאן הויך געזאגט, שפּירענדיג, אז מיינע נאָז־לעכער האבען וויא געשפּריטצט מיט פייער אונד מיינע באקען האבען געברענט. „איך אָפּפער גאר ניט! איך וועל געהען אויף'ן באלל צו גרעפין וואָראָנסקי."

„איך ווינש דיר א גוטען אונטערהאלט!" האט ער אויסגעשריען מיט שפּאָט. „אָבער צווישען אונז, קאַטיא, האט זיך שוין אלעס געענדיגט. דוא זאָלסט מיך מעהר ניט מאַרטערן. איך בין געוועזען גענוג דום צו"...

מעהר האט ער ניט גערעדט. עס האט אויסגעזעהען, אז ער האט זיך וויא דערשראָקען פאר זיין אייגענער שטימע, אונד ער האט באלד פערלאָזען דאס צימער. איך בין אויך אריין אין מיין צימער אונד אָנגעפאנגען צו וויינען. אָבער עס זיינען ניט געווען קיין טרערען פון חרטה, זאָנדערן פון שרעקליכען צאָרן אונד האס צו סערגעי מיכאילאָוויטש, דערפאר וואס ער האט מיך אזוי געקריינקט.

פארנאכט, אלס איך בין אריין אין שפייזע־זאאל, איז ער געזעסען אויף זיין געוועהנליכען שטוהל, אונד נעבען איהם איז געזעסען א געוויסער העדר א. איך האב מיך אויך געזעטצט נעבען זייא, אָבער איך האב פערשטאנען, אז צווישען מיר אונד מיין מאן געפינט זיך שוין אזא טיעפער זומפּף, וואס ניט איך אונד ניט ער וועלען איהם קענען אריבער שפּרינגען. העדר א. האט געפרעגט סערגעי'ן ווען מיר בעאבזיכטיגען צו פערלאזען סט. פּעטערסבורג, אונד סערגעי, אום מיר קיין צייט צו געבען, האט ער שנעל געענטפערט:

„נעכסטען מיטוואָך. מיר וועלען פריהער בעזוכען דעם באלל פון גרעפין וואָראָנסקי. דוא ווערסט דיך דאָך זעהן פערטיג מאכען?“

דיא לעטצטע פראגע האט ער מיר געשטעלט, אונד איך האב געענטפערט ערשראָקען:

„יא, אזוי דענק איך.“

נאך'ן עסען, אלס העדר א. איז אוועק, איז סערגעי צוגעגאנגען צו מיר אונד מיר געגעבען זיין ארעם. נעהענדיג איבער דעם זאלאָן, האט ער צו מיר געזאגט מיט א טרוקענער אונד קאלטער שטימע: „איך בעט דיך, ענטשולדיג מיר פאר דיא ווערטער וואס איך האב דיר היינט געזאגט.“

אויף מיין געזיכט האט זיך בעוויעזען א ציטערענדער שמייכעל אונד מיינע אויגען האבען זיך אָנגעפיללט מיט טרערען. אלס ער האט דאס געזעהען, האט ער שנעל צוריק געצויגען זיין האנד אונד האט זיך דאן געזעטצט אויף א שטוהל פון וויטען, אויסצומיידען א טרערען־סצענע.

„איז דאס מעגליך,“ האב איך מיר געטראכט, „אז ער דענקט נאך אימער, אז ער האט געהאט רעכט?“ איך האב בעשלאָסען איהם אויפצופאָדערן ער זאָל מיר זאגען וואס ער וויל — גלייך וויא איך האב ניט געוואוסט — אונד מיך מיט איהם גוט אויסטענה'ען. אלס איך בין צו איהם צוגעקומען, האט ער שנעל געזאגט:

„איך מוז שרייבען צו מיין מוטער, אז אונזער צוריק קעהרען איז אָבגעלעגט געוואָרען. זיא וועט זאָנסט זיין זעהר אונרוהיג.“

„און ווען פאהרען מיר א היים?״ האב איך איהם געפרעגט.

„נעכסטען מיטוואָך.״ איז געוועזען זיין אנטוואָרט.

ער האט זיך שנעל אויפגעהויבען אונד איז אריין אין זיין צימער, מיר ניט גע־בענדיג דיא געלעגענהייט צו רעדען ווייטער.

מיר זיינען ביידע געגאנגען אויף׳ן באלל. פאר יעדען איינעם האט עס אויס־געזעהען, אז סערגעי מיכאילאָוויטש איז דערזעלבער ליעבענדער אונד צערטליכער מאַן וויא פריהער, אָבער איך האב געוואוסט, אז דאס איז נאָר פאר דער וועלט.

איך בין געזעסען צווישען צוויא דאמען, ווען דער פרינץ האט זיך צו מיר דערנעהענטערט. לויט דיא געזעטצע פון עטיקעטע, האב איך מיך פאר איהם אויפ־געהויבען. דערבייא האב איך בעמערקט מיין מאַן, וועלכער האט דערזעהען דיא סצענע, אונד ער האט שנעל אָבגעווענדעט זיין געזיכט. מיין געוויסען האט מיך אין יענעם מאָמענט זעהר געפלאגט. איך האב מיך דערמאָהנט אן סערגעי מיכאַ־לאָוויטש׳עס ווערטער, אז דעם פרינץ געפעלט מיין שעהנער קערפער. איך האב אויך בעמערקט וויא זיינע אויגען האבען געגלאנצט בליקענדיג אויף מיינע נאַקעטע שולטער אונד האלב־נאַקעטע ברוסטען. דאס בלוט פון שאנדע, האט אָנגעהויבען צו לויפען אין מיינע באַקען. וואס ער האט מיך געפרעגט אונד וואס איך האב געענטפערט, קען איך מיך ניט עראינערן, נאָר איך געדענק, דאס ער האט בע־מערקט מיין פערווירונג, אונד מיר צו־וואַרפענדיג נאָך א בליק וואס האט וויא דורכגענומען מיין גאנצען קערפער, האט ער זיך פערנייגט אונד איז אַוועק. דאַן האב איך מיך דערמאָהנט, אז פערנייגענדיג, האט ער געזאגט, דאס עס וועט איהם פרייען צו מאכען בעקאַנטשאַפט מיט מיין מאַן.

שפעטער האב איך איהם געזעהן רעדענדיג מיט סערגעי׳ן. דער פרינץ האט וואהרשיינליך עפעס געזאגט איבער מיר, דען ער האט געקוקט אהין וואו איך בין געשטאַנען אונד געשמייכעלט. סערגעי׳ס געזיכט איז וויא איבערגעגאָסען געוואָרען מיט בלוט אונד ער האט שנעל פערלאָזען דעם פרינץ.

דיא אַלטע קאַטיא איז פון מיר פערשוואונדען. איך בין געוואָרען א נייע פערזאָן. אנשטאט צו זאָרגען פון ליעבע מיט סערגעי׳ן, האב איך מיר געטראַכט: „א שאנדע — איין אונערהערטע שאנדע! וואס וועט דער פרינץ דענקען איבער מיר זעהענדיג, אז איך האב אזא מאַן? נאָט וויים וואס אלע געסט דענקען שוין איבער מיר״...

איך מח דאָ נאך אמאל ערקלערען מיינע געדאנקען : דיא שאנדע וואס איך האב געמיינט, איז נאָר געוועזן, דאס מיין מאַן ווייסט זיך נים וויא צו בענעהמען. דיא אידעע וויעדער, אז דאס קען מיינען, אז מיין מאַן איז איבער מיר אייפערזיכטיג דורך גוטע גרינדע, האט מיך ניט בעקימערט.

איך האב דאַן געהאט איין אונטעררעדונג מיט מיין קוזינע אונד איהר דער־צעהלט פון דעם אויפטריט מיט מיין מאַן.

„ביסט נאך גאר א נאריש קינד,“ האט זיא געזאגט לאכענדיג. „וואס דען ווילסטו, אלעס זאָל זיין אזוי גלאט וויא זייד ? וואס פאַר א טעם האט דאס גוטע, ווען עס פאָלט ניט אריין קיין ביטערקייט אין מיטען, אום מיר זאָלען קענען אונטער-שיידען ? אזעלכע סצענען, מיין קינד, אונד נאך ערגערע, קומען זעהר אָפט פאַר צווישען מאַן אונד ווייב, אונד מען בעט זיך נאכהער איבער.“

8.

דיא אבריגע עטליכע טעג וואס מיר האבען פערבראכט אין סט. פעטערס־בורג, האבען מיך אונטערדעסען איבערצייגט, אז סערגעי מיכאילאָוויטש איז ניט דער מענש מיט וועמען עס איז לייכט זיך צו צוקריעגען אונד נאכהער זיך איבער־בעטען. ער האט אויסגעמיעדען צו בלייבען מיט מיר אליין אין הויז, דאמיט מיר זאָלען ניט דארפען רעדען איבער אונזער פערגאנגענהייט.

איך בין אזוי קראנק געוואָרען מיט א טאג פריהער איידער מיר האבען בעד־דארפט אָברייזען, דאס ער האט זיך געזעהען געצוואונגען פאַר מיר צו דינגען ספּעד ציעלע צווייא צימערן אין א פאָרשטאדט, וואו דיא ערצטע האבען מיך געקענט בעקוועמער בעהאנדלען. דאס האט אונטערדעסען געדויערט עטליכע טעג, אונד ווען איך האב מיך אָנגעפאנגען צו שפּירען בעסער, האט ער ערקלערט, אז ער מוז פאָהרען נאך ניקאָלסקי, אום צו בעזאָרגען זיינע געשעפטען אונד זעהען וואס זיין מוטער טהוט. איך האב איהם געבעטען ער זאָל מיך מיטנעהמען, אבער ער האט ניט געוואָלט, בעהויפּטענדיג, אז מיין געזונדהייט ערלויבט עס ניט. איך בין זיכער געוועזן, אז ער האט עס דערפאר געטהאָן, ווייל ער האט ניט געוואָלט מיר זאָלען אזוי גיך זיין צוזאמען אין אונזער אלטער הײמאטה, וואו מיר האבען אמאל צוגע־בראכט אונד גענאָסען אזוי פיעלע גליקליכע מאָמענטען.

איך בין געוועזן זעהר טרויעריג אין זיין אבוועזענהייט, אונד דאס אונגליקליכע ביכד האט אָנגעפאנגען יעדעס מאל מעהר אונד דייטליכער פאַר מיר צו ער־שיינען.

ווען איך בין געזונד געוואָרען, איז ער געקומען מיך אָבהאָלען, אונד מיר האבען צוריק געקעהרט נאך ניקאָלסקי.

אונזער לעבען איז דאַן געפיהרט געוואָרען מאשין־מעסיג, אָהן געפיהל. ער האט ערפילט יעדען וואונש מיינעם אונד איך האב דאסזעלבע געטהאַן געגען איהם. פאר דער אויסענוועלט האט עס געקענט אויסזעהען, אז אונזער ליעבע איז נאך אימער דיעזעלבע וויא געווען. אָבער יעדער פון אונז האט געהאט זיינע אייגענע אינטערעסען. אין דערזעלבער צייט, האב איך געוואוסט, אז ער איז ניט אין גאנצען קיין פרעמדער צו מיר, זאָנדערן, דאס ער איז איין עהרענהאפטער, ווירדינער מענש, וועלכען איך האב דאפיר געשעטצט אונד געאַכטעט.

יעדענפאלס האב איך שוין עפעס אנדערש פון איהם ניט ערוואַרטעט; ער איז בלויז געווען מיין מאַן, ניט מעהר, אונד אויף א וועקסלונג אין דעם צושטאנד, האב איך שוין ניט געהאָפט. איבערהויפט האב איך מעהר ניט צייט געהאט פיעל נאכצודענקען.

ניקאָלסקי איז געווען אונזער הייםאטה, אָבער איך בין זעלטען אימשטאנדע געווען צו פערבלייבען דאָרט אפילו א גאנצען מאָנאט דורכאַנאנד. איך האב שוין געוואוסט דעם וועג אין דיא בענאכבארטע שטעדט, אונד אהין, אויף בעלער, טהעאטער אונד אונטערהעלטע, האט מיך מיין הערץ געצויגען. סערגעי מיכאילאָוויטש האט ערפילט מיין וואונש שטילשווייגענד אונד מיר געגעבען געלד אום צופריעדען צו שטעלען מיינע ווילדע שטרעבונגען.

אַריסטאָקראַטישעס לעבען, לוקסוס, גלאנץ אונד פּראכט, האבען אנגעפאנגען צו פערטרעטען דיא שטעלע אין מיין הערץ, וואו איך האב אמאל געטראגען דיא ליעבע צו מיין מאַן אונד צו מיין שטילע הייםאטה. איך האב גאר קיין צייט ניט געהאט דעם גאנצען טאָג אונד א היבשען טהייל פון דער נאכט; קליידער, מאָדע, טהעאַטער, בעללער אונד ברילליאנטען, האבען מיך גאנץ גענוג בעשעפטיגט. דאס אלעס האט מיך ניט שטארק אמוזירט אונד אויך ניט געלאַנגווייליגט: איך האב אלעס אקצעפּטירט אלס א נויטהווענדיגקייט — אזוי דארף עס זיין.

דרייא יאָהר זיינען אזוי פערפלאסען, בלויז מיט צווייא וויכטיגע צוטרעפונגען: דער טויט פון מיין שוויגער־מוטער אונד דיא געבורט פון מיין ערשטעם קינד.

אנפאנגס איז דאס מוטער־געפיהל אין מיר אזוי שטארק געווען, דאס מיר האט זיך געדאכט, אז איך פאנג אן ווידער אמאל גאנץ נייעס לעבען. אָבער ווען איך האב מיך צוגעוועהנט צו דיעזען געפיהל אונד איך האב ווידער אָנגעפאנגען צו קומען אין געזעלשאפט, האט שוין דאס אויסגעזעהען וואָכעדיג.

פיר מיין מאַן אָבער, האט דיא געבורט פון אונזער קינד אויסגעזעהן איהם צו געבען א נייעס לעבען. ער איז נאך אמאל געוואָרען צערטליך, ליעב געהאט דיא היימאטה וויא אין אלטע צייטען, אונד שטונדען־לאַנג האט ער זיך געשפיעלט מיט זיין אינגעלע זאגענדיג דערבייא מונטערע וויטצען.

אָפטמאָל, ווען איך בין אריין אין דער אמע׳ס צימער צו זאגען מיין קינד „גוטע נאַכט,“ האב איך דאָרט געטראָפען מיין מאַן, מיר צו וואָרפענדיג א פאַר־וואורפס־בליק, וועלכער האט ארויס גערופען שאנדע פאַר מיר אליין, איך האב מיך ניט נאָר איינמאָל דערשראָקען פאַר מיינע אייגענע געפיהלע, בעמערקענדיג דיא גלייכגילטיגקייט וואס איך האב געשפירט צו מיין קינד, אונד איך האב מיך גע־פרעגט, אויב איך בין פערשיעדען פון אנדערע פרויען.

יא, איך האב געליעבט מיין קינד, אָבער צו זיטצען נעבען איהם אונד זיך מיט איהם אָבגעבען שטונדען־לאַנג, האב איך ניט געקענט.

מיין שווינער־מוטער׳ס טויט, איז געוועזען א שטאַרקער קלאַפ פיר מיין מאַן. איך האב מיט איהם זעהר סימפאטהיזירט אונד עס האט מיר אויך צייטענווייז נאך איהר באַנג געטהאָן. אָבער, דעם אמת זאגענדיג, האט עס מיך מעהרערע מאָל געפרייט וואס זיא איז ניט געוועזען איך זאָל זעהען איהרע קאפריזנע פיהרונגען.

צום דריטען יאָהר, נאך אונזער רייזע נאך סט. פעטערסבורג, זיינען מיר גע־פאָהרען נאך באַדען־באַדען (דייטשלאַנד) אום דאָרט צו פערברענגען דעם זומער. נאַטירליך האב איך געמאַכט דעם פאָרשלאַג אהין צו פאָהרען אונד מיין מאַן האט מיר קיינמאל ניט ענטזאגט.

איך בין דאמאלס אלט געוועזען 21 יאָהר; מיין געזונדהייט איז געוועזען פאָלקאָמען; מיינע קליידער זעהר רייך אונד עלעגאנט; איך אליין שעהן אונד בליהענד; דאס וועטער, הערליך, אונד, איך בין געוועזען גליקליך!

דאס בין איך מודה, אז עס איז ניט געוועזען אזא הייליגעס גליק פון וועלכען איך האב גענאָסען דיא ערשטע פאאר מאָנאַט נאך מיין האָכצייט אין ניקאָלסקי, אָבער, דענענאך, איז דאס אויך געוועזען גליק, אין איין אנדערע פאָרמע. איך האב פאַר גאר ניט קיין מורא געהאט, אויך גאר ניט געהאָפט, אונד עס האט מיר אויסגעזעהן, אז דער בעכער פון מיין גליק איז פולל ביז צום ראַנד, אונד מיין געוויסען איז געוועזען אונבעטריעבט.

אונטער דיא פערשיעדענע צאָהלרייכע בעזוכער אין באַדען־באַדען, איז דאן בעזונדער קיינער ניט געוועזען וואס זאָל ווערטה זיין מען זאָל איהם שענקען עפעס אויפ־מערקזאמקייט. אלעס וואס איך האב געקענט ענטשיידען איז געוועזען, דאס מאַנכער

האט מיר אויסגעזעהן אלט, איין אנדערער יונג; שעהנע ענגפענדער, לאנגזואמע פראנצויזען אונד בלאנדע דייטשען. שפעטער האט מיין אויפמערקזאמקייט צוגעצויגען איין איטאליענער מיט דעם נאמען מארסיז מיכאעלי, וועלכער האט אין זיך געהאט א שטאלצע האלטונג, טרוימערישע אבער גלענצענדע אויגען, א שעהנעס געזיכט אונד ער האט פערשטאנען אמבעסטען וויא אויסצודריקען זיין בעוואונדערונג איבער מיין קערפער. ער האט קיין געלעגענהייט אויסגעפעהלט זיך מיט מיר צו בעגעגנען, טאנצען מיט מיר, אויספאהרען אויף א דראשקע אין דיא קאפע־הייזער, אונד ער איז קיינמאל ניט מיעד געווארען מיר צו דערצעהלען, אז איך בין בעצויבערענד.

מעהרערע מאל האב איך איהם געקענט זעהען דורך מיין פענסטער שפאצירענדיג ארום הויז, אונד דער בליס פון זיינע שעהנע אויגען איז געהאנגען בייא דיעזען פענסטער וואו איך בין געשטאנען. איך האב געשפירט, אז איך ווער אנגעצונדען אין געזיכט אונד איך האב מיך אבגעווענדעט.

ער איז געוועזן יונג, שעהן אונד עלעגאנט; ער האט געהאט א מערקווירדיגע עהנליכקייט צו מיין מאן, אבער בעדייטענד איינגער. הויפטזעכליך אבער, איז זיין שטערן אונד שמייכעל געוועזן אזוי עהנליך, דאס זייא בעמערקענדיג, האב איך מיך דערמאהנט אן יענע גליקליכע צייטען, ווען סערגעי מיכאיקאוויטש איז בייא מיר געוועזן אלעס אין דער וועלט.

נאך איין זאך האט מיך שטארק אויפמערקזאם געמאכט. אנשטאט דיא עדעלע אונד עהרליכע געזיכטס־ציגע פון מיין מאן, האב איך געלעזען אין דעם איטאליענער'ס מיענעס, עפעס נראבעס, בעסטיאלישעס אונד אויפרעגענדעס. טראטץ דעם אבער, פלעגט ער מיך גראדע מיט דיעזע מיענעס נאך מעהר בעצויבערן.

מיר האט זיך צייטענווייז געדאכט, אז איך האב מורא פאר איהם, אבוואהל איך האב עס מיר דייטליך ניט געקענט ערקלערען פון וואס פאר איין אורזאכע דאס שטאמט.

סערגעי מיכאיקאוויטש ווידער, נאכדעם ער האט זיך מיט איהם בעקאנט, האט ער זיך מיט איהם מעהר אונטערהאלטען, וויא מיט אירגענד איין אנדערן. אונטערדעסען אבער, האב איך בעמערקט צווייא אינטערעסאנטע זאכען: ערשטענס האט איהם דער איטאליענער ניט מעהר וויא בעטראכט אלס דער מאן פון דער פרוי וואס ער בעוואונדערט, אונד, צווייטענס, סערגעי מיכאילאוויטש זעלבסט, האט אויסגעזעהען צו וויסען וואס פאר א ראלע ער שפיעלט בייא דעם מארקיז.

מיט א קורצער צייט פריהער, איידער דער סעזאָן האט זיך גענענדיגט, בין איך קראַנק געוואָרען אונד בין אבגעלעגען גאנצע 14 טעג אין בעט. זא שנעל אבער וויא איך האב מיך ערהאָלט אונד אָנגעפאנגען צו בעזוכען א קאפעע־הויז, האב איך ערפאהרען, אז ליידי ספעלטאָן, איין ענגלישע אדעל־דאמע, בעריהמט דורך איהר שעהנהייט, איז אָנגעקומען.

עס האבען ניט געפעהלט קיין קאוואלירען ארום מיר מיך צו בעשיטען מיט קאָמפּלימענטען פון אלע זייטען, אָבער ליידי ספעלטאָן, האט געהאט נאך מעהר בעוואונדערער. מיר האבען אויסגעזעהן וויא צוויא מיטעלפונקטען פון געשמאק פיר דיא מענער; איין פארטייא האט געזוכט צו איבערטרעפען דיא צווייטע מיט דער שילדערונג פון מיין שעהנהייט אונד ליעבליכקייט, וויא אויך מיט דיעזער פון ליידי ספעלטאָן.

אויף איינמאל האב איך אָנגעפאנגען צו שפירען א גרויסע ערגערניס אונד פערדרוס. אלעס וואס עס איז מיר פריהער ערשיענען מונטער אונד פרעהליך, האט מיר אויסגעזעהן טרויעריג אונד אָבגעשמאקט.

מיין נענגעריין איז געווען, אָהנע צווייפעל, א בעריהמטע שעהנהייט, אונד ווען איך האב זיא ערבליקט צום ערשטען מאל, האב איך געשפירט אזא אייפערזיכטיגען שטויס אין מיין הערץ, אז איך בין בערייט געווען איינצודריקען מיינע פינגער אונד צערשטערען איהר שעהנעס געזיכט.

אין א פריה־מאָרגען האט ליידי ספעלטאָן בעשטעלט דיא גרויסע מחנה מענער, וויא אויך איינינע פרויען, מיט איהר אויסצופאָהרען. איך בין אפילו אויך געווען געלאדען, אָבער איך בין ניט געגאנגען. איך בין צוריק געבליעבען אין האָטעל, איינזאם, פערלאָזען אונד טרויעריג.

איך האב געשפירט, אז איך וויל וויינען אונד דער ברענענדער וואונש איז אין מיר ענטשטאנדען, צוריק צו קעהרען נאך רוסלאַנד.

אָבער פלוצלינג — וואס איז דאס? א געפיהל האט זיך אין מיר ערוועקט וואס האט מיך געדרונגען אונד געטריעבען, איך זאָל טהון אלעס מעגליכע, אום צו געווינען אויף מיין זייט אירגענד יעמאנדען, פיר אירגענד א פרייז, אבי מען זאָל זאגען איך בין דיא שענסטע אונד...

איך האב מיך דערשראָקען פאר דיעזע געדאנקען.

נעקריינקט אונד געערגערט, אונרוהיג אונד וויטהענד, האב איך מיך צוריק געצויגען אויף א פאאר טעג אין האָטעל אונד האב בעהויפטעט, אז איך בין וויעדער

סראַנק געוואָרען, דאַמיט איך זאָל ניט דאַרפען קומען אין געזעלשאַפט אום צו זעהן ווי א מיין געגנעריך טריומפירט.

מיין געגנעריך! ניין, ניין! איך האָב מיר דיא פראַגע ניט געשטעלט ווי א אזוי זיא איז מיין געגנעריך אונד ווארום. איך האב בלויז געוואוסט, אז איך האס זאָגאר דעם באָדען וואו איהרע קליינע פיסלעך האבען געטרעטען.

אייפערזיכטיג? יא, איך בין געווען אייפערזיכטיג אויף אלע מענער, אונד, עס איז קיין צווייפעל, אז איך האב געוואָלט, דאס אלע זאָלען מיך ליעבען.

אונד איך? יא, איך בין געווען ענטשלאָסען אירגענד א פרייז צו געבען פאַר דיעזער ליעבע!

קענט איהר זיך א בעגריף מאַכען פון מיין דאַמאַליגען צושטאַנד! דאס איז דער פונקט וואס א פרוי גרייכט, ווען מען קען עס אָנרופען דיא ניעדריגסטע שטופע פון אונפערשעהמטהייט.

עס איז אפילו ניט מעהר געווען ווי א זינד אין מיינע געדאַנקען, אָבער איך קען ניט בעגרייפען מיט וואס מיין פערברעכען איז דאַדורך קלענער געווען.

אין מיינע געדאַנקען? ניין, ניין! איך בין געווען ניעדריג, ווי א דער איינ־פאַכער אויסדרוק קען שילדערן. נאָר דיא געלעגענהייט האט מיך צוריק געהאלטען פון מאַכען דעם שריט, וועלכער פיהרט אריבער פון דעם געדאַנקען־וועג צו דעם טהאַטען־שטעג.

מען זאָגט, אז מענער זיינען געמיין אונד פערדאָרבען, אָדער, ווי א אַנדערע בעהויפטען, אונפערשעהמט. מיר דאַכט, אז דיעזער אורטהייל איז ניט אין גאַנצען ריכטיג. ווען מענער וואָלטען ווירקליך אזוי געווען ווי מען מאָלט זייא, וואָלטען אזעלכע פרויען ניט אימשטאַנדע געווען פיעל אויסצוהאַלטען אויף דעם גע־דאַנקען־וועג.

צאהלרייכע מאָל האב איך מיר פאָרגעשטעלט אין מיין פאַנטאַזיע דיעזען מאַן, יענעם מאַן, א דריטען מאַן, אונד זיטצענדיג אויף מיין ווייכען שטוהל אָדער ליעגענדיג אין מיין בעט, האב איך בעגאַנגען פערברעכען געגען מיין געוויסען, געגען מיין מאַן, געגען מענשליכע מאָראל, אונד... אָבער מיר ווערלען צוריק קעהרען צו דער האַנדלונגס־סצענע.

אין א טאָג איז ליידי ספעלטאַן אונד פיעלע בעגלייטער אוועק אויף דער יאַגד. איך האב גערופען מיין פריינדין ליאָנא מאַריושקאַ, מיר זאָלען אביסעל אויספאָהרען. אלס דיא דראָשקע איז אַרויף לאַנגזאַם אויף א בארג אין שאָטען

פון דיא הונדערט-יעהריגע קאסטאניען־בוימער, האב איך ערבליקט א שעהנעס שטיק גרינעס פעלד בעדעקט מיט דיא גאָלדענע שטראהלען פון דער אונטער־געהענדע זונן. איך אונד מאריושקא, האבען געשפראָכען אונד דעבאטירט איבער פערשיעדענעס, אָבער קיין זאך האט מיך אינטערעסירט.

מיר האבען גערעדט פון אונזערע קינדער, פון אונזער היימאטה אונד נאך זאכען, אָדער קלייניגקייטען, וויא זייא האבען מיר דאמאלס אויסגעזעהן.

מיר זיינען אונטערדעסען אויסשטיעגען, ארויף אויף דעם שעהנעם שטיק פעלד אונד שפּאצירט לאנגזאם אונטער דעם קיהלען שאטען פון דיא הויכע בוימער. דאן האבען מיר זיך אוועק געזעטצט אונד אין עטליכע מינוטען ארום, האבען מיר געהערט שטימען, וועלכע זיינען יעדעס מאל דייטליכער געווארען.

פּלוצלינג האב איך דערהערט מיין נאמען. איך האב אויפגעציטערט אונד בין געוואָרען זעהר נייגיעריג צו הערען יעדעס וואָרט.

דיא פּערזאָנען וואס האבען געשפּראָכען, איז געוועזען דער מארקיז מיכאעלי, אונד זיין בעסטער פריינד, א פראַנצויז.

דיא אנוועזענהייט פון דעם מארקיז, אזוי נאהענט, האט מיך שרעקליך אויפ־גערעגט, אונד דיא פערברעכערישע געדאנקען, האבען אָנגעפאנגען צו קומען אלץ שנעלער אונד שנעלער אין מיין קאָפּ.

דער פראַנצויז, אין א הויכער אונד מונטערער שטימע, האט מיך פערגלייכט מיט ליידי ספּעלטאָן אונד געשטודירט דיא פערשיעדענע אנציהונגען פון אונז ביידע. ער האט מיך אפילו ניט בעליידיגט, אָבער מיין געהירן האט אויסגעזעהן, וויא אין א העללישעס פייער, ווען ער האט אָנגעפאנגען, קאלטבלוטיג, אויסצורעכענען וואס פאַר א חסרונות עס געפינען זיך אין מיין שעהנהייט.

„זיא," מיך מיינענדיג, האט דער פראנצויז פאָרטגעזעטצט, „האט שוין גע־האט א קינד, אונד דאס, וויא געוועהנליך, פערדערבט פיעל דיא פאָרמע פון דעם קערפּער, כל־זמן מיר רעדען פון פאָלקאָמענהייט. וועהרענד ליידי ספעלטאָן האט נאך קיינע קינדער געהאט אונד איז בלויז אלט 19 יאהר. אויסער דעם, האט ליידי ספּעלטאָן וואהרעס קעניגליכעס בלוט אין איהרע אָדערן, וועהרענד „זיא," אלץ מיינענדיג מיך, „איז איינע פון דיעזע אונצעהליגע רוסישע אדעל־פאמיליען, וועלכע זיינען בטבע זעהר גראָב."

דאן האט ער בעמערקט:

„דא איז אָבער קיין נאר ניט, דערמיט וואס זיא האט זיך צוריק געצויגען פון

געזעלשאפט אונד זוכט ניט צו קעמפפען געגען ליידי ספעלטאַן מיט איהר שעהנ־הייט. זיא וואָלט נאך קלינער געטהאָן, ווען זיא זאָל אין גאנצען פון דאנען אוועק פאָהרען.״

„ווען זיא פאָהרט, פאָהר איך אויך,״ האב איך געהערט דעם איטאַליענער׳ס שטימע, אונד מיין בלוט האט אויפגעקאָכט.

„איהר זייט א גליקליכער שטערבליכער,״ האט דער פראנצויז בעמערקט לאַ־בענדיג, „ווען איהר זייט נאך אימשטאנדע צו ליעבען.״

„ליעבען!״ האט דער איטאַליענער אויסגערופען, „זאָלאנג דאס בלוט איז נאך אין מיר ווארעם, וועל איך ניט אויפהערען צו ליעבען. אונד, ווען מיינע ערפאַהרענע אויגען האבען יעטצט קיין אירטהום, דאן איז דער געגענווערטיגער ראָמאן ערפאָלגרייך אָנגעפאנגען. איך וועל איהם אויך ענדיגען, ווייל איך ענדיג אימער מיינע ליעבעס־ראָמאנען.״

„בראַוואָ!״ האט דער פראנצויז אויסגעשריען, „איך ווינש אייך גליק אונד א גוטען ערפאָלג!״

מעהר האב איך ניט געהערט, ווייל זייא זיינען אוועק. אין א קורצער צייט אָבער, האבען זייערע טריט ווידער אָבגעקלונגען אויף א שטיינערנעם וועג פון דער אנדערער זייט. עס האט ניט פיעל געדויערט אונד זייא זיינען ערשיענען ניט ווייט פון אונז. אלס זייא האבען ערבליקט מיך מיט מיין בעגלייטערין, האבען זייא אויס־געדריקט דאס גרעסטע ערשטוינען.

ווען איך האב דערזעהן דעם מארקיז, האב איך געשפירט דאס בלוט לויפענדיג אין מיינע באקען. ער איז צו מיר צוגעגאנגען, מיר אָנגעבאָטען זיין ארעם, וועלכען איך האב גענומען, ניט וויסענדיג וואס איך טהו. מיין הערץ האט מיר שטארק געקלאַפט אונד מיינע פיס האבען געציטערט. דאן האב איך געשפירט א שוידער לויפענדיג איבער מיין לייב.

האט ער געוואוסט, אז איך האב איהם געהערט רעדען? דאס האב איך מיר ניט געקענט ערקלערען, אונד אָבוואָהל דאס וואָלט איין אנדערע דאמע, אויף מיין שטעלע, מיט אַנדערע געדאנקען, שטארק בעליידיגט, האט זיך מיר געדאכט, אז ער האט נאר קיין שלעכטס איבער מיר געזאגט. אין געגענטהייל, איך האב נאר געשפירט עפעס א מורא׳דיגע אונד פערברעכערישע פרייד וויסענדיג, אז איך בין אזוי נאהענט פון זיין קערפער.

איך האב אונטערדעסען צו איהם ניט געקוקט אונד אויך ניט געהערט וואס ער האט גערעדט. איין זאך האב איך יא אין זינען געהאט, אונד דאס איז געוועו

דעם פראַנצויז, וועלכער איז נעגאַנגען פאַראויס מיט ליאָנאַ מאַריושקאַ, אונד איך בין געוועזען שטאַרק בעז אויף איהם דערפאַר וואס ער האט אַזוי קריטיקירט מיין קערפּער.

„מיין קערפער!" האב איך מיר געטראַכט, „דוא נאַרישער פראַנצויז! מיין קערפּער איז דיעזער פון א רוססין, וועלכער האט אין זיך גענוג פייער אום צו צער־שמעלצען אפילו דאס אייז פון סיביר!"

דער מאַרקיז האט דערווייל בעמערקט, אַז דיא לאַנדשאַפט איז זעהר שעהן, דיא בוימער הערליך, דיא לופט אנגענעהם אונד דיא לעטצטע שטראַהלען פון דער זונן לאָזען צוריק לאַנגע גאָלדענע פאַסען איבער דיא בערג. דאַן, אַז עס פרייט איהם מיך צו זעהן, אונד נאָך עפּעס וואס איך קען מיך גענוי ניט ערינערן, ווייל דאס האט מיך ניט פיעל אינטערעסירט.

פלוצלינג זיינען ערשיענען בייא מיר געדאַנקען איבער מיין מאַן, איבער מיין קינד אין רוסלאַנד! איך האב אָנגעהויבען צו שפירען א ברענענדען וואונש פיר שטילער איינזאַמקייט, פיר הייליגעם גליק... אָבער דיעזע געדאַנקען זיינען באַלד אוועק וויא א רויך, אונד אנשטאַט זייא האב איך דערשפירט דעם העפטיגען דרוק אויף מיין אָרעם פון דעם יונגען מאַרקיז.

דאַן האט ער אָנגעהויבען מיר צו דערצעהלען, דאס ער האט פון מיר גע־טרוימט, דאס מיין בלאַסקייט גיבט נאָך מעהר שעהנהייט צו מיין געזיכט — דאס האט מיך ניט נאַר געפרייט, זאָנדערן איך האב מיך געשפירט פערפליכטעט צו איהם דאַפיר וואס ער איז אַזוי גוט מיך צו שמייכלען.

אין דערזעלבער צייט, זיינען מיר אויסגעקומען נעבען א בוים, אונד, זייענדיג פערטראַכט איינער מיט דעם צווייטען, האב איך מיך אָנגעשטויסען אָן א ניעדריגען וואָרצעל, פון וועלכען איך בין שיער געפאַלען. דערווייל האט זיך פערטשעפּעט מיין קלייד אָן א קנאָפּ פון זיין ראָק.

„אך!" האב איך אויסגעשריען, אונד מיך שפירענדיג אביסל ענטקרעפטעט פון דעם גאַנג, פון דער אויפרעגונג אונד פון דיא פערשיעדענע געדאַנקען, האב איך מיך אָנגעלעהנט אָן דעם בוים, וואַרטענדיג ער זאָל אָבטשעפּען מיין קלייד.

זיין האַנד האט בעריהרט מיין נאַקעטען אָרעם, אונד גראַדע וויא איין עלעקטרישע קראַפט, האט דיעזע בעריהרונג דורכגעשאָסען איבער מיין גאַנצען פערפער.

איך האב מיך נעזעטצט אויף'ן גראָז.

מאַרושקא איז אוועק ווייטער פאָראויס מיט איהר בעגלייטער.

ער האט זיך אָנגעבויגען אויף זיינע קניען אונד זיך אָנגעלעהנט איבער מיר אָבצוטשעפּען מיין קלייד. אָבער ער האט אבזיכטליך נאך מעהר פערדרייט, אום מיר זאָלען ביידע בלייבען אין אזא פּאָזיציאָן.

איבער מיר האט אָנגעפאנגען צו קומען א בעטייבונג. עס האט מיר אויס־געזעהען גראדע וויא איך וואָלט געטרונקען א סך שאמפאניער אונד יעדעס גליעד האט זיך ענטזאגט מיר צו דיענען.

צווייא מאל אין מיין לעבען האב איך שוין געהאט איין עהנליכע ערפאהרונג פון שאמפאניער; איינמאל אין סט. פּעטערסבורג, נאך דעם באלל ווען איך האב בעגעגענט דעם פרינץ, אונד צום צווייטען מאל אין באדען-באדען איידער איך בין קראנק געוואָרען.

אָבער דיזע בעטייבונג אונטער דעם בוים, איז געווען אביסעל פערשיעדען פון יענער. מיין הערץ האט שטארק געקלאפּט, אונד מיין גאנצער קערפּער איז געווען וויא אין א פיעבער.

דאן האב איך ערבליקט זיינע שווארצע אויגען, וועלכע האבען געפלאקערט מיט אויפרעגונג. ער האט אָנגעכאפּט מיין נאקעטען ארעם מיט זיינע ביידע הענד, אונד דאס פיעבער אין מיין קערפּער האט געשטיעגען.

ער האט עפּעס געשטאמעלט, וואס איך האב ניט גענוי פערשטאנען. אָבער איך האב מיר געמערקט, אז ער מיינט דערמיט צו זאגען, אז ער ליעבט מיך, דאס איך בין אלעס אין דער וועלט פיר איהם.

פאר מיינע אויגען האט עס אָנגעהויבען צו שווינדלען, דאן האב איך בעמערקט פונקען, אונד איך האב געציטערט. עפּעס האב איך געוואָלט זאגען, פּראָ־טעסטירען געגען זיין בענעהמונג, וועלכע האט מיך האלב וועגס צוריק גערופען צו מיינע פליכטען, אָבער מיינע ווערטער זיינען אָבגעשטאָרבען אויף מיינע ליפּען.

דאן האב איך געשפּירט זיין ווארעמען הויך אויף מיין מויל; זיינע הענד האבען מיך פעסט צוזאמען געדריקט — אָבער איך בין ניט אימשטאנדע געווען מיך צו בעוועגען, ווען איך וואָלט אפילו וועלען עפּעס טהון.

אימער דונקלער, אימער פינסטערער, אימער רוישענדער, קאָכענדער אונד וויטהענדער איז ער געוואָרען. דאן האבען זיינע ליפּען זיך טיעף איינגעגראָבען

אין מיין ברענענדער באק, וואו ער האט אָבגעפרעסט א ליידענשאפטליכען קוש.

איין אָהנמאכט פון בערוישונג האט מיך בעפאלען, אונד איך האב פערגעסען אן דער גאנצער וועלט.

איך האב פלוצלינג בעמערקט זיין שטערן, וועלכער איז געוועזען זעהר עהנליך צו דיעזען פון מיין מאן; זיין שעהנע נאָז, דיא לאנגע געקרייזעלטע וואָנצעס, זיינע גלאטע באקען, זיין ברונעטען האלז, אונד איך האב געשפירט דאס פייער פון ליידענשאפט ברענען אין זיין קערפער.

„איך ליעב אייך,“ האט ער געמורמעלט וויא א שיכור אונד איך בין געלעגען אטהעמלאָז.

וויא פון א דונקלען אונד שווארצען זומפף האבען אָנגעפאנגען צו ערשיינען געזיכטער. פריהער האב איך דערקענט דאס ערנסט, דענקענדע אונד טרויעריגע געזיכט פון סערגעי מיכאילאָוויטש, אונד דאן, האב איך דערזעהן דאס געזיכט פון מיין קינד, אויף וועלכען׳ס ליפּעלעך עס האט זיך אָבגעשפיעלט א שמייכעלע.

עס איז געוועזען גראדע וויא אין דער שטונדע פון דער העבסטער געפאהר, אָדער פאַר דעם טויט, ווען דיא עראינערונגען פון דיא טהייערסטע אונד גע־ליעבטעסטע קומען אונד שוועבען ארום־אונד־ארום.

אָבער דיא אויפרעגונג אין מיין קערפער איז געוועזען שטארקער פון אלעס אונד איך האב מיך געפיהלט מאכטלאָז אונטער דעם איינפלוס פון דעם מארקיז. דאן איז ווידער געוואָרען אלעס דונקעל אונד שטיל. מיין ברוסט האט געשטורמט. מיין בלוט האט געקאָכט, מיין אטהעם האט זיך בעגעגענט מיט זיין אטהעם אונד...

דיא שטימע פון ליאָנא מאריושקאַ האט אויסגעקלונגען פון גאנץ וויים. זיא האט מיך גערופען. דיעזע שטימע האט מיך שנעל געבראכט צו מיין בע־זינונג.

וויא א פערוואונדעטע טיגערין האב איך מיך אָנגעפאנגען צו־ראנגלען, ביז איך האב מיך אויסגעריסען, אויפגעשפרונגען אויף מיינע פיס, אונד אָהנע צו רעדען א וואָרט אָדער צוריק ווארפען א בליק, האב איך געאיילט פאָרוועררטס, ביז איך האב גענרייכט מאריושקאַ׳ן.

עס איז געוועזען דונקעל, זאָנסט וואָלט זיא זעהר פיעל געקענט לעזען אויף מיין געזיכט. אָננעהמענדיג מאריושקאַ׳ן בייא איהר ארעם, מיך צו שטיטצען אונד ענטלויפען, האבען מיר געאיילט דעם בארג ארונטער. זיא האט מיך עפּעס

געפרענט, נאָר איך האב גאר נים גענטפערם, ביז איך בין צוגעקומען צו דער דראָשקע, וואו מיר האבען זיך איפגעזעטצט אונד אוועק געפאָהרען.

פאָהרענדיג האב איך אָנגעפאנגען איבערצוקלערען אלעס וואס עס איז געשעהן. מיין געגענוואַרט איז מיר ערשיענען טרויעריג, מיין צוקונפט פינסטער, אונד אויף מיין באק האב איך וויא געשפירט א ברענענדעס פייער פון דעם מארקיז'עס ליפען, אונד מיר האט זיך גדאכט, אז איך בין אויף אייביג געבראנדמארקט געוואָרען מיט שאנדע.

אלס איך האב געגרייכט דעם האטעל, בין איך זאָפאָרט צוגעלאָפען צום שפיגעל, אום נאכצוזעהען, אויב מיין באק האט אויף זיך דעם צייכען פון שאנדע. מיינע אויגען האבען איהם נים געזעהען, אָבער איך האב איהם דענגאך געפיהלט.

דאן האב איך מיך צוריק געצויגען אין מיין צימער אונד א פיינליכע איינזאמקייט האט מיך געמאַרטערט. דער קעלנער האט מיר אריין געבראכט טהעע, אָבער יעדער שלוק האט אויסגעזעהן מיך צו שטיקען אונד ווערגען.

אָהנע צו וויסען וואס איך טהו, בין איך אויפגעשפרונגען, אונד אָנגעפאנגען איינצופאקען מיינע זאכען.

„וואוהין?" האב איך מיך געפרעגט.

„צו מיין מאַן אין היידעלבערג," האב איך מיר זעלבסט געענטפערט. סערגעי מיכאילאָוויטש איז געווען אין היידעלבערג זיים דיא לעטצטע עטליכע טעג.

„צו מיין מאַן?" האב איך מיך נאך אמאל געפרעגט אונד בין געבליעבען שטעהען וויא פערשטיינערט.

„מיין מאן? יא, ער איז געוועזן מיין מאן, נאָר ער איז עס נים מעהר! יעטצט טראג איך אויף מיר קין'ס צייכען פון שאנדע — א שאנדע וואס איז גראדע וויא קין'ס ברודער־מאָרד, אונד פאר מיין מאן דארף איך מיך מעהר נים ווייזען."

דיא טרערען זיינען געקומען אונד איך האב העפטיג געוויינט. אָבער דאס האט מיך בערוהיגט. איך האב דערזעהן מיין קאמער־מעדכען אונד זיא האט ערהאלטען דעם אויפטראג, אלעס זאָל אוועק געפיהרט ווערען צו דער באהן אום אבצורייזען נאך היידעלבערג.

זיטצענדיג אין וואגאָן, איז פאר מיר ערשיענען דיא גאנצע פערגאנגענהייט וויא איין אָפענעס בוך, טרויער, שרעק, שווידער אונד חרטה האבען וויא מיט דערהיטצטע שפיזען געברענט אונד געשטאָכען מיין הערץ.

„ניין, ניין!“ האב איך מיר געטראכט, „ניט איך בין שולדיג, זאנדערן ער, מיין מאן, איז שולדיג! ער האט מיך ניט בעדארפט לאזען אליין; ניין! א מאן דארף זיין פרוי ניט געבען אזוי פיעל פרייהייט; ער דארף איהר ניט צופיעל טרויען; זיין נעגענווארט איז איהר שוטץ! אה נאט! וויא שרעקליך דאס איז! דער קוש פון דעם וויסטלינג, פון דעם שופט, דיעזער ברענט אויף מיין באק“...

וואס נעהנטער דיא באהן איז געקומען נאך היידעלבערג, אלץ גרעסער איז געווארען מיין חרטה אונד אלץ דייטליכער איז פאר מיר ערשיענען דיא עדעלקייט פון סערגעי מיכאילאוויטש.

„יא,“ האב איך צו מיר געמורמעלט, „איך וועל פאר איהם אלעס מודה זיין — אלעס! זאל ער מיך צערייסען. זאל ער מיך ניעדערשיסען וויא א הונד, איך בין ווערטה“...

אונד איך האב וויעדער געוויינט.

וויא אזוי איך האב ארונטער געשטיגען אונד וויא אזוי איך בין אריין אין זיין צימער, האב איך אליין ניט געוואוסט, נאר איך געדענק, אז איך בין ערשיענען אין זיין נעגענווארט.

איך האב געוואלט עפענען מיין מויל, עפעס זאגען, וויינען, בעטען, — אבער איך האב ניט געקענט.

„אך, סאטיא!“ האט ער אויסגעשריען. דאן, מיך בעטראכטענדיג מיט זיינע דורכדרינגענדע אויגען, האט ער זיך בערוהיגט אונד געפרעגט גלייכ-גילטיג:

„וואס איז געשעהן, מיין טהייערע?“

ער האט דאס אויסגעשפראכען אין א שפאטישען טאן אונד איך האב מיך בערוהיגט.

„גאר ניט,“ האב איך געענטפערט, נאר וויינען האט זיך מיר אלץ געוואלט. „איך בין אוועק פון באדען-באדען, ווייל איך קען דארט מעהר ניט זיין. ווען דוא ווילסט קענען מיר אהיים פאהרען נאך רוסלאנד.“

זיינע אויגען האבען יעטצט אויסגעזעהען אריין צו דרינגען אין מיין טיעפער זעעלע.

וואס האט פאסירט?“ האט ער געפרעגט אביסעל בעאונרוהיגט.

מיינע געדאנקען האבען דאמאלס געארבייט שנעל. איך האב גלייך איבער-גערעכענט דעם פלאן, דאס עס איז יעדענפאלס בעסער איך זאל שווייגען, ניט

דערצעהלען וואס עס האט פאסירט, אפילו קיין וואונק געבען דאריבער. איך האב געשפירט, אז פון סערגעי מיכאילאָוויטש׳ן קען איך מיך שוין מעהר ניט אבטהיילען, אונד, איך האב בעשלאָסען, אז עס איז נאך ניט אזוי שלעכט צו האבען פערדאכט וויא צו וויסען פון פאקטען. מיט דער קונסט פון פערשטעלען זיך, וואס מיר פרויען פערשטעהן מאנכע מאל אזוי גוט, האב איך געענטפערט:

„עס האט גאר ניט פאסירט; אָבער איך קען שוין מעהר ניט ערטראגען דיא איינזאמקייט אונד דיעזע ארט לעבען. איך האב אויך בעגריפען, אז איך האב געגען דיר זעהר אונגערעכט געהאנדעלט, דאמיט וואס איך האב דיך געצוואונגען צוליעב מיר צו פיהרען אזא לעבען, וואס דוא פעראכטעסט.“

איך האב מיך צו וויינט אונד דאן, בליפענדיג, האב איך געזאגט:

„סערגעי, מיין לעבען, לאָמיר צוריק פאָהרען נאך ניקאָלסקי אונד דאָרט פערבלייבען אויף אימער אונד אייביג.“

א שמייכעלע פון פעראכטונג, טרויער, שפאָט אונד בעדויערן האט זיך אָבגעשפיגעלט אויף זיינע ליפען. ער האט זיך לאנגזאם געזעטצט אויף זיין שטוהל אונד עטוואס אָבווענדענדיג זיין בליק, האט ער געזאגט מיט אזא קאלטקייט, וואס האט וויא דורכגעשניטען מיין לייב:

„איך בעט דיך, מיין פריינדין, ערשפאר מיר דיא אנשטרענגונג פון איין אויפרעגענדע סצענע. איך וויל ניט וויסען פון קיין אורזאכען אונד שמייכלערייען; דיא הויפטזאכע איז, אז דורך אירגענד איין אורזאכע וואס איז מיר אונבעקאנט אָדער וואס איך דארף ניט וויסען, ווילסטו אהיים פאָהרען. איך בין צופריעדען, אָבער, פריינדין, דוא מוזט האבען געדולד. באדעןבאדען האט שוין מיין לעטצטעס ביסעל געלד פערספענדעט אום דיין וואונש נאכצוקומען. מיר מוזען אלזאָ פריהער עטוואס ווארטען ביז איך וועל קריעגען געלד. דאן, דער אויסדרוק „אויף אימער אונד אייביג“ צו פערבלייבען אין ניקאָלסקי איז זעהר איבעראיילט אויסגעשפראָכען. איך גלויב ניט, אז דוא וועסט קענען האלטען וואָרט. דאן, רעבען איך, איז דאס איבערהויפט ניט נעטהיג, ווייל ניקאָלסקי זאָגאר, קען שוין מעהר ניט אויפפרישען בלומען וואס זיינען שוין טויט זייט יאָהרען. יעדענפאלס אָבער, לאָמיר זיך ניט בעאונרוהיגען, איך זעה, אז דוא ביסט עפעס ניט מיט אלעמען. איך וועל שאפען טהעע אונד מיר וועלען טרינקען צוזאמען.“

ער האט זיך אויפגעהויבען אונד געגאנגען זעהן דעם קעלנער. זיינע ווערטער האבען מיך שרעקליך געמארטערט אונד איך האב אויסגעבראָכען אין א ביטערעס געוויין.

9.

אתזוער חויז אין ניקאָלסקי, וועלכעס איז געשטאַנען אזוי לאַנג פוסט, איז ווידער פול געוואָרען מיט לעבען אונד מונטערקייט; אָבער עס איז שוין מעהר ניט געוועזען וויא אמאל. סערגעי׳ס מוטער איז געוועזען טויט, אונד איך מיט מיין מאַן — האבען אויסגעזעהן וויא צווייא אַלטע בעקאַנטע, אָבער ניט מעהר. יעדער פון אונז האט געזוכט דיא שטילע איינזאַמקייט; ער, אום צו דענקען אונד טראַכ־טען, אונד איך, אום צו טרויערן אונד בערייהען.

דער ווינטער איז געקומען, דער פראָסט, שנעע אונד שטורם, האט אויסגעזעהן צו פערגרעסערן מיין טרויער. אַלס דער פריהלינג איז ערשיענען, האב איך מיך געשפירט זעהר שוואך, אונד איך האב מיך שוין ניט ערהאַלט, ביז נאך דער געבורט פון מיין צווייטעס קינד.

סערגעי מיכאילאָוויטש איז צו מיר ווידער געוואָרען פריינדליך אונד צערט־ליך, אָבער מיט אזא קאַלטקייט, אז דאס האט געבראָכען מיין הערץ. צייטענווייז פלעג איך ארום געהען נאכזעהען יעדעס בוך, יעדען טיש אונד יעדען ווינקעל וואס האט מיך ערינערט אן פערגאַנגענעם גליק, אונד איך האב דערביי געוויינט.

עס איז קיין צווייפעל געוועזען בייא מיר, אז סערגעי מיכאילאָוויטש האט מיך געוואָלט בעשטראָפען; דאס הייסט, איך האב געגלויבט זיין בענעהמונג צו מיר, איז ניט מעהר וויא פערשטעלט, אונד ער ליעבט מיך נאך אימער וויא אמאל, נאָר ער האט מיך געוואָלט שטראָפען מיט זיין גלייכגילטיגקייט.

איך ווידער, האב גאַנץ גוט בעגריפען, אז איך האב נאך פערדיענט א גרעסערע שטראפע אונד איך בין געוועזען בערייט מיך פאר איהם צו בייגען אונד בעטען אום פערצייהונג.

פערצייהונג? ווארום?

אָט אין דיעזער פראגע איז געלעגען זעהר פיעל.

איך האב שוין געקענט סערגעי מיכאילאָוויטש׳ן, אונד איך האב געוואוסט וויא וויט אונד וויא טיעף זיין אויג דרינגט, אונד איך האב מיך טויזענדער מאל געפרעגט: וויא וויט איז ער בעקאַנט מיט מיין פערבּרעכען געגען איהם?

יא, איך האב מיך געוואָלט ווארפען צו זיינע פיס אונד בעטען ער זאָל מיר מוחל זיין, אָבער איך האב מורא געהאט פאר צווייא זאכען: ערשטענס, פיעללייכט

ועם ער נאך ווערען אויפגערעגטער ווען איך וועל איהם מיין פערברעכען ניט אין גאנצען שילדערן, נאכדעם זיינע דורכדרינגענדע אויגען האבען מעהר ענט־דעקט; אונד צווייטענס, פיעללייכט וועל איך איהם דערצעהלען מעהר ווי ער וויס, אונד דאן וועל איך פיעל ערגער מאכען דיא לאגע ווי זיא איז געוועזען.

סערגעי האט אונטערדעסען אויסגעמידען אירגענד א געלעגענהייט וואס האט אונז געקענט צו פיעל צוזאמען ברענגען. ער פלעגט מיט מיר זיטצען, רעדען אונד אויך לאכען, אבער אימער פון פרעמדע זאכען. ווען איך האב עפעס ער־אינערט פון פריהער, האט ער ענטוועדער אומגעווענדעט דאס געשפרעך, אדער, מיט זיין געוועהנליכער שטימע האט ער געזאגט:

„ענטשולדיג מיר, קאטיא, איך מוז געהן צו מיינע געשעפטען“.

דיא געשעפטען! יא, דיזע האבען בענעטהינט זיין גאנצע אויפמערקזאמקייט, דען איך מיט מיין לוקסוס האב איהם רואינירט. איך וועל עס אין מיין גאנצעם לעבען ניט פערגעסען וויפיעל שמערצען דאס האט איהם פעראורזאכט אין היידעל־בערג, ביז עס איז איהם געלונגען צו קריעגען געלד אום מיר זאלען קענען אהיים פאהרען.

צייטענווייז פלעגט זיך מיר דאכטען, אז איך לעז אין זיין בליק אונגעפעהר פאלגענדע ווערטער:

„שווייג בעסער, קאטיא, איך וויס אלעס. צו וועלכען צוועק זאלסטו אויפ־פרישען אלטע וואונדען, וועלבע איך רעכען אלס פערהיילט? יא, יא, קאטיא, איך וויס, אז דוא זוכסט מיך אבצונארען, אבער עס איז יעדענפאלס גלייכער צו שווייגען דאריבער.“

אונד איך?“

מיך האבען געפלאגט אונד געמארטערט מיינע געפיהלע ביז צור פערצוייפ־לונג. מיט יעדען טאג, ניין, מיט יעדער שטונדע, האב איך אלץ מעהר ארויס געזעהען וויא עדעל, וויא גוט אונד הויך סערגעי שטעהט. מאנכעס מאל האב איך געשפירט אין מיר זיך ערוועקען וויא דאס אלטע געפיהל פון ליעבע צו איהם, אונד איך וואלט אוועק געגעבען 10 יאהר פון מיין לעבען, איך זאל קענען פאלען אויף זיין האלז אונד איהם זאגען:

„איך ליעב דיך!“

אבער דער מוטה האט מיר געפעהלט.

דיעזער מעדבעך־סוטה אתד ריינע אונשולד פון פאר דער חתונה, ווען איך האב צו איהם נעקענט אויסדריקען מיינע געפיהלע אין ווערטער, איז געווען פער־שוואונדען.

אונזער לעבען האט אויסגעזעהען וויא א מאשין: יעדער האט בלויז געטהאן דין פליכט צום צווייטען, אוים אכטונג צו זיך אליין.

דיא קינדער זיינען אויך געווען צו יונג אום זייא זאָלען בילדען א בונד פון ווידער־פעראייניגונג צווישען אונז.

אלס עס האט אָנגעפאנגען ווארעמער צו ווערען, איז מאטשא אונד סאָניא ערשיענען אום צו פערברענגען דעם זומער אויף׳ן לאנד. איך מוז דאָ בעמערקען, אז זייא האבען שוין לאנג געוואָהנט אין שטאדט.

נאכדעם וויא ארום אונזער הויז האט מען בעדארפט עפּעס פעררינכטען, בין איך אונד סערגעי איינגעלאדען געווארען נאך פּאָקראָווסקי.

מיין יונגענד היימאטה האט אין מיר ארויס גערופען אי טרויעריגע, אי פרעה־ליכע עראינערונגען. אלעס איז נאך געשטאנען אויף דעמזעלבען פּלאטץ וויא אין דיא אלטע צייטען.

אין דעם צימער וואו איך האב פערבראכט מיינע מעדבעך־יאָהרען, זיינען אריין געשטעלט געוואָרען 2 בעטלעך, וואו מיינע קינדער זיינען געשלאָפען.

מעהרערע מאל, וועהרענד דיעזע אונשולדיגע זעעלען האבען גערוהט אין דיא זיסע ארעמס פון שלאף, פלעג איך מיך אניעדער זעטצען נעבען זייא אונד מיין הערץ האט זיך אָנגעפילט מיט דיא זיסעסטע אונד טרויעריגסטע געפיהלע. דאן האבען אָנגעפאנגען צו ערשיינען דיא בילדער פון דער צייט וואס איך בין אויך געווען אונ־שולדיג אונד ריין, מיינע אויגען האבען זיך אָנגעפילט מיט טרערען אונד איך בין געוואָרען זעהר טרויעריג.

„וואו זיינ איהר גאָלדענע צייטען?“ פלעג איך אויסרופען צו מיר אליין.

אלע זיסע געדאנקען וואס דער באלקאָן, דער גארטען, דאס גרינע גראָז אונד דיא בלומען האבען ארויס גערופען, זיינען ניט געווען דויערהאפט. עס פלעגען באלד פאָלגען טרויעריגע אונד ביטערע עראינערונגען.

איך האב געוואָלט צוריק ברענגען דיא אלטע צייטען, אונד איך פלעג מיך אוועק זעטצען מיט מאטשא׳ן, רעדען, פּלוידערן אונד וועלען זיין פרעהליך. אבער פּלוצלינג איז ערשיענען א געדאנק וואס האט מיך געשטערט אונד פערטריבען דאס גליק פון מיר.

מאטשא האט נאטירליך נים נעוואוסט פון קיין טויזענדען טהייל וויא איך לעב מיט סערגעי'ן, אָבער מיט דער נאטור פון אלע פרויען, האט זיא זיך משאר נעוועזן אונד האט נאטירליך מיר נענעבען רעכט, אימער בעהויפטענדיג, אז זיא האט זיך נים נעריכט, דאס סערגעי מיכאילאָוויטש זאָל מיך אזוי שלעכט בעהאנדלען.

אין אזעלכע מאָמענטען האב איך געוואָלט לעגען דיא האנד אויף איהר מויל אז זיא זאָל נים רעדען, אָבער איך האב מיך צוריק געהאלטען אונד מיר נעטראכט: „עס איז בעסער, אז זיא זאָל אזוי דענקען איבער מיר.“

מיין מאַן, אין זיין נאטור, האט ער זיך כמעט גאר נים פערענדערט; אָבער דיא קארבען אויף זיין שטערען האבען אויסגעזעהן טיעפער; זיינע האאר נעבען דיא שלייפען זיינען געוואָרען גרוי, אונד זיינע אויגען, וועלכע ער האט אימער געזוכט אָבצודרעהען פון מיין בליק, האבען אויסגעזעהען וויא פערוואָלקענד.

איך ווידער בין געוועזן עטוואס דיקער, אָבער אויף מיין געזיכט איז נים געבליעבען קיין פרישקייט. דיא נעפיהלע אין מיין ברוסט, זיינען געוועזן וויא טויט. מיט דער אויסנאהמע, וואס איך האב מאנכע מאָל נעשפירט א העפטיגען שמערץ פעראורזאכט פון דיא עראינערונגען.

אין א טאג האב איך ערבליקט דיא אלטע פיאנאָ. איך האב מיך אוועק געזעטצט נעבען איהר אונד וועהמיטיגע געפיהלע האבען זיך אין מיר ערוועקט.

עס איז קיינער נים געוועזן ארום הויז, אונד אָנשפארענדיג מיין קאָפּ אויף מיינע ביידע הענד, בין איך געזעסען אונד נעבליקט אין גארטען אונד שמערצהאפט געזיפצט.

„איז דאס מעגליך,“ האב איך ענדליך צו מיר אליין אויסגערופען, „אז מיין לעבען איז שוין געענדיגט? גרויסער גאָט! פערצייהע מיר; דוא אליין ווייסט פון מיין שמערץ — איך בין נאך אזוי יונג אונד שוין אזוי אונגליקליך... לערן מיך וואס איך זאָל טהון אום גליק זאָל זיך צו מיר צוריק קעהרען“...

איך האב געעפענט דיא פיאנאָ אונד מיינע פינגער האבען אָנגעפאנגען צו שפיעלען. דיא טענער האבען פון מיר ארויס געריסען טרערען. דאן האב איך געשפירט א ווילדע בענייסטערונג צום שפיעלען, אונד איך האב ווידערהאָלט דיא אלטע מוזיק וואס האט מיך אמאל אזוי גליקליך געמאכט.

פלוצלינג האב איך געהערט לייכטע פוס־טריט. דאן האב איך געשפירט א צערטליכע האנד בעריהרען מיין שולטער, אונד איך האב געהערט סערגעי מיכאילאָוויטש'עס שטימע:

„אך, קאטיא, וויא דאס פרייט מיך צו הערען דיעזע זיסע סאָנאטע, גע־שפיעלט מיט דעם מוזיקאלישען געפיהל פון דער פערגאנגענהייט.“

אין צימער איז געוועזען דונקעל אונד ער האט ניט געקענט זעהן מיינע פער־ווייטע אויגען.

איך האב איהם געוואָלט ענטפערן, אָבער איך האב ניט געקענט.

„האסטו שוין געטרונקען טהעע?“ האט ער מיך געפרעגט אונד מיין הערץ האט געטאנצט פאר פרייד הערענדיג זיין צערטליכע שטימע פון דער פער־גאנגענהייט.

איך האב געשאָקעלט מיט מייַ קאָפּ, ניין, אונד אָבוואהל איך האב שוין גע־קענט רעדען, האב איך אָבער ניט געוואגט צו עפנען מיין מויל, זיך וויא שעהמענדיג פאר מיין אייגענער שטימע.

„מאטשא אונד סאָניא,“ האט ער ווייטער געזאגט, „שפאצירען ארום אויף'ן פעלד. זייא וועלען דאָ באלד זיין.“

„דאן וועלען מיר ווארטען,“ האב איך געענטפערט.

איך האב מיך אויפגעהויבען, ארויס געגאנגען אויף'ן באלקאן, אונד געהאפט, וויא אין דיא אַלטע צייטען, וועט ער מיר נאכגעהען. אָבער ער איז אוועק זוכען דיא קינדער.

דאן האב איך געשווידערט, אונד מיר געטראכט, אז דיא פערגאנגענהייט איז טויט, אונד דיא ליעבע איז בעגראָבען געוואָרען מיט איהר.

„וואס וויל איך?“ האב איך מיך געפרעגט. „איז דען דאס נאך ווענינ? ער איז גוט אונד צערטליך; ער איז א ליעבענדער פאטער, א גוטער מאן. איך האב מיר אזוי פיעל געווים ניט פערדיענט!“

איך האב מיך אונטערדעסען געזעטצט אויף דעמזעלבען שטוהל וואו איך בין געזעסען אין דער נאכט פון אונזער פערלאָבונג. פון ווייטען האב איך געקענט בעמערקען פינסטערע וואָלקען הייגענדיג אויף'ן הימעל. דער ווינט איז וויא אָבגע־שטאָרבען. קיין בלעטעלע אָדער גרעזעלע האט זיך בעוואוינען.

דאן איז פּלוצלינג סערגעי ערשיענען אונד זיך געזעטצט נעגענאיבער מיר.

„איך האב מורא,“ האט ער געזאגט, „אז מאטשא אונד סאָניא וועלען פער־נעטצט ווערען. עס שיינט, אז מיר וועלען באלד האבען רעגען.“

„יא, אזוי שיינט עס,“ האב איך געענטפערט, אונד מיר האבען דאן ביידע געשוויענען. אין דערזעלבער צייט האט איך אנגעהויבען צו געהן א רעגען, וועלכער האט זיך יעדעס מאל געשטארקט.

סערגעי האט זיך אויפגעהויבען אונד עס האט אויסגעזעהן, אז ער וויל אוועק געהען.

„וואוהין געהסטו?" האב איך געפרעגט מיט דער גרעסטער אנשטרענגונג. „עס איז דאך א פערגניגען דא צו זיטצען?"

„איך מוז פערזארגען מאטשאין מיט סאניאין מיט א פאאר רעגענשירמס," האט ער געענטפערט.

„עס איז ניט נעטהיג," האב איך בעמערקט, „דער רעגען וועט באלד פאר־איבער געהען."

ער האט זיך צוריק געזעטצט. עס האט אויך ניט פיעל געדויערט, אונד דער רעגען האט אויפגעהערט. דער געשמאק פון דיא פעלדער, פון דעם גראז, פון דיא בוימער אונד פון דיא בלומען, האט זיך צונאָסען איבער דער לופט.

סערגעי האט איינגעצויגען דעם אטהעם, גלייך וויא ער האט געוואלט איינ־שלינגען דיא גאנצע אנגענעהמע לופט.

„וויא ריין אונד זויבער דיא וואהרע נאטור איז!" האט ער אויסגעשריען בעגייסטערט. דאן האב איך געשפירט זיין האנד בעי יהרען מיינע צעפ, וועלבע ער האט געגלעט, מיט זיין אלטער צערטליכקייט.

דיעזע צערטליכקייט האט מיך אזוי גערירהרט, אז איך האב געוואלט העפטיג וויינען, נאר איך האב מיך בעהערשט מיט אלע מיינע קרעפטען.

סערגעי האט דאן געזיפצט אונד מיט איין ערנסטען טאן האט ער געזאגט:

„וואס נאך קען איך פארדערן? איז עס דען פאר מיר ניט גענוג? איך בין פאלקאמען גליקליך אונטער דיא אומשטענדען."

ער האט צוריק געצויגען זיין האנד וואס האט געגלעט מיין קאפ, אונד איז געבליעבען זיטצען שטיל. דאן, גראדע וויא א היילינגעס קירכען־ליעד, וואס פאנגט אן ערשטענס גאנץ שטיל, האט ער געזאגט:

„א לאנגע צייט צוריק, ווען מיר האט זיך געדאכט, אז דער פריהלינג וועט אייביג בליהען, אז דיא נאכטיגאל וועט אימער שפיעלען אונד דיא בלומען וועלען קיינמאל ניט פערוועלקט ווערען; דאן, ווען איך האב גערעכענט, אז דאס גליק וועט זיין דויערהאפט, פלעגע איך ליעגען אויף מיין בעט טרוימענדיג וואכענדיג אונד פיהלען וויא מיין הערץ ווערט יעדעס מאל פולער אונד דיא חלומות זיסער. דאמאלס האב איך מיר ניעמאלס פארגעשטעלט, אז עס וועט אמאל קומען אזא צייט וויא יעטצט, אונד איך וועל נאך קענען גליקליך זיין."

איך האב געוואָלט זעהען זיין געזיכט ווערהרענד ער האט געשפּראָכען דיעזע ווערטער, אָבער עס איז געווען צו דונקעל.

„גיבט עס ווירקליך מעהר קיין זאך וואס דוא קענסט ווינשען ?“ האב איך געפרעגט.

„איך ווונש, נאר ניט אונמעגליכעס.“

„בערייהעסט דוא נאר ניט אויף דער פערגאנגענהייט ?“ ווערהרענד דיעזער פראגע האב איך געשפּירט מיין הערץ ווילדהענד קלאפּען.

ער האט ניט באלד געענטפערט, אָבער איך האב פערשטאנען, אז ער וויל פריהער נאכדענקען, אום ער זאָל וויסען וויא צו פארמירען זיינע ווערטער אונד זאגען דיא וואהרהייט.

„דיא פערגאנגענהייט !“ האט ער אויסגערופען מיט א זיפץ. „אח, איך בין דאנקבאר פאר דעם גליק וואס איך האב דאמאלס גענאָסען, אָבער איך בעקלאג דאס מעהר ניט אין דער געגענוואַרט.“

„וואָלסטו ניט געוואָלט דאסזעלבע גליק וויעדער געניעסען ווען דוא זאָלסט קענען ?“ האב איך געפרעגט.

„ניין, ניין, קאטיא. עס וואָלט בייא מיר אויסגעזעהען גראדע וויא איך זאָל מיר ווינשען צו בעזיטצען דיא פליגעל פון א פייגעלע.ביידע זיינען אונמעג־ליכקייטען.“

„מאכסטו ניעמאלס דיר אָדער מיר פאָרווירפע ?“

„יעטצט ניט מעהר.“

„הער מיך אויס,“ האב איך געזאגט אָנגעהאלטענדיג זיין האנד. „איך וויל דוא זאָלסט מיר זאגען אלעס אָפען אונד פרייא: ווארום האסטו מיר ערלויבט אזוי פיעל פרייהייט וויסענדיג, אז איך וועל ניט וויסען וויא אומצוגעהן דערמיט ? ווען דוא וואָלסט מיך צוריק געהאלטען מיט דיין שטארקען ווילען, דאמאלס וואָלטען מיר פיעללייכט נאך גליקליך געווען אזוי וויא פריהער.“

„זיינען מיר דען ניט גליקליך ?“ האט ער געפרעגט וויא איבער־ראשט.

„גליקליך ? ניין ! דוא האסט ניט נאר פון מיר צוריק געצויגען דיין ליעבע, זאָנדערן אויך דיין אכטונג אונד פערטרויען. ווען איך עראינער מיך אן דער פער־גאנגענהייט, דאן שוידער איך פאר דער יעטצטיגער צייט. דוא, סערגעי מיכאילאָ־וויטש, דער קלוגער, דער ערפאהרענער אונד וועלטס־מענש, האסט מיר, אונוויסענדע,

ערלויבט צו האנדלען אויף אזא וועג, וועלכע האט ארום זיך טיעפע זומפען, וואו איין פעהל־שריט איז לעבענס־געפעהרליך. יעמצט, ווען איך האב ערפאהרען וואס גוט אונד שלעכט איז, קעהר איך צוריק צוברעכען אין קערפער אונד גייסט. עס איז שוין באלד פערפלויגען א יאהר, זייט איך האב פראבירט צו דיר צוריק צו קעהרען, זוכען אין דיין ליעבע, אין דיין פערטרויען אונד אין דיין אכטונג, צוריק צו געווינען מיין פערגאנגענעס גליק. אבער דוא האסט מיך אויסגעמיעדען, צייגענדיג גלייך וויא דוא פערשטעהסט מיך ניט. עס זעהט אויס, גלייך וויא דוא ווילסט מיך צווינגען איך זאל צוריק קעהרען אין דעם זיסען געוויש פון לעבען, וועלכער ענדיגט זיך אימער מיט גאלל."

„וואס מיינסטו דערמיט?" האט ער געפרעגט וויא ערשטוינט.

„דוא שטעלסט מיר אזא פראגע!" האב איך אויסגעשריען ערבימערט פון זיין נאייבגילטיגקייט אונד פערשטעלונג, אבלאזענדיג זיין האנד. „דוא סערגעי מיכאילאוויטש, וועלכער בליסט ביז צו מיין טיעפער זעעלע, ווילסט בעהויפטען, אז דוא בעגרייפסט ניט מיין שמערץ? האסטו קיין מיטלייד"...

„גענוג! גענוג!" האט ער אויסגעשריען האלב שטרענג. „דוא נעהסט צו וויים. איך בעט דיך, לאז אלעס"...

אבער איך האב איהם אויך ניט געלאזען רעדען אונד געענטפערט:

„יא, איך זאל לאזען אלעס ליעגען בעגראבען אין דעם טיעפען קבר פון דער פערגאנגענהייט. אבער איך קען דאס ניט, סערגעי מיכאילאוויטש! עס איז דיין פליכט מיך ווידער גליקליך צו מאכען, ווייל איך בין צו דיר געקומען אונשולדיג, אונד דוא האסט ניט בעדארפט מיך לאזען לויפען אויף אזעלכע וועגען, וועלכע פיהרען צו פערדערבען!"

א זיפץ האט זיך ארויס געריסען פון זיין ברוסט, אונד דאן, האט ער אנגע־פאנגען מיט דיעזע ווערטער:

„קאטיא, איך האב געזוכט אויסצומיידען אזא סצענע, אונד איך בעדויער זעהר וואס דוא גיבסט מיר דיא געלעגענהייט דאריבער צו רעדען. גוט אלזא, איך וועל מיט דיר זיין פרייא אונד אפען: דוא זאגסט איך בין שולדיג — דאס האסטו רעכט, אבער וואס דוא פערלאנגסט פון מיר איך זאל דיר צוריק געבען דיין גליק, איז א זאך דער אונמעגליכקייט. געדענקסטו דיא צייט, ווען איך האב דיר בעוויעזען, אז א הייראטה צווישען אונז קען זיך ניט גוט ענדיגען? איך האב דאמאלס ניט בעדארפט דעם שריט מאכען, אונד, איך פערזיכער דיך, אז עס וואלט מיך וועניגער

שמערצען געקאָסט וויא יעטצט, ווען איך וואָלט ארויס געריסען דיא ליעבע פון מיין הערץ. אויך פאר דיר וואָלט עס פיעללייכט בעסער געוועזען.

„מיר האבען געהייראטהעט," האט ער ווייטער געזאגט. „איך האב מיך גע־רעכענט פאר קלוג גענוג, אום דיך אָבצוּרוועגדען פון דעם אונפערמיידליכען. איך, א מענש וואס האט שוין אָבגעלעבט, האב געוואָלט צווינגען א רויז צו בליהען אין א פינסטערן קעלער. אלס איך האב אָבער איינגעזעהן, אז דאס איז אונמעגליך, האב איך דיר געמוזט געבען דיא פאָלשטענדיגע פרייהייט צו טהון וואס דוא ווילסט, זאָנסט וואָלט עס פיעללייכט נאך ערגער געוואָרען. ניט אזוי פיר מיר וויא פיר דיר. איך וייס, קאַטיא, אז דוא ביסט געגאנגען זעהר וייט; איך וויים אלעס -- אלעס וויים איך! אָבער, נאך ניט אזוי וויים וויא צור צייט וואס איך וואָלט דיר גע־שטערט, מיינע ליידען, קען קיין אנדערער מענש שילדערן, ווייל דער שמערץ איז געווען אונערטרעגליך. אָבער מיין בענעהמונג צו דיר, האט דיך גערעטעט פון געגעליכען אונטערגאנג. דוא האסט ענדליך איינגעזעהען, אז דוא האסט געפעהלט, אונד צוריק געקעהרט צו מיר, אָבער דאס וואָלט ניעמאלס געשעהן, ווען איך וואָלט געזוכט דיך צו בעהערשען מיט געוואלט. עס איז אמת, דיינע טהאטען אונד האנדלונגען, האבען אויסגעלאָשען דאס הייליגע פייער פון ליעבע אין מיין הערץ. אָבער איך בין צופריעדען דיך צו זעהען צוריק קעהרען. דוא ביסט מיר אמאל געווען זעהר טהייער, אונד איך לעב יעטצט אין גליק פון דיעזער ערא־ינערונג. דוא ביסט מיין בעסטע פריינדין, אונד איך רעספעקט דיך. דארף איך ניט גליקליך זיין דערמיט?"

איך האב געוויינט אונד געמורמעלט:

„קען ווירקליך ליעבע — הייליגע אונד ריינע ליעבע, וויא זיא האט געהערשט אונטער אונז — אזוי פערניכטעט ווערען?"

„קענסטו ניט לעזען איין ענטפער אין דיין איינענער ברוסט?"

איך האב מעהר ניט געקענט ענטפערן. נאך א פויזע וואס האט געדויערט עטליכע מינוטען, האט ער מיך אומארמט אונד געזאגט:

„פריינדין, קאַטיא, לאָמיר לעבען אין גליק דער פערגאנגענהייט, אין צופריע־דענהייט דער געגענווארט אונד אין רעספעקט איינער פאר'ן צווייטען פון דער צוקונפט. קאַטיא, קינד, לאָמיר זיך בעגניגען מיט דעם וואס מיר האבען אונד בעזיטצען, ווייל מיר קענען קיין בעסערעס פערלאנגען. עס איז נאך ניט אזוי שלעכט [illegible] עס וואָלט געווען זיין."

מאטשא אונד סאניא זיינען ערשיענען אונד מיר זיינען אריין אין הויז טרינקען טהעע.

ווען איך בליק יעטצט צוריק צו מיין ווייטערע פערגאנגענהייט, דאן ערשיינט פאר מיר דאס דאמאלינע לעבען וויא איין אפענעס בוך. וויפיעל וואהרהייט עס זאל ליגען אין סערגעי׳ס האנדלונג נעגען מיר, בין איך דאך איבערצייגט, נאך אלעמען, אז א מענש מיט שכל, קען זיך בעהערשען, אונד ווען ער זוכט צו זיין גליקליך, דאן זאל ער דיעזעס גליק זוכען אין זיין הויז, בייא זיין טיש אונד אונטער זיין פאמיליע. דאס לעבען אין נערוויש, פראכט, גלאנץ אונד הערדליכקייט, איז נים מעהר וויא א מאמענטאלער זיסער חלום, וועלכער ענדיגט זיך מיט א ביטערער ווירקליכקייט.

ע נ ד ע.



# מיין פריינד'ס פריי.

וואסילי ניקאָלאַיעוויטש האט שוין זיים צווייא יאהר פערלאָזען דיא נאטור־וויסענשאפטליכע אבטהיילונג פון דער פילאָזאָפישער פאקולטעט. ער האט בעענדיגט זיין שטודיום אונד נעקריעגען דעם טיטעל „דאָקטאָר דער פילאָזאָפיע,“ מיט גרויסער אויסצייכנונג. על־פי־חשבון האט עס געהייסען, אז ער גיל זיך ערשט נעהמען צום שטודיום אונד אבגעבען זיין צייט פיר דער וויסענשאפט אונד פאָרשונג.

אָבער וויא ווייט איך האב איהם געקענט, איז ער ניט געוועזן דער מענש דאפיר. ער איז געוועזן פון דער נאטור לעבהאפט, מונטער אונד צייטענווייז זעהר פרעהליך. אזעלכע מענשען קענען נאָר לערנען דאמאלס, ווען קיין זאך שטערט זייא, אָבער וואסילי ניקאָלאַיעוויטש וואָלט ניט געקענט איבערשטעהען דעם נסיון פון שעהנע מיידלעך, א פרעהליכע געזעלשאפט אָדער זאָנסט א מונטערן אונ־טערהאָלט.

ווען א מענש וויל האבען איין ערפאָלג פון זיינע וויסענשאפטליכע שטודיען, מוז ער צו מאכען דיא אויגען פאר דער גאנצער וועלט; אלעס דאַרף בייא איהם זיין טויט אונד ניט עקזיסטירען, אויסער זיינע ביכער אונד זיינע אינסטרומענטען.

וואסילי ניקאָלאַיעוויטש איז געוועזן א גרויסער פריינד פון דעם לעבען אונד ער האט בעוואונדערט ניט נאָר דיא קונסט, זאָנדערן אירגענד א שעהנע זאך, האט איהם געקענט פעראינטערעסירען.

אם בעסטען ווען ער האט זיך גענומען שטודירען איבער דער נאטור פון מוראשקעס, ביענען אָדער ים־חיה'לעך, האט ער דערזעהן זיין פידעל, ועלכען ער האט ארונטער גענאפט, געלעגט א בלאט נאָטען פאר זיינע אויגען אונד אָנגעפאנגען צו שפיעלען אזוי לאנג, ביז עס האט זיך איהם געקענט דאכטען, אז דיא גאנצע וועלט שווימט אין א ים מעלאָדיען.

צו דיעזער צייט, וואס וואסילי ניקאָלאַיעוויטש האט געהאט אזא טבע, האט ער געלעבט אין מאָסקווא, אין דער געזעלשאפט פון זיין דיענער אליאָשקא.

מיר פלעגען זיך זעהר אָפט צוזאמען קומען, אונד וויל ער האט זעלטען גע־האט א פרייע שטונדע עפעס צו רעדען אונד בעשפרעכען, אויסער זיין וויסענשאפט

אונד פערגניגען, האט ער בעשלאָסען, אז יערען שבת אבענד זאָלען מיר צוזאמען פערברענגען. אין דיא איבריגע טעג פון דער וואָך, האט ער געטהאָן אלעס וואס עס האט איהם בעסער געשמעקט.

אויסער מיר, האט ער אונטערדעסען געהאט נאך בעזוכער, אונד דיעזע זיינען מייסטענטהיילס געוועזען סטודענטען.

איך, גאָטידאַנק, בין אויך געוועזען א סטודענט, אונד זיך געצעהלט אונטער דיא אנדערע בעזוכער, אָבער איך האב געמאכט א שטיקעל אויסנאהמע, ווייל מיר האבען זיך נאך פון פריהער געקענט, אונד מיר האבען אמאל צוזאמען פערבראכט דיא גאנצע וואקאנץ־צייט אויף א גוט.

מיר האבען איהם אלע געליעבט אונד געאכטעט. דען ווען עס איז געקומען צו א רוהיגען מאָמענט עפּעס צו בעשפּרעכען, איז ער געוועזען ערנסט אונד אויפ־ריכטיג, אונד זיין שארפער אורטהייל, וועלכער איז אויך געוועזען גערעכט, האט איהם געצייכנט אלס טיעפזיניג נענוג אום מיר זאָלען זיך מעגען פערלאָזען אויף דעם וואס ער זאגט.

דיעזער כאראקטער, וועלכער איז, אין דער וואהרהייט געשפּראָכען, א גרויסע זעלטענהייט אונטער אונז יונגע מענשען, האט מיך וועניגסטענס אזוי שטארק צו־געצויגען צו איהם, אז איך האב איהם כמעט פערגעטערט.

זאָלאנג וויא מיר האבען נאָר אָנגעפאנגען א געשפּרעך, האט ער זיך ניט צוריק געשראָקען צו בעריהרען אזעלכע פראגען, וועלכע פיעלע פון אונז וואָלטען בעסער אויסגעמיעדען. ערשטענס אויס פּאָליטישע אינטערעסען אונד צווייטענס, גלאט ווייל קיינער וואָלט ניט געוואגט צו קריטיקירען עפּעס וואס עלטערע מענשען פון אונז, בעטראכטען זייט דור דורות, פאר גוט אונד פיין

ווען וואסילי ניקאָלאיעוויטש האט אויפגעבראָכען א געשפּרעך איבער דער געזעלשאפט אונד איהר ארט לעבען, האט ער אימער געהאט דאריבער עפּעס צו זאגען, וואס האט אונז אלע איבערראשט אונד ערשטוינט. אָבער נאך א רוהיגעס אונד איבערלעגטעס נאכדענקען, האבען מיר געמוזט צו געבען, אז ער האט רעכט.

גם איז דאס זעלבע אונגריק מיט אונזער גאנצער געזעלשאפט. מיר געוועהנען זיך צו אויף פיעלע זאכען צו זאגען, אז זייא זיינען גוט אונד וואויל, ווייל אנדערע האבען אזוי בעהויפּטעט. מיר פערגעסען אָבער נאכצוקלערען אויב דיא „אנדערע" האבען רעכט געהאט אָדער ניט. אונד כל־זמן מיר קומען ניט צו דיעזער שטופע אליין צו דענקען, אליין צו איבערלעגען, אונד ניט אקצעפּטירען אלעס וואס עובר־

בטל'דינע יונגער אדער אלטע ווייבער בעטראכטען פאר עהרליך אונד שעהן, גראדע אזוי לאנג וועלען מיר זיך ווי דערשרעקען, ווען יעמאנד זאגט אנדערש.

מיר דערשרעקען זיך ניט, ווייל די נייע בעהויפטונג איז ניט וואהר, זאנדערן, ווייל מיר זיינען צוגעוועהנט צו דעם אלטען ווי דער שיכור צום בראנפען.

וואסילי האט געהאט א טבע אמאל זיך אויסצורעדען אזוי וויא קיין אנדערער וואלט עס געטהאן. אבער דאס איז אימער געווען דערפאר, ווייל אין זיינע ערנסטע מאמענטען, איז ער צו אנדערע ניט געווען עהנליך.

אין א שבת אבענד, האבען מיר זיך אלע בייא איהם פערזאמעלט. מיר האבען געצעהלט א צוואנציג פערזאנען. יעדער, וויא געוועהנליך, איז געווען א סטודענט, אונד כמעט אלע זיינען שוין פערטיג געוועזן מיט זייער שטודיום. אונטער די לעטצטע האבען זיך געפונען א פאאר יונגע ערצטע אונד א יונגער פראפעסאר דער ליטעראטור.

מיר האבען געטרונקען טהעע מיט לימענע אונד מיט קובען. מיר האבען גערויכט, געפלוידערט אונד זיך אונטערהאלטען אזוי לאנג, ביז מיר זיינען געקומען צו וויכטיגע לעבענס־פראגען.

אין דעם גרויסען צימער, איז עס אונטערדעסען געווארען זעהר הייס אונד שטיקענד פון דעם טאבאק־רויך.

אליאשקא, מיט א רויטעם העמד אונד א רויטע שירצע, מיט זיין רונדעם אונד פערשוויצטעם געזיכט, האט דערלאנגט זעהר פלייסיג טהעע, אונד אכטונג געגעבען, אז יעדער זאל זיין בעזארגט מיט דיעזער אויפמונטערענדע משקה.

יעדער פון אונז האט זיך געשפירט גאנץ בעקוועם אונד אונגעשטערט אין די בענעהמונגען אונד שפראכע. עס איז אויך קיין צווייפעל געווען, אז אלע האבען זיך הערצליך אמוזירט אונד הנאה געהאט פון דער פרעהליכער קאמעראדענשאפט.

איך בין געזעסען אויף דער סאפא, אויפגעקנעפעלט מיין סטודענטען־אוניפארמע אונד שטילשווייגענד האב איך מיך צוגעהערט צום געשפרעך. איך האב פערשטאנען, אז דערווארט אונד אידעען קאמפף וועט יעדעס מאל אינטע־רעסאנטער ווערען אונד דאס האב איך ליעב געהאט בייצו־וואהנען.

וואסילי האט צוזאמען בעענדיגט די אוניווערזיטעט מיט דעם פראפעסאר אונד די ערצטע, אונד אזוי וויא זייא האבען אלץ אויסגעזעהן זיינע נעגנער, האט

ער זיך דערוואָרעמט אין זיינע דעבאַטען אונד האָט אויסגעזעהן צו גרייכען דיא ערנסטע מאָמענטען, ווען זיינע ליפּען האָבען אויסגעשפּראָכען אידעען, וועלכע האָבען אונז אימער איבעררעאַשט.

דער שטרייט מיט דיא ערצטע אונד דעם פּראָפעסאָר, איז געוואָרען הָעפטיג, אונד דר. גאָרבונאָוו, א יונגער ארצט, האָט וואַסיליין אַלץ מעהר אויפגערעגט.

„ניין! ניין!" האָט וואַסילי געשריען, „מיינט ניט, אז דיא הויפּט קראַנקהייטען זיינען פוילע לונגען, א פערדערמטע לעבער, אין אַבגעריסענע מילץ אָדער הערץ־קלאַפּען! דיא גאַנצע חכמה ליעגט ניט אין אויסגלייכען א קרומען פוס אונד"...

דער יונגער ארצט האָט איהם אונטערבראָכען.

„אלזאָ," האָט גאָרבונאָוו אָנגעווענדעט, „קומט עס אויס, אז דיא גאַנצע מעדיצין טויג אויף כפּרות?"

„אָט דאָס איז דאָס אונגליק," האָט וואַסילי געענטפערט, „וואָס איהר ווילט ניט פערשטעהן. דיא מעדיצין האָט געוויס איהר גוטע זייט פיר דער מענשהייט, אָבער דיא מענשהייט דאַרף וויסען, אז זיא מוז זוכען הייל־מיטלען צו איהרע געפעהרליכסטע קראַנקהייטען."

„איז א פוילע לונג ניט גענוג געפעהרליך?" האָט דער פּראָפעסאָר פון ליטעראַטור געפרעגט.

„דיא גאַנצע מענשהייט ליידעט ניט פון קיין פוילע לונגען," האָט וואַסילי אָנגעפאַנגען אין זיין ערנסטען טאָן, „אָבער עס זעהט אויס, אז דיא גאַנצע מענשהייט ליידעט פון נאָך א געפעהרליכערע קראַנקהייט."

„אונד דיעזע קראַנקהייט איז?" האָט דער ארצט געפרעגט.

„דיעזע קראַנקהייט, מיין פריינד," האָט וואַסילי געענטפערט, „איז דיא שמוטציגע תאוה, וועלכע דיא מענשהייט זוכט צו פערברייטען אונד איינגעוועהנען אונטער דיא מענשען, מיט קיין אנדערן צוועק, אויסער צו בעטרייבען תאוה, וועלכע איז דיא געפעהרליכסטע קראַנקהייט."

מיר האָבען איהם אלע אָנגעקוקט. מאַנכער מיט איין אונגלויבליכען שמייכעל, איין אַנדערער שפּאָטיש אונד א טהייל גאַנץ ערנסט אונד שטיל. מיט דער ערוואַרטונג, אז וואַסילי וועט באַלד דייטליכער ערקלערען זיינע געדאַנקען.

„דיא תאוה," האָט ער געזאָגט, „איז א שרעקליכע קראַנקהייט אין אונזער געזעלשאַפט, פון וועלכער מיר מענשען ווילען קיין בעגריף האָבען, זאָלאַנג זיא

פערשאפט אונז מאָמענטאַלעס פערגניגען. דא איז אזוי אנשטעקענד, אז מיר ליידען אַלע פון איהר: דיא יונגע לייט, דיא פערהייראַטעטע, דיא מיידלעך, דיא פרויען אונד אַלעס וואס רופט זיך עטוואס ענטוויקעלטער מענש. איך, איהר, יעדער פון אונז. שוין ניט רעדענדיג וואס מיר מאַכען זיך צום נאַר דורך איהר, שוין ניט אַבטענדיג דארויף וואס מיר ליידען דיא ביטערסטע שמערצען, שטערט זיא אונזער פאָרטשריט, שליידערט אונז אין אָבגרונד פון פערדאָרבענהייט אונד שטעלט אונז ניעדריגער אַלס דיא טהיערע.

„אונד וויפיעל גיבט עס אויף דער וועלט, וועלכע זעהן גאר ניט דיא דונקלע שאטענס פון איהר? מיר לאַכען זיך אויס, מיר פערשמייסען, מיר פערוואַרפען יעדע אידעע וואס פיהרט אונז צו בעלייכטען דיעזען זומפף פון שמוטץ אונד אבשייליכ־קייט. מיין גאָט! ווען אלעס זאָל ארויס אין דער עפענטליכקייט, ווען מען זאָל אויפריהרען דיעזען הויפען שמוטץ אונד יעדער מענש זאָל זיך אבשטעלען אונד דאס בעטראַכטען, דאַן וואָלט ער זיך דערשראָקען.

„יא,“ האט וואַסילי וויטער געזאגט, „עס איז קיין צווייפעל, אז מיר וואָלטען זיך גאר ניט דערקענט; מיר וואָלטען בעדאַרפט צו דעקען אונזערע געזיכטער פאַר חרפה אונד זיך שעהמען איינער פאַר'ן צווייטען. אָבער מיר טהון דאס ניט; מיר ווענדען אָן אַלע מעגליכקייטען אַלעס צו פערדעקען אונד פערשטיקען, אונד דערמיט אויך פערמעהרען אונזערע קראַנקהייטען, פערברעכען אונד פערדערבען.

„דיא תאוה!“ האט וואַסילי פּלוצלינג אויסגעשריען, „איז דיא שוידערהאַפטע קראַנקהייט! זיא צערשטערט אונזערע עדעלסטע אונד שענסטע געדאַנקען; זיא ברעכט אונזער גייסט; צערשמעטערט אונזער קערפּער, אונד, ווען מיר האבען נאָר דיא געלעגענהייט זיא צו בעטרייבען אויף דער העכסטער שטופע, דאַן גראַבען מיר אין דערזעלבער צייט, פאַר אונז אליין א קבר.

„פון קינדווייז אויף ווערען מיר פערצערטעלט אונד פערדאָרבען; מען ווייזט אונז מיט הינטערווייַלעכס סמנים, וויא אזוי מיר דאַרפען זיך פאָרבערייטען זיא צו שטודירען, אונד מיר ערפאַהרען באַלד, אַז נאָר דיא תאוה איז אונזער ציעל אין לעבען, וועהרענד אַלעס אַנדערע, איז נאָר א נעבענזאַך.

„איהר דאַרפט מיך ניט אָנקוקען אזוי ערשטוינט אונד עפענען אייערע אויגען אזוי פערוואונדערט — זאגט מיר דעם אמת: ווער פון אייך וויל הייראַטהען א פרוי בלויז דאַפיר אום צו ברענגען קינדער אויף דער וועלט? ניעמאַנד, ניעמאַנד! איהר אלע בעטראַכט זיך פריהער דאס געזיכט, דעם קערפּער אונד אַלעס וואס ליעגט אין א פרוי אום צו ערוועקען דיא תאוה. ווען קינדער קומען, דאַן זיים איהר

האלבוועגס צופריעדען ; ווען קינדער קומען מעהר וויא איהר האט ערוואַרטעט, דאַן פיהלט איהר זיך אונגליקליך — אלעס וואס איהר זוכט איז, דיא תאוה! אונד טאַקע דערפאַר אליין, פערגעסען מיר זיך גאר אין גאַנצען אין חתונה האַבען צום צוועק פון קינדער האבען, זאַנדערן מיר זוכען נאַר צו ענטוויקלען דיא לוסט נאַר צום צוועק פון שמוטץ אליין. דאס איז שרעקליך, שוידערהאפט!"

מיר האבען איהם אלע געלאַזען אויסרעדען אונד איהם ניט אונטערבראַכען, ווייל מיר האבען איהם שוין געקענט אין דיעזער בעציהונג, אז ער האט נעמווזט ארויס זאגען אין אזעלכע מאַמענטען אלעס וואס עס ליעגט איהם אויף'ן הערצען.

„אונד דיא פרויען," האט ער פלוצלינג ווייטער געזאגט, „מיינט איהר, אז זייא זיינען בעסער? אָבער, ענטשולדיגט מיר, איך דענק, אז איך האב שוין צו פיעל געפלוידערט."

ער האט בייא דיעזע ווערטער זיך אָבגעווישט מיט זיין ווייסע האנד טיכעל זיין הויכען אונד פערשוויטצטען שטערען. דאַן האט ער זיך צוריק געזעטצט געמיטהליך אויף זיין שטוהל אונד זיך פעררויכט דיא פערלאָשענע ציגארעטע.

„דאס אלעס איז דיא ריינע וואהרהייט!" האט אויסגערופען א סטודענט איבערצייגט פון וואסילי'ס ווערטער.

„וואס?" האט וואסילי ניקאָלאיעוויטש געפרעגט.

„דאס וואס איהר האט געזאגט."

„יא, יא, פאָזיטיוו!" האט איין אנדערער סטודענט איינגעשטימט.

„איך בין מודה, אז ער האט רעכט," האט דער פראָפעסאָר דער ליטעראטור געזאגט. „אָבער אזוי צו פערדאמען יעדען איינעם, וויא וואסילי ניקאָליאעוויטש טהוט, איז אונרעכט. יא, דיא תאוה איז אין פיעלע בעציהונגען זעהר שעדליך — איך מיין נאטירליך דיא איבערפליססיגע תאוה — אָבער מען דארף ניט פערגעסען, אז דיא ערציהונג אונד געזעלשאפטליכער פערקעהר"...

„געוויס, געוויס," האט איהם וואסילי אונטערבראָכען, „דאס דארף מען אויך ניט פערגעסען. עס איז טאַקי א הויפטזאך וואס מען מוז געדענקען. דיא ערציהונג אונד דער געזעלשאפטליכער פערקעהר, האבען דערמיט זעהר פיעל צו טהאָן. אָבער ווער זאגט אייך דען, אז דיעזע ערציהונג אונד געזעלשאפטליכער פערקעהר מוזען אזוי זיין? דענקט איהר, אז עס איז ניט מעגליך צו וועקסלען דיא צושטענדען? אונד, מיינט איהר, אז א מענש דארף טאַקי אזוי שנעל זיין אום

דיך נאכצוגעבען אלעס וואס ער האט געזעהן פון אנדערע ? מיין פאטער, מיין מוטער, מיין אָנקעל אָדער אנדערע גוטע פריינד, האבען געקענט זיין גאנץ אנשטענדיגע מענשען אין זייער גראד, אָבער ווען איך זעה איין, אז זייערע מעשים זיינען נים קיין ריכטיגע, דאַן דארף איך נים זיין אזוי שוואך אום זייא נאכצוטאנצען. ניין, איך מח זיין פעסט ענטשלאָסען אומצו־ווענדען דעם גאנג פון מיין לעבען אויף א גאנץ אנדערן וועג, וועלכער פיהרט נים אהין וואו עס ליעגט פערדערבען. אָבער דאס אונגליק איז, דאס ווען מיר פערשטעהען שוין אפילו, איז דיא געוואָהנהייט פיעל שטארקער אלס אונזער איבערצייגטער וויללען אונד מיר פאלען וויא פייגלינגע (טרוסען) צום מינדעסטען נסיון. איז עס נים מערקווירדיג, מיינע הערען, וויא מיר קענען נים קוקען אויף א שעהנעם פרויענצימער מיט אנדערע געדאנקען, אויסער צו קלערען, אז זיא איז גוט פיר אונזער בעסטיאלישען גענוס ? אָט דאָ ליעגט דער תהום פון פערדאָרבענהיים. דאָ ליעגט אונזער אבשייליכע שוואכקייט, וועלכע פיהרט אונז שנעל צום גייסטיגען טויט.

„מיין גאָט !“ האט וואסילי פלוצלינג אויסגעשריען, „פאר מיינע אויגען ערשיינט יעטצט דאס בילד פון מיינעם א גוטען בעקאנטען ; ער איז אויך געוועזן אזא אונגליקליכער. אָבער, נאך אונגליקליכער וויא פיעלע אנדערע, וויל ער האט מעהר געלעגענהאט געהאט זיין געוואָהנהייט אויסצואיבען. איך האב איהם געקענט בלויז צווייא מאָנאט, אונד דאַן איז ער געשטאָרבען פאר מיינע אויגען. נים א גייסטיגען טויט, זאָנדערן א קערפערליכען טויט. גייסטיג, איז ער שוין לאנג געוועזן טויט. ער האט ווירקליך פאָלקאָמען פאָרגעשטעלט מיין אידעע וואס איך האב אייך ביז יעטצט געשילדערט, אונד ער קען דיענען אלס א טרויעריגעס ביישפיעל. אָבער, אין דער־וועלבער צייט מוז איך בעמערקען, אז אין דער טיעפסטער פערדאָרבענהייט, רוהט נאך אימער אין דעם מענשען א קליינע סטרונע פון אנשטאנד — מען דארף נאָר דיעזע בעריהרען, אונד דיא האַרמאָניע פון דער זעעלע גיבט ארויס אזעלכע טענער, וועלכע פערטרייבען דיא פינסטערע אונד אבשייליכע בעסטיאליטעט.“

וואסילי ניקאָלאיעוויטש איז געבליעבען שטיל. אונז, אָדער מיך ווענינסטענס, האט עס געשוידערט הערענדיג דיעזע ווערטער. מיר זיינען אלע אונטערדעסען פעראינטערעסירט געוואָרען מיט דער געשיכטע פון זיין בעקאנטען, אונד יעדער איז געוועזן נייגיעריג צו הערען וואס עס האט פאסירט.

„וואס איז געשעהען מיט אייער בעקאנטען ?“ האט א סטודענט געבען מיר געפרעגט אונגעדולדיג. „וועט איהר אונז דערצעהלען ?“

„מיין בעקאנטער אונגליקליכער,“ האט וואסילי געענטפערט וועהרענד זעהר

רוהינ, „איז אויך געוועזען א סטודענט אונד ער איז געשטארבען פון דער שווינדזוכט. אין דער וואהרהייט געשפראכען אבער, איז ער גראדע ניט געשטארבען פון דער שווינדזוכט, זאנדערן פון דער אוננאטירליכער תאוה, וועלכע האט פריהער געטויטעט זיין גייסט אונד דאן אויך געפאָרדערט זיין קערפער, גראדע דורך שווינדזוכט. אפילו כויט נאך דער לעהרע פון דער מעדיציז, קוממט דיא שווינדזוכט צו מענשען, וועלכע זיינען אבגעשוואכט אזוי שטארק, אז זייא קענען ניט ווידערשטעהען דיא באסטעריען פון שווינדזוכט. ענטשולדיגט מיר, טארבונאוו,״ האט וואסילי געזאגט זיך ווענדענדיג צום ארצט, „איך מיין ניט חלילה צו בעליידיגען אייער פראָפעסיאָן, אין געגענטהייל, ווען נעטהיג, אקצעפטיר איך אויך עפעס פון דער מעדיציז.״

„אָה, וואסילי, איהר זייט ענטשולדיגט,״ האט דער ארצט געענטפערט לאכענדיג.

טארבונאוו האט דערווייל ארויס גענומען א זילבערנע פושקע פון דער קעשענע, פון וואנען ער האט ארויס געצויגען א סיגארעטע, פערויכערט, אונד זיך פערטיג געמאכט צו הערען וואסיליין רעדען, וועלכער איז ערנסטער געווארען פון סעקונדע צו סעקונדע.

„אבער ערצעהלט אונז דיא געשיכטע,״ האט דער סטודענט ווידער געזאגט זעהר אונגעדולדיג.

„ריכטיג, וואסילי,״ האט טארבונאוו בעמערקט ארויס לאזענדיג א בלויען רויך פון זיין מויל, „איהר האט מיר שוין אמאל עפעס נעזאגט פון איהם, אונד, לויט וויא איך פערשטעה, איז עס איין אינטערעסאנטע געשיכטע.״

„איך האב מיך מיט איהם צוזאמען געטראָפען,״ האט וואסילי ניקאלאיעוויטש אנגעפאנגען, „בייא מיינעם א קאלעגע, מיט וועלכען ער האט געוואָהנט צוזאמען. דאמאלס איז ער שוין געשטאנען מיט איין פוס אין קבר. ער איז געוועזען מאגער, בלאס אונד זיין ברוסט איז געוועזען איינגעפאללען וויא דער פאלל איז מיט יעדען שווינדזיכטיגען. זיינע גרויסע אונד בלויע אויגען, האבען איבער מיר אונטערדעסען געמאכט א געמישטען איינדרוק גלייך בייא אונזער ערשטער בעקאנטשאפט. איך האב געשפירט, אז איך האב צו איהם ערשטענס א גרויסע נייגונג אונד אויך איין אונבעשרייבליכעס מיטלייד. דיעזעס געפיהל וועל איך ניט פערגעסען, כל־זמן איך וועל לעבען.

„צו יענער צייט איז איהם ערגער געווארען פון שטונדע צו שטונדע. יעדע האפנונג פון רעטונג איז געוועזען פערשוואונדע. דיא ערצטע האבען איהם געזאגט —

אונד ער אליין האט עס אויך נעוואוסט — אז פון זיינעביידע לונגען איז שוין כמעט נאר נים נעבליעבען. ער האט ביי מיר אויסגעזעהן וויא א פערארורטהיילטער צום טויט, וועלכען מען דערמאָהנט יעדען אויגענבליק, אז אָט מוז ער שטאַרבען. ער פלעגט ארום געהן איבער זיין צימער הין אונד צוריק, אונד אויף זיין געזיכט איז געלעגען א וועלט מיט וועהמוטה אונד נאכדענקען. ער האט נים גערעדט פיעל זיך נים בעקלאגט, אונד נאָר גערולדיג ערווארטעט דעם טויט.

„אין דיא לעטצטע פאאר טעג אָבער, פאר זיין טויט, איבערהויפט אבענד האט ער זעהר פיעל געשפּראָכען. ער איז געוועזען א ליידענשאפטליכער אונד עמפפינדליכער מענש, וועלכער האט געקענט אויפגערעגט ווערען פון דער מינדעסטער קלייניגקייט, אבער ער איז געוועזען א העלד אין צוריק האלטען זיינע געפיהלע, וויא נים ארויס צו ציינען עפענטליך. איך האב אָבער גענוג געלעזען אויף דיין געזיכט אין דעם טאָן פון זיינע ווערטער אונד זיין נערוועזע בעגעהמונג, וועלכע האבען אין מיר ארויס גערופען אזוי פיעל מיטלייד, אז איך האב געמוזט אָבווענדען מיין געזיכט פון איהם אונד וויינען.

„איך האב איהם, אין דער קורצער צייט פון אונזער בעקאנטשאפט, אזוי ליעב געוואונען, גלייך וויא ער וואָלט געוועזען מיינער א לייבליכער ברודער. ווען איך האב געקענט, האב איך אומגעווענדעט דאס געשפּרעך איבער וועלטליכע זאכען, אום איהם צו מאכען פערגעסען אויף א קורצער צייט אן זיין טרויעריגעס שיקזאל. אונד דאס איז מיר אָפט געלונגען, דען ער איז געוועזען נייגיעריג צו בעשפּרעכען אינטערעסאנטע פראגען, אונד, אין זאָלכע געשפּרעכע, האבען מיר כמעט אימער איינגעשטימט.

„ער האט מיר דערצעהלט דיא גאנצע געשיכטע פון זיין לעבען. ער האט פאר מיר אבגעשילדערט אלעס וואס האט מיט איהם פּאסירט ביז דאמאלס, אונד דערצעהלט גאנץ גענוי, איבער דיא קוועלען אונד מארטערניסע וואס ער האט געהאט איבערצושטעהן ווען ער האט געמוזט אויפגעהמען דאס לעבען ווא עס איז אונד וויא אזוי זיין געוויסען האט דאגעגען פּראָטעסטירט. יא, דער אונגליקליכער איז געוועזען איינער פון דיעזע מענשען, וועלכער האט געפיהלט, (טראָטץ דער איינשטימונג פון דיא זאָ-גענאנטע מאָראַל-מענשען), אז מיר פיהרען זיך גאנץ ריכטיג דאס דיא געזעלשאפט מהוט נים אלעס וויא עס בעדארף צו זיין. אין זאָ א מאָמענטען, האב איך איהם אויך ענטדעקט אָפענהערציג מיינע אידעען, אונד איך האב מיט איהם איינגעשטימט.

„ער האט מיר געזאגט, אז ער האט אויפגעשריעבען א קליינעס בוך איבער מאנכע וויכטיגע פאסירונגען אין זיין לעבען, אונד טראצץ דעם וואס ער איז געוועזן אזוי שוואך, האט ער מיך געבעטען איך זאָל דאס הערען, וויא ער וועט עס פאָר־לעזען. עס איז קיין צווייפעל, אז אין דיעזער ערצעהלונג, ווערט זיין כאראקטער אמבעסטען געשילדערט. ווילט איהר איך זאָל עס אייך פאָרלעזען? אויב עס וועט אייך אינטערעסירען, קענט איהר עס הערען. מיך, וועניגסטענס, האט עס זעהר פעראינטערעסירט.“

„לעזט עס פאָר! לעזט עס פאָר!“ האבען מיר אלע געזאגט איינשטימיג.

„אין געגענטהייל, ווען עס האט אייך פעראינטערעסירט, וועט עס אונז אויך ניט מינדער אינטערעסירען.“

וואסילי ניקאָלאיעוויטש איז צוגעגאנגען צו זיין שרייב־טיש, ארויס גענומען א בלויען פאקעט, אין וועלכען עס זיינען געלעגען איינגעוויקעלט דיא כתבים פון זיין טויטען פריינד. ער האט זיך אוועק געזעטצט ביים טיש אונד זיך פערטיג געמאכט פאָרצולעזען.

„זעהט איהר,“ האט ער געזאגט, אלס ער האט געעפענט דיא פאפירען אונד דיא צוגעטראגען צו זיינע קורצזיכטיגע אויגען, „עס איז, נאך מיין מיינונג, ניט זעהר קינסטלעריש אויפגעשריבען, אָבער דערפאר, ענטהאלטעט עס איין איינפאכע, וואהרע אונד אויפריכטיגע שילדערונג. אויפריכטיגקייט, מיינע העררען, פון סאי וואס פאר א קוועללע עס קומט, רעגט אונז אן צום דענקען אונד ווירקט אויף אונזערע פערשלאָפענע נשמות. מיר זעהן פאר אונז ערשיינען בילדער, אָבוואָהל שוין בעקאנט פון פריהער, אָבער זייא מאכען אונז אויף אזוי ווייט אויפ־מערקזאם, אז מיר מוזען זיך אָבשטעלען פון צווישען דעם לעבענס־גערויש אונד טראכטען.

„מיר טראכטען אונד מיר שטודירען דיעזע בילדער מיט אָפענע אויגען אונד מיר ציהען דערפון רעזולטאטען. איך האָף, אז דאס וועט אייך ניט לאנג־ווייל(ע)ן.“

וואסילי ניקאָלאיעוויטש האט אנגעפאנגען צו לעזען, אונד יעדער איינער פון אונז האט באלד פערשלונגען יעדעס וואָרט מיט געשפאנטער איני־טערעסע.



## דעם סטודענט'ס ערצעהלונג.

**1.**

איך האב דאמאלס געוואָהנט אליין אין מאָסקווא, וויא פיעלע אנדערע סטודענטען פון מיין פאך. איך האב געהאט א בילינעם מעבילירטעס צימער, בעי זוכט דיא אוניווערזיטעט אונד געגאנגען הערען פאָרלעזונגען. איך פלעג מיך צוזאמען קומען מיט מיינע קאָלעגען, דיא אנדערע סטודענטען, געשפראָכען, געפלוידערט. בעזוכט דאס טהעאטער, געטרונקען ניט זעלטען א שנעפסעל, אונד, מיט איינעם וואָרט, איך האב געלעבט וויא א וואהרער סטודענט.

דאכט זיך, אז אזא לעבען איז גאנץ אינטערעסאנט אונד ענטהאלט אין זיך געגוג אויפרעגונג, אום מען זאָל ניט וויסען וויא דיא צייט פערשווינדעט; אָבער מיט מיר איז עס אנדערש געוועזן. איך האב געבענקט נאך עפעס, אונד מיין הערץ האט געצויגען נאך אנדערע זאכען. עס איז מיר געווען, אונגעפעהר, גלייך וויא איך האב פערשטאנען, אז מיר פעהלט עפעס, נאר איך האב ניט געוואוסט וואס.

מיט דער צייט איז עס אזוי ווייט געקומען, אז קיין זאך האט מיך מעהר ניט אַמוזירט, קיין אונטערהאלט האט מיך אינטערעסירט, אונד איך האב פערבראכט איין טאָג נאך'ן צווייטען אויף איין אָרט, אונפערוועקסעלט.

מיר האט זיך געדאכט, אז איך לעב אין א געפענגניס, וואו איך מוז אויפ שטעהען אין דער פריה, עסען, טהון מיין ארבייט, געהן וואו מען שיקט מיך, אונד דאן ווידער צוריק קעהרען צו בעט. אזא ארט לעבען איז מיר נמאס געוואָרען.

איך האב פראָבירט מעהרערע מאל צו אונטערזוכען דיא אורזאכע פון מיין טרויעריגער איינזאמקייט. אמאל האט זיך מיר געדאכט, אז עס איז דערפאר, ווייל דאס שטעדטישע לעבען האט זיך מיר צוגעגעסען; איין אנדער מאל האב איך געקלערט, אז מיר פעהלט דיא בעוועגונג אויף דיא פעלדער, אין דער פרייער נאטור. וויא דיא זאך איז, איך בין געווען אזוי איינזאם ביז צור פערצווייפלונג.

דאס האט מיך ניט נאר בעטריבט אין געמיטה, זאָנדערן עס האט אויך געשוואכט מיין קערפער, אונד איך האב געפיהלט א שוואכקייט איבער יעדעס גליעד קומענדיג איבער מיר פון טאָג צו טאָג.

אָבער דאס בעסטריעבטע געמיטה האט געמאכט גרויסע פּאָרטשריטע, אונד וועהרענד מיינע מרה-שחורה'דיגע שטונדען, האב איך פערלווירען יעדע פערנינפטינע איבערלעגונג אלס מענש, אונד מיך געשפּירט פעהיג צו דיא גרעססטע פער־ברעכען.

מעהרערע מאל האט עס פּאסירט, וואס איך האב בעשלאָסען, נאכדעם וויא איך בין אהיים געקומען פון דער אוניווערזיטעט, צו נעהמען א בוך אין האנד, מיך פערטיעפען אין דעם אונד פערגעסען אן אלעמען. יא, מיין ענטשלוס איז געווען א פעסטער, דאס בוך האב איך גענומען אין האנד, געעפענט מיינע אויגען, אנגע־שטרענגט מיין געהירן, געלעזען, אָבער איך האב גאר ניט געקענט פערשטעהן. פאר מיינע אויגען האט אויסגעזעהן אויפצושטייגען א דונקלער שאטען, אונד זוכענדיג דיא בוכשטאבען, האט זיך מיר געדאכט, אז אלע האבען זיך צונויפגענאָסען אין גרויסע געלע פלעקען — איך האב געמוזט שרעקליך גענעצען, דיא טרערען זיינען געלאָפען פון דיא אויגען אונד איין אוננאטירליכע מיעדקייט האט מיך ערגריפען אונד איך האב געוואָלט שלאָפען.

דאן האב איך מיך געלעגט אויף'ן בעט, צופריעדען דערמיט וואס איך וועל פערשלאָפען דיא מרה-שחורה'דיגע צייט. אָבער דער שלאָף איז ניט געקומען, אונד מיר האט עס אויסגעזעהן, אז אלעס שפּיעלט מיר אלס געגנער, אפילו דיא נאטור איז אויך מיין געגנערין. ווייל איך האב געוואָלט שלאָפען אום צו פערגעסען אן אלעס, האט מיך דיא נאטור געהאלטען וואך, וויא א מערדער, וועלכער זעהט פאר זיך זיינע אָפּפער, וואס לאָזען איהם ניט רוהען.

דער קאָפּ פלעגט בייא מיר ווערען שווער וויא א קלאָטץ, דיא גליעדער מאכטלאָז אונד יעדע גייסטיגע ענערגיע איז פערשוואונדען.

ווען מען האט מיר אריין געבראכט עסען, האב איך געוואָלט פערשלינגען דיא שפּייזען וויא אין דיא אלטע גוטע צייטען, ווען איך האב אזוי הנאה געהאט פון א מיטאג. יא, דעם ווילען האב איך געהאט, נאָר דער אַפּעטיט האט מיר געפעהלט. ווען איך האב גענומען א ביסען אין מויל, האב איך געשפּירט דעם טעם פון גראָז.

דאן בין איך ארויס אויף דער גאס, מיט דעם בעשלוס, אז דער גערויש פון מאָסקווא זאָל מיך צערשטרייען. איך האב אויך גערעכענט, אז א גוטער שפּאציר, ועט פעראורזאכען וואס מיין בלוט אין קערפּער וועט אָנהויבען בעסער צו צירקו־לירען, אונד איך וועל מיך פיהלען אלס א מענש.

אבער אויך דיזע אונטערנעהמונג האט נאר ניט געווירקט. איך בין געקומען אין דיא גרעסטע שטראסען, געגאנגען שנעל, מיך דערהיטצט, דאן געקוקט אויף דיא פארביינגעהער, אונד — איך האב ערבליקט דיא געזיכטער פון דיא שעהנע פרויען. דאס האט באלד געווירקט אויף מיין פאנטאזיע, אונד געדאנקע׳, פינסטערע אונד שטירמישע, פולל מיט תאוה אונד אויפרעגונג, האבען דאס צירקולירענדע בלוט אוננאטירליך אויפגעברויזט, אונד מיר פלעגט זיך דאכטען, אז אין מיינע אדערן איז אריין פייער. יא, אויך אין אזעלכע שפאציערען, האב איך ניט געקענט געפינען קיין שוטץ פאר דער פערפאלגענדער מרה־שחורה.

איך בין געוועזן קראנק אין לייב אונד זעעלע. דאן האב איך ווידער גענומען דענקען פון וואנען דאס אלעס קומט, אונד איך האב בעשלאסען, אז וועהרענד דיא לעטצטע עטליכע יאהר, וואס איך האב פריהער צוגעבראכט אין גימנאזיום אונד דאן אין דער אוניווערזיטעט, האט אלעס פעראורזאכט. ניט האבען גענוג לופט, ריכטיגע בעוועגונג, האט עס אבגעשוואכט מיין קערפער. דאן איז מיר קלאר געווארען, אז דיא ארבייט וואס האט מיך בעשעפטיגט, רויכען, טהעאטער, וויין אונד בראנפען, זיינען געוועזן דער מלאך המות פון מיין זעעלע. הויפטזעכליך אבער האט מיין גייסט געטויטעט, דער אונמענשליכער אונד אוננאטירליכער אומגאנג מיט אלערלייא פרויענצימער.

איך האב אנגעהויבען וויא צו עפענען מיינע אויגען אונד ארויס זעהען, אז מיין פערדארבענהייט איז געוועזן שרעקליך. איך האב מיך דערמאהנט אן דיא צייטען, ווען איך האב אויפגעטריעבען דיא תאוה ביז צו איהר העכסטער שטופע, אונד געזוכט פרויענצימער פון אלע ווינקלען, אום דיא תאוה ווייטער צו טרייבען אונד טרייבען ביז איך בין געפאלען פערמאטערט. אט דאס, האב איך מיר געטראכט, איז דיא אורזאכע פון מיין גייסטיגער שטערונג.

אין זאלכע מאמענטען האט מיך עראינערט דאס לעבען פון אנדערע סטודענטען, וועלכע האבען זיך אויך אזוי אויפגעפיהרט וויא איך אונד איך האב ביינעוואהנט זייער סוף. איך האב מיך דערמאהנט אן איינעם, וועלכער איז משוגע געווארען אונד האט געמוזט אבגעשלאסען ווערען אין איין אירוענאנשטאלט; איין אנדערער, אין א מאמענט פון פערצווייפלענדער מרה־שחורה, האט ער אריין געיאגט א רעוואלווער־קוגעל אין זיין קאפ; א דריטער, וועלכער איז פערבליעבען איין אונ־היילבארער אידיאט. מיר איז קאלט געווארען אונד איך האב געשווידערט.

אונטערדעסען האט מיין לאנגוויילינקייט געשטיגען׳, מיין אונמוטה האט [illegible]קסען אונד שרעקליכע בילדער פון ווילדע פאנטאזיען האבען מיך ניט געלאזען

רוהען. דאס לעבען איז פאר מיר געוואָרען עקעלהאפט, דיא עקזיסטענץ אונער־טרעגליך אונד איך האב געשפירט, אז מיינע כוחות לאָזען זיך אויס.

דאָך, האט זיך זעלטען יעמאנד געוואונדערט אויף מיין צושטאנד, אונד עס האט אויסגעזעהן, אז איך בין ניט קיין אויסנאהמע, ווייל פיעלע אנדערע סטודענטען האבען אויך אזוי אויסגעזעהען.

אָבער דיא נאטור, דער אלמעכטיגער ארצט, האט באלד בעוויעזען זיין ווירקונג. ווען איך האב מיך געשפירט אזוי אונגליקליך אונד אלעס האט מיך געעקעלט, האב איך מיך אויף א קורצער צייט צוריס געצווינגען פון דער פערדאָרבענהייט. ניט דערפאר ווייל איך האב געוואוסט, אז דאס איז מיר שעדליך, זאָנדערן איינפאך, ווייל איך האב עס ניט געקענט ערטראגען. פרויען, רויכען אונד טרינקען, האב איך אויסגע־מיעדען אויף עטליכע טעג, אונד דאס האט אימער פעראורזאכט א בערוהיגונג אין מיין גייסט אונד קערפער. דער אפעטיט פון עסען האט אָנגעהויבען צוריק צו קעהרען; דיא פאנטאזיען זיינען שוואכער געוואָרען אונד פערלוירען זייערע שרעקענס־בילדער; איך האב אָנגעהויבען ביסלעכווייז צו שלאָפען, אונד דאן האב איך געשפירט שטארקייט צוריק קעהרען.

זאָ שנעל אָבער וויא דאס גאטירליבע אונד רעגעלמעסיגע לעבען האט זיין ווירקונג געמאכט, זאָ שנעל וויא איך האב אָנגעהויבען צו שפירען דיא יוגענד־קראפט צוריק קעהרען, איז אויך מיין אלטע געוואָהנהייט ערשיענען. דער אפעטיט פון עסען, האט אויך געבראכט אפעטיט צום רויכען, דאן א גלאָז וויין, א שנעפסעל, א בעזוך אין טהעאטער, אונד — בילדער פון פרויען זיינען ערשיענען.

וויא א שיכור וואס פערלירט זיין גאנצע קראפט דורך בעזויפענהייט אונד פאלט אריין אין א שמוטציגען זומפף, אזוי איז עס מיט מיר אויך געוועזן. איך האב פערגעסען אן אלעמען, אונד איך בין ווידער געפאלען, ווייסענדיג אין שמוטץ אזוי לאנג, ביז דיא מרה־שחורה אונד דער עקעל האבען צוריק געקעהרט.

אזוי האב איך פערבראכט מיין סטודענטען־לעבען, פאלענדיג אונד אויפ־הויבענדיג זיך. אָבער, יעדער פאל האט אלץ מעהר אָבגעשוואכט דיא קראפט פון אויפהויבען זיך, ביז איך בין געוואָרען א שברי־כלי אונד איך האב מעהר ניט געוואוסט אויף וואס פאר א וועלט איך גייה ארום.

אין א טאָג, אלס איך האב געוואנדערט איבער דער שטראסע אהיים, אָהן א שום געדאנק אין קאָפּ וויא איין אידיאָט, האב איך בעגעגענט אויף דער גאס איין אלטען פריינד פון מיין פאטער'ס הויז. ער איז געוועזן איין אלטער אונד ליעבער גוטער פריינד, אונד זיין נאמען איז געוועזן אלעקסאנדער דימיטריעוויטש.

אנפאנגס האב איך נאר ניט געקענט בעגרייפען דעם פריינד, אָבער אלס מיינע געדאנקען האבען אנגעפאנגען צוריק צו קעהרען, האב איך מיך אזוי דערפרייט, אז איך האב געדריקט זיין האנד מיט מיין גאנצער קראפט.

ווען ער האט מיך איינגעלאדען איך זאָל איהם בעגלייטען אין זיין האָטעל, וואו ער האט אָבגעשטיגען, האב איך דאס געטהאָן מיט פערגניגען.

איך האב דערוויל ערפאהרען, אז אלעקסאנדער דימיטריעוויטש איז געקומען נאך מאָסקווא אויף איינינע טעג אום עפּעס איינצוקויפען, אויך ערלעדיגען מאנכע געשעפטע. ער האט שוין געהאט אלעס אָבגעפערטיגט אונד אויף'ן אנדערן טאָג, האט ער בעדארפט אהיים פאָהרען.

זיין געגענווארט האט מיך אויפגעלעבט אונד איך האב מיט איהם צו־זאמען פערווילט א פאאר שטונדען אונד מיט איהם גערעדט איבער פער־שיעדענעס.

עס איז געווען א לאנגע צייט זייט מיר האבען זיך ניט געזעהען, אונד ער איז געווען ניט וועניגער ערפרייט מיט מיר וויא איך. ער האט מיך אויסגעפרעגט איבער מיין לעבען, מיין שטודיום אונד אנדערע זאכען, אויף וועלכען איך האב געענטפערט אזוי פיעל וויא איך האב פערשטאנען, אז עס פאסט.

נאכדעם האט ער מיר אָנגעפאנגען צו דערצעהלען איבער זיך אליין אונד זיין פאמיליע.

איך האב אויסגעהערט מיט ערשטוינען, אז ער האט ניט נאָר תתונה געהאט. ואנדערן דאס ער האט שוין אויך קינדער.

איידער איך בין פון איהם אוועק געגאנגען, האב איך מיך ניט געקענט צוריק האלטען איהם צו דערצעהלען איבער מיין מרה־שחורה.

„דוא קענסט מיך געזונד מאכען," האב איך געזאגט וויא אין שפאס. „דוא אליין ביסט דאָך אזוי געזונד, אונד נאָר נעבען דיר זיין, קען מען זיך שוין אויך אָננעהמען מיט געזונדהייט. וואס זאָל איך טהון?"

אלעקסאנדער דימיטריעוויטש, וועלכער האט מיך שוין ביז דאמאלס בעטראכט זעהר אויפמערקזאם, האט ווידער געוואָרפען א דורכזוכענדען בליק אויף מיין געזיכט, אונד געענטפערט מיטלײדיג:

„יא, פריינד, דאס איז זעהר ניט גוט, אז מען איז קראַנק. דוא זעהסט אויס שרעקליך. עס שיינט, אז דוא זאָרגסט גאר ניט פאר דיין געזונדהייט. דוא מוזט דיך זעהען ערהאַלטען, דאס לעבען אין שטאדט, איז אָהנע צווייפעל, ניט זעהר גוט,

אונד אונזער ערציהונג, דאס הייסט, דיא שלעכטע ערציהונג, האט דערמיט פיעל צו טהון. אָבער א מענש דאַרף ניט פערצווייפלען. מען מוז זיין א מאַן, פריינד! עס איז א פערברעכען זיך קראַנק צו מאַכען אונד זיך אזוי אָבלאָזען וויא דוא. ווייסטו וואס, פאָהר מיט מיר אויף מיין גוט. ער ליעגט ניט וויים פון דאַנען. איבערמאָרגען זיינען מיר דאָרט. אויף מיין גוט וועסטו דיך ערהאָלען. דוא וועסט געהען אין פעלד, אין וואלד, איבעראל וואו עס בלאָזט א ריינע אונד פרישע לופט, אונד אזוי וועסטו דיך ערהאָלען. דוא וועסט קענען אויך געהען אויף דער יאגד. איך בין אפילו ניט קיין יעגער, אָבער דאָך האב איך א גוטען יאגד־הונד. דוא מוזט וואהרשיינליך ליעב האבען דיא יאגד? דאס שאדעט ניט, איבערהויפט יעטצט, ווען עס איז נעטהיג דוא זאָלסט זיין אויף'ן פרייען פעלד אזוי פיעל וויא מעגליך. יא, יא, קום מיט מיר, דיא ריינע אונד פרישע נאטור, וועט זיין דיין בעסטער דאָקטאָר אונד עס וועט דיך אויך קורירען.“

זיין קורצע שילדערונג איז מיר געפעלען געוואָרען, אונד איך האב ניט נאָר געשפירט, אז ער האט רעכט, זאָנדערן יעדעס וואָרט איבער דער נאטור, האט מיך אזוי אָנגעצויגען, אז איך בין שוין נייגיעריג געווען צו זיין אויף זיין גוט.

אויף'ן לאנד צו לעבען, געהן אויף דער יאגד, איבער דיא גרינע פעלדער אונד בערג, צווישען דיא בוימער, איינאטהמען דיא הערליכע לופט, — דאס אלעס האט מיך בעגייסטערט. איך האב איינגעזעהן, אז דאָרט, אין דער שטילער אונד איינזאמער געגענד, וועט קיינער ניט זיין וואס זאָל מיך ארונטער פיהרען פון וועג, אונד דאָרט וועל איך קענען געהיילט ווערען גייסטיג אונד קערפערליך.

איך האב שוין פריהער איינמאל דאריבער געדענקט, אז איך זאָל אהיים פאָהרען, אָבער אונזער גוט איז געלעגען צו וויים פון מאָסקווא. דיעזע געלעגענהייט האט מיר אויסגעזעהן נאָך מעהר וויא געוואונשען.

איך האב פערשפראָכען אלעקסאנדער דימיטריעוויטש מיט איהם צו פאָהרען אויף זיין גוט, דעם אנדערן טאָג.

„דאס איז שעהן!“ האט ער אויסגערופען ערפרייט פון מיין ענטשלוס. „דוא וועסט אויך דערווייל בעקאנטשאפט מאכען מיט מיין פרוי. זיא אונד דיא קינדער, וועלען זיך זעהר פרייען דאריבער. איך האב א טאָכטער, טאָניא, וועלכע איז א וואונדערבאַרעס קינד. דוא וועסט ערשטוינט ווערען איבער איהר.“

---

2.

איך קען זאגען, אז זינט איך געדענק מיך זעלבסט, האב איך אויך געקענט אַלעקסאַנדער דימיטריעוויטש.

זיין נאמען איז געווען פערבונדען מיט פיעלע זיסע ערינערונגען פון מיין אונ-שולדיגער קינדהייט. איך האב מיך ערינערט ווען ער האט מיט מיר געשפּאסט אונד געשטיפט אלס קינד אונד די פערגאַנגענהייט האט מיך אָנגעפילט מיט פרייד אונד פערגניגען.

אַלעקסאַנדער דימיטריעוויטש איז געווען דער קוואַטער פון מיין אינגערער שוועסטער. אונד אַלעקסאַנדער דימיטריעוויטש איז זעהר אָפט געגאַנגען מיט מיין פאטער אויף דער יאגד, אונד צו נייא־יאהר, האט ער פאַר אונז אלע געבראַכט שעהנע פּרעזענטען.

אין מיינער פאַנטאַזיע איז געווען פערבונדען אַנגענעהמעס אונד שעהנעס מיט זיין נאמען. ער איז געווען כמעט אונזערער א שטוב־מענש. קיין קינדער האט ער ניט געהאט אונד זיין פרוי האבען מיר ניט געקענט. זיא האט געוואָהנט אירגענדוואו אין א ווייטער גובערניע פון זיד־רוסלאַנד, אונד ער האט קיינמאל איבער איהר ניט געשפּראָכען. מיר האבען אָבער אונטערדעסען געוואוסט, אז זיא איז אימער געווען קראַנק.

אין א טאג איז ערשיענען אַלעקסאַנדער דימיטריעוויטש אין אונזער הויז זעהר טרויעריג אונד בעטריבט. מיר זיינען אלע געווען דאריבער ערשטוינט, ווייל זיין נאַטירליכע מונטערקייט איז קיינמאל ניט געשטערט געוואָרען. מיר האבען גע־וואוסט, אז מיט אַלעקסאַנדער דימיטריעוויטש'עס ערשיינען, וועלען מיר האבען א וויטץ, א שפּאַס, אונד אלע וועלען לאַכען. אָבער אין דיעזען טאָג איז ער געווען אונגעוועהנליך שטילל.

מיר זיינען אלע געווען נייגיעריג צו וויסען וואס דאס בעדייטעט, אונד מיין מוטער האט איהם בעדרונגען מיט פראַגען ער זאָל אונז זאגען וואס עס האט פּאַסירט. ער האט אונז דערצעהלט, אז זיין פרוי איז געשטאָרבען אונד ער איז געבליעבען אליין אין דער וועלט. דאַן האבען אָנגעפאַנגען צו לויפען דיא טרערען פון זיינע גוטע אויגען אונד מיר האבען מיטגעוויינט.

איך קען מיך נאך גאַנץ גוט ערינערן אן יענער סצענע, ווייל מיר, דאס

הייסט דיא קינדער, זיינען געווען זעהר בעטריעבט דעם גאנצען טאָג אום אונזער פריינד דימיטריעוויטש.

נאכדעם האט ער אויפגעהערט אונז צו בעזוכען אזוי אָפט ויא פריהער, אָבער ער איז אונטערדעסען געבליעבען אונזער פריינד אונד מיר זיינע פריינד.

מיר, דאס הייסט דיא קינדער, האבען איהם גערופען „דוא," טראָטץ דעם וואס ער איז געווען א מאן אונד מיר בלויז קינדער. עס איז, וויא בעקאנט, אזא געוואָהנהייט אונטער קינדער ווען זייא קומען אָפט אין בעריהרונג מיט איין עלטערע פערזאָן, אונד ווען מיר זיינען אונטערגעוואקסען, האבען מיר זיך שוין ניט געקענט אָבגעוועהנען פון איהם רופען „דוא."

ווען איך בין אלט געוואָרען אכטצעהן יאָהר, עראינערט איך מיך, אז ער האט אונז בעזוכט, אונד איך האב איהם אנגעשפראָכען מיט „איהר." ער האט מיך גערופען „גרויסער נאר" דערפאר, אונד מיר געזאגט, ער וויל ניט איך זאָל איהם רופען אנדערש וויא „דוא." דאס איז אויך געווען דיא אורזאכע, ווען איך האב איהם בעגעגענט אין מאָסקווא, אונד איהם ניט געאירצט.

אלעקסאנדער דימיטריעוויטש איז געווען א מאן פון א יאָהר פופציג, ווען זיין ערשטע פרוי איז איהם געשטאָרבען. ער איז אלזאָ שוין ניט געווען קיין יונגער מאן, אָבער זיין געזונדהייט איז געווען בעסער וויא בייא פיעלע איינגערע מענשען. דערצו האט איהם זיין מונטערקייט צוגעגעבען איין אינטערעסאנטען יוגענד-נייסט.

ער איז געווען עטוואס פעט, מיט א בייבעל; זיין קאָפּ איז געווען בעדעקט מיט אייזען-גרויע האאר, אָבער זיין גאנג אונד אויפטריט, וויא אויך זיין פרישע פארב אין געזיכט, האבען איהם פאָרגעשטעלט אלס פיעל איינגער וויא ער איז געווען.

ווען ער איז געבליעבען איין אלמן, האט ער זיך צוריק געצויגען אויף זיין גוט אונד געפונען איין אנגענעהמע בעשעפטיגונג אין דער לאנד-ווירטהשאפט.

מיר האבען איהם א היבשע צייט ניט געזעהן אונד ניט געוואוסט גענוי וואס עס איז פון איהם געוואָרען. ער האט זיך אָבער אונטערדעסען בעקאנט געמאכט מיט א יונגעס מערכען, מיט דעם נאמען לודמילא איוואנאָוונא, אונד מיט איהר חתונה געהאט.

לודמילא איוואנאָוונא האט ניט געקענט זאגען גענוי ווער איהרע עלטערן זיינען געווען. אלעס וואס מען האט איבער איהר געוואוסט, איז אויך אלעקסאנדער

דימיטריעוויטש געווען בעקאנט. אלס קליינעס קינד איז לודמילא אויפגענומען געווארען פון איין אלטער גוטס־בעזיטצערין אין זיין נאכבארשאפט, אונד דארט איז זיא ערצויגען געווארען. אלס דיא אלטע פרוי איז געשטארבען, איז לודמילא איבערגעבליעבען אליין אויף דער וועלט, אהן א פאטער, אהן א מוטער אונד אפילו אהן בעקאנטע.

איך האב ערפאהרען, דאס ווען אלעקסאנדער דימיטריעוויטש האט מיט איהר געשלאסען בעקאנטשאפט, איז זיא געווען אזוי פערצווייפעלט, דאס זיא האט איינפאך ערקלערט, אז זיא וואלט זיך פערקויפט אפילו פאר א שקלאפין אבי צו האבען א היימאטה.

ווען אלעקסאנדער דימיטריעוויטש האט זיא געפרעגט אויב זיא וואלט מיט איהם געהייראטעט, איז זיא געווען אזוי איבערראשט פון גליק, אז זיא האט איהם געוואלט קושען דיא הענד אויס דאנקבארקייט. ער האט איהר אונטערדעסען נאכהער געגעבען געלעגענהייטען, זיא זאל דעם שידוך ניט אננעהמען. ער האט איהר געצייגט אנשטענדיגע פלעטצער, וואו זיא זאל קענען אנשטענדיג לעבען אונד הייראטהען א מאן פון איהרע יאהרען. אבער זיא האט פון קיין זאך געוואלט הערען. ער האט אלזא מיט איהר געהייראטעט.

צום ערשטען יאהר נאך דער חתונה, האט איהם זיין פרוי געבוירען א צווילינג. אלעקסאנדער דימיטריעוויטש איז געווען האלב ת׳אהנזיניג פון גליק. ער האט געלאכט, געטאנצט אונד ניט געהאט גענוג ווערטער וויא אויסצודריקען זיין פרייד. דאן האט זיא געבוירען נאך א קינד.

ווען איך האב בעגעגענט אלעקסאנדער דימיטריעוויטש אין מאסקווא, איז עס שוין געווען היבשע עטליכע יאהר זייט איך האב איהם ניט געזעהן. איך האב נאטירליך געקענט רעכענען איהם צו זעהן געעלטערט. אבער איך האב געהאט א טעות. ער האט פאזיטיוו אויסגעזעהן אינגער, וואס עס אנבעלאנגט זיין מונטערקייט, האט ער פארגעשטעלט א שטיפענדען 10-יעהריגען אינגעל.

ער איז געווען גלאט אבגעראזירט אויף זיין געזיכט, געטראגען דיקע וואנצעס אונד פון זיינע אויגען האט ארויס געשיינט גליק אונד צופריעדענהייט.

מיט צווייא טעג שפעטער נאך אונזער בעגעגנונג, זיינען מיר געווען אויף זיין גוט, וועלכעס איז געלעגען אין א ווינקעל־געגענד, וויא פערשטופט אין שטילען שויס דער נאטור.

איך בין זאפארט בעגייסטערט געווארען מיט דער טרוימערישער אונד פאעטישער שטילקייט אויף׳ן לאנד.

איך האב נעהאט צווייא מאָנאט צייט דאָרט צו פערברענגען, אונד ער־בליקענדיג דיא הערליכע נאַטור, האט מיר באנג געטהאָן וואס איך וועל דאָרט נים קענען פערבלייבען מעהר.

יעדענפאַלס האב איך בעשלאָסען איינצואטהמען אזוי פיעל פרישע לופט, וויא מיינע שוואכע לונגען וועלען נאָר קענען אריין נעהמען.

עס איז געוועזען צום ענדע מאָנאט אָקטאָבער. דאס וועטער איז געוועזען רוהיג אונד זעהר שעהן. אַלעס האט אויסגעזעהן זיך צו באָדען אין ליכט פון דיא זונען־שטראהלען. דיא גרינע פעלדער, דיא געלבע וועלדער. דער בלויער הימעל, דער קלארער טייכעלע, דיא געבלומטע לאָנקעס — אַלעס האט אויסגעזעהן הערליך!

וויא מיר זיינען אריין אין זיין זויבערעס איינשטאָקיגעס הויז, איז אונז זיין גאַנצע פאַמיליע ענטקעגען געקומען. יעדעס געזיכט האט געשטראהלט מיט פרייד.

פון דעם עמפפאַנג אונד פון דעם געשרייא אונד אונבעשרייבליכע פרייד פון דיא קינדער, האב איך פערשטאַנען וואס פאר א פאטער ער איז.

אַלעקסאַנדער דימיטריעוויטש האט מיך פאָרגעשטעלט פאר זיין פרוי. זיא האט מיר אויסגעזעהן זעהר שעהן.

„דאָ שטעל איך דיר פאָר,“ האט ער געזאגט צו זיין פרוי וויזענדיג אויף מיר, „דעם זוהן פון סעמען פעטראָוויטש, פון וועלכען איך האב דיר שוין אזוי פיעל מאל דערצעהלט. ער וויל זיך בייא אונז ערהאָלען. מיר וועלען אַלזאָ דארפען איהם גוט פפלעגען, איהם שיקען אויף דער יאגד, אונד איהם אזוי לאנג האלטען בייא אונז, ביז זיין געזונד אונד מונטערקייט, וועלען צוריק קעהרען.“

„עס פרייט מיך זעהר, עס פרייט מיך זעהר,“ האט געזאגט לודמילא איוואנאָוונא.

זיא האט מיר דאָן געגעבען איהר האנד, אונד איך האב בעמערקט וויא איהר געזיכט איז אביסעל רויט געוואָרען.

עס האט ניט פיעל געדויערט אונד מיין אויפמערקזאמקייט איז צוגעצויגען געוואָרען צו איהר בענעהמונג. איהר שפּראכע איז געוועזען גראָב, אָדער, אום זיך אנדערש אויסצודריקען, אונגעשליפען, וויא בייא דיענסט־מיידלעך.

איך האב אפילו געוואוסט אז אלעקסאַנדער דימיטריעוויטש קומט אויך נים אוים דיא הויכער אריסטאָקראַטיע, אָבער דאָך האט ער געוואוסט וויא זיך צו

בענעהמען, אונד פֿון זיין פֿרוי האב איך ניט ערוואַרטעט אזא אונטערטהעניגען דיענער־טאָן.

מען האט מיר גלייך אָנגעצייגט א קליינעס בעזונדערעס צימער, וואס איז געוועזן נעבען אַלעקסאַנדער דימיטריעוויטש׳עס ארבייטס־צימער. איך בין אויך באלד בעזאָרגט געוואָרען מיט יעדער קלייניגקייט.

איך האב מיך, פֿון דער ערשטער מינוט אָן, געפֿיהלט זעהר בעקוועם, אונד, זייענד אין אַלעקסאַנדער דימיטריעוויטש׳עס געזעלשאַפֿט, הערענדיג זיין מונטערע שטימע, האט זיך מיר געדאַכט, אז מיין מרה־שחורה פֿערשווינדעט מיט די אויגען קוקענדיג.

איך האב געשפּירט, אז דאָרט איז דער פּלאַטץ, וואו איך וועל קענען צוריק קריעגען געזונדהייט, אונד מיין ערהאָלונג מוז קומען.

עפּעס א מערקווירדיגעס געפֿיהל פֿון זיסער רוהע האט זיך פֿערברייטעט פֿון מיין הערץ איבער מיין גאַנצען קערפּער, אונד, ווען איך בין געבליעבען אליין, האב איך געוואָלט וויינען פֿאר גליק

## 3.

די נאַטור! הערליך איז דאס ווערק פֿון דער שעפּפֿונג אונד ערהאבען איז דאס לעבען אונטער די נאַטירליכע אונד ניט געקינסטעלטע אומשטענדען.

די לופֿט פֿון די פֿעלדער, די ריינע זונענשטראַהלען, דאס שפּיעלען פֿון די פֿייגעלעך אויף די פֿרייע בוימער אונד דאס מורמלען פֿון דעם טייכעלע נעבען שטילען וואלד — דאס איז וואס ציהט אונז אָן מיט נאַטירליכקייט, ריינהייט אונד וואהרעס פֿערגניעגען.

נאך א לעבען פֿון געשטיקטער שטאָדט־לופֿט, פֿון זאַלאָנען־געררויש אונד געפּודערטע חוה׳ס טעכטער, האב איך מיך פֿלוצלינג וויעדער געפֿונען אין גאָט׳ס פֿרייער נאַטור וואו יעדע איינאַטהמונג שטאַרקט דעם קערפּער, לייטערט די געדאַנקען אונד מונטערט אויף דעם גייסט.

איך בין געצוואונגען געוועזן אָנצופאַנגען א רעגעלמעסיגעס אונד געזונדעס לעבען.

ווי איך האב נאָר אויסגעטרונקען מיין גלאז טהעע גאַנץ פֿריה, האב איך ארויף געלעגט די ביקס אויף די אַקסלען, אונד אין דער בעגלייטונג פֿון דעם

הנה, בין איך אוועק אויף דער יאַנד פון פוינלען, וועלכע זיינען געווען אין גרייסע מאַסען אין יענער געגענד.

א גן־עדן געריך פון בלומען אונד גראָז איז צופאַכט געוואָרען פון א לייכטע ווינטעלע, אונד איך האב מיך געשפּירט אזוי גליקליך, אז מיר האט זיך געדאַכט, דאס מיין הארץ ווערט פּעט אונד דיק.

אויפהויבענדיג מיינע אויגען צום טיעף־בלויען הימעל, האב איך פערגעסען אן דער פערדאָרבענהייט פון דער וועלט אונד איך האב מיך פערלוירען אין זיסע טרוימערייען פון וואהרעס גליק.

דאן האב איך בעמערקט בויערן געהען צו דער אַרבייט; זייערע מונטערע שטימען האבען אָבגעקלונגען אין נאַטור'ס הערליכער לופט, אונד איך האב מיר געטראַכט, אז דא מענשען וואס לעבען ניט מיט דער נאַטור, וויסען ניט דיא וואהרע בעדייטונג פון לעבען.

אום דרייא אוהר נאָכמיטאג, האב איך צוריק געקעהרט אהיים, גליקליך, צופריעדען אונד געשטאַרקט.

איך האב דאן פערבראַכט דעם גאַנצען נאָכמיטאג אין דער געזעלשאַפט פון אַלעקסאַנדער דימיטריעוויטש אונד זיין פאַמיליע.

וויא עס איז נאַכט געוואָרען, זיינען מיר ארויס געגאַנגען צוזאַמען שפּאַצירען אויף דעם גרינעם גראָז, אונד אַלעקסאַנדער דימיטריעוויטש האט מיר געציינט מיט פערגניגען דיא געביידען, שפּייכלער אונד פערשיעדענע שטאַלען וואס האבען בע־לאַנגט צו זיין גוט. דאן האבען מיר צוריק געקעהרט אין הויז, אונד מיר האבען פערבראַכט דיא צייט אין שפּייזע צימער.

מיר האבען גערעדט איבער אַלעס מעגליכע וואס איז אונז געקומען אויף דיא געדאַנקען.

מיין אונמוטה איז געווען פערשוואונדען, מיין אונגעדולד האט מיך פערלאָזען, אונד איך האב געקענט הערען עטוועדער וויא איין אנדערער לעזט עפּעס, אָדער איך זעלבסט האב געלעזען פיר דיא איבריגע. אמאל האב איך געשפּיעלט שאך מיט אַלעקסאַנדער דימיטריעוויטש'ן, אונד איך האב בעגריפען, אז דיא שוואכזיניג־קייט איז אוועק אונד דער אַלטער שארפזינן האט צוריק געקעהרט.

לודמילא איוואַנאָוונא פלעגט אונטערדעסען עגטוועדער זיטצען ביים טיש, אָדער שפּיעלען קלאַוויר אונד צו זינגען האלב־הויכע ראָמאַנצען.

צייטענווייז האב איך זיא בעגלייטעט ביים געזאַנג, ווייל איך האב ניט גע־האַט קיין שלעכטע שטימע.

בייא אזא צייט, האבען זיך דיא קינדער צוריק געצויגען מיט דוניאשא'ן, דאס קאמער־מעדכען, אין זייער צימער. דאן האבען זייא צוריק געקעהרט צום אבענד־עסען.

דיא עלטערע קינדער, א צווילינג, א מיידעל מיט א אינגעל, ביידע בלאס אונד מאגער, זיינען געווען זעהר עהנליך צו זייער מוטער, אונד פאר־עשטעלט טרויעריגע אונד אונאנגענעהמע געזיכטער. דאס אינגסטע קינד, א מיידעלע וואס האט געהייסען טאניא, איז אלט געווע, בלויז 3 יאהר. זיא איז געווען א קאנ־טראסט צו דיא עלטערע קינדער, אונד האט ארויס גערופען איין ערשטוינען אונד בעוואונדערונג מיט איהר פייערדיגע שפראך אונד מונטערקייט. אלעקסאנדער דימיטריעוויטש, האט געליעבט טאניא'ן, ליידענשאפטליך.

ער פלעגט זיא נעהמען אויף דיא הענד, מיט איהר שטיפען, שפיעלען אונד זיך אונטערהאלטען. מיט דיא אנדערע קינדער ווידער, האט ער זיך זעהר וועניג אבגעגעבען.

טאניא האט נים נאר ארויסגעזעהן עהנליך צו איהר פאטער, זאנדערן זיא האט איהם אויך געליעבט מעהר וויא דיא אנדערע קינדער. זיא פלעג איהם אומ־ארמען, גלעטען אונד קושען.

„יעטצט, טאניא,“ פלעגט אלעקסאנדער דימיטריעוויטש צו איהר זאגען, „לאמיר זעהן אויב דוא קענסט מיך כאפען.“ — בייא דיזע ווערטער האט ער אנ־געהויבען צו לויפען איבער דעם צימער.

„באלד, באלד,“ האט טאניא געענטפערט שנעל, אונד אנשטאט נאכצויאגען איהר פאטער, איז זיא לאבענדיג אליין ענטלאפען.

„אזוי נאר, דוא ענטלויפסט?“

„דוא קענסט מיך נים כאפען, ניין, ניין, דוא קענסט נים,“ האט טאניא גע־ענטפערט, אונד לויפענדיג ארום טיש, האט זיא געפאטשט מיט דיא הענטלעך אונד געשפרונגען וויא א יונג ציגעלע.

„אך, דוא קליין מיידעלע!“ פלעגט אלעקסאנדער דימיטריעוויטש אויסשרייען, זיך אומווענדען, נאכלויפען טאניא'ן, זיא כאפען, נעהמען אויף דיא הענד אונד איהר אויסקושען יעדעס גליעד.

„פאפא, פאפעלע, טאטע, טאטעלע!“ האט טאניא געשריען עטליכע מאל מיט איהר זיסע שטימע אונד אויסשטרעקענדיג איהרע הענטעלעך, האט זיא אומ־ארמט דעם פאטער אונד נאך אמאל געשריען לאבענדיג: „טאטעלע, טאטעלע!“

מאניא איז געוועזען א רייצענדעס, שעהנעס אונד זעהר ליעבעס קינד. איהר קלינגענדע שטימע האט אויסגעזעהן אנצופיללען דאס הויז מיט דער אנגענעהמסטער מוזיק; איהרע שווארצע אויגעלעך, האבען געפינקעלט מיט מונטערקייט אונד גליק; איהרע געקרייזעלטע האאר אונד צארטעס קערפער'ל, האבען אויך מיך ענטציקט.

יעדע בעוועגונג פון איהר, איז געוועזען ליעבליך, אונד אירגענד יעמאנד האט זיא געמוזט ליעבען.

זיא האט זיך אויך שנעל צוגעוואהנט צו מיר, אונד איך האב זיא געקענט נעהמען אויף דיא הענד, זיך שפיעלען מיט איהר אונד פערברענגען דיא צייט אין איהר מונטערער אונד אונשולדיג גליקליכער געזעלשאפט, גראדע אזוי גוט וויא אנדערע בעקאנטע.

דאס גרעסטע פערגניעגען האב איך געשפירט, ווען איך האב זיא געהערט רופען איהר פאטער.

„פאפא, פאפעלע! טאטע, טאטעלע!" וויא שעהן, וויא הערליך אונד זיא געטטליך דאס האט געקלונגען. קען אירגענד איין אינסטרומענט אין דער וועלט ארויס ברענגען אזעלכע טענער? ניין, אונמעגליך! אונד וויא גליקליך דער פאטער האט זיך בעדארפט שפירען דערבייא!

ווען ער איז געוועזען אין צימער, האט זיא זיך אימער געפונען נאהר נעבען איהם, אונד איהר קליינעס אבער פעטעס הענטעל, האט אימער געגלעט זיינע באקען אונד איהרע ליפעלעך האבען געמורמעלט: „טאטע, טאטעלע!"

„פאפעלע!" נאך קלינגט אין מיינע אויערן דיעזעס געטטליכע זיסע ווארט.

ווען טאניא איז ניט געוועזען אין צימער, האט עס אויסגעזעהן, אז עס פעהלט עפעס; אונד ווען איהר שטימע האט זיך ניט געהערט, האט מען געקענט זיכער וויסען, אז זיא שלאפט.

אלעקסאנדער דימיטריעוויטש האט אויסגעזעהן זעהר גליקליך. נאכדעם ער האט אבגעלעבט פיעלע יאהרען מיט א קראנקער אונד קינדערלאזער פרוי, האט ער זיך פּלוצלינג געזעהן אומרינגט מיט א געזונדער אונד גליקליכער פאמיליע. ער האט געפיהלט אזוי פיעל גליס, פון וועלכען ער האט פריהער אפילו ניט געד חלום'ט.

זיין צוזיקונג האט ער אויך זעהר געליעבט.

מאנכע מאל, וועהרענד מיר פלעגען זיטצען ביים טיש, האב איך איהם געזעהען צוגעהן צו דיא עלטערע צווייא קינדער, זייא אומארמען אונד קושען (זייא זיינען אימער געזעסען איינס נעבען דאס אנדערע) אונד צו זייא גערעדט ליעבענדע ווערטער.

אמאל האב איך איהם געהערט זאגען, אין א שמערצהאפטען טאָן, אז ער איז זעהר בעטריעבט דאריבער, וואס זיינע עלטערע קינדער זיינען ניט אזוי פרעהליך אונד מונטער וויא טאניא.

„פרעהליכקייט אונד מונטערקייט אין א קינד," האט אלעקסאנדער דימיטריעוויטש בעמערקט, „איז א סימן פון פאָלקאָמענער געזונדהייט אין גייסט אונד קערפער. אָבער אלעס וועט נאך גוט ווערען — יא, עס מוז גוט ווערען, ווייל איך בין אזוי גליקליך!"

דיא צווייא עלטערע קינדער פלעגען בייא אזא סצענע אנפאנגען צו שמייכלען אונד זיך צורוקען וויא דערשראָקענע שעפעלעך צוזאמען.

מעהר פון אלעס אין דער וועלט, האט אלעקסאנדער דימיטריעוויטש געליעבט זיין פרוי.

איך האב עס דאן צום ערשטען מאל בייגעוואָהנט, וויא עס איז מעגליך א מענש זאָל פערגעטערן א צווייטען מענשען. ער איז אימשטאנדע געוועזען צו פאלען פאר איהר אויף דיא קניעס אונד בעטען וויא צו א גאָט. אונד פיעללייכט האט ער עס אויך געטהאָן, ווען איך האב ניט געזעהן.

עס איז געוועזען א מערקווירדיגע אונד אונבעשרייבליכע ליעבע. זאָגאר דער פלאטץ וואו זיא איז געזעסען, איז בייא איהם געוועזען טהייער אונד ליעב.

אזא ליעבע, זעלבסטפערשטענדליך, איז אימשטאנדע צו פערשטעקען דיא אויגען פון אירגענד א מענשען אונד איבערהויפט אזא עהרליכען מאן וויא אלעקסאנדער דימיטריעוויטש איז געוועזען.

ער האט ניט נאָר ניט געזעהען איהרע פעהלער, זאָנדערן ער האט נאָר ניט געוואגט צו דענקען, אז עס איז מעגליך זיא זאָל האבען פעהלער.

אין זיינע אויגען איז זיא געוועזען א מלאך'טע, א געטטין, דיא פאָלקאָמענהייט זעלבסט.

איך קען מיך עראינערן וויא איך האב דאמאלס געשטוינט איבער אזא ברענענדער ליעבע. איך וואָלט עס מיר גאר קיינמאל ניט פאָרגעשטעלט, אז דיא ליעבע קען האבען אזא מאכט, ביז איך וואָלט עס ניט אליין בייגעוואָהנט.

ער האט געשטודירט יעדען פון איהרע שריטע, ניט צום קריטיקירען, דאס איז איהם אפילו ניט איינגעפאלען, אבער ער האט מורא געהט טאמער טרעט זיא ארויף אויף עפעס וואס וועט איהר פעראורזאכען אונאנגענעהמעס. ער האט געבליקט מיט שרעקען אויף איהר געזיכט, ווען איהם האט זיך געדאכט, אז זיא איז בעזארגט.

יעדען פריה־מארגען פלעגט ער איהר זאגען אתגעפסהר פאלגענדע ווערטער:

„גיעה אפיסעל שפאצירען, מיין טייבעלע, דאס וועטער איז אזוי שעהן אונד הערליך — גיעה, גיעה, מיין ליעבע, זאנסט וועסטו וויעדער ניט קענען שלאפען."

צו טיש:

„עסס ניט קיין זויערקרויט, מיין טהייערע, איך האב מורא... געכטען האסטו דיך בעקלאגט, אז דוא פיהלסט ניט גוט."

אבענד:

דוא ביזט היינט אזוי בלאס, קינד; גיעה שלאפען, גיעה איך בעט דיך, טהו מיר צוליעב, דוא ביסט מיעד."

ווען אלעקסאנדער דימיטריעוויטש האט געזאגט דיעזע צערטליכע ווערטער, האט לודמילא'ס שטערען זיך אימער פערקנייטשט אונד זיא האט געשוויעגען.

איך האב עס בעמערקט גאנץ גוט, נאר אלעקסאנדער האט גאר ניט געזעהען. ער האט ניט בעגריפען, אז זיין אויסערארענטליכע ליעבע קען זיין פרוי אמאל בעלעסטיגען.

ווען זיא האט געשפיעלט פיאנא אונד געזונגען, איז ער אימער ווילד געווארען פון בעגייסטערונג אונד ערשטוינען. ער פלעגט מיך אויפמערקזאם מאכען אויף דער ריינהייט פון איהר שטימע, אויף דיא קונסטפאלע בעוועגונגען פון איהרע פינגער, אונד אום איהם צו מאכען פערגניעגען, האב איך געמוזט איינשטימען. איבעריגענס, האט זיא ווירקליך ניט שלעכט געזונגען.

„זינג דיעזעס ליעד, מיין טהייערע," האט ער צו איהר געזאגט יעדען אבענד. „עס איז מיין ליעבלינגס ראמאנצע — איך בעט דיך, זינג: „מיין ליעבער ענגעל אומארמע מיך." עס איז דאך אזוי הערליך אונד ערהאבען!"

אונד לודמילא האט אנגעפאנגען צו זינגען איהר מאנ'ס ליעבלינגס־ראמאנצע.

„הער נאָר חער,“ האט ער צו מיר געזאגט אונד זיינע אויגען האבען געשטראהלט מיט פערגניגען. „וויא נעטטלך! וויא געפיהלפאָל אונד וויא ער האבען זיא זינגט!“

יא, זיא האט ניט שלעכט געזונגען, אָבער פון נעטטליך אונד ערהאבען, איז עס נאך זעהר וויט געווען. אלעקסאנדער דימיטריעוויטש, וויא איך האב שוין בעמערקט, האט אָבער קיין פעהלער געקענט געפינען אין זיין פרוי.

„אך, פריינד,“ האט ער דאן געזאגט אימער אויפגערעגטער מיט פערגניגען, „ווען דוא זאָלסט נאָר וויסען, בעגרייפען אונד פערשטעהן וויא גוט, וויא רייצענד אונד טאלענטפאָל מיין פרוי איז! זאג מיר דעם אמת, איז מיין לודמילא ניט א בעריהמטע שעהנהייט?“

לודמילא איז ניט געווען מיאוס, אָבער אלס א שעהנהייט איז מיר אונמעגליך געווען איך זאָל זיא אנערקענען. וואס עס אנבעלאנגט גוטסקייט, רייץ אונד טאלענט, האב איך אין איהר ניט געקענט ענטדעקען.

איך האב מיך בעמיהט צו זעהן אין מיין פריינד'ס פרוי דאס זעלבע וואס איהר מאן האט געזעהן, אָבער מיט מיין בעסטען ווילען, איז עס מיר ניט מעגליך געווען.

זיינע ריהמערייען אונד ליב־געזאנגען, האבען מיין אויפמערקזאמקייט צוגעצויגען, איך זאָל זיא מעהר שטודירען. וואס מעהר איך האב אויף איהר געקוקט אונד וואס מעהר איך האב מיך צוגעהערט, האט זיך מיר אלץ געדאכט, אז איך זעה אין איהר דיא נאטור פון א קאטץ.

זיא איז געווען פון מיטעלמעסיגער וואוקס אונד פעט אָבער ניט דיק. פון דעם ערשטען בליק האט זיא פאָרגעשטעלט א פראווינציאלער פון רייץ אונד לוסט. מיין אלטע אונד טיכטיגע ערפאהרונג אונטער פערשיעדענע פרויען, האט מיך אין דיעזער בעציהונג ניט גענארט. איהר בוזים איז געווען פול אונד שטארק ענטוויקעלט.

דיא אויגען האבען געהאט א מערקווירדיגען קאָליר — בלוי אונד גרינליך. דייא האבען אויף מיר געמאכט א דאָפעלען איינדרוק. זייא האבען מיך דערמאָהנט אן א קאטץ אונד אויך אן א שלאנג וואס איך האב געזעהן דעם ערשטען טאג אויף דער יאגד אין וואלד. דאן איז אין דיעזע אויגען געלעגען א צווייזייטיגער אויסדרוק פון ביטרע אונד בעזקייט. איהרע אויגען האבען מיך שטארק פעראינטערעסירט אונד איך האב געוואָלט, דורך דיעזע זעעלענפענסטער — וויא מאנכע

דיכטער רופען זייא — אריין קוקען אין איהר זעעלע אונד בעגרייפען וואס פאר א מין פראָוינציעלער זיא איז, אָבער עס איז מיר געוועזן אונמעגליך. דער אונזיכערער בליק האט געצייגט אויף אונפערשטענדליכקייט.

איהר קאָפּ איז געוועזן בעוואַקסען מיט געדיכטע שעהנע רויטע האאר, פער־פלאָכטען אין לאַנגע צעפּ, וועלכע זיינען אריבער געהאַנגען איבער איהרע שולטער.

זיא האט במעט אימער געטראַגען לויזע שווארצע קליידער, אין וועלכע זיא האט זיך בעוואויגען מיט דער געראַכלאָזיגקייט אונד לייכטהייט פון א קאַטץ.

ווען זיא האט מיט יעמאנדען גערעדט פריינדליך, איז עס אונמעגליך געוועזן צו ערראַטהען אויב זיא מיינט עס ערנסט אָדער ניט. אין דיעזער בעציהונג איז עס ניט געוועזן קיין אונטערשיעד אויב זיא האט גערעדט מיט מיר, מיט איהר מאַן, מיט דער דיענסט אָדער מיט איהרע קינדער. עס איז געוועזן זעהר שווער צו אורטהיילען אויב זיא קען זיין א גוטע פריינדין, א גוטע פרוי, א גוטע ווירטהין אָדער א גוטע מוטער.

איבערהויפּט האט זיך מיר פון אנפאַנג געשטעלט דיא פראַגע, אויב זיא קען זיין א גוטע פרוי. איך האב אין איהר בעמערקט דאס אונפערשטענדליכע וואס איין ערפאַהרענער מאַן זעהט אין א פראָוינציעלער, בעגרייפט אָבער ער קען עס ניט ערקלערען. איך האב מיך אויך בעמיהט אויסצוגעפינען אויב זיא איז א ליעבענדע מוטער; נאָר דאס איז אויך פאר מיר געבליעבען א געהיימניס.

זיא איז אַלט געוועזן 24 יאָהר, אונד האט קיין בעזונדערע בילדונג גענאָסען. אַלעס וואס זיא האט געוואוסט אונד פערשטאַנען, האט געשטאַמט פון איינער מאַ־נאַט אונטערריכט אין איין פענסיאָן וואוהין אלעקסאַנדער דימיטריעוויטש האט זיא געשיקט פאר דער חתונה.

פון דער ערציהונג בייא דער אלטער גוטס־בעזיטצערין, האט זיא גענאָסען דעם אונטערריכט וויא צו דערקענען גוטע שוועמלעך אויפ'ן פעלד אונד האָדעווען עופות.

אָבער דאס אַלעס האט לודמילאַ'ן ניט געשטערט צו מיינען, אז זיא איז שרעקליך געבילדעט אונד געוואַלטיג ערפאַהרען אין וועלטס־זאַכען.

זיא האט אימער געזוכט צו בעווייזען, אז זיא ווייס זעהר פיעל איבער פעטער דעם גרויסען, איבער קייזערין קאַטהערינאַ, איבער דער ניהיליסטישער בעוועגונג

אונד, איבערהויפט, האט זיא געוואָלט בעהויפטען, אז זיא בעלאנגט צו דער הויכער אינטעליגענץ. זיא האט אויך געקענט גאנץ אליין זאגען וואו שווערען אונד נאַר־וועגען ליעגען; אונד וואס עס אנבעלאנגט צו מוזיק, האט זיא געקענט אַנרופען א סך ווערטער, אָבער זיא האט קיין אהנונג געהאט פון זייער בעדייטונג.

אלעקסאנדער דימיטריעוויטש וויעדער, וועלכער איז ניט געוועז קיין נאר אונד אויך בעזעסען בילדונג אונד ערפאהרונג, האט זיך ענטוועדער ניט בעקימערט אום איהרע פוסטע בעריהמערייען, אָדער יעדע נארישקייט וואס זיא האט ארויס גע־בראכט, האט בייא איהם אויסגעזעהן א חכמה.

מיר האט עס זעהר לייד געטהאָן אום איהם. איך האב מיר געטראכט, אז ער האט עטוואס בעסערער פערדיענט, אונד אזא פרוי איז פאַר איהם זעהר אונ־פאסענד.

איך האב ניט געצווייפעלט, אז אלעקסאנדער דימיטריעוויטש, אָבוואָהל שוין איין עלטערער מענש, האט זיך געקענט אויסקלייבען א פאסענדערע פרוי. ער האט ניט נאַר בעזעסען רייכטהום אונד בילדונג, זאָנדערן זיין יוגענדליכעס אויסזעהן, האט איהם געגעבען גראדע אזוי פיעל רעכט צו איין אנשטענדיגער אונד גוטער פרוי, וויא אירגענד א מאן.

מאנכע מאל האב איך איהם געוואָלט עפּעס אויפמערקזאם מאכען אונד מעהרערע מאל בין איך שוין געוועזן מיט דיא ווערטער אין מויל עפעס צו זאגען, אָבער איך האב מיך צוריק געהאלטען. איך האב עס ניט געקענט טהון, זעהענדיג וויא גליק־ליך ער איז מיט איהר.

„איבעריגענס,“ האב איך מיר געטראכט, „דער געשמאק בייא מענשען איז פערשיעדען. וואס מיר געפעלט, מוז ניט געפעלען איין אנדערן, אונד וואס איין אנדערן געפעלט מוז ניט מיר געפעלען. עס איז מעגליך, אז אזא פרוי וואס איך וואָלט געליעבט, וואָלט אלעקסאנדער'ן ניט אינטערעסירט. ווארום? דארוף זיינען מיר מענשען אונד מיר מוזען זיך בייגען צום ווילען דער נאטור. אונד ווארום זאָל לודמילא ניט זיין קיין פאסענדע פרוי פיר אלעקסאנדער'ן? אה, איך בין אָבגעלעבט, אָבגעשמאקט פון דער וועלט, אונד איך געפין דאָרט פעהלער וואו עס זיינען אין דער וואהרהייט דאָ מעלות. איז דען דאס שוין אלעס אין א פרויענצימער יוען זיא קען דעבאטירען איבער פילאָזאָפיע, געשיכטע אונד געזעלשאפטליכע לעהרען? ניין, ניין! וויא האבען אונזערע עלטערן אונד עלטערן'ס עלטערן גע־לעבט? זייא האבען געהאט איינפאכע, גוטע אונד ניט איבערגעשפיצטע פרויען אונד אלעס איז געוועזן גוט. ווען קימערט דאס וואס לודמילא האט ליעב אביסעל

אַז פלוידערן? האט דען אלעקסאנדער דימיטריעוויטש קיין פערגניגען ווען טאניא פלוידערט? לודמילא איז אויך איינגערעכענט ביי איהם פאר א קינד. עס איז בעסער איך זאָל שווייגען, ניט זוכען אין יענעם קיין פעהלער, ווייל איך אליין בין פול פעהלער. מיין גייסט איז שוואך, מיין קערפער אונד געהירן קראנק, אונד איך ווייס ניט וואס גוט איז."

אָט אזעלכע געדאנקען האבען זיך אין מיר דורכגעוואָרפען אין דער ערשטער צייט, ווערענד איך האב געזוכט צו ערגרינדען דיא אורזאכע פון אלעקסאנדער דימיטריעוויטש עס גליק.

אז ער איז געוועזן גליקליך, דאריבער האב איך ניט געצווייפעלט. נאך מעהר, ער איז געוועזן אזוי גליקליך, אז מיר האט זיך געדאכט, דאס ער וועט זיך ניט בייטען אויף זיין גליק מיט דעם גליק פון דער גאנצער וועלט.

איך האב בעגריפען, אז דאס הייסט פאמיליען-גליק אונד איך האב איהם מקנא געווען. איך האב איהם ניט מקנא געווען דערפאר ווייל איך האב איהם ניט פערגונען, אין געגענטהייל, איך בין איהם געווען א פריינד פון מיין טיעפסטען הערצען, נאר איך האב געוואונשען אויך אמאל אזוי גליקליך צו זיין.

איך האב מיר געטראכט, אז דאס לעבען, דאס וואהרע לעבען, בעשטעהט אין פאמיליען גליק. אין דער ריינהייט פון פאמיליען-ליעבע אונד טרייהייט. איך האב נאך אמאל אנגעפאנגען אויפצומישען מיין פערגאנגענהייט אונד געפונען א תוהו ובוהו פון לומפערייא, געמיינהייט, פערדאָרבענהייט אונד שמוטץ.

„ניין, ניין!" האב איך צו מיר אליין אויסגעשריען, „ניט דאָרט ליעגט דאס גליק פון מענשליכען לעבען; ניט דאָרט קען מען געפינען רוה אין קערפער אונד גייסט, זאָנדערן אין זיין הויז, צווישען זיינע קינדער, נעבען זיין פרוי"...

א פרוי! יא, א גוטע, ריינע אונד זויבערע פרוי, איז דיא קרוין פון א מאן'ס גליק. אָבער וואו נעהמט מען אזא פרוי?

וואס וועל איך טהון ווען איך זאָל אָנטרעפען אזא פרוי וויא לוד-מילא איז?

דיעזער געדאנק האט מיך בערוישט. איך האב ניט געקענט ארויס קריכען צו א דייטליכער ערקלערונג.

„וואס איז א פרוי?" האב איך מיך געפרעגט. „איז זיא א קאָמפאניאָן אין לעבען, אָדער"...

אָדער וואס? מיין געהירן האט אָנגעפאנגען צו רוישען.

„א קאַמפּאַניאָן אין לעבען?“ איז געווען דיא נעכסטע פראַגע. „ניין, א פרוי איז ניט קיין קאַמפּאַניאָן אין לעבען. אלעקסאַנדער דימיטריעוויטש בעווייזט עס מיר, אז דאס איז ניט דער פאַל. אלעקסאַנדער דימיטריעוויטש, דער ערפאַהרענער אונד געבילדעטער מאַן, קען זיך ניט אינטערעסירען מיט לודמילא׳ס נאַרישקייטען, ווען זיא וואָלט געווען זיין קאַמפּאַניאָן! איהרע נאַרישקייטען אינטערעסירען איהם נאָר דערפאַר, ווייל זיא איז ניט גלייך צו איהם אין גייסטיגער ענטוויקלונג. ער בעטראַכט זיא אלס א קינד, אלס... ניין, ניין, ניט אלס א קינד. צו א קינד האט מען אנדערע געפיהלע אונד אנדערע נייגונגען פיהרען אונז מיר זאָלען זיך אינטערעסירען מיט א קינד׳ס פּוידערייען. לודמילא איז אלזאָ ניט אלעקסאַנדער׳ס קאַמפּאַניאָן אונד אויך ניט זיין קינד. זיא איז זיין פרוי! אונד דאָ ליגט דער הונד בעגראָבען!

„זיין פרוי, יא, אונד דערפאַר האט ער זיא אזוי ליעב אונד זיא אינטערעסירט איהם. לודמילא איז יונג, געזונד, שטאַרק אונד אנציהענד. זיא האט אין זיך אלעס וואס א פרויענצימער דאַרף בעזיטצען, אום א מאַן אנצוציהען, אונד דערפאַר ליעבט זיא אלעקסאַנדער דימיטריעוויטש! דאָ ליעגט דאס געהיימניס!

„עס איז אויך קיין ראיה ניט, אויב זיא קען מיך אָדער איין אנדערן אינטערעסירען; איבער אלעקסאַנדער דימיטריעוויטש האט זיא א מאַגנעטישע קראַפט, אונד ער ליעבט זיא!

„א קאַמפּאַניאָן ליעבען מיר אנדערש, א קינד ליעבען מיר אנדערש אונד א פרוי ליעבען מיר אנדערש. א קאַמפּאַניאָן ליעבען מיר פאַר זיין גייסט, א קינד פאַר זיין אונשולד אונד א פרוי? — פאַר איהר קערפּער!“

איך בין געקומען צו דיעזען רעזולטאַט, בשעת איך בין ארום געגאַנגען אויף דיא פעלדער נאַכדענקענדיג אונד נאַכקלערענדיג.

„אונד ווארום ליעבט אלעקסאַנדער לודמילא׳ן?“ האב איך מיך געפרעגט דער ענטפער איז געווען:

„זיא איז איין אנציהענדעס פרויענצימער!“

איין אנציהענדעס פרויענצימער? דיעזער געדאַנק האט מיך אָבגעשטעלט אונד איך האב אָנגעפאַנגען צוריק צו קעהרען צו דיא פאַנטאַזיען איבער פרויען. איך האב נעטראַכט, נעדענקט אונד בין אויפגערעגט געוואָרען.

דאַן האב איך געהערט א שטימע אין מיר אויסרופען:

„לומפּ! זיא איז דיין פריינד׳ס פרוי!“

## 4.

איינינע טעג זיינען שוין פאָראיבער, זייט איך האב מיך איינגעקוואַרטירט ביי אַלעקסאַנדער דימיטריעוויטש.

ער איז געוועזן אויסעראָרענטליך צערטליך צו מיר. ער האט אַנגעווענדעט אַלעס מעגליכע עס זאָל מיר גאר ניט פעהלען, אונד מיין וואונש איז ערפיללט געוואָרען, נאך איידער איך האב איהם אויסגעשפּראָכען. ער האט בעמערקט וואס איך האב געליעבט ביים עסען, אונד ער האט מיך דערמיט בעזאָרגט. ער האט אויסגעזעהן הנאה צו האבען פון מיין אַפּעטיט אונד שטאַרקונג.

ער האט מיך בעטראַכטעט אַלס זיין בעסטען גאסט. ער האט געקענט מיינע עלטערן, געוועזן א פריינד פון אונזער הויז אונד מיך געליעבט אַלס קינד. יעטצט, אַלס ער האט מיך געזעהען שוואך אונד קראַנק, האט ער געוואָלט טהון אַלעס מעגליכע אום מיר צו פערשאַפען פערגניגען, בעקוועמליכקייט אונד געזונד.

לודמילאַ איוואַנאָוונאַ איז אויך געוועזן זעהר גוט צו מיר, טראָטץ עס האט זיך מיר אויסגעוויעזען אין דער ערשטער צייט, אַז זיא טהוט דאס עפּעס געצוואונגען, וויא איינער רעדט, בלויז צוליעב איהר מאַן. דאס האט מיך אַנפאַנגס בעאונרוהיגט, אָבער, וויא איך האב שוין פריהער געזאגט, איז עס שווער געוועזן זיא צו פערשטעהן, אונד איך בין ניט געוועזן זיכער אויב זיא איז פריינדליך פון הערצען, אָדער זיא טהוט עס אויס עטיקעטע.

אין איין אבענד, זיטצענדיג ביים עסען, האט זיא אַלעקסאַנדער דימיטריעוויטש געפרעגט, וויא זיין טבע איז געוועזן, ווארום זיא זעהט אויס אַזוי טרויעריג.

„איך בין ניט טרויעריג,“ האט זיא געענטפערט שאַרף, „דוא בילדעסט דיר נאָר איין.“

„זייא ניט בעז, מיין קינד,“ האט אַלעקסאַנדער געזאגט בעטריעבט אונד ערשטוינט. „איך האב דיך ניט געוואָלט ערגערן. מיר דאַכט זיך ווירקליך, אַז דוא זעהסט ניט אויס וויא אימער.“

„אַזוי איז עס אימער. דיר דאַכט זיך, אונד איך ווייס ניט וואס. דאס קריינקט מיך ביז צו טויט. פון אין דער פריה ביז אין דער ווייטער נאַכט, ווערסט ניט מיעד מיט דיינע נאַכפראַגען. באַלד בין איך בלאַס, באַלד טרויעריג, באַלד

מיעד אונד נאך טויזענדער אנדערע פראגען וואס קלעפען זיך וויא איין ארבעס אן דער וואנט"...

„אבער, מיין ליעבעס קינד, וויא קענסטו אזוי רעדען?" האט אלעקסאנדער געזאגט מיט א ציטערענדער אונד שמערצהאפטער שטימע.

זיין טאן האט מיך גערירט ביז צום הערצען. איך האב געזעהען, וויא זיא האט איהם שרעקליך בעליידיגט אין מיין געגענווארט. אונד ווארום?

בלויז דערפאר, וויל ער האט זיא אזוי געליעבט, דאס ער איז געוועזן בע־זארגט אום איהר וויא אום א צארטע בלום, וועלכע מען היט פון צופיעל רעגען, קעלט אדער צופיעל היטץ.

עס האט מיר אויך אויסגעזעהען, אז ער האט פון איהר צום ערשטען מאל געהערט אזא שפראכע. דאס האט איהם וויכקליך ערשטוינט. ער איז דערצו ניט געוואהנט געוועזן.

אויף זיין געזיכט האט זיך אבגעשפיעגעלט א מיענע פון שמערץ אונד ליידען. זייא האבען געשוויעגען.

ווארום זיא האט געקענט אזוי רעדען, איבערהויפט אין מיין געגענווארט, האב איך ניט געקענט בעגרייפען.

איז דאס געוועזן א פארשטעלונג פאר מיר אום איך זאל וויסען, אז זיא קימערט זיך ניט אום איהר מאן'ס צערטליכקייט? איך האב מיר דארויף ניט געקענט ענטפערן.

איך האב געווארפען א בליק אויף איהר געזיכט.

„הא," האב איך מיר געטראכט, „איך האב אלזא קיין טעות ניט געהאט. דיא קאטץ שפיעלט זיך אזוי לאנג גוטמוטהיג, ביז זיא גיבט א קראטץ מיט דיא נעגעל אדער א ביס מיט דיא צייהן. דאס איז זיא! איך האב זיא דערקענט! איהר וואהרע נאטור צייגט זיך ארויס!"

ווען איך האב צו איהר געקוקט, האט זיא אנגעפאנגען צו שמייכלען, אונד מיך אנגעקוקט מיט איהרע אויגען, וועלכע האבען דאמאלס געהאט א גרינע פארב. זייא האבען מיך דערמאהנט אן דער שלאנג.

איהר בליק צו מיר איז געוועזן פעסט אונד ניט ערשראקען. איך האב דארט בעמערקט א גלאנץ פון בעזקייט.

מיר האבען אלע דרייא אונטערדעסען געשוויעגען, אונד דאס שווייגען האט אויסגעזעהן זעהר אונאנגענעהם. איך האב מיך געקראצט אין אויער, אום עס זאל

ווייסע, אז איך פערברענג מיין צייט מיט עפעס אנדערש אונד קלער נאר ניט אום דעם וואס איז פארגעגאנגען.

דאן האט זיך געהערט א גערויש אונד דיא קינדער זיינען אריין אין צימער, וועלכעס האט אונטערבראכען דיא שטילקייט.

„פאפא, פאפעלע!“ האט אויסגעקלונגען מאניא׳ס שטימעלע. „מיר האבען געמאכט הייזלעך פון שטיינער, אונד מיר האבען געהאט אזעלכע שעהנע זאכען“...

אלעקסאנדער דימיטריעוויטש האט גענומען דאס קינד אויף זיינע הענד אונד אנגעפאנגען דערמיט צו געהען לאנגזאם איבער דעם צימער, זיא דריקענדיג צו זיין ברוסט.

לודמילא איוואנאוונא האט איהם נאכגעפאלגט מיט איהר בליק, וויא איינער רעדט: „דער אלטער נאר!“

דאן האט זיא זיך אבגעווענדעט פון איהם, געלעגט ביידע עלענבויגענס אויפ׳ן טיש, אונטערגעשפארט איהר שעהנעם קאפ מיט דיא דלאניעס אונד ארויס שטעלענדיג איהרע ווייסע צייהן, האט זיא געזאגט:

„עס איז שרעקליך לאנגווייליג.“

אלעקסאנדער מיט מאניא׳ן איז דערווייל צוגעגאנגען צו דער טהיר פון צימער. זיא האט געווארפען א בליק הינטערוויילעכס אונד געזאגט:

„אלעקסאנדער דימיטריעוויטש (אזוי האט זיא איהם אימער גערופען, אנער־קענענדיג מיט דיעזען אויסדרוק, אז ער שטעהט העכער אלס זיא מיט זיין פער־שטאנד אונד בילדונג,) איז דעם גאנצען טאג בעשעפטיגט. איך בין אימער אליין: נאר אליין וויא א בוים אין מיטען פעלד. איך האב קיין בעזוך, קיינע געזעלשאפט, קיין צערשטרייאונג אונד איך ווייס ווירקליך ניט וויא מען קען פערברענגען דיא צייט.“

א בליק נאך אמאל אויף א זייט, האט זיא איבערציינט, אז איהר מאן איז שוין ניטא אין צימער, אונד זיא האט פארטגעזעטצט:

„איך פרעה מיך ווירקליך, וואס איהר זייט צו אונז געקומען. ניעמאנד האט עס געפונען פאר נעטהיג אונז ביז יעטצט דא אופצוזוכען. א פריעדענס־ריכטער קומט יא אמאל צו אונז אויף בעזוך, אונד ער איז איין אלטער מאן. אונד דערצו, מאכט מיך אלעקסאנדער דימיטריעוויטש ווירקליך קראנק מיט זיינע בעשטענדיגע נארישע זארגען אום מיר, אונד איך בין שוין זאט דערפון“...

אין מיינע געדאנקען איז עס איינגעפאלען, אז זיא האט וויימער געוואלט זאגען: „אונד אלעקסאנדער דימיטריעוויטש איז אויך איין אלטער מאן, וועלכער אינטערעסירט מיך נים, ווייל ער איז רוי אונד מיאוס."

עס איז קיין צווייפעל, אז איך האב געלעזען איהרע געדאנקען.

זיא האט ארונטער גענומען דיא הענד פון אונטער איהרע באקען, צוגערוקט דעם סאמאוואר, אונד אנגעגאסען טהעע.

„אימער אין הויז אונד נאר אין הויז," האט זיא וויימער געמורמעלט מיט א זיפץ. „נאר איין איינציגעס מאל בין איך געווען אין קלוב אונד געטאנצט. בייא נאט, דארט איז געווען לוסטיג אונד מונטער! איך האב מיך געוואלטיג אונטער האלטען. עס זיינען דארט געווען פיעלע אפיציערען. האט איהר אויך ליעב צו טאנצען?"

„יא, אמאל," האב איך געענטפערט אונגערן.

פאר מיינע אויגען איז געשטאנען דאס גוטמיטהיגע אונד בעטריעבטע געזיכט פון אלעקסאנדער דימיטריעוויטש.

דא איז געקומען א מערקווירדיגער מאמענט איבער מיר.

איך האב זיא בעטראכט וויא א קאמץ, וויא א שלאנג אונד איך בין אימ־שטאנדע געווען זיא צו פעראכטען אונד פערהאסען. איהר שפראכע האט מיך געשטאכען, איהרע ווערטער האבען מיך געקוועלט אונד געערגערט, אבער, טראמץ דעם...

יא, טראמץ דעם, האט אין מיר צוריק געסעהרט דיא בעסטיע. אלעס איז פערשוואונדען וויא א רויך. איך האב נאר געזעהען איהר שעהנעס אונד געזונדעס געזיכט; איהרע ברייטע שולטער, איהר פולען בוזים, איהרע האלב נאסעטע אונד דיקע הענד, אונד איך האב געשפירט דיא מאגנעטישע קראפט פון איהר קערפער מיך אנציהען.

זיא האט אויסגעזעהן פערפיהרעריש אין מיינע אויגען.

זיא האט גערעדט מיט מיר גאנץ איינפאך אונד אופריכטיג. איך האב גע־מוזט איינזעהען, אז זיא האט רעכט מיט איהרע בעהויפטונגען אונד איך האב מיט איהר געהאט מיטלייד.

ווירקליך, איז זיא נים געווען יונג, שעהן, געזונד אונד מונטער? וואס פאר א פערגניגען האט זיא געקענט האבען פון דער געזעלשאפט פון איין אלטען מאן?

אָבער איך האב מיך בעהערשט מיט אלע מיינע קרעפטען.

„ווארום בעט איהר ניט אלעקסאנדער דימיטריעוויטש,“ האב איך אָנגע־פאנגען, „ער זאָל מיט אייך ערגעץ אויספאָהרען, אירגענדוואו געהען, ער וועט אייך געוויס ניט ענטזאגען.“

איך האב אָנגעהויבען צו בעטראכטען איהר ווייכע אונד דיקע האנד מיט וועלכער זיא האט געהאלטען א זילבערנעם לעפעל.

„ניין, ניין,“ האט זיא געענטפערט אריין ווארפענדיג א שטיקעל צוקער אין איהר גלאז טהעע, „איך פערלאנג עס גאר ניט פון איהם. איך ווייס, אז ער געהט זעהר אונגערן מיט מיר ערגעץ ער בליקט אימער מיט ווילדע אויגען אויף פרעמדע מענער... אונד צו וואס זאָל איך איהם בעטען? איהר זייט יעטצט צו אונז געקומען, אונד עס פרייט מיך“...

ביי דיא לעטצטע ווערטער האט זיא געשמייכעלט אונד אָנגעבויגען איהר קאָפּ צום גלאז טהעע, אויף א זייט, וויא אריין צו קוקען אום צו זוכען א בלעטעל.

איך האב זיא אָנגעקוקט.

דאן האבען זיך אונזערע בליקען בעגעגענט, אין וועלכע עס איז געלעגען עפּעס אונעהרליכעס. איך האב מיך געשפּירט וויא א גנב וואס ענטלויפט מיט דער גנבה אונד וואגט ניט זיך ארום צו קוקען, מאָמער ציהט ער צו יעמאנד'ס אויפ־מערקזאמקייט.

מיין הערץ האט אָנגעהויבען צו קלאַפּען. אָבער אין דיזען אוגענבליק, איז אויך געקומען איין ענדערונג אונטער אונז ביידע.

ביז צו יענער מינוט, האבען מיר זיך בענומען איינער געגען צווייטען מיט דעם אָבגעריכטעטען רעספּעקט פון עטיקעטע. אָבער דאס אלעס איז אויף איינמאל פערשוואונדען, אונד עס האט אויסגעזעהען, אז מיר דארפען זיך שוין מעהר ניט אזוי בענעהמען איינער צום צווייטען. זיא האט געלעזען מיינע געדאנקען אונד איך איהרע. מיר האבען זיך פערשטאנען.

שפּעטער אין אבענד, האב איך מיך געזעטצט שפּיעלען מיט אלעקסאנדער דימיטריעוויטש שאך. אָבער ער איז שוין ניט געווען אזוי מונטער וויא אימער אונד ער האט ניט געשפּאסט וויא זיין טבע איז געווען.

וואס עס אנבעלאנגט לודמילא איוואנאוונא, איז זיא געווען זעהר לעבהאפט אונד מונטער. איך האב זיא נאך ביז דאמאלס אין אזא שטימונג ניט געזעהען.

זיא האט געשפּיעלט פּיאנאָ אונד געזונגען. דאַן האט זיא אָנגעפאַנגען צו שפּיעלען דעם וואַלצער „דיא פערלווירענע צייט.“ זיא האט דאס געשפּיעלט מיט געפיהל.

ווען איך האב מיך צו איהר אומגעווענדעט, האב איך בעמערקט, אז זיא האט שוין וואהרשיינליך פון פריהער געקוקט אויף מיר. איהר געזיכט איז רויט געוואָרען.

אלעקסאנדער האט קיין געדולד געהאט צום שאך, אונד מיר האבען געלאָזען שטעהן דיא פיגורען.

דאַן האט לודמילא איוואנאָוונא גערעדט פאר פייער אונד פאר וואסער. זיא האט דערצעהלט אונד געפלוידערט אזוי וויא איינער וואָלט גערעדט פון היטץ.

נאטירליך, בייא אזוי פיעל רייד פון איין אונגעבילדעטער דאָרפסדפרוי, האבען זיך ארויס געבאַפּט א סך נארישקייטען. אויב אלעקסאנדער האט זייא בעמערקט, ווייס איך ניט, נאָר איך, אָבוואָהל איך האב מיר געמערקט, אז זיא איז זעהר דום אין וועלטס-זאכען אונד קען צונויפּפּאארען א וואנט מיט א דאך, האט זיא איבער מיר מעהר ניט געמאכט דעם שלעכטען איינדרוק וויא פון אנפאנג.

איך האב בעענטפערט מאנכען איין אונשולדיגען שפּאס פון איהר, אויך אזוי אונשולדיג וויא נאָר מעגליך. אָבער טראָטץ דעם וואס אלעקסאנדער דימיטריעוויטש האט דערבייא געשמייכעלט, האב איך מיר גאַנץ גוט געקענט מערקען, אז עס איז איהם ניט זעהר אונאנגענעהם וואס זיין פרוי רעדט אזוי פיעל, אונד, נאך מעהר וואס זיא ערלויבט זיך מיט מיר צו שפּאסען.

יא, איך בין געוועזן א מענשען-קענער. איך האב געקענט לעזען אלעקסאנדער'ס געדאנקען אויף זיין געזיכט. עס האט איהם אפילו געערגערט, אָבער ער האט געטרויעט אי מיר, אי זיין פרוי, אונד ער האט נאָר קיין מורא ניט געהאט, אז אונטער אונז ביידע קען עפּעס ווערען וואס זאָל זיין געגען זיין ווילען.

איבריגענס, האט ער מיך ניט אליין איינגעלאדען? יא, ער האט געטרויעט אויף מיין עהרע, זעלבסט-אכטונג אונד דיא פריינדשאפט. ניין! ער האט דער-פאר קיין מורא ניט געהאט. איהם האט נאָר שרעקליך געשמערצט דיא ווערטער וואס לודמילא האט איהם פריהער געזאגט, ווען ער איז געוועזן בלויז בעזאָרגט אום איהר געזונדהייט.

אָבער אַלעקסאַנדער דימיטריעוויטש איז געווען קורצזיכטיג. יאָ, קורצזיכטיג מיט זיינע אויגען אונד קורצזיכטיג אין זיין גייסט. ניין, ער האט אין לודמילאַ'ן ניט בעמערקט דאס, וואס איך האב געזעהן אין איין אויגענבליק.

עס האט מיר אויסגעזעהען, אז דאס אַלטע שפּריכוואָרט, דאס „בייא דעם ריינעם איז אַלעס ריין" — בלייבט א'מער וואהר.

אַלעקסאַנדער דימיטריעוויטש, דער גוטער אונד עדעלער, האט זיך ניט געקענט פאָרשטעלען וויא אַנדערע, איבערהויפּט זיינע פריינדע, קענען זיין אַנדערש וויא אַנשטענדיג.

אַלעקסאַנדער דימיטריעוויטש האט ניט געקענט זעהן מיט דיזע אויגען וויא איך האב געקוקט. ווען דאס וואָלט אַזוי געווען, דאן וואָלט ער געלעזען אין זיין פרוי'ס בליק צו איהם, ניט נאָר בעזעס, זאָנדערן אויך פעראַכטונג.

מיר האבען צוגעבראַכט דעם אַבענד יעדער איינער מיט פערשיעדענע געדאַנקען. לודמילאַ איז אָבער געוועזען אויסעראָרענטליך מונטער. מיר האט עס אויסגעזעהן, אז זיא פערשטעהט גאַנץ גוט, דאס איהר מאַן איז אונצופריעדען פון איהרע פלוידערייען אונד פוילע וויטצען, נאָר זיא האט זייא דאָך געזאגט. ניט דערפאַר איהם צו ערגערן, זאָנדערן בלויז, וויל זיא האט זיך אום איהם ניט געוואָלט בעקימערן.

איך האב בעגריפען דעם צושטאַנד צווישען לודמילאַ אונד אַלעקסאַנדער דימיטריעוויטש. ער האט זיא געליעבט מיט אַזאַ צערטליכקייט, וועלכע מיר קענען זעלטען זעהן צווישען מאַן אונד פרוי. זיא ווידער, האט דערפון גאַנץ גוט געוואוסט. זיא האט אויך בעגריפען, אז זיא איז זיין הערר מיט דער מינדעסטער מיענע פון איהר האַנד; זיא האט פערשטאַנען, אז נאָך דעם וויא זיא וועט אָנפילכען זיין הערץ מיט קריינקונג, קען זיא איהם, מיט איין שמייכעל, ברענגען צו איהרע פיס, אונד ער זאָל צופריעדען זיין דאָרט צו בלייבען ליעגען וויא א הונד, וויסענדיג בלויז, אז איהר שמייכעל האט איהם דערצו געבראַכט.

זיינע שמערצען, האבען זיא וועניג בעקימערט. זיא האט קיין מורא ניט געהאט, אז ער וועט איהר טהון שלעכטעס, אונד קענענדיג דעם רעזולטאַט, האט זיא געוואָלט טהון פאַרלויפיג וואס איהר געפעלט.

איך האב געשטודירט אַלעקסאַנדער'ס געזיכט. וויא איך האב שוין פריהער בעמערקט, האט ער אונז ביידען געטרויעט, אָבער ער האט זיך שרעקליך געערגערט איבער איהרע דומהייטען. עס איז פיעללייכט געווען דאס ערשטע מאל זייט זייער

פערהייראטעטעס לעבען, וואס ער האט איהרע דומחי׳טען בעטראכט אלס איבער־פליסיג; ביז דאמאלס האט ער זיא נערעכענט אלס קינדישע אונד אונשולדיגע נארישקייטען.

ווען דאס געשפרעך איז געוועזן צו ענדע, האב איך פריי׳ער אויפגעאטהעמט. איך זאג דאס געשפרעך איז געוועזן צו ענדע; דאס איז נאר אזא אויסדרוק, ווייל מיר האבען קיין פערנינפטיגע זאך אנגעפאנגען אום זיא צו ענדיגען. זאנדערן, עס איז גלאט שפעט געווארען, אונד אלעקסאנדער, בעמערקענדיג מיין מידקייט, האט ער געזאגט, אז עס איז צייט איך זאל געהען שלאפען. דיא פלוידערייא האט דער־פאר אויפגעהערט.

איך האב מיך נים געפונען בעליידיגט פון אלעקסאנדער׳ס בעמערקונג, אז עס איז צייט איך זאל געהן שלאפען, ווייל ער האט עס געזאגט אין אזא צערטליכען טאן, אז יעדער האט געקענט ארויס זעהען, דאס ער מיינט דערבייא בלויז מיר לטובה, איך זאל מיך אויסרוהען.

לודמילא איז געוועזן דיא ערשטע אויפצושטעהן פון איהר שטוהל. איך בין צוגעגאנגען צו אלעקסאנדער דימיטריעוויטש אונד גענומען זיין האנד, איהם גע־וואונשען גוטע נאכט, אונד ער־האט מיר געוואונשען אנגענעהמע רוה. דאן האב איך מיך געווענדעט צו לודמילא איוואנאוונא אונד איהר גערייכט מיין האנד.

איהר האנד איז געוועזן זעהר ווארעם, אבער טראטץ דעם האט דיעזע ווארעמקייט אריין געשיקט וויא א קעלט אין מיין לייב. זיא האט אונגעוועהנליך פעסט צוגעדריקט מיין האנד אונד מיך אנגעקוקט מיט איהרע גלענצענדע אויגען, אין וועלכע איך האב בעמערקט וויא א בלוי פייער׳ל אויפפלאקערן. איהר בליק האט מיך שטארק בעאונרוהיגט, אונד אבוואהל איך האב געשפירט איהר האנד־דרוק מיט א געפיהל פון פערגניגען, האב איך מיך דערמאהנט אן אלעקסאנדער דימיטריעוויטש אונד איך האב מיין האנד צוריק געצויגען.

איך האב מיך דאן אומגעווענדעט, אויך וויא בערוישט פון שיכרות, בין איך אריין אין מיין צימער.

ליעגענדיג אין בעט, האב איך געשפירט, גלייך וויא איך האב בעגאנגען דאס גרעסטע פערברעכען. מיין געוויסען איז געוועזן זעהר אונרוהיג אונד איך האב מיך געפרעגט: „אום גאטעס ווילען, קען נים א מענש אמאל זיין אב־שטענדיג?“

„מיין פריינד'ס פרוי!“ דיעזע ווערטער האבען מיר אונחיימליך נעקלונגען אין דיא אויערן אונד איך האב מיך אליין פעראכטעט.

אבער דיעזע געדאנקען זיינען פערמישט געוואָרען מיט אנדערע, אונד וויא פון צווישען א וואָלקען, האב איך געזעהען אויפשטייגען לודמילא'ס געזיכט, לאַבענדיג, אונד איהר אויפרעגונג האב איך געלעזען אין איהרע פונקלענדע אויגען. עס האט זיך מיר געדאכט, אז איך האב בעמערקט איהר שטארקען קערפער אויפציטערן אונד איהר ווייבע, וויסע האנד האט מיין פאנטאזיע ניט פערלאָזען.

פלוצלינג איז ערשיענען פאר מיר דאס גוטמיטהיגע געזיכט, מיט איין אויס־דרוק פון טרויער, פון מיין פריינד אלעקסאנדער דימיטריעוויטש.

„מיין פריינד'ס פרוי!“ האט עס נאך אמאל וויא געטורמעלט אין מיינע אויערן.

„אָבער וואס האב איך פערבראָכען?“ האב איך מיך געפרעגט „וואס בין איך שולדיג? האב איך איהר געגעבען אירגענד א געלעגענהייט? זיא קאָקעטירט מיט מיר — דאס איז אַלעס. ניין, ניין, געוויס ניט, עס קען ווייטער ניט געהען!“

מיט דיעזע ווערטער האב איך געמיינט, אז איך וועל מיך בערוהיגען.

„עס איז אמת,“ האב איך ווייטער אָנגעפאנגען צו מיר אליין, „איך האב ניט קיין מורא, אז מען וועט מיך שמייסען אויף יענער וועלט — איך בין דאָך א פריי־דענקער, — אָבער אום צו זיין א מענש מוז מען דען נאָר מורא האבען פאר יענער וועלט? געוויס, אָהנע צווייפעל, דאס בעוואוסטזיין, אז איך האב שענדליך בעד־טראגען מיינעם א פריינד, וואָלט ערגער געווען וויא טויזענדער פייערן פון גיהנום. פאָזיטיוו ניט! עס פאלט מיר גאר ניט איין! פוסטע געדאנקען זיינען דיעזע וואס דרינגען זיך אין מיין קאָפּ“...

דאָן האב איך אליין ניט געוואוסט וואס איך דענק, אונד נאך א פויזע האב איך צו מיר געטורמעלט:

„עס איז נאָר מיין אייגענע פאנטאזיע וואס נארט מיך. מיין פערדאָרבענהייט ביז יעטצט מאכט מיך גלויבען, אז איך זעה בילדער, וועלכע זיינען נארישע חלומות. וואס איך טרוים וואכענדיג. איך בין א דומקאָפּ אונד דאס איז אַלעס! וועט האט מיר דען געזאגט, אז לודמילא איוואנאָוונא האט אירגענד וועלכע שלעכטע געדאנקען? מיר דאכט זיך בלויז אזוי. אָבער קען עס דען ניט מעגליך זיין, אז זיא ליעבט איהר געטען מאן, אונד דאס וואס זיא רעדט אזוי צו מיר, איז ניט מעהר

וויא דיא אונשולדיגע נאמור פון אונשולדיגע מענשען, וועלכע האבען נאך ניט נעזעהן דיא פערדארבענהייט פון שטעדטישען לעבען אונד קענען ניט דיא שמוטציגע אונד בעטריגערישע עטיקעטע.

„לודמילא איוואנאוונא, איז איין אנשטענדיגע פרוי, אונד, ווען איך זאל וואגען איהר צו צייגען, אפילו אינדירעקט, אז איך האב שלעכטע אבזיכטען, וועט זיא זיך ענטוועדער אבווענדען מיט פעראכטונג אדער מיר אנשפייען אין פנים. עס וואלט אויך מעגליך געווען זיא זאל מיר אויסזעטצען דיא צייהן, וויא עס האט פאסירט מיט ניקאלאי אלעקסעיעוויטש, דער לומפיגער סטודענט וואס האט געוואהנט ניט וויים פון מיר אין מאסקווא.“

איך האב מיך דערמאהנט וויא מיר האבען אמאל געלאכט פון ניקאלאי אלעקסעיעוויטש, ווען מיר האבען ערפאהרען, אז א יונגע אונד אנשטענדיגע דאמע האט איהם אויסגעקלאפט צווייא פראנט צייהן מיט איהר מאן'ס שטעקען, נאכדעם וויא ער האט געדעבענט, אז איהר פריינדליכקייט צו איהם האט איין אנדערע בעדייטונג, אויסער ריינע פריינדשאפט צו א גוטען בעקאנטען.

ניקאלאי האט געהאט דעם פסק, נאכדעם ער האט זיא ארום גענומען אונד אבגעפרעסט א קוש אויף איהר באק.

איז דאס ניט מערקווירדיג? איך בין צופריעדען געווען צו האבען אזא סוף וויא ניקאלאי אלעקסעיעוויטש, אבי איך זאל וויסען, אז איך האב חלילה ניט בעליידיגט מיין פריינד'ס עהרע, אדער, בעסער געזאגט, אז מיין פריינד'ס פרוי, איז איין אנשטענדיגע דאמע.

אבער דאס אלעס האט נאך אימער ניט געשטערט מיין פאנטאזיע צו דענקען אונד זיך עראינערן אן איהר וויסע, ווייכע אונדווארעמע האנד, וועלכע זיא האט געהאלטען אין מיינער, אונד אויך אין דעם בורענענדען בליק פון איהרע אויגען.

מיט דיעזער פאנטאזיע זיינען געקומען אנדערע געדאנקען. איך האב זיא נאך אמאל געשטודירט, אונד ניט געקענט אבלייקענען, אז זיא איז ניט דיעזעלבע לודמילא איוואנאוונא, וועלכע איז פאר מיר ערשיענען אין דיא ערשטע פאאר טעג ווען איך בין געקומען. דאמאלס איז זיא געווען צוריק געצווינגענער, צוריק געהאלטענער, אונד יעטצט האט עס אויסגעזעהען אנדערש.

קיין צווייפעל איז בייא מיר געווען, אז איהר בענעהמונג צייגט, אז זיא ליעבט ניט איהר מאן. אבוואהל איך האב מיר פריהער געוואלט איינרעדען, אז איך זעה

נים ריכטיג אונד אורטהייל נים וויא דיא זאך איז, האב איך מיך דערמאהנם אן איהר יונגען, פעטען אונד געזונדען קערפער; אין איהר מונטערקייט, אויפרעגונג אונד...

„איך בין פעררירקט!" האב איך אויסגעשריען, הערענדיג מיין אייגענע שטימע, „זיא איז דיא פרוי פון מיין פריינד אלעקסאנדער דימיטריעוויטש"...

אָבער איך בין זעהר וועניג געשלאָפען אין דיעזער נאכט. דיא תאוה-געדאנקען האבען מיך נים געלאָזען רוהען. עס איז געווען א היבשע צייט פאָראייבער, זייט איך האב אויסגעמיעדען דיא פעררארבענהיים, אונד לוסט, ברענענדע אונד פער-צעהרענדע לוסט האט צוריק געקעהרט, אונד איך האב דעם קערפער פון לודמילא איוואנאָוונא, נים געקענט ארויס לאָזען פון מיינע געדאנקען...

ווען איך בין אויפ'ן צווייטען מאָרגען אריין אין שפייזע-צימער, זיינען שוין אלע דאָרט געווען פערזאמעלט, אונד יעדער האט אויסגעזעהען צו זיין מונטער. דאס פאאר פאָלק האט שוין געשלאָסען פריעדען.

אלעקסאנדער דימיטריעוויטש האט אויסגעזעהען ווידער גליקליך אונד צו-פריעדען אונד דיא אלטע מונטערקייט האט צוריק געקעהרט. לודמילא איוואנאָוונא ווידער, געלאסען אונד צוריק געצויגען. זיא האט גערעדט מיט איהר מאן ליעבליך, צערטליך אונד גוטמיטהיג, אונד געגען מיר איז זיא געווען קאלט אונד גלייכ-גילטיג.

דאס האט מיך געפרייט.

דיעזע פרייד האט אָבער נים פיעל געדויערט, דען מיינע אויגען, וועלכע האבען זיך נים צוגעקוקט, האבען באלד דערקענט דיא וואהרהייט, אז לודמילא שפיעלט א פאלשע ראָלע — זיא האט זיך פערשטעלט. זיא איז נאָר געווען מיט איהר מויל פריינדליך צו איהר מאן, אונד וויא קונסטפאָל זיא האט געשפיעלט דיא ראָלע, האט דער טאָן פון איהר שטימע זיא פעררראטהען. צו מיר האט זיא גע-וואָרפען הינטערוויילעכס בליקען, אונד ווען איך האב געפאקט אזא בליק, האב איך אין איהם ווידער געלעזען דאס פלאַקערענדע פייער פון אויפרעגונג.

אלעקסאנדער דימיטריעוויטש האט נאָר נים געזעהען.

איך האב אונטער־דעסען ערפאהרען פון דעם געשפרעך, אז אלעקסאנדער דימיטריעוויטש מוז אין דיעזען טאָג אָברייזען אין שטאָדט אום צו בעזאָרגען געטהיגע געשעפטען.

דיא זאך איז מיר באלד קלאָר געוואָרען. לודמילא האט געוואָלט פערדעקען

יעדע שפור פון פערדאכט, אונד ווייל זיא האט געוואוסט, אז איהר מאן פאהרט אוועק, האט זיא ניט געוואלט געשטערט זיין. אדער בעסער געזאגט, אז דער פער־דאכט זאל איהם ניט אבהאלטען פון דער רייזע.

יא, איך האב דאס פערשטאנען אזוי דייטליך, גלייך וויא זיא וואלט פאר מיר פערטרויעט איהרע געדאנקען.

אונד איך?

אנפאנגס האב איך געפאסט א קורצען בעשלוס ניט צו פערבלייבען מיט איהר אליין. איך בין געוועזען א יסגעניכטערט פון דער אויפרעגונג פון פאריגער נאכט, אונד דיא ווערטער: „מיין פריינד'ס פרוי," האבען נאך אמאל געקלונגען אין מיינע אויערן.

איך האב שוין אנגעפאנגען צו ענטווארפען פלענער, וויא איך זאל בעטען אלעקסאנדער דימיטריעוויטש, ער זאל מיך אויך מיטנעהמען, איהם זאגען עפעס א ליגען, אז איך מוז זיין אין שטאדט, אבער... ווען איך האב א בליק געגעבען אויף לודמילא'ן, בעטראכט איהר קערפער, געשטודירט איהר געזיכט אונד מיר געמערקט איהרע קאטצען־שריט, בין איך ווייטער אריין געפאלען אין א זומפף פון ווילדער תאוה, אונד, איך בין געוועזען האלב צופריעדען וואס ער פאהרט אוועק.

נאך פריהשטיק איז ער אוועק געפאהרען.

אבער דיא סצענע פאר דעם אברייזען, וועל איך ניט פערגעסען אזוי לאנג וויא איך וועל לעבען. דאס האט מיר געגעבען א בעגריף איבער פרויען־בעטרוג, וועלכען איך האב מיר ביז דאמאלס ניט פארגעשטעלט אפילו אונטער דיא פראק־טיצירטע רייכע שטעדטישע דאמען, שוין ניט רעדענדיג פון אזא דארפס־פרוי וויא לודמילא איוואנאוונא איז געוועזען.

לודמילא איז צוגעגאנגען צו איהר מאן, איהם אומארמט אונד צערטליך גע־קושט אויף זיין געראזירטער באק.

דער ארמער אלעקסאנדער דימיטריעוויטש האט אויסגעזעהען צו זיין אין זיעבעטען הימעל פון גליק. ער האט געשמייכעלט גוטמיטהיג אונד זיין געזיכט האט אויפגעשטראהלט.

„פיעללייכט וועל איך מיך פערזאמען," האט ער געזאגט אריין שטיינענדיג אין וואגען, „אונד איך וועל דארט מוזען איבערנעכטיגען. מיר דאכט, אז עס וועט ניט אזוי זיין, אבער טאמער פאסירט עס יא, בעט איך דיך, מיין טהייערע, דוא זאלסט זעהן, אז ער זאל זיך ניט לאנגווייליגען. איברינענס, איך וועל אלעס מעגליכע אנווענדען איך זאל נאך היינט אהיים קומען."

אלעקסאנדער דימיטריעוויטש האט געמיינט ערנסט וואס ער האט גע־שפּראָכען. ער איז דאן אוועק גנעפאָהרען רוהיג אונד צופריעדען.

אָבער זיינע ווערטער האבען אויף מיר געווירקט, איך זאָל קיין אויגענבליק מעהר פערבלייבען אין הויז. איך בין אריין אין מיין צימער, ארונטער גענומען דיא ביקס פון דער וואנט, מיטגערופען דעם הונד אונד בין אוועק אין וואלד. נים אזוי צוליעב דעם יאגד וויא צוליעב דעם, איך זאָל מיך נים דארפען בעגעגענען מיט לודמילא איוואנאָוונא, וועלכער׳ס פּלענער איך האב דערראטהען.

ווען איך האב מיך געזעהן דערוויטערט פון הויז, אויף׳ן פרייען פעלד, אונטער דעם בלויען הימעל אונד אין מיטען דער פון נאטור׳ס גרינעם אנצוג, האב איך פרייער אויפגעאטהעמט.

דאן האב איך ווידער אָנגעפאנגען צו דענקען. איך האב איבערגעקלערט דיא לעטצטע סצענע אונד, טראַטץ דעם וואס לודמילא׳ס קערפּער האט מיך אויפ־גערעגט, האב איך געשפּירט אין מיר אויפשטייגען דיא גרעסטע פעראכטונג צו איהר, פאר דער אבשייליכע פאלשע ראָלע וואס זיא האט געשפּיעלט.

„זיא איז א קאַטץ אונד א שלאנג צוזאמען,“ האב איך געמורמעלט.

איך בין אזוי אוועק א גרויסע שטרעקע, ביז איך בין אָנגעקומען נעבען וואלד אונד דעם הונד׳ס אונרוהיגע בעוועגונגען, האבען צוגעצויגען מיין אויפמערק זאמקייט.

דער הונד איז געווען א מיכטיגער אויפזזכער פון וואכטלען אין גראָז. ער האט געהאט א געוואלטיגען חוש־הריח, אונד מיט צוואנציג שרים ווייטער, האט ער שוין דערשפּירט דעם פויגעל.

אין אזא צייט האט ער אָנגעפאנגען העפטיג צו דרעהן מיט זיין עק, שנאַרכען עטוואס הויך מיט זיין נאָז אונד אויף אזא ארט האט ער מיר געציינט, איך זאָל מיך פאָרבערייטען.

איך האב גלייך ארונטער גענומען דיא ביקס פון אקסעל, געעפענט אונד זיך פערטיג געמאכט. דער הונד איז געגאנגען פאָרזיכטיג פאָרווערטס, איך גאנץ נאָהענט נאך איהם, אונד איך האב ערווארטעט, ער זאָל דעם וואכטעל ארויס טרייבען פון צווישען הויכע אונד דיקען גראָז. אויף איינמאל האט ער געגעבען א האווקע. דאס האט אָנגעציינט, אז ער האט שוין דערזעהן דעם פויגעל, אונד, אין נעכסטען אויגענבליק, אום דער הונד זאָל איהם נים כאפּען לעבעדיג, איז דער וואכטעל ארויס געפלויגען.

קראַך! קראַך!

איך האב אָבגעפייערט ביידע לאַדונגען נאָך דעם וואכטעל, וועלכער איז ארויס געפלויגען פון גראָז. דער ערשטער שוס, איז ניט געוועזן קיין גוטער, נאָר דער צווייטער האט איהם דערשאָסען אונד ער איז ארונטער געפאלען צוריק אין גראָז. דער הונד איז באלד געוועזן אויף דעם פּלאַטץ, אויפגעהויבען דעם דערשאָסענעם פויגעל אונד איהם צוגעבראכט אין מויל צו מיר.

דיעזע יאגד־לוסט, פון זוכען, גרייכען, געפינען, ערשיסען אונד פאנגען, האט מיך זעהר אַמוזירט אונד אויך פערטריעבען אַלע אנדערע געדאַנקען פון מיר.

איך בין געגאַנגען וויטער; דער הונד האט מיר אויפגעזוכט וואכטלען אונד איך האב זייא ערשאָסען.

דאַן האט דער הונד אָנגעפאַנגען צו שנאָרכען זעהר שטארק אונד שטארק זוכען מיט זיין נאָז א שפּור צווישען גראָז. איך האב פערשטאַנען פון זיין בעוועגונג, אַז דאס איז ניט קיין וואכטעל. דיא אינטערעסע האט אין מיר געשטיעגען, אונד איך בין נאכגעגאַנגען דעם הונד פאָרזיכטיג אום צו ערפאהרען אויף וואס פאר א שפּור ער איז געקומען.

ניין, איך בין געוועזן זיכער, אַז דאס איז ניט געוועזן קיין וואכטעל.

אָבער וואס דען האט געשפּירט דער הונד? דיא געשפּאַנטע אינטערעסע פון דעם יעגער איז אין מיר געשטיעגען, אונד איך בין נייגיעריג געוועזן צו ערפאהרען אויף וואס פאר א יאגד דער הונד פיהרט מיך.

דער הונד האט פּלוצלינג אָנגעפאַנגען צו האווקען אונד לויפען שנעל פאָר־ווערטס. איך האב איהם געוואָלט נאכהאלטען, אָבער איך האב ניט געקענט אזוי שנעל לויפען.

בלייבענדיג שטעהען, האב איך בעמערקט ארויס לויפען פון צווישען א דיקען געביש א גרויסען האָז, וועלכער איז באלד אריין צווישען איין אנדערעס געביש, אָהנע ער זאָל מיר געבען דיא געלעגענהייט צו שיסען.

א האָז! דיא יאגד האט מיך אויפגערעגט.

דער הונד איז געלאָפען מיט זיין נאָז צום גראָז שפּירענדיג דעם צוריק גע־לאָזענעם גערוך פון דעם טהיער, אונד ער האט דעם האָז ארויס געטריעבען פון דעם צווייטען געביש.

איך בין נאכגעלאָפען שנעל, אָבער דער האָז, אָבוואהל ער האט זיך אָבגע־שטעלט אביסעל, איז ער ארויס פון דעם געביש אונד אָנגעפאַנגען שנעל צו לויפען אויף׳ן פרייען פעלד.

איך האב צוגעלענט דיא ביקס צו מיין שולטער, געציעלט אונד גע־שאָסען.

דער האָז איז וואהרשיינליך פערוואונדעט געוואָרען, דען זיינע הינטערשטע פיס האבען זיך פּלוצלינג אויסגעשטרעקט, נאָר ער האט ווידער געזאמעלט אלע קרעפטען אונד איז אריין אין א צווייטעס געביש.

דער הונד האט איהם ווייטער פערפאָלגט, אונד ער איז דאן ארויס פון דאָרט, שוין צו ווייט פאר מיר צום שיסען.

איך בין אונטערדעסען נאכגעלאָפען אונד געזעהן וויא דער פערוואונדעטער האָז איז ארויף אויף א בארג. ער איז געלאָפען ניט אזוי שנעל וויא מען קען ער־ווארטען פון א געזונדען האָז, אָבער שנעל גענוג אום דער הונד זאָל איהם ניט קענען כאפּען.

איך בין געלאָפען א היבשע צייט, אָבער זעהענדיג, אז איך פערליר מיין אטהעם, האב איך אָנגעפאנגען צו געהען אונד בעשטייגען דעם בארג.

דער בארג איז געוועזען פריהער פערזעעט מיט וויין, אָבער דיא תבואה האט מען שוין אָבגעשניטען, אונד איך האב דערפאר גאנץ גוט געקענט בעמערקען דעם לויף פון דעם האָז מיט זיין פערפאָלגער דעם הונד. אין א צעהן מינוטען צייט, איז ער אריבער דעם בארג אונד פערשוואונדען געוואָרען. מיט א פּאאר מינוטען שפּעטער, האב איך שוין דעם הונד אויך ניט געזעהען. דאן האב איך בעשטיגען דעם בארג אונד פאר מיינע אויגען איז ערשיענען א גרויסער אונד געדיכטער וואלד.

איך האב נאך געקענט הערען דאס האווקען פון דעם הונד גאנץ ווייט אוועק, אָבער איך האב ניט בעאבזיכטיגט נאכצופאָלגען אין איין אונבעקאנטען וואלד. איך האב מיך אוועק געזעטצט אויף דער ערד זיך אויסרוהען, ביז דאס האווקען פון דעם הונד האט זיך שוין מעהר ניט געהערט.

דיא לופט איז געוועזען קרעפטיגענד, אונד נאכדעם וויא איך האב בערוהיגט מיין קורצען אטהעם, האב איך געבליקט ארום אין דער שעהנער געגענד אונד מיך געשפּירט גליקליך.

דאן האט זיך ארויס געריסען א הוסט פון מיין ברוסט.

איך האב געשפּירט אביסעל שמערץ, אָבער דאס איז באלד פאַראיבער.

דיא לופט אויפ'ן בארג איז געוועזען קיהל, אונד איך האב בעשלאָסען ניט צו וואַרטען ביז דער הונד וועט צוריק קעהרען.

„ער וועט שוין טרעפען זיין וועג אהיים,“ האב איך מיר געטראכט.

איך האב מיך אויפגעהויבען אונד אָנגעפאנגען ארונטער צו געהן דעם בארג. עס איז שוין געווען אום מיטאג־צייט, אונד אָבוואָהל דיא זונן האט זיך צייטענווייז בעהאלטען אונטער א וואָלקען, האט עס אָבער דאָך ניט אויסגעזעהן, אז עס וועט רעגנען.

צו דער רעכטער זייט אין טהאָל, האט זיך געלאָזט הערען דער גלאָק פון א סטאַדע בהמות, אונד איך האב בעמערקט דעם פאסטוך זיטצענדיג אויף א בערגעל, דאן האב איך געהערט וויא ער האט געשפּיעלט אויף זיין פייפעלע אונד דיא טענער, אָבוואָהל איינפאַך אונד אָהן קונסטען, האבען זיך צוגאָסען איבער דער פרייער לופט, וויא דער אנגענעהמער פארפומען גערוך פון דיא ווילדע בלומען.

אונטערדעסען האבען צוריק געקעהרט דיא תאוה־געדאנקען צו מיר. איך האב מיך דערמאָהנט אן פערשיעדענע פרויען פון דער שטאדט, אָבער זייא האבען מיך ניט אינטערעסירט. זייא האבען בייא מיר אויסגעזעהען צו פערדאָרבען אונד געקינסטעלט, מיט פאלשע צייהן, פאלשע בוזימס אונד געפארבטע גע־זיכטער.

„אָבער לודמילא איוואנאָוונא,“ האב איך מיר געטראכט, „זיא איז נאטירליך; געזונד, שטארק, פעט, שעהן אונד“...

איך האב פערשטאנען, אז פון דער תאוה קען מען ניט ענטלויפען. מאָסקווא אָדער אין דער פרייער נאטור — עס בלייבט זיך גלייך!

לודמילא איוואנאָווינא, מיט איהרע בלוי־גרינע אויגען, מיט איהר ווארעמער האַנד אונד איהר פערפיהרישער בליק, האט מיך געהאלטען אין איהר מאכט. איך האב בעגריפען, אז איך בין מאכטלאָז צו קעמפפען דאגעגען.

איך קען עס אליין ניט בעגרייפען וויא דאס איז געווען, אָבער עס איז א טהאטזאכע, אז איך האב אָנגעפאנגען צו שפּירען צו איהר אזא מין ליעבעס געפיהל, וויא איך האב נאָך ניט געפיהלט צו קיין פרויענצימער ביז דאמאלס.

איך האב זיא געליעבט.

איהר בילד האט געשוועבט פאר מיינע אויגען, אונד טראָטץ דעם וואס איך האב זיא שוין געקענט מיט פיעלע פון איהרע פעהלער, האב איך געוואוסט, אז איך ליעב זיא מיט דיא פעהלער צוזאמען.

איך האב מיט איהר אויך מיטלייד געהאט.

„אזוי יונג אונד שעהן,“ האב איך מיר געטראכט, „אונד זיא מוז זיין דיא פרוי פון אזא אלטען מאן. וואס טויג איהר זיין גוטסקייט אונד צערטליכקייט? זיא דארף יונגע ליעבע אונד דאס קען זיא בייא איהם ניט געפינען. ארמע לודמילא! דאס שיקזאל האט דיך געטריעבען צו אזא מאן. ווען דוא וואלסט אבער פריהער געווען רייך, האסטו זעהר לייכט געקענט ערבייכען דיין גליק“...

„דער טייפעל רעדט אוים מיר!“ האב איך פלוצלינג אויסגעשריען. „איך בין א פערדארבענער שופט! אלעקסאנדער דימיטריעוויטש איז דער פריינד פון אונזער פאמיליע, מיין בעסטער פריינד; ער פערטרויעט מיר — אונד וואו איז דאס רעכט אונד דער יושר? בין איך ווירקליך שוין אזוי געפאלען, אז איך זאל מיך גאר ניט קענען אליין בעהערשען? צום טייפעל מיט מיין פערדארבענהייט!“

טייפעל אהין, טייפעל אהער; דאס אלעס האט געהאלפען וויא א טויטען באנקעס. איך האב געשפירט, אז איהר בענעהמען גענגען מיר, רעדט פאר זיך אליין, אז זיא בעגעהרט מיך, אז זיא זוכט מיין ליעבע...

„אבער זיא איז דאך דיא פרוי פון אלעקסאנדער דימיטריעוויטש; דיא פרוי פון דיעזען עדעלען, גוטען אונד ליעבען מענשען, וועלכער האט מיך געטראגען אויף דיא הענד אלס קינד — מיין פאטער'ס בעסטער פריינד... דאס איז געמיין, אבשייליך!“

איך קען מיך יעטצט עראינערן, וויא איך האב מיך זעלבסט געוואונדערט, איבער דיא טויזענדער געדאנקען אין מיין קאפ. אונד מיר איז קלאר געווארען דיא אידעע, ווארום מען זאגט, אז עס איז דא א יצר־הרע אונד א יצר־טוב. איך האב געשפירט וויא איין אידעע דרינגט זיך פולל מיט שמוטץ אונד פערדארבענהייט, וועלכע האט מיך אנגערעדט צו טרעטען מיט דיא פים פריינדשאפט, אנשטאנד, מאראל אונד דיא עדעלסטע מענשליכע געפיהלע. דאן איז ווידער ערשיענען דיא אנדערע אידעע אונד צו מיר געזאגט:

„מענש! וואו ביסטו אין דער וועלט? איז דאס יושר? איז דאס עהרליכקייט? מוז דען א מענש זיך לאזען הינרייסען פון יעדער פערדארבענהייט? שטארק זיך, זייא א מענש, דענק, טראכט אונד זעה איין, אז א מענש וויל, קען ער אלעם בעזיעגען“...

דאן איז ווידער געקומען דער געדאנק:

„אמת, ריכטיג, אבער איך בין נאך אלעמען ניט מעהר וויא א מענש, אונד זיא איז אזוי שעהן, פערפיהרעריש“...

עס האט זיך אלזא נאר געהאנדעלט אום דעם, ווער עס וועט זיעגען — דער יצר־הרע אדער דער יצר־טוב. איך, האט עס מיר אויסגעזעהן, בין נאר א ווערקצייג פון א אידעען-איינפלוס, אונד דער טייפעל האט מיך אויף זיין זייט מעהר וויא דער יצר־טוב, דאן — וועל איך פאלען!

איך האב געשווידערט פאר דער אידעע.

אונווילענדיג, האב איך געשפירט וויא איין עלעקטרישע קראמפ האט מיך צו איהר געצויגען.

## 5.

פערטיעפט אין מיינע געדאנקען, האב איך א היבשע צייט ניט בעמערקט וואו איך בין. ווען איך האב מיך ארום געקוקט, האב איך דערזעהן, אז איך בין שוין ניט ווייט פון אלעקסאנדער דימיטריעוויטש'עס וואהנונג.

עס איז געוועזן אונגעפעהר אום 2 אוהר נאכמיטאג.

ווען איך האב אויפגעהויבען מיינע אויגען, האב איך ערבליקט לודמילא איוואנאוונא מיר ענטקעגען קומען.

זיא האט געפיהרט איהר צווילינג בייא דיא הענד.

זיא איז געוועזן אהן א הוט אויף'ן קאפ, אונד איהר קערפער איז געוועזן איינגעהיעלט אין א שווארצעס קלייד מיט א ווארעמען שווארצען דזשאקעט.

וויא זיא האט זיך דערנעהנטערט, האט זיא געשמייכעלט אונד איהרע אויגען האבען געפונקעלט מיט א גלאנץ. אויף איהרע ליפען האט זיך געציינט יענער שמייכעל, וועלכער האט מיך אזוי בעאונרוהיגט אין דער לעטצטער צייט.

איך האב געשפירט מיין הערץ קלאפען אונד עס איז מיר וויא קיהל געווארען אונטער מיין ברוסט.

„איהר זייט מיעד, הא?“ האט זיא געפרעגט.

איך האב מיך בעמיהט צו ענטפערן, אבער איך האב ניט געקענט.

איז דאס ניט מערקווירדיג, אז איך, דער אויסגעלאסענער אונד פערדארבענער, דער ערפאהרענער אונד ערניעדריגטער דורך פרויען, האב קיין ווערטער געפונען צו ענטפערן דיעזער פרוי, וועלכע איז געוועזן, פערהעלטניסמעסיג מיט מיר, איין ענגעל? איהר האט אבער דער מוטה ניט געפעהלט.

„מיר קומען אייך ענטקעגען,“ האט זיא וויעדער אנגעפאנגען. „אייער ליעבלינג מאניא, האט ניט געוואלט געהען; זיא איז געבליעבען צו הויז מיט דער

־ענסט; זיא לאַנגווילט זיך שרעקליך אָהן דעם פאטער. איז עס ניט היינט א הערדליכעס וועטער?״

„יא,״ האב איך קוים ארויס געשטאַמעלט.

איהרע אויגען האבען וויא געשאָסען מיט פייער. זיא האט צייטענווייז ארונטער געבויגען דעם קאָפּ, געשוויעגען, אונד געמאכט דיא מיענע גלייך וויא זיא איז אין א גרויסער פערלעגענהייט.

איך האב פערשטאַנען וואס דאס מיינט, אונד איך האב ערוואַרטעט דער קריטישער מאָמענט זאָל קומען. איך בין געווען שטארק אויפגערעגט. זיא האט שוין ווענינ פערשטעלט איהרע געפיהלע, אונד, איך גלויב, זאָגאר דער עהרליכער אלעקסאנדער דימיטריעוויטש, וועץ ער וואָלט זיא דאמאלס געזעהן, וואָלט ער אויך רעררא̈טהען וואס אין איהר געהט פאָר.

זיא איז געוואָרען אונפערשעהמט.

מיר זיינען ביידע געשטאַנען אונד געשוויעגען אייניגע מינוטען. דאַן האט זיא געזאגט:

„א הערדליכעס וועטער!״

זיא האט נאָך געשטאמעלט א פּאאר ווערטער אונד איך האב מיך פערלוירען אין מיין האַלטונג. אָהנע איבערצודענקען וואס איך זאג, האב איך גע־ענטפערט:

„אונד איך האב אימער געדענקט אן אייך״...

„ווירקליך?״ האט זיא שנעל געפרעגט מיט זעהר א פרעהליכער שטימע, „אונד איך האב אויך געדענקט פון אייך. יא, יא, איך האב געדענקט פון אייך. קומט אהיים, אריין אין הויז, אונד מיר וועלען עסען מיטאג-ברויט.״

זיא האט געוואָרט איך זאָל צוגעהען נעבען איהר. איך האב בעגריפען איהר וואונש, אונד איך בין צוגעגאנגען. זיא האט גענומען איין קינד אונד דאס גע־שטעלט פון דער אנדערער זייט נעבען אנדערן. אונזערע שולטער האבען זיך בעריהרט.

זיא האט זיך אבזיכטליך צוגעבויגען צו מיר.

פון איהר קערפּער האט געוועהט א הויך פון פרישקייט אונד יוגענד. דער גערוך פון איהר קערפּער האט אויסגעזעהן אזוי שטארק פּארפומירט צו זיין, אז ער האט מיך בערוישט.

עס האט מיר אויסגעוויזען, אז יעדע קראפט פון זעלבסט-בעהערשונג איז

פערשוואונדען. אונד איך פאל, אלץ ניעדריגער אונד ניעדריגער, ביז איך מוז ליעגען צו איהרע פיס, אונד צופריעדען זיין, זאָגאר ווען זיא זאָל אויף מיר טרעטען.

דיא קינדער זיינען דערוויל ענטלאָפען פאָראויס, לאַבענדיג אונד שטיפענדיג.

דאַן האב איך געשפירט איהר האנד אין מיין ארעם. איך האב אויפגע־ציטערט פאר אויפרעגונג.

איהר האנד! איך האב געשפירט דיא ווארעמקייט דורך מיין ראָק. אום עפעס צו רעדען, האב איך איהר געוואָלט דערצעהלען איבער מיין יאגד, אָבער, וויא עס שיינט, האט זיא פיינד געהאט זייטענוועגען. זיא האט געוואָלט געהען דירעקט צום פונקט, מיט וואס זיא איז אינטערעסירט געוועזן.

זיא האט מיך אונטערבראָכען גראדע ווען איך האב געוואָלט עפענען מיין מויל.

„ווייסט איהר,“ האט זיא געזאגט, „איך האב פאר אייך א נייעס?“

זיא האט דאַן צוגעווענדעט איהר געזיכט צו מיר וויא צו זעהען אויב איהרע ווערטער אינטערעסירען מיך.

איך בין געבליעבען שטעהן אונד געפרעגט נייגיעריג:

„א נייעס פאר מיר?“

„יא.“

„אונד וואס איז דאס?“

„איך וויל איהר זאָלט טרעפען,“ האט זיא געזאגט זעהר לעבהאפט.

„איך זאָל טרעפען? איך ווייס ווירקליך ניט וואס צו טרעפען.“

„איבער אַלעקסאנדער דימיטריעוויטש,“ האט זיא געענטפערט.

איך האב געגוי ניט געוואוסט וואס זיא וויל מיר דערצעהלען, אָבער איהר בענעהמונג האט מיר געזאגט, אז דיא נייעס איז געווים דאריבער וואס איז נוגע אונזערע אויפרעגונגען.

„אלזאָ,“ האט זיא ווידער אָנגעפאנגען, „ווילט איהר ניט ווייטער טרעפען?“

„ער קומט היינט געווים ניט אהיים,“ האב איך גלייך געענטפערט.

„געטראָפען!“ האט זיא אויסגעשריען לאַבענדיג. „געטראָפען, ווירקליך גע־טראָפען!“

איהרע לעטצטע ווערטער זיינען געוועזן אוננאטירליך מונטער, אונד זיא האבט אין זיך געהאט א שפּאָטישען נאכקלאַנג.

דער מאַן האט מיך געשווידערט.

„דער וואָגען איז נאָר וואס צוריק געקומען," האט זיא ווייטער געזאגט; „דער טרייבער האט מיר אויך געבראכט א בריעף. מיין מאַן, אַלעקסאַנדער דימיטריע־װיטש שרייבט מיר, אז ער האט צו פערזאָרגען זעהר וויכטיגע געשעפטען, אונד דערפאַר איז ער געצוואונגען אויסצובלייבען ביז מאָרגען אין שטאָדט."

„דאס קען ניט מעגליך זיין!" האב איך געזאגט אונגלויביג.

„יא, יא," האט זיא געענטפערט, „איך פערזיכער אייך, אז אזוי איז עס"...

איך האב אָנגעהויבען איבערצוקלערען אַלעס. אנפאנגס האט עס בייא מיר אויסגעזעהן אונגלויבליך, אז אַלעקסאַנדער דימיטריעוויטש זאָל צוריק לאָזען זיין יונגע פרוי אייף מיין פערטרויען. דאַן האב איך מיך דערמאָהנט אן צוויי זאַכען: ערשטענס, אז אַלעקסאַנדער דימיטריעוויטש איז געוועזען זעהר קורצזיכטיג איבער זיין ווייב'ס קאָקעטירען צו מיר, אונד צווייטענס האט ער מיר געטרויעט, וויסענדיג, אז איך בין זיין פריינד.

דיא מאָראַלישע זייט פון דיעזער ערקלערונג, האט מיך ניט בעקימערט. איך בין בלויז צופריעדען געוועזען דערמיט, אז עס איז ווירקליך מעגליך, דאס אַלעקסאַנדער דימיטריעוויטש זאָל אויסבלייבען אין שטאָדט אונד איך מיט לודמילאַ'ן זאָלען זיין אליין.

איך האב געשפירט יענע פרייד פון יעדען ווּסטלינג, וועלכער זעהט זיך בייא זיין ציעל, אָהנע צו בערעכענען דיא פאָלגען.

ווען מיר זיינען אריין אין הויז, האבען מיר זיך געזעטצט צו טיש מיט דיא קינדער. לודמילאַ איז געוועזען מערקווירדיג געענדערט קוים איהר פריהעריגע האלטונג. זיא האט קיין וואָרט גערעדט וואס זאָל אנצייגען דיא אויפרעגונג פון דער פריהעריגער בענעגנונג.

אין דאס פיעללייכט געוועזען דערפאַר, ווייל זיא האט געוואוסט, אז זיא איז שוין זיכער מיט מיר, אָדער ווייל זיא האט זיך געשעהמט אין דער געגענווארט פון דיא קינדער? דארויף קען איך ניט ענטפערן. לודמילאַ איז געוועזען אונערקלערליך אויך אין פיעלע אַנדערע בענעהמונגען.

אלס מיר זיינען פערטיג געוואָרען מיט דעם עסען, זיינען מיר ארויס געגאַנגען, איטער מיט דיא קינדער, שפאַצירען אין גאָרטען.

לודמילאַ האט דאס גלייכגילטיגע געשפרעך וועהרענד דעם טיש ניט

נעוועקסעלט. איך האב מיר געטראכט, אז מיט יעדען בליק וואס זיא ווארפט אויף אלעקסאנדער דימיטריעוויטש'ס קינדער, דערמאהנט זיא זיך אן איהרע פליכטען צו איהר מאן.

אבער ווער ווייס אויב מיין אורטהייל איז געוועזען א ריכטיגער?

איך, פון מיין זייט, האב קיין געשפרעך ניט געוואלט אדער ניט געקענט אויפברעכען, וואס זאל פיהרען צו אונזער אינהאלט פון אויפרעגונג.

מיר האבען פערוויילט ביז 5 אוהר אין גארטען אונד דאן זיינען מיר אריין טרינקען טהעע. דאס האט געדויערט איבער א שטונדע.

אבענד בין איך געבליעבען זיצען אליין מיט איהר אין שפייזע-צימער. אבער זיא האט זיך אויפגעהויבען אונד געזאגט:

„אין עמפפאנגס-זאלאן איז עס אנגענעהמער. ווילט איהר אריין געהן?"

איך בין געגאנגען.

זיא האט זיך געזעטצט אויף א ברייטען שטוהל, גענומען שטיקערייא אין דער האנד אונד אנגעפאנגען צו ארבייטען בייא דעם שיין פון א גרויסען אונד ליכטיגען לאמפ.

זיא האט געשוויגען א היבשע צייט, אונד איך האב ארויס גענומען א צייטונג אונד אנגעפאנגען צו לעזען.

דיא שטילקייט האט אויף מיר געווירקט, אונד דער געדאנק פון זעלבסטבע-וואוסטזיין האט צוריק געקעהרט.

לעזען האב איך ניט געקענט. איך בין געוועזען זעהר אונרוהיג.

„איך בין א געמיינער שופט!" איז געוועזען דער ערשטער ענטשלוס אין מיינע געדאנקען. „אזוי מיעף געזונקען! אזוי טיעף! ניין, ניין, ניין! איך דארף ניט אונד זאל ניט דא בלייבען. זיא איז מיין פריינד'ס פרוי. היינט פאהר איך נאך אוועק. היינטיגע נאכט מיט'ן אבענד-צוג. דאס איז שרעקליך... ארמער, ארמער אלעקסאנדער דימיטריעוויטש... דאנקען גאט, וואס ער איז דא ניטא, ער זאל ניט זעהען וואס איך טהו הינטער זיינע פלייצעס... איך מוז אוועק, מיין פריינד'ס פרוי"...

„איהר פערברענגט וואהרשיינליך אייער צייט זעהר אנגענעהם אין מאסקווא?" האט זיא אתערוואַרטעט געזאגט.

לודמילא'ס שטימע האט ארויסגעקלונגען מילד אונד זעהר צערטליך. זיא האט אויפגעהויבען דיא אויגען פון איהר שטיקערייא, אונד צו מיר געבליקט מיט א שמייכעלע אויף איהרע ליפען.

מיר איז ווידער קיהל געוואָרען אונטער דער ברוסט. מיין קאָפּ האט גע־רווישט, אונד איך האב געענטפערט וויא צושיש:

„יא, יא, זעהר אנגענעהם.“

„אונד איך לאנגווייל מיך דאָ ביז צו טויט,“ האט זיא געזאגט ארונטער לאָזענדיג איהר בליק צו דער שטיקערייא. „ער, איהר ווייסט דאָך, איז איין אלטער מאן. איך פערעהר איהם נאטירליך זעהר פיעל, ווייל... ווייל... ווייל ער איז א פערנינפטיגער מענש, אָבער דאָך — ער וואָלט געקענט זיין מיין פאטער...“

נאך א קורצער בליק פון איהרע גלענצענדע אויגען, אונד זיא האט זיך ווידער פערטראכט אין דער שטיקערייא.

„ער קען איהר פאטער זיין,“ האב איך מיר געטראכט, „אונד זיא זוכט א“...

איך האב זיא פערראכטעט אין דיעזען אויגענבליק דערפאר, ווייל זיא האט בעליידיגט מיין פריינד אלעקסאנדער דימיטריעוויטש.

„דיא קאטץ! דיא שלאנג!“ האב איך געמורמעלט שטיל צו מיר אליין, אונד דאן, פאסענדיג א בעשלוס, האב איך מיך אויפגעהויבען אונד געזאגט:

„לודמילא איוואנאָוונא, איך האב בעשלאָסען אוועק צו פאָהרען; איך האב גאר פערגעסען, אז איך מוז פאָהרען, ווייל וויכטיגע געשעפטען רופען מיך. איך האב אפילו פערשפראָכען אלעקסאנדער דימיטריעוויטש נאך צו פערבלייבען דאָ א פאאר טעג, אָבער איך קען עס ניט; עס איז מיר אונמעגליך.“

וועהרענד איך האב גערעדט דיא לעטצטע ווערטער, האט זיא רוהיג אויפגע־הויבען איהר קאָפּ אונד מיך אנפאנגס אָנגעקוקט ערשטוינט. דאן האט זיך דער בליק געוועקסעלט, אונד זיא האט אויסגעזעהן מיך צו שטודירען. דער בליק איז געוואָרען ערנסט אונד אזוי שארף, אז מיר האט זיך געדאכט, דאס זיא קוקט ביז צו מיין טיעפער זעעלע.

דאן האט זיא נוטמיטהיג געשמייכעלט.

מיין ארפרעגונג איז געשטיעגען.

„ניין, איך מוז פאָרט!“ האב איך געענטפערט, גלייך וויא זיא וואָלט מיך צוריק געהאלטען. „איך בעט אייך זעהר, פערזאָרגט פאר מיר פערד; זאָל מען איינשפאנען, איך מוז פאָהרען“...

איך האב שוין ניט געוואוסט וואס איך רעד.

דאן בין איך געבליעבען שטיל.

לודמילא האט אלץ געקוקט שטילשווייגענד, אונד פלוצלינג, איז איהר געזיכט געווארען מיכד, צארט אונד ליעבליך.

„וואס איז מיט אייך געשעהען?" האט זיא געפרעגט.

זיא האט זיך בייא דיעזע ווערטער אויפגעהויבען, אוועק געלעגט רוהיג דיא ארבייט אויף א קליין טישעל, אונד מיט איהר שנעלער אונד נערווישלאזער קאטצעך בעוועגונג האט זיא זיך אומגעווענדעט אונד אנגעפאנגען צו מיר צוצוגעהען.

זיא האט אויסגעשטרעקט איהר האנד צו מיר. איך האב נים פערשטאנען וואס זיא מיינט, נאר איך האב איהר גענעבען דיא האנד. איך האב נים געשפירט דעם גריף. דאגעגען אבער, האב איך געפיהלט איהר בליק וואס איז פערפינסטערט געווארען אונד איך האב וויא שווידערענד געבליקט צו איהרע ברעמען, וויא זייא האבען זיך צוזאמען געצויגען.

איך האב דערפיהלט איהר ווארעמע האנד. מיין בלוט האט אויפגעקאכט אונד איך האב געוואלט בעדעקען איהר האנד מיט דיא קושען פון מיינע ברענענדע ליפען, נאר...

פלוצלינג האט אויסגעקלונגען מאניא'ס שטימע פון דעם צווייטען צימער.

איך בין אויפגעשפרונגען גלייך וויא טויזענד נאדלען וואלטען אריין געשטאכען געווארען אין מיין קערפער.

מיי בעזינונג האט צוריק נעקעהרט. מאניא'ס שטימע, דיא שטימע פון אלעקסאנדער דימיטריעוויטש'עס קינד, האט מיך ערוואכט.

„ניין, ניין!" האב איך וויא געשריען, נאך אימער האלטענדיג איהר האנד אין מיינער, „עס קען ניט זיין! איך מוז אוועק פאהרען, באלד, זאפארט!"

מאניא'ס שטימע האט זיך מעהר נים געהערט, אונד זיא האט געשטייבעלט פערפיהרעריש.

איך בין געבליעבען מאכטלאז צוריק פאלענדיג אין שטוהל.

איהר האנד האט העפטיג געדריקט מיין האנד, אונד זיא האט געמורמעלט מיט איין אונטערדריקטער שטימע:

„ניין, געליעבטער, איהר בלייבט דא!"

איהר ווייכע לינקע האנד האט וויא פערבלאנדזעט צווישען מיינע האאר אויף'ן קאפ, ווען זיא האט אנגעפאנגען צו קרייזלען.

איהר קערפער האט זיך צונערוקט זאנפט נאהענט צו מיינעם, אונד איהר געזיכט מיט איהרע אפענע ליפען האבען זיך צוגעבויגען צו מיין קאפ.

איך האב געפיהלט איהר ווארעמען הויך.

א פאאר קרויזען פון איהרע האאר האבען געגלעט מיין דערהיטצטען שטערן.

א זיסע מיעדקייט האט מיך בעפאלען אונד איך האב שווער געאטהעמט ווינשענדיג צו פערבלייבען נעבען איהר קערפער.

„אבענדס, שפעטער," האט זיא געמורמעלט אין מיין אויער מיט איהר ווארעמען הויך.

דאן האט זיא געמאכט א קאטצען־שפרונג צוריק.

מיין הערץ האט שווער געקלאפט אונד איך האב מיך געשפירט שטארק בערוישט.

„ווארט, ווארט אביסעל," האב איך געזאגט מיט דער שטימע פון א שיכור אויסשטרעקענדיג מיינע הענד וויא צו א שאטען.

איך האב געוואלט זיא זאל ווייטער בלייבען נעבען מיר, אונד ווען איך האב אויפגעהויבען מיינע אויגען, האב איך זיא געזעהען שטעהען מיט א פאאר שריט ווייטער פון מיר, אונד אויף איהרע ליפען איז געלעגען א טריומפירענדער שמייכעל.

„ניין, ניין," האט זיא געזאגט שטיל אונד עטוואס הייזעריג, „ניט יעטצט, שפעטער; איהר זאלט ווארטען אביסעל... איהר קאמישער מענש... איננעל!"

זיא האט זיך דאן הויך צולאכט אונד איז פערשוואונדען מיט איהרע קאטצען־שריטע פון דעם צימער.

איך בין געבליעבען זיטצען אין א ווילדער אויפרעגונג אונד דיא נאנצע בעטטע האט אין מיר געוויטהעט. איך בין געווען שטארק בעז אויף איהר ווארום זיא איז אוועק, אבער איך בין געווען בערייט איהר אלעס צו פערצייהען, ווען זיא זאל נאר צוריק קומען.

„אבענדס, שפעטער!" איהרע ווערטער האבען נאך געקלונגען אין מיינע אויערן, אונד זיא האט בייא מיר אויסגעזעהן דיא ליעבליכקייט זעלבסט.

אלעס, אלעס האב איך פערגעסען. מאראל, זיטען, אנשטאנד אונד פריינדשאפט זיינען פערשוואונדען אין אבגרונד פון בעסטיאליטעט, אונד נאר זיא מיט איהרע סאטיר־שלאנגען אויגען איז געשטאנען פאר מיר.

איך בין געזעסען אזוי לאנג, ביז איך האב מיך געשפירט עטוואס בערוהיגט פון דיא פריהערינע מאמענטען.

ווִיא אַזוֹי אִיךְ האָב מִיךְ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אוּנד ווען אִיךְ האָב מִיךְ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען פוּן דעם שטוּהל, קען אִיךְ מִיךְ נִיט עראִינֶערְן. אִיךְ ווייס נאָר, אַז דִיא נֶעכְסטֶע צייט וואָס אִיךְ געדענק, אִיז, ווען אִיךְ בִּין געזעסען בּייא טִישׁ צוּם אָבֶּענְד־עסען.

מאַניא אִיז געווען מוּנטֶער ווִיא אִימֶער. דער צווילינג האָט געשׁווִיעגֶען. אִיךְ האָב נִיט גוּט געפִיהלְט אוּנד אִיךְ האָב אוֹיךְ געשׁווִיעגֶען.

דִיא קִינְדער האָבֶּען אוֹיף מִיר געמאַכְט אַ טִיעפֶען אֵיינְדרוּק. אַלֶעקְסאַנדער דִימִיטְרִיעווִיטשׁ'עס קִינְדער, האָב אִיךְ מִיךְ דערמאָהנְט, זִיצֶען גֶעגֶענְאִיבֶּער מִיר אוּנד דער שׁטראָם פוּן מיינֶע געדאַנקען, האָט זִיךְ אוּמְגֶעווענְדעט.

„וועל אִיךְ ווירקְלִיךְ פּאַקען אוּנד בִּין אוֹיךְ שׁוֹין געפּאַלֶען?" האָב אִיךְ גע־טראַכְט. „וועל אִיךְ מִיךְ ווירקְלִיךְ נִיט קענֶען בֶּעהערְשֶׁען? יאָ, דאַן אִיז שׁוֹין אַלֶעס פערלוֹירֶען."

אִיךְ האָב מִיךְ פערדאַמְט ווִיא דעם נִיעדְרִיגְסְטֶען שׁוּפְט.

ווען מען האָט מִיךְ אַלֵיין דאַמאָלְס געפְרעגְט אִין אוֹרְטְהֵייל אִיבֶּער מִיר, אוּנד אִיךְ וואָלְט געווען אוֹיפְרִיכְטִיג, וואָלְט אִיךְ געענְטְפֶערְט:

„אִיךְ בִּין אַ שׁוּפְט פוּן דער נִיעדְרִיגְסְטֶער שׁטוּפֶע."

בּייא מִיר האָט עס אוֹיסְגֶעזעהען, גְלֵייךְ ווִיא דער רעלִיגִיעזֶער זִינְדער, ווֶעלְכֶער טהוּט פערבּרעכֶען גֶענֶען גאָט אוּנד מענשׁען, אוּנד ווען ער קוּקְט זִיךְ אַרוּם וואוּ ווָאוּ ער אִיז אִין דער וועלְט אוּנד אַנְערְקענְט זֵיין פערבּרעכֶען, זאָגְט ער, טראַכְט דעם וואָס ער ווייס, אַז מען וועט אִיהם בּרענְגֶען אִין גִיהִנוֹם:

„סאַ־ווִיא־סאַי פערלוֹירֶען; עס קִימֶערְט מִיךְ נִיט ווען אִיךְ זִינְק ווייטֶער אַלֶץ טִיעפֶער אוּנד טִיעפֶער."

דער קאַמְפְּף מִיט מִיר זֶעלְבְּסְט אִיז געווען שׁמערְצְהאַפְט.

„מֵיין גאָט!" האָב אִיךְ אוֹיסְגֶערוּפֶען אִין מיינֶע געדאַנקען, „אִיז יעדער מאַן מאַכְטְלאָז אִין אַזאַ פאַל? ווִיא וואָלְט אַ פְרוֹי געהאַנְדעלְט, אֵיין אַנְשְׁטענְדִיגֶע אוּנד מאָראַלִישֶׁע פְרוֹי, מֵיין אִיךְ?"

דִיא פְראַגֶע האָט מִיךְ אִינְטֶערעסִירְט פוּן אַ ווִיסֶענְשׁאַפְטְלִיךְ־געזעלְשׁאַפְטְלִיכֶען שׁטאַנְדְפּוּנְקְט. אִיךְ האָב געמוּזְט מוֹדֶה זֵיין, אַז אַזֶעלְכֶע מֶענֶער ווִיא אִיךְ, אִין מֵיין לאַגֶע, ווֶעלְכֶע רוּפֶען זִיךְ טראַכְטֶען זֵייער פערדאָרבֶּענְהייט מאָראַלִישׁ, זֵיינֶען בֶּעסְטֶעס וואָס קענֶען זִיךְ נִיט בֶּעהערְשֶׁען. אָבֶּער פְרוֹיעֶן ווען מען קען זִייא נאָר אָנְרוּפֶען מאָראַלִישׁ, וואָלְטֶען גאַנְץ גוּט געקענְט אִיבֶּערְשְׁטֶעהען אַזאַ נִסָּיוֹן.

„אָבער פרויען,“ האב איך מיר געטראַכט, „ערדייכען קיינמאָל ניט אזא ניעדריגע שטופע אונד זיך נאך רופען מאָראַליש. ווען איך וואָלט ווירקליך געווען א מאָראַלישער מענש, לויט וויא איך פערשטעה, אונד ניט וויא דיא פער־דאָרבענע וועלט בעגרייפט, דאן“...

מיינע געדאנקען זיינען אונטערבראָכען געוואָרען.

לודמילא איוואנאָוונא, וועלכע איז געזעסען ביים טיש מיט אזא אונפער־שעהמטער מיענע, גלייך וויא עס וואָלט גאר ניט פאסירט, האט מיך אויפגעפאָר־דערט איך זאָל זיא בעגלייטען ביים זינגען.

„ביז דיא קינדער וועלען איינשלאָפען,“ האט זיא בעמערקט גלייכ־גילטיג.

דיא בעמערקונג איז געווען אזוי צווידייטיג, אז דעריעניגער וואס האט ניט געוואוסט וואס עס איז צווישען אונז פאָרגעגאנגען, האט געקענט מיינען, אז לוד־מילא זאגט עס נאָר דערפאר, כדי מיר זאָלען שפעטער ניט אויפוועקען דיא קינדער בשעת זייא וועלען שלאָפען מיט אונזער געזאנג.

איך האב אָבער פערשטאנען וואס זיא מיינט.

וויא א געהאָרזאמער הונד וואס פאָלגט זיין הערן, האב איך מיך אויפגע־הויבען פון דעם שטוהל אונד צוגעגאנגען צו דער פיאנאָ.

ווען זיא האט זיך אויך געזעטצט, האב איך געשפירט דאס פייער פון אויפ־רעגונג אויפפלאקערן אין מיין קערפער.

אָבער זיא איז אויך געווען שטארק אויפגערעגט, אונד זיא האט יעדעס מאל צוגעבויגען איהר קאָפּ צו מיינעם, אָבער מיט אזא קונסטפאָלער בעוועגונג, דאס דיא קינדער האבען דאריף ניט געקענט ווערען אויפמערקזאם.

זיא האט געזונגען איינינע ליעדער. אָבער דאס האט מיך ניט אינטערעסירט. ניט איהר שטימע האב איך געוואָלט הערען. דיא ווארעמקייט פון איהר קערפער בייא מיין זייט, האט מיך שיער פעררינקט געמאכט.

איך האב געקעמפפט מיט אלע מיינע קרעפטען זיא ניט צו אומארמען אונד דריקען צו מיר. דיא קינדער האבען אויף אונז געקוקט, אונד אזא שרים איז אונ־מעגליך געווען.

זיא האט פּעּ שטאנען מיין אונרוהע אונד זיך אויפגעהויבען. איך בין גע־בליעבען זיטצען.

„קומט אין עמפפאנגס־זאלאָן,“ האט זיא געזאגט וויעדער מיט איהר גע־לאסענער שטימע.

איך בין נאכגעגאנגען.

יא, מען האט געמוזט זעהען פריהער, אז די קינדער מיט דוניאשא'ן, זאלען איינשלאפען.

מיר האבען זיך געזעצט אויף צוויא שטוהלען איינער נעבען אנאנדער.

א שוידער האט מיך פלוצלינג בעפאלען אונד אנדערע געדאנקען, ניט אזעלכע פון פריהער, האבען מיך בעפאלען. פון מאראל, זיטען, אנשטאנד אונד פריינדשאפט, האב איך שוין מעהר ניט געדענקט. לודמילא איוואנאוונא'ס קערפער, איז בייא מיר העכער געשטאנען וויא אלע דיעזע אידעען.

איך האב געדענקט, וויא יעדער קומפ, אום דעם זעלבסט-פערטהיידיגונג, אום זארג פיר זיך אליין.

„איז דאס מעגליך, אז ער האט מיך ווירקליך איבערגעלאזען אלס איהר שומר?" האב איך מיך געפרעגט. „א שעהנער שומר! ניין, איך קען דאס מיר ניט גלויבען. עס איז מעגליך, אז אלעקסאנדער דימיטריעוויטש איז קליגער וויא איך האב מיר פארגעשטעלט. עס איז מעגליך, דאס וועהרענד איך האב איהם גע־רעכענט פאר דום אונד קורצזיכטיג, האט ער פערשטאנען וויא זיך צו מאכען ניט זעהענדיג, אונד ער האט מיך אבגענארט. ער איז גאר פיעללייכט דערפאר אוועק געפאהרען, אום ער זאל אבפראבירען זיין פרוי אונד אויך זעהען אויף וויא וויט מען קען זיך פערלאזען אויף א פריינד. האבען דען אזעלכע זאכען שוין ניט פאסירט? איך האב מיך דערמאהנט אן פיעלע עהנליכע פעללע. פיעללייכט שטעהט גאר אלעקסאנדער דימיטריעוויטש אונטער די פענסטער אונד זעהט אלעס צו. צום לעטצטען מאמענט, ווען ער ערשיינען, אונד"...

די אידעע פון אזא סצענע האט פון מיר אוועק גענומען דעם חשק.

לודמילא האט דערווייל געלעגט איהר ווייכע האנד אויף מיינער. דאס האט געהאט די ווירקונג פון עלעקטריציטעט. זיא האט אנגעצונדען מיין גאנצען קערפער.

איך האב דאן אונטערדעסען איהר מיטגעטהיילט, מיינע געדאנקען. אבער די אויפרעגונג וואס זיא האט ארויס גערופען, האט געווירקט וואס איך האב בער מערקט האלב שפאסענדיג:

„אונד וואס וועלען מיר מהון ווען ער וועט מאקי אנקומען?"

זיא האט געלאכט.

„א איננעל בלייבט א איננעל!" האט זיא געזאגט מיט א זיסען שמייכעלע אונד אנגענומען מיט איהר אנדערע האנד מיין צווייטע האנד. „איהר קענט ניט

אלעקסאנדער דימיטריעווימש, אָבער איך קען איהם יא. ער האט עס נאך קיינמאל ניט געטהאָן אונד ער טהוט עס אויך ניט. ער ווייס ניט קיין חכמות. ער פערשטעהט ניט יענעם אָבצונארען, אונד מיך, איבערהויפט, וועט ער ניט אָבנארען."

זיא האט ווייטער געלאכט, אונד דאַן האט זיא עפּעס געזאגט, וואס איך האב ניט פערשטאנען, אָבער א פּאאר ווערטער האבען מיך אַזוי פעראינטערעסירט, אז איך האב זיא געבעטען, זיא זאָל זייא נאך אמאל זאגען.

„יא, יא," האט זיא געזאגט מיט א פערזיכערענדען טאָן. „אלעקסאנדער דימיטריעוויטש ליעבט מיך אַזוי, דאס עס איז מעגליך, אז ער בלייבט אויסדריקליך אין שטאָדט היינטינע נאכט, כדי איך זאָל האבען א פּאאר שטונדען פערגניעגען אין אייער געזעלשאפט."

„אין מיין געזעלשאפט?" האב איך געפרעגט.

„וואָרום דען ניט? ער וויל מיר מאכען פערגניעגען."

„אונד וואס פאר א פערגניעגען?"

„אך, מיין ליעבער יונגע," האט זיא דאַן געזאגט מיר דריקענדיג דיא הענד „איהר האט מיך שלעכט פערשטאנען. מיינט איהר אפשר, אז ער רעכענט אויף אַזוי וויית? ניין, ניין, אזא פערגניעגען וואָלט מיר אלעקסאנדער דימיטריעוויטש ניט געוואָלט צוטהיילען, אָבוואהל ער ליעבט מיך אַזוי שטארק. ער רעכענט אייף אונשולדינעם פערגניעגען, דער דומער נאר! ער זעהט ניט אונד פערשטעהט ניט, — הא, הא, הא!"

איך האב אויך געלאכט, אָבער הויך, אוננאטירליך אונד מיט א מערקווירדיגען טאָן, פאר וועלכען איך האב מיך באלד אליין דערשראָקען.

יעדענפאלס אָבער, האב איך אלעקסאנדער דימיטריעוויטש ניט געקענט פערשטעהן. איך האב מיר ניט געקענט פאָרשטעלען וויא מען שטעלט אזא אויס־ ... ווי איך, פאר א שומר. איך האב אָבער געגלויבט לודמילא'ן, ... וואס זיא זאגט, אונד מיר האבען שוין מעהר דאריבער ניט גע־

... האב מיך אנגעפאנגען מעהר צו איהר צו דערנעהנטערן. אָבער דער ... אין הויז, פון דיא קינדער אונד פון דער דיענסט וואס זיינען נאך ניט גע־ ... האט לודמירא'ן אויפמערקזאם געמאכט.

... צוויי געצויגען איהרע הענד פון מיר אונד בעמערקט:

„מיר וועלען אביסעל שפּיעלען דאַמע.“

דאס איז געווען, אום דיא צייט זאָל פערגעהען אונד מיר זאָלען ניט זיין צו פיעל צוזאַמען.

איך האב פערשטאַנען, אז זיא האט רעכט, אונד איך האב איינ־געווילינגט.

זיא האט זיך שנעל אויפגעהויבען, צוגעגאַנגען צום טיש, פון דאָרט אַרונטער גענומען א שאַכטעל אונד דיזעס דאַן אַוועק געלעגט אויף א קליין טישעל.

איך האב איהר נאַכגעקוקט מיט דיא אויגען פון א וויסטלינג.

דאַן האט זיא זיך געזעטצט אויף דער סאָפאַ, אונד מיר אָנגעצייגט א פּלאַטץ נעבען איבער איהר.

זיא האט אויפגעמאַכט דאס שפּיעל־ברעט, ארויס גענומען דיא פיגורען, אונד נאכדעם וויא זיא האט מיר צוגעוואָרפען איינעם פון איהרע פערפיהרערישע בליקען, האט זיא מיר געזאגט, דאס דער שפּיעל פאַנגט אָן.

מיר האבען געשפּיעלט.

וועהרענד דעם, האט איהרע ווייסע האנד בעריהרט דיא מיינינע בייא דעם רוקען פון דיא פיגורען. אונזערע קניען האבען זיך אויך בעריהרט.

זיא איז געוואָרען שטארק אויפגערעגט. איהרע באַקען האבען אָנגענומען א רויטע פאַרב אונד איהרע אויגען האבען געגלענצט מיט גרויסע אויפרעגונג.

זיא האט מיך יעדעס מאל אָנגעקוקט אונד געשמייכעלט.

וויא איך האב אויסגעזעהען, קען איך ניט וויסען. איך געדענק בלויז, אז דאס בלוט האט געיאָגט איבער מיין גאַנצען קערפּער אונד מיין הערץ האט שטאַרק גע־קלאַפּט.

עס איז שוין געווען 11 א זייגער אין דער נאַכט. איך האב מיך בערוהיגט מיט דער אידעע, אז אלעקסאנדער דימיטריעוויטש, וועט שוין ניט אהיים קומען.

„מיין פריינד׳ס פרוי!“ האט פּלוצלינג וויא פון אונטער דער ערד אויסגע־קלונגען אין מיינע אויערן.

איך האב געוואוסט דיא בעדייטונג פון דיזע ווערטער, אבער עס איז שוין געווען צו שפּעט. זייא האבען מעהר ניט געקענט ווירקען איבער מיר, אז איך זאָל מיך אויפהויבען אונד זיא פערלאָזען.

זיא איז געווען מיין הערצין, אונד איך האב געמוזט געבען איהר בלייבען.

מיין אויפרעגונג האט געשטיינען אונד עס האט מיר אויסגעזעהן אונמעגליך מיך צו בעהערשען.

„וואס טהוט איהר?“ האט זיא אויסגעשריען לאכענדיג, „איהר שווינדלער! איהר האט צוגענומען מיין פיגור!“

„יא“...

„גיבט מיר דעם פיגור זאפארט צוריק!“

זיא האט אנגעכאפט מיין האנד אונד געוואלט עפענען ארויס צו נעהמען דיא פיגור, וועלכע איך האב ניט זעהר פעסט געהאלטען.

דיעזע לעטצטע בעריהרונג, האט מיך שיער פערריקט געמאכט. איך בין אויפגעשפרונגען פון דעם שטוהל, מיך אוועק געזעטצט אויף דער סאפא אונד זיא אומארמט. איך האב זיא געדריקט צו מיין הערץ מיט מיין גאנצער קראפט.

זיא האט געשוויעגען.

איך האב זיא געקושט אין איהר ווייסען האלז, אונד זיא האט אויסגעזעהן צו ציטערן אונטער דער ברענענדער בעריהרונג פון מיינע ליפען.

איך בין געווארען ווילד...

„ניין, ניין,“ האט זיא געזאגט מורמלענדיג אין מיין אויער. „נעהמט צוריק אויף אייער פלאטץ, דיא דיענסט איז נאך אין צווייטען צימער“...

זיא האט זיך בייא דיעזע ווערטער אויסגעריסען גראדע וויא א קאטץ.

זיא איז געבליעבען שטעהען אטהעמענדיג שווער אונד שטארק פערפלאמט.

„איהר בעזער מענש!“ האט זיא געזאגט מאכענדיג מיט איהר פינגער. „זעהט, איהר האט מיר שיער אבגעריסען דיא קנעפ פון דעם בוזים“...

זיא האט מיר געוויעזען מיט א בליק פון איהרע אויגען אויף דער אפענער טהיר פון דעם שפייזע-צימער, אז עס איז נאך דארט ניט געווען אבגעראמט פון דעם טיש.

דיא אידעע, אז יעמאנד קען מיך זעהען, האט אבגעקיהלט מיין אויפרעגונג.

זיא איז דאן צוריק געפאלען מיט א געצוואונגענעם געלעכטער אין דעם שטוהל וואו איך בין פריהער געזעסען.

איך האב מיך אויפגעהויבען פון דער סאפא אונד אבגעווישט דעם שווייס פון מיין שטערן. דאן האב איך אנגעפאנגען ארום צו געהען אין צימער הין־אונד־צוריק.

ארום געהענדיג, האב איך ערבליקט דיא דיענסט אריין קומענדיג אין שפייזע־צימער. איך האב באלד פערשטאנען ווארום זיא איז אזוי שנעל אויפגע־שפרונגען פון דער סאפא. זיא האט וואהרשיינליך געהאלטען איהרע אויערן נוט אפען, דאמיט זיא זאל הערען אלעם וואס עס געהט פאר.

וועהרענד דעם האט זיא גאנץ רוהיג אומגעווענדעט איהר קאפ אונד גאנץ געמיטהליך געפרעגט:

„שלאפען שוין דיא קינדער?"

איהר שטימע איז געוועזן אזוי רוהיג אונד אזוי איינפאך, אז מען האט געקענט מיינען, דאס זיא האט נאר וואס בעשפראכען איהר שטיקערייא אדער דעם מיטאג וואס מען דארף מארגען קאכען.

דוניאשא האט זיך אומגעווענדעט, אונד געענטפערט:

„יא, זייא זיינען נאר וואס איינגעשלאפען."

דאן האט זיא אנגעפאנגען ארונטער צו נעהמען פון דעם טיש.

לודמילא איוואנאוונא האט געגעבען א לאנגען גענעץ, אונד בעמערקט מיט א שלעפערינגען טאן:

„איך וויל אויך געהען צו בעט, איך בין זעהר מיעד."

זיא האט דאן אויסגעבויגען דעם שטוהל מיט איהר רוקען אונד נאך אמאל געזאגט מיט א גענעץ:

„ניין, ניין, עס איז שוין אזוי שפעט, אונד אלעקסאנדער דימיטריעוויטש וועט געוויס ניט מעהר אהיים קומען."

דאס איז געוועזן אין א טאן פון בעדויערן.

דוניאשא האט צו דיעזער צייט געהאט צוזאמען גענומען אלעס פון טיש.

„דוניאשא," האט לודמילא ווייטער געזאגט אזוי שלעפעריג, „דוא זאלסט אויסלעשען דאס ליכט פון קארידאר אונד גוט פערמאכען דיא טהיר."

דוניאשא האט געענטפערט: „יא, יא," אונד איז פערשוואונדען געווארען פון דעם שפייזע־צימער.

דאס ארום שפאצירען איבער דעם צימער, האט מיך שטארק בע־רוהיגט.

„וויא בעסטיאליש!" האב איך מיר געטראכט. „איך זעה בייא מיר אוים וויא א ניעדריגע בעסטיע, וואס שטעהט אונדווארט אום צו ערפיללען איהר בעסטיאליטעט, אהנע זיך צו בעקימערן אום אלע געבענזאכען. אלע מענשליכע געפיהלע זיינען פון מיר אויסגעלאשען. בלויז דיא בעסטיע לעבט. פערנונפט, זיטען,

איבערלעגונג, אלעס, אלעס איז פערשוואונדען. דער מענש אין מיר איז טויט. דיא בעסטיע! קען מען זיא ווירקליך ניט פעריאגען, טויטען, פערניכטען אדער דער־שטיקען? אך, וויא דאס שמערצט מיך. — מיין פריינד׳ס פרוי!״

אין הויז איז עס שוין גאנץ שטיל געוואָרען. אויך דוניאשא איז געגאנגען שלאָפען. מיר זיינען געבליעבען גאנץ אליין.

איך האב געקענט הערען דאס קלאפען פון מיין הערץ.

קיין זעלבסט בעהעררשונג האב איך שוין מעהר ניט געהאט. איך האב בלויז געווארט אויף דעם וואס עס וועט ווייטער זיין.

עס איז מיר שוין געווען גלייכגילטיג וואס עס וועט זיין. איך האב געווארט אויף מיין ענדע. אהין אדער אהער.

מיינע אויגען זיינען געפאלען אויף לודמילא׳ס וויסען האלז אונד בעוועגענדע ברוסט.

דאן, זיך נאך אמאל צוהערענדיג, האט זיא זיך פלוצלינג אויפגעהויבען פון דעם שטוהל אונד מיך אנגעקוקט מיט איהר פערפיהרערישען שמייכעל.

„אויף ווידערזעהען!״ האט זיא געמורמעלט.

דיא קאטצען בעוועגונג פון איהר קערפער, האט מיך אונגעהייער אויפ־געדעגט.

אלס איך האב געזעהן, אז זיא וויל פערלאָזען דאס צימער, בין איך צו איהר צוגעלאָפען אונד זיא געכאפט ארום איהר שלאנקע טאליע.

„ניין, ניין,״ האט זיא געזאגט מיט איהרע פולע רויטע ליפען זיך בעוועגענדיג, „ניט יעטצט, ניין, געהט אין אייער צימער, אונד איך קום באלד״...

א וואהנזיניגער רייץ האט מיך ערגריפען.

זיא האט אביסעל געקעמפפט, אבער דאן האט זיא זיך נאכגעגעבען צו מיין ווילדער אומארמונג.

זיא האט נאך אמאל געשמייכעלט פערפיהרעריש, אונד דאס האט מיין בלוט אויפגעקאכט.

„שטיל, זיא שלאפט נאך ניט,״ האט זיא געזאגט, מיינענדיג דוניאשא׳ן.

איך האב זיא אונטערדעסען צוגעפיהרט צו דער סאפא, וואו איך האב זיא אוועק געזעטצט.

וועהרענד דעם האט זיך געעפענט א טהייל פון איהר דזשאקעט, אונד דער אבערער טהייל פון איהר וויסער ברוסט האט זיך ארויס געוויזען.

איך האב דארט איינגעגראבען מיינע צייהן וויא א ווילדע חיה.

זיא האט געציטערט.

איך האב געשפירט גלייך וויא מיין געהירן איז אין פלאסען.

מיט דיא הענד האב איך אזוי געדריקט איהר קערפער, אז איך האב נעשפירט דעם דרוק אין מיין שוואכער ברוסט.

זיא האט אבער גאר ניט געזאגט.

מיינע ליפען האבען זיך געקלעפט וויא בייא אזעלכען וואס ליידעט פון שרעקליכען דארשט...

„ניין, ניין!“ האט זיא פלוצלינג געזאגט שטרענג, אונד מיט איהר קאטצען בעוועגונג, האט זיא זיך שנעל נאך אמאל אויסגעריסען.

איך בין געבליעבען ליעגען וויא א דערשאסענע חיה.

איך האב מיך ניט געקענט אויפהויבען.

איהרע באקען האבען געפלאמט מיט דער פארב פון צווייא רויזען, אונד זיא איז געבליעבען שטעהן נעבען טישעל זיך צוקנעפלענדיג איהר דזשאקעט.

„איהר שלעכטער יונג!“ האט זיא געזאגט מיט א ניעדריגער שטימע. „איהר האט מיך בעליידיגט... איהר מוזט אריין אין אייער צימער, איך וועל אהין קומען, זא שנעל וויא איך וועל מיך איבערצייגען, אז מען שלאפט שוין.“

זיא איז דאן ארויס דורך דעם שפייזע-צימער, אונד איך האב געהערט זיך עפענען דיא טהיר פון דעם קינדער־צימער, אונד דאן וויא דיעזע האט זיך ווידער צוגעמאכט.

איך בין געלעגען א היבשע צייט וויא אין א טרוים, אונד איך האב גאר ניט בעגריפען וואס עס איז פארגעגאנגען. דאן האב איך געשפירט, אז מיין גאנצער קערפער איז דורכגעווייקט אין שוויים.

אויף מיין ברוסט האט מיך שטארק געשמערצט אונד איך האב געמוזט הוסטען.

דאן האט זיך פאר מיר בעוויעזען אלעקסאנדער דימיטריעוויטש'עס געזיכט, טרויעריג אונד בעדויערענד.

איך האב מיך ניט דערשראקען, ווייל איך האב כיך משער געוועזן, אז דאס איז בלויז מיין פאנטאזיע. איך האב מיך אויפגעזעטצט אונד שווער אויפגעאטהעמט.

דער פיין פון מיין ברוסט האט מיך זעהר יושה געטהאן, אונד איך האב פער־

שטאנגען, אז דאס איז פון דעם ווילדען דרוק פון מיינע הענד ארום איהר קערפער.

עפעס האבען זיך ווידער געוואָלט דרינגען אין מיין קאָפּ געדאנקען, אבער איך האב זייא פערטריעבען מיט א גענגען־געדאנקען, וועלכער האט געזאגט:

„אלזאָ גוט, מאַראַל, זיטען — איך האב דערמיט ניט וואס צו טהון. לודמילא איוואנאָוונא מוז זיין מיינע!“

איך האב מיך אויפגעהויבען פון דער סאָפאַ זיך צוהאלטענדיג און טישעל. איך האב געשפירט א גרויסע שווערקייט אין מיינע פיס.

מיין גאנצער קערפער איז געווען וויא געלעהמט, נאָר דיא בעסטיע איז געווען נאך טהעטיגער וויא אימער. איך בין לאנגזאם ארויס פון דעם זאלאָן אונד בין אריין אין מיין שלאָף־צימער.

איך האב ארויס גענומען א שוועבעלע, אנגעצונדען דאס ליכט אונד מיך אנגעפאנגען שנעל אויסצוקליידען.

דאן האב איך מיך געלעגט אונד אבזיכטליך אויסגעלאָשען דאס ליכט.

דיא טהיר וואס האט געפיהרט אין אלעקסאנדער דימיטריעוויטש'עס צימער, איז געבליעבען אָפען. איך האב געוואוסט, אז לודמילא וועט דורך דיעזען וועג קומען.

דורך דעם פענסטער געגענאיבער מיר, איז אריין געפאלען א שטראָם זילבערנע שטראהלען פון דער שעהנער לבנה, אונד ווען ניט מיין בעסטיאליטעט, וואָלט איך געקענט שפירען דיא זיסע אונד אנגענעהמע הייליגע שטילקייט פון דער נאכט.

איך בין געלעגען איינינע מינוטען שטיל אונד אונבעוועגליך. דאן האב איך געשפירט א גרויסע אונגעדולד, אונד איך האב גענומען א ציגארעטע פון דעם טיש, אונד פעררויכערט.

עס האט מיך געפיעבערט.

„דומהייטען!“ האב איך געמורמעלט צו מיר אליין. „עס בלייבט זיך דאך גלייך וואס עס וועט געשעהן. יעטצט איז שוין יעדענפאלס צו שפעט.“

טראָטץ דעם וואס איך האב מיר געוואָלט איינרעדען, אז איך בין שוין פרייא פון יעדען זיטען־געפיהל, האבען זיך אין מיר אונווילענדיג געדרענגט דיא געדאנקען, פון וועלכע איך האב מיך ניט געקענט בעפרייען, אונד געגען וועלכע איך האב מיך געמוזט פערטהיידיגען.

„יעדענפאלס,“ האב איך מיר ווייטער געטראכט, „וואס העלפען דיא גע־ראנקען? ווען איך זאל אפילו וועלען, קען איך אויך געגען זייא נים קעמפפען. איך בין מעהר נים מיין בעל־הבית, דער טייפעל בעהערשט מיך.

„דער טייפעל? יא, עס איז דא א טייפעל, אונד דאס איז ער! מיר אליין ווינען עס דער טייפעל, כל־זמן מיר זיינען נים שטארק גענוג אום זיך צו בעהערשען אונד מיר פאללען אלס אפפער פון אונזערע ליידענשאפטען.

„עס איז אונמעגליך צו קעמפפען. איך בין מאכטלאז אין איהר געגענווארט, אונד באלד וועט זיא ערשיינען“...

דאן האב איך פערלוירען יעדען זייטיגען געדאנק, אונד איך האב מיר פארגע־שטעלט לודמילא'ס נאקעטען קערפער: איהרע הייסע אונד דיקע הענד; איהר שנעל־אטהמענדע ברוסט, אונד... מיין שוואכע פאנטאזיע האט מיך ענט־קרעפטעט.

איך האב שנעל געצווינגען דעם לעטצטען רויך פון דער סיגארעטע אונד דאן האב איך זיא אוועק געווארפען.

„שנעלער — שנעלער“ — האב איך געמורמעלט שטיל מיט דעם בעסט'א־לישען פערגניגען פון איין אונגעדולדיגען וויסטלינג.

אין נעבענציממער האב איך בעמערקט, צוויא ליכטיגע שטראהלען בעלייכטען דעם באדען אונד דאס מעבעל. עס איז געוועזען דאס מאנד־ליכט דורך דיא שויבען, אונד דער שאטען פון דיא העלצלעך אין מיטען פענסטער, האט אויך דארט אב־געשלאגען.

איך האב געבליקט אין דיעזען געהיימניספאל בעלייכטעטען צימער. דאן האב איך בעמערקט א טהייל פון אלעקסאנדער דימיטריעוויטש'עס שרייב־טיש, אונד דעם שטוהל מיט דעם לעדער־זיטץ דערבייא.

נים קיין געפיהל פון חרטה, זאנדערן א שרעק האט מיך ערגריפען. איך האב געציטערט אין גאנצען קערפער.

אין מיין קאפ האבען פערשיעדענע געדאנקען דורכגעקרייצט. אבער קיין איינציגער איז געוועזען קלאר. אלעס האט אויסגעזעהען וויא א חלום, דונקעל אונד אונדייטליך.

דאן האב איך מיך ווידער דערמאהנט אן איהר.

„דיא!“ האב איך נאך אמאל געמורמעלט, „לודמילא איוואנאוונא מיט איהר שעהנעם קערפער... זיא וועט באלד קומען... שנעללער, איך בעט דיך... סוס,

קום... יא, יא, איך בין א געמיינער אונד ניעדריגער שופט, אָבער איך קען מיר נים העלפען... שנעלל, שנעלל... אך"...

א געגויע האלבע שטונדע איז פאָראיבער, אין קוואלפּאָלער אונד געשפּאַנטער ערוואַרטונג. אָבער דיא בעסטיע האט נאָך געלעבט. אין געגענטהייל, זיא איז יעדעס מאל שטאַרקער אונד מעכטיגער געוואָרען.

דיא צייט האט אויסגעזעהען אונענדליך לאַנג.

איך האב שוין געהאט בעשלאָסען אויפצושטעהן אונד זיא געהן אויפזוכען אין איהר צימער.

„איך וועל געהען זעהר לאַנגזאם," האב איך מיר געטראַכט, „איך בין דאָך באָרוויס. איך קען שוין מעהר נים ווארטען."

אָבער איך בין געווען צו פיעל פיינלינג אום צו מאַכען דיעזען שריט.

איך בין געלעגען אונד זיך צוגעהערט. אין הויז איז עס געווען שטיל וויא אויף א בית־עולם.

„באַלד וועט זיך דיא טהיר עפענען אונד זיא וועט ערשיינען," האב איך מיך געטראַכט. „זיא וועט פּאָזיטיוו קומען, דאַריבער איז עס קיין צווייפעל. זיא מוז פריהער זעהען, אַז דיא קינדער מיט דוניאשאַ'ן זאָלען פעסט איינשלאָפען. זיא איז פאָרזיכטיג. זעהר פאָרזיכטיג. זיא וועט געוויס נאָך זעהען גוט פערזיכערן דיא טהיר."

איך האב געציטערט.

„שנעלל, שנעלל, קום שוין"... האב איך געמורמעלט גלייך ווי איך וואָלט זיא גערופען זיא זאָל הערען.

דאַן האב איך מיך אביסעל אויפגעהויבען, זיך אָנגעשפּאַרט אויף'ן עלענבויגען, אונד בין געלעגען זיך צוהערענדיג.

מיינע ליפּען זיינען געווען טרוקען אונד איך האב זייא בענעטצט מיט מיין צונג.

פּלוצלינג האב איך געהערט א טהיר זיך עפענען

איך האב אויפגעציטערט.

איך האב מיר געטראַכט, אַז זיא געהט דורך דעם שלאָף־צימער. דאס העלישע פייער פון תאוה האט אויפגעפלאַמט.

איך האב מיך פאַרבערייטעט זיא צו עמפּפאַנגען אין מיינע אָרעם, אונד איך האב מיך נאָך מעהר אויפגעהויבען.

א היטץ שום א קעלט, וויא אין א פיעבער, איז געלאָפען איבער מיין קערפער.

אָבער דאן איז געשעהען עטוואס אונערוואַרטעטעס.

יעמאנד איז אריין אין שפּייזע־צימער, וועלכעס איז ניט געווען לודמילא איוואַנאָוונאַ.

א לייכטער שריט וויא פון א הינטעלע, האט זיך געהערט אויף דעם באָדען.

א קליינע פיגור איז ערשיענען אונד צוגענאַנגען נאָהענט פון מיין בעט.

אין ערשטען אויגענבליק, בין איך געווען אַזוי איבערראַשט, אַז איך האב גאר ניט געוואוסט וואו איך בין אין דער וועלט, אונד זיך דערשראָקען, וויא א קליינער דומער איינגעל.

דיא אויפרעגענדע היטץ פון מיין קערפער, איז פערשוואונדען דורך דער שרעק, אונד אזא קעלט האט מיך ערגריפען, אַז איך האב געשפירט, אַז עס קלאַפּט מיר א צאָהן אן א צאָהן.

דיא קליינע פיגור, מיט לייכטע שריט פון באָרוויסע פיסלעך, מיט נאַקעטע שולטערס אונד הענטלעך, האט וויא פארביי־געשוועבט אונד איז אריין אין צימער פון אלעקסאנדער דימיטריעוויטש.

מיר האט עס אויסגעזעהן, אַז מיין הערץ אין מיין ברוסט, האט אויפגעהערט צו קלאַפּען.

דיא פיגור איז געבליעבען שטעהען אין דעם שיין פון דיא זילבערנע לבנה־שטראהלען אונד געבליקט אונגעדולדיג אין צימער.

ענדליך האב איך דערקענט דיא פיגור. עס איז געווען דיא קליינע טאַניאַ!

איהרע שווארצע אויגעלעך האבען געגלאַנצט, אונד איהר קליין קערפער׳ל האט אויסגעזעהען וויא דיא אונשולד אליין איינגעהיעלט אין נאַטור׳ס מילדעס ליכט.

איהרע שעהנע האאר זיינען געווען צרוואָרפען איבער איהרע קליינע שולטערלעך.

דאס קינד איז געשטאנען עטליכע סעקונדען, געבליקט אין אלע זייטען אונד אויסגעזעהען זעהר פערצווייפעלט.

„מאַמע, מאַמעלע! פּאַפּאַ, פּאַפּעלע!“ האט אויסגעקלונגען איהר שטימעלע זעהר אונרוהיג אונד בעזאָרגט.

זיא איז דאן געשטאנען נאך א פאאר סעקונדען, ווידער געבליקט, אונד געזאגט מיט א וויינענדיגער שטימע:

„מיין פאפעלע איז ניטא! ניטא מיין פאפעלע!"

מיין גאט! ניעמאלס, ביז אין לעצטען אויגענבליק פון מיין לעבען, וועל איך ניט פערגעסען דעם איינדרוק פון טאניא'ס שטימעלע.

„מיין פאפעלע!" וויא זיס, וויא שעהן אונד וויא היילינ דיא ווערטער האבען געקלונגען.

איך בין אזוי שטארק אויפגערעגט געוואָרען איבער מיר, אז זאלאנג איך לעב, האב איך קיין זאך מעהר פערזבטעט, וויא זיך אליין אין יענעם אויגענבליק.

דאן האב איך געהערט דאס פאטשען פון איהרע קליינע אונד נאקעטע פיסלעך אויף דעם געוועקסטען פוס־באָדען, אונד זיא איז ארויס פון איהר פאטער'ס צימער.

„זיא איז געווען זוכען איהר ליעבען פאפא," האב איך מיר געטראכט.

„אָדער פיעלייכט ניין," האב איך געמורמעלט צו מיר אליין, „וואס איז דאס געווען? טאניא? — פאפא, פאפעלע! טאטע, טאטעלע! יא, יא, זיא איז עס געווען. אָבער וויא אזוי איז זיא אריין אהער? פיעלליכט איז זיא גאר א נאכט־וואנדלערין?"

איך האב מיך אויפגעזעטצט וואך אונד שטארק בערהיגט, אויסער וואס איך האב געשפירט א העפטיגען שמערץ אין מיין ברוסט.

„דאס קינד, טאניא," האב איך געטראכט, „דיא היילינע אונשולד זעלבסט, וועלכע איהר פאטער פערגעטערט, איז ארויס בייא נאכט פון דעם בעט. ריכטיג. אלעקסאנדער דימיטריעוויטש האט מיר דערצעהלט, אז זיא טהוט עס זעהר אָפט"...

איך בין געבליעבען זיטצען איינינע אויגענבליקען גאר אָהן געדאנקען.

עס האט אויסגעזעהען וויא א טייך, וועלכער איז פלוצלינג פערהאלטען געוואָרען פון א מעכטיגען שטראָם, אונד ער מוז דערפאר א נייע ריכטונג אָנ־נעהמען.

„אונד לודמילא איוואנאָוונא?" האב איך מיך געפרעגט. „דא איז געווים נאך אין שלאָף־צימער? ווארום זאָל זיא דען דאָרט ניט זיין? געוויס, איהר פלאטץ איז דאָרט. אָבער זיא האט דאך געזאָלט אהער קומען? מיין גאט! העלף מיר, איך בעט דיך, רעטע מיך."

מיין הערץ האט אָנגעפאַנגען פירכטערליך צו קלאַפּען. אָבער שוין ניט אזוי ווי פריהער, זאָנדערן מיט אנדערע געפיהלע.

„מאַניאַ!“ האב איך געמורמעלט, „איהר הייליגע שטימע! זיא קלינגט אין מיינע אויערן! זיא דערמאָהנט מיך אן מיין ליעבען אונד צערטליכען פריינד אלעקסאַנדער דימיטריעוויטש“...

איך האב געשפּירט דיא טרערען לויפענדיג פון מיינע אויגען אונד פאַלען אויף מיין העמד.

וויא גוט אַזעלכע טרערען זיינען!

זייא קומען פון דער זעלע פון דער קוועלע וואו אלעס איז הייליג, אונד נאָר דער גוטער טהייל אין פערדאָרבענעם מענשען ברענגט טרערען.

עס זיינען געוועזען טרערען פון חרטה, פון ביטערער חרטה!

„מאַניאַ!“ האב איך ווידער געמורמעלט, „פּאַפּאַ, פּאַפּעלע! מאַמע, מאַמעלע! נאָך אין הימעל, וואס האב איך געוואָלט טהון? וואס איז מיט מיר געשעהען? בין איך קראַנק, אָדער בין איך משוגע געוואָרען?“

א פראָסט האט ערגריפען אלע מיינע גליעדער.

ניין! עס איז אונמעגליך איך זאָל אלעס איבערגעבען וואס איך האב דאַמאלס געשפּירט. איך בין צו שוואַך דאַפיר.

אלעס וואס איך קען מיך עראינערן איז, דאס מיר האט עס אויסגעזעהן, גלייך וויא איך וואָלט ערוואכט פון א לאַנגען אונד פינסטערן חלום.

דאס געפיהל פון שאַנדע וואס איך האב דאַמאלס געשפּירט, וועל איך בלויז אויף דיעזער ארט אָבשילדערן:

איך האב געוואָלט בעהאַלטען מיין פּנים זאָגאַר פאַר דער שטילער נאַכט, פאַר דער זילבערנער לבנה, פאַר דיא פיער וועגט אונד פאַר מיר זעלבסט. איך האב מיר געבראָכען דיא הענד, אונד דאַן האב איך אויפגעהויבעןביידע פויסטען אונד מיך געשלאַגען אין קאָפּ אריין.

שאַנדע! מיין גאָט, דאס איז געוועזען א שרעקליכעס געפיהל. איך האב אזא געפיהל ביז דאַמאלס נאָך ניט געשפּירט.

„מיין פריינד'ס פרוי!“ האט עס געקלונגען דומפּף אין מיינע אויערן וויא פון א קבר.

„מיין פריינד'ס פרוי! מאַניאַ'ס מוטער! דיא מוטער פון דעם קליינעם אונד ליעבען ענגעל — פערפלוכט זאָל איך זיין פאַר אַזעלכע שמוציגע גע־דאַנקען!“

דיזיע אלע געפיהלע זיינען ניט געקומען לאנגזאם, זיי זיינען שנעלל, וויטהענד אונד שטירמיש.

איך בין ארויס געשפרונגען פון דעם בעט, געזוכט אויף'ן טיש אונד גע־פונען א שוועבעלע, וועלכעס איך האב באלד אנגעריבען אונד אנגעצונדען דאס ליכט. דאן האב איך געגרייבט מיינע קליידער, אונד גלייך וויא א פייער וואלט גע־ברענט אין הויז, האב איך מיך שנעל אנגעצויגען.

„ניין, ניין!“ האב איך געמורמעלט. „איך האב שוין קיין מורא ניט, אז איך וועל פאלען — איך וועל מיר ניכער צערברעכען מיין קאפ, איידער איך זאל בעטריגען מיין פריינד, טאניא'ס פאטער — אבער איך קען דא מעהר ניט פער־בלייבען. אונמעגליך! איך וועל קיינעם ניט קענען קוקען אין געזיכט. דיא שאנדע! אה, מיין גאט, דיא שאנדע! וואס פאר א לומפ איך בין! וויא ניעדריג איך שטעה! טאניא! פאפא, פאפעלע! טאטע, טאטעלע! ניין, ניין! איך בלייב דא מעהר ניט קיין אויגענבליק, איך פאהר באלד אוועק!“

מיין ענטשלוס איז געווען געפאסט. דיא בעסטיע אין מיר האט געקריגען א טויט־קלאפ אונד דער מענש האט אויפגעלעבט.

„יא, גאט אליין האט זיא געשיקט! דיא גאטהייט, דיא ריינהייט, דיא זיט־ליכקייט, דיא מאראל, זייא האבען מיר געשיקט א ליעבעס אונד זיסעס קינד; זיא האט מיך דערמאהנט וואס פאר א בעסטיע איך בין! טויט צו דער בעסטיע!“

איך בין שוין געווען אנגעצויגען.

„וויא געפאלען, וויא ניעדריג, וויא געמיין אונד פערדארבען איך בין!“ האב איך צו מיר געמורמעלט. „מיין פריינד'ס פרוי! דיא פרוי פון מיין בעסטען, ליעבסטען אונד עהרליכסטען פריינד! אונד דוא, קליינעס מיידעלע, דוא ריינעס, ליעבעס קינד, — דוא האסט מיך גערעטעט — טאטע, טאטעלע!“

פלוצלינג האב איך מיך דערמאהנט, אז אבוואהל דיא קליידער האבען שוין בעדעקט מיין קערפער, בין איך נאך געווען בארוויס. איך האב מיך אנגעבויגען צו דעם אנדערן עק פון דעם בעט, אויפצוהויבען מיינע שיך.

„וואס איז דאס?“ האב איך פלוצלינג געהערט א שטימע נעבען מיר. „איהר ציהט זיך גאר אן?“

איך האב מיך אזוי דערשראקען, אז איך האב געמיינט, דאס מיין געהירן פלאטצט אין מיר אונד מיין הערץ וויל ארויס שפרינגען פון מיין ברוסט.

אלס איך האב אויפגעהויבען מיינע אויגען, האב איך ערבליקט לודמילא איוואנאוונא שטעהענדיג בייא דער טהיר.

זיא איז געוועזן אנגעצוינען אין א לאנגען ווייסען שלאַפ־מאַנטעל. אויף איהר געזיכט האט זיך אָבגעשפּיעגעלט אונרוהע אונד שרעק.

מיין בלאַסעס געזיכט, האט איהר דערצעהלט, אַז עפּעס אונגעוועהנליכעס האט פּאַסירט.

אין מיר האט געברענט האַס, צאָרן אונד פערצווייפלונג, זאָ דאַס איך האב ניט געקענט עפענען מיין מויל.

„וואס איז געשעהען?" האט זיא ווייטער געפרעגט מיט איין אונטערדריקטער שטימע צענערענד.

איך האב ניט געוואוסט אנפאנגס וואס איך זאָל ענטפערן. אָבער ווען איך האב מיך אויפגעשטעלט גלייך, זיינען מיר דיעזע ווערטער געקומען אין מויל:

„געהט ארויס פון דאַנען, געהט! אום גאָטעס ווילען, שטעהט ניט פאַר מיינע אויגען!"

זיא האט געשוידערט אונד מיך אָנגעקוקט שטארק דערשראָקען.

„איהר פיהלט ניט גוט," האט זיא דאַן געזאגט.

„ניין, ניין!" האב איך אויסגעשריען. „איך פיהל נאך צו גוט! איך האב נאך אזוי גוט ניט געפיהלט אין מיין גאנצעס לעבען. אָבער, לודמילא איוואנאָוונא, זיא איז ערשיענען אין דיעזען צימער, אונד געמורמעלט מיט איהר הייליגער שטימעלע: פּאַפּאַ, פּאַפּעלע! טאַטע, טאַטעלע!... זיא האט אונז ביידע גערעטעט, פערשטעהט איהר? געהט ארויס פון דאַנען, איך בעט אייך זעהר"...

אנפאנגס האט זיא מיך ניט פערשטאַנען אונד געמאַכט א שריט פאָר־ווערטס.

איהר געזיכט האט מיר אונטערדעסען אויסגעזעהן וויא פון דעם טייפעל, וויא פון דער פעראכטונג אליין.

„ווער איז דאָ געוועזן? וואס זאגט איהר, איך פערשטעה אייך ניט?" האט זיא געפרעגט מיך אָנקוקענדיג וויא א פעררוקטען.

„טאניא! טאניא!" האב איך געענטפערט. „טאניא איז דאָ געוועזן, אַלעקסאנדער דימיטריעוויטש'עס ליעבלינג, דיא טאָכטער פון אייער מאן!"

„טאניא?" האט זיא ווידער געפרעגט, אָבער זיא האט מיך שוין פערשטאַנען. איך האב דאס בעמערקט אויף איהר געזיכט.

„יא, לודמילא איוואנאָוונא!" האב איך געזאגט ענטשלאָסען. „טאניא

איז דאָ געווען, אייערע אונד אַלעקסאַנדער דימיטריעוויטש׳עס טאָכטער. זיא האָט אונז דערמאָהנט אַן אונזערע פליכטען. לודמילא איוואַנאָוונא, איהר האָט א גוטען אונד עהרענהאַפטען מאַן, איהר דאַרפט איהם ניט בעטריגען הינטער זיין רוקען. ניין, ניין! דאס איז אונרעכט. איך זאג אייך: אַז א מענש דאַרף ניט אַזוי האַנדלען, עס איז א גרויסעס אונרעכט! מיר מוזען זיך בעהעררשען. זעהט, איך בין שוין בעהעררשט, אונד איהר מוזט אין דער צוקונפט זיך אויך אַזוי בעהעררשען. עס איז נאָר דיא אונמענשליכקייט וואס טרייבט אונז צו זינד אונד פערברעכען"...

זיא איז געשטאַנען וויא א מאַרמאָרנע סטאַטוע אויף׳ן וואַטץ אונד איהר געזיכט האט אויסגעדריקט א וועלט מיט אונפערשטעלליכע געדאַנקען, אָבער פיר מיר, איז דאָרט געלעגען פעראַכטונג אויף דער העכסטער שטופע.

זיא האט זיך פּלוצלינג אומגעווענדעט, אונד איז צוריק ארויס אין אַלעקסאַנדער דימיטריעוויטש׳עס צימער.

דאַן איז זיא געבליעבען שטעהן וויא אונענטשלאָסען, אונד דאַן אומווענדענדיג ווידער צו מיר, האט זיא געזאגט:

„מוזט איהר דען שוין אוועק פאָהרען?"

איך האב ניט געענטפערט, ווייל איך האב קוים געהערט איהר פראַגע. דאַן האט זיא אָנגעפאַנגען מיט א בעטענדער שטימע:

„איהר מעגט נאָך וואַרטען; איהר דאַרפט ניט אוועק פאָהרען. אַלעקסאַנדער דימיטריעוויטש וועט מיינען גאָט ווייס וואס עס איז געשעהען — איהר קענט דאָך מאָרגען פאָהרען. איך בעט אייך, טהוט עס מיר צוליעב, פאָהרט ניט יעטצט"...

איהר ווערטער האבען אויף מיר געמאַכט דעם איינדרוק וויא דאס זשוזשען פון א שלאַנג. איך האב אָנגעפאַנגען ארויף צו ציהען מיינע שיך.

„אַזוי ווייט צו זינקען," האב איך צו מיר אליין געזאגט. „וויא ניעדריג איך בין! אַזוי ווייט צו זינקען! נאָר א בלינדער צופאַלל האט מיך גערעטעט."

איך בין שוין געווען פערטיג מיט דיא שיך, אונד בין צוגעגאַנגען צום שפּיעגעל אום צו זעהען וויא איך ציה מיר אַן מיין האַלדבענדעל.

לודמילא איוואַנאָוונא איז געשטאַנען שטיללשווייגענד בייא דער וואַנט. זיא האט געוואָרט אויף מיין ענטפער.

„איך בעט אייך,“ האט זיא ווידער אָנגעפאַנגען, „פאָהרט ניט יעטצט. איך בעט אייך...

איך האב מיך אומגעווענדעט צו איהר מיט א פעראַכטענדען בליק.

זיא האט דאן געשפּראָכען מיט א טאָן פון שולד.

זיא האט אויסגעזעהען וויא א פערוואונדעטע אָבער הילפלאָזע טיגערין. דאן האט זיא אָנגעפאַנגען צו ציטערן אונד ווייגען שטיל.

דאס האט מיך אביסעל געריהרט, אָבוואָהל איך האב זיא נאך אימער פעראַכטעט.

איך בין געבליעבען שטעהען אונד זיא אָנגעקוקט שאַרף מיט מיינע אויגען.

„הערט מיך אויס, מאדאם,“ האב איך געזאגט. „אונטער אונז ביידע האט פּאַסירט אזא מין אנגעלעגענהייט, פאר וועלכער מיר דאַרפען ביידע בעהאַלטען אונזערע געזיכטער פון חרפּה. איך וויל ניט וויסען ווער עס איז שולדיג. זאָל זיין, אז איך בין דער שולדיגער. אָבער דאס מאכט נאך ניט קלענער דאס פערברעכען. א מענש מוז האבען זעלבסט־געפיהל, זעלבסט־אַכטונג אונד געוויסען. איך וויל ניט רעדען פון א רעליגיעזען שטאַנדפּונקט, אָבער איך וויל אייך זאגען, אז פון א מענשליכען שטאַנדפּונקט, איז אזא האַנדלונג געמיין, ניעדריג און מען קען זיך אין לעבען דאַרויף ניט פערצייהען. איהר זייט א מוטער פון ליעבע אונד זיסע קינדער. איהר זייט דיא פרוי פון א מאַן, וועלכער ליעבט, אכטעט אונד שעטצט אייך; פון א מאַן וואס איז בערייט פאַר אייך צוגעהען אין פייער אונד וואסער; פון א מאַן בייא וועלכען איהר זייט א היילינגטהום, א געטטין. מאדאם! ווען איהר זאָלט דאס אלעס בעגרייפען, פערשטעהען אונד זיך זעלבסט שעטצען, וואָלט איהר געוואוסט, אז עס גיעבט קיין היילינגערעס וויא דיא געפיהלע פון אייער מאַן צו אייך! איהר האט איהם פערשפּראָכען צו זיין טרייא אונד איבערגעבען. עס איז אייער פליכט איהר זאָלט דאס טהון. אייך האט ניט בעוואוינען צו מיר קיין געפיהל פון ליעבע; ניין מאדאם! דאס איז ניט קיין ליעבע, זאָנדערן מיאוס׳ע אונד עקעלהאפטע תאוה אויף׳ן מאָמענט, וועלכע געהט פאָראיבער אונד לאָזט צוריק שמערץ, חרטה אונד געוויסענסביסע. פרעגט מיך, איך בין איינער פון דיא גרעסטע לומפּען, איך וויים דיא וואהרהייט“...

איך האב געמוזט בלייבען שטיל, ווייל איך האב מעהר קיין אטהעם געהאט.

איהר געזיכט האט אָנגעהויבען צו ווערען מילדער אונד טרויעריג.

„דאן האב איך ווייטער געזאגט:

„איהר זייט א פרוי אונד א מוטער. עס איז אמת, ניעמאנד קען שאפען איבער א מענשען׳ס געפיהלע. אָבער בעטריגען דארף מען ניט. כל־זמן אלעקסאנדער דימיטריעוויטש טרויעט אייך, מאָרט איהר איהם ניט בעטריגען. ווען איהר קענט מיט אלעקסאנדער דימיטריעוויטש ניט לעבען, דאן פערלאָזט איהם, נעהמט זיך אוועק. אָבער בעטריגט איהם ניט הינטער זיינע פלייצעס. דאס איז אונרעכט! מיין גאָט, אונרעכט!"

זיא האט געוויינט.

„אָבער איך בעט אייך," האט זיא קוים ארויס געשטאמעלט פון צווישען איהרע שטיקענדע טרערען, „פאָהרט ניט אוועק היינט, יעטצט"...

איך האב אָנגעהויבען איבערצוקלערען דיא גאנצע לאגע.

„זיא האט רעכט," האב איך מיר געטראכט. „איך דארף איהר קיין שלעכטס ניט טהון. ניט אזוי איהר, וויא איהם. אירגענד א פערדאכט, וועט צער־שמעטערן זיין ארמעס אונד גוטעס הערץ."

„מאדאם!" האב איך דאן ווידער געזאגט. „עס איז לעבערליך איך זאָל פון אייך אָבנעהמען א פערשפרעכען, אז איהר זאָלט אין דער צוקונפט אזוי ניט האנדלען. איהר וועט עס טהון בייא דיעזען מאָמענט. איך וויים עס. אָבער איך בעט אייך, איהר זאָלט זיך דערמאָהנען אן מיינע ווערטער; זייא גוט שטר־דירען"...

„יא, יא," האט זיא מיך אונטערבראָכען, „איהר האט רעכט"...

„גוט," האב איך דאן געזאגט, „איך פאָהר ניט אוועק היינטיגע נאכט. איך בלייב ביז מאָרגען."

לודמילא איוואנאָוונא איז נאך אימער געשטאנען אויף דעמזעלבען פלאטץ. איך האב ניט פערשטאנען וואס זיא מיינט. אָבער דאס איז נאָר געווען דערפאר, ווייל זיא איז צופיעל אויפגערעגט געוואָרען.

דאן איז זיא צוגעגאנגען צו אלעקסאנדער׳ס שרייב־טיש אונד זיך דאָרט אָנ־געשפארט מיט ארונטער געלאָזענע אויגען.

דורך דעם פענסטער זיינען אריין געפאלען דיא שעהנע לבנה־שטראהלען אונד בעלייכטעט איהרע צערוואָרפענע האאר.

איך בין אונטערדעסען ווידער צוריק געגאנגען צום בעט אונד זיך אוועק

געזעצט. איך האב פערוויכערט א ציגארעטע אונד אנגעפאנגען העפטיג אונד נערוועז צו ציהען דעם רויך.

„וואס שטעהט זיא נאך דארט?" האב איך מיך געפרעגט, בליקענדיג דורך דער אפענער טהיר אין צווייטען צימער. „וויל זיא מיר עפעס זאגען? איך קען ניט בעגרייפען."

דאס האט מיך פערדראסען. לויט דער סצענע, האט זיא בעדארפט צוריק געהן אין איהר שלאף-צימער, אונד מעהר ניט בלייבען נאהענט פון מיר.

איך האב מיך אויפגעהויבען אונד געוואלט אנפאנגען ארום צו געהען איבער דעם צימער.

א געפיהל פון א גוטער טהאט, האט מיך ערגריפען, אונד עס האט מיך געפרייט וואס איך בין אימשטאנדע געווען צו זיעגען איבער מיר זעלבסט.

„איך פערהאף," האב איך מיר געטראכט, „אז איבער איהר האט עס אויך געמאכט א גוטען איינדרוק, אונד זיא וועט פון היינט אן אונד ווייטער אנדערש האנדלען הינטער דעם רוקען פון איהר מאן. יא, יא, יעדער מענש האט גוטעס אונז עדעלעס אין זיך. מען דארף דאס נאר וויסען וויא צו ערוועקען, אונד דער מענש מוז זיעגען איבער דער בעסטיע."

איך בין געווען גליקליך מיט דער אידעע.

„אבער וואס שטעהט זיא נאך אימער דא?" האב איך מיך געפרעגט.

פלוצלינג האב איך בעמערקט וויא זיא האט זיך בעוואויגען.

מיט דער שנעללינקייט פון א קאטץ, איז זיא אריין געשפרונגען אין צימער.

איך האב מיר אנפאנגס פאר איהר דערשראקען. אבער נאך איידער איך האב צייט געהאט עפעס איבערצוקלערן, האב איך שוין געשפירט איהר ווארעמען קערפער אונד איהרע הענד זיינען געלעגען ארום מיין האלז.

„אך, געליעבטער!" האט זיא געזאגט. „דאס אלעס איז דאך דומהייטען! וואס"...

זיא האט מעהר ניט געשפראכען.

איין אונענדליכען וואוסט מיט איין איבערנאטירליכען האס האבען מיך ערגריפען. איך האב פערגעסען אן יעדער בענעהמונג וואס א מאן בענעהט געגען א דאמע, אונד איך האב זיא אבגעריסען פון מיר, גלייך וויא א קאטץ וואלט זיך אויף מיר איינגעהאנגען.

איך האב זיא אוועק געשליידערט אין א ווינקעל, וואו זיא איז שיער גע-פאלען.

איך האב גאר ניט געקענט רעדען. פון איהרע אויגען האט געשאָסען אזוי פיעל האס, דאס ווען זיא וואָלט אימשטאַנדע געווען מיך צו פערברענען אין יענעם אויגענבליק, וואָלט זיא עס געוויס געטהאָן.

דאס האט מיך געפרייט.

איך האב אין איהר געוואָלט זעהן האס, צאָרן אונד פעראכטונג, אָבער ניט קיין ליעבליכקייט.

„אונד אלע מיינע ווערטער האבען געהאָלפען וויא א טויטען באנקעס!" האב איך מיך געפרעגט אין מיינע געדאנקען.

„זיא איז איין אונפערשעהמטע בעסטיע!" האב איך מיר געטראכט. „ארמער אלעקסאנדער!"

איך בין נייגעריג געווען צו זעהן וואס דער נעכסטער מאָמענט וועט ברענגען.

זיא איז געשטאַנען אונענטשלאָסען.

דאן האט זיא זיך אומגעווענדעט, אונד איז צוגעגאנגען צו דער טהיר. דאָרט איז זיא ווידער געבליעבען שטעהן אונד מיר געקוקט אין געזיכט, מיט אזא אונ-פערשעהמטער מיענע, אז איך האב געשוידערט.

„נארר!" האט זיא אויסגעשריען מיט א הייזעריגער שטימע וועהרענד איהרע אויגען האבען געגלאנצט. „איהר זייט א דומקאָפּ! איך האב מיר גאר ניט פאָר-געשטעלט, אז איהר קענט זיין אזוי דום אונד נאררישׁ; דום אונד אונגע-בילדעט"...

זיא איז דאן ארויס אונד פערשלאָסען דיא טהיר.

דאס איז געווען, אום זיך צו פערזיכערן, אז איך וועל אין יענער נאכט ניט אוועק פאָהרען.

„אונגעבילדעט!" דיעזעס וואָרט האט געקלונגען אין מיינע אויערן. „זא שטעלט זיא אלזאָ פאָר, אז בילדונג איז פערדאָרבענהייט? טרויעריג, זעהר טרויעריג."

**6.**

איך האב מיך צוריק געזעטצט אויף מיין בעט אונד בין געבליעבען א חיבשע צייט אין א מערקווירדיגען צושטאנד.

דיא לעטצטע סצענע האט מיך וויא בעטויבט. עס האט מיר אויסגעזעהן, אז יעמאנד האט מיר געגעבען מיט עפעס איין קלאפ אין קאפ אריין, פון וועלכען איך האב מיך ערשט געמוזט ערהאָלען.

זיטצענדיג אויף'ן בעט, האב איך דערפיהלט א גרויסע מיעדקייט אונד איך בין אומגעפאלען מיט מיין קאפ אויף'ן קישען. איך בין אזוי געלעגען א היבשע צייט, ביז איך בין צו מיר געקומען אונד אנגעפאנגען צו בעטראכטען אונד שטודירען דיא לעטצטע עראייגניס.

דיא אָבוועקסלענדע סצענען פון אויפרעגונג, דיא אונגעדולדיגע ערווארטונג צו ערפיללען מיין בעסטיאליטעט, דאס ערשיינען פון טאניא'ן, דער וועקסעל אין מיר זעלבסט אונד דיא אונטעררעדונג מיט לודמילא'ן, זיינען פארביינעפלויגען איז מיינע געדאנקען שנעל אונד אונאינטערעסאנט, נעגען דער לעטצטער עראייגניס.

דיא לעטצטע עראייגניס! ווען איך דאס פערגעסען? האב איך עס געקענט פערגעסען?

אונמעגליך!

שטעלט זיך פאר; שוין נאכדעם וויא איך האב איהר ערקלערט מיינע געדאנקען, שוין נאכדעם וויא זיא האט געוויינט אונד מיך געבעטען צו בלייבען, שוין נאכדעם וויא איך האב איהר פארגעלעזען א גאנצע דרשה איבער מוסר אונד אנשטענדיגע אויפפיהרונג, אונד מיינענדיג, אז איך האב זיא איבערציינגט פון דאס גוטע אונד עדלע — שפרינגט זיא ווידער ארויף אויף מיר, אומאמט מיך, אונד...

פע! בעסטיע!

דאס איז שוין מעהר [illegible] וויא איך האב געקענט ערווארטען ניט נאר פון אזא פרויענצימער א [illegible]דמילא, זאנדערן פון א פיעל ניעדריגער וויא דיא איז געוועזען.

איך האב אנגעהויבען צו קלערען אונד איבערדענקען וועגען אלע פרויען אין דער וועלט, אונד בין באלד געקומען צו דיא ווערטער פון דעם געקרוינטען אידישען מעניג, וועלכער האט געזאגט:

„פון טויזענד מענער, האב איך געפונען איינעם (פאר אנשטענדיג), אבער אונטער טויזענד פרויען, האב איך איינע אויך ניט ענטדעקט."

זיינען אלע פרויען אזוי? האב איך מיך געפרעגט שמערצהאפט.

איך האב מיך דערמאָהנט אן מיין מוטער, אן מיינע שוועסטער אונד — איך האב געשווידערט.

„א מיאוס'ע וועלט! פע! פע! פע!" האב איך געמורמעלט.

איך האב געשפירט וויא מיינע אויגען שליעסען זיך אונד א גרויסע מיעדקייט האט מיך בעפאלען. דאן בין איך איינגעשלאָפען.

ווען איך האב ערוואכט, איז שוין געווען גרויסער טאָג.

איך האב מיך ניט בעדארפט אָנציהען, ווייל איך בין געבליעבען אין דיא קליידער פון לעטצטער נאכט.

דער שלאָף האט מיך אונטערדעסען אביסעל ערפרישט אונד גע־שטארקט.

יעדענפאלס האב איך אָבער געשפירט, אז יעדעס גליעד שמערצט מיך וויא פון א ברענענדעס פיעבער.

איך האב אויסגעגלייכט מיין ראָק, מיין האלדבענדעל אונד בין ארויס פון צימער.

דיא ערשטע וואס איך האב בעגעגענט, איז געווען לודמילא איוואנאָוונא.

זיא האט מיר געקוקט גלייך אין דיא אויגען. איך האב געמוזט אָבווענדען מיין געזיכט פון איהר אונפערשעהמטען בליק.

ווען איך האב נאך אמאל צו איהר געקוקט, האט זיא געמאכט זעהר איין אונשולדיגע מיענע אונד בעמערקט:

„אלעקסאנדער דימיטריעוויטש האט צוריק געקעהרט אונד ער האט געפרעגט אויף אייך. ער איז אין דרויסען מיט טאניא'ן."

זיא האט זיך דאן אָבגעווענדעט אונד איז געגאנגען אונבעקימערט צו איהר הוידארבייט.

„מיין גאָט!" האב איך געמורמעלט, „וויא קען מען האבען אזא קופערנעם שטערען?"

איך האב געהאסט יעדען ווינקעל פון דיעזען הויז. דאָרט צו פערבלייבען איז מיר ווייטער אונמעגליך געווען.

עס איז געווען ריכטיג. אלעקסאנדער דימיטריעוויטש האט צוריק געקעהרט פון דער שטאָדט. ווען איך בין ארויס אין דרויסען, האב איך איהם געזעהן זיטצען

אויף א באנק מיט מאניא'ן. דאס קינד האט הערצליך געלאכט אונד שטארק פערגניגען געהאט פון דיא שפיעלערייען וואס ער האט איהר געבראכט פון דער שטאדט.

אלס ער האט מיך ערבליקט, האט ער דאס קינד ארונטער גענומען פון זיי שויס, זיא אוועק געזעטצט אויף דער באנק, אונד זיך אויפגעהויבען.

„וואס איז געשעהען, מיין יונגע?" האט ער געפרעגט ערשטוינט, זעהענדיג מיין בעטריעבטעס אונד בלאסעס געזיכט.

„איך — איך — וויים ניט," האב איך קוים ארויס געשטאמעלט.

ער האט מיר געגעבען זיין האנד אונד עפעס געמורמעלט פון גוט עסען, טרינקען אלטען וויין אונד געהען מעהר אויף דער לופט.

איך האב איהם אבער מיטגעטהיילט, דאס טראָטץ מיין צושטאנד, מוז איך איהם פערלאָזען.

ער איז געבליעבען שטעהען שטארק ערשטוינט.

איך בין באלד צו מיין בעזינונג געקומען, אונד איינגעזעהען, אז עס איז זעהר אונהעפליך פון מיר איך זאל אזוי רעדען מיט דיעזען עדעלען גוטען פריינד.

איך האב איהם ערקלערט מיט א טיכטיגען ליגען, אז איך מוז צוריק קעהרען אין שטאדט, אום צו פערזאָרגען זעהר וויכטיגע געשעפטען, וועלכע זיינען מיר גאר פריהער פון זינען ארויס, וועהרענד מיין שוואכקייט אונד קראנקהייט.

ער האט פראָבירט מיך אָבצורעדען פון מיין שריט, בעהויפטענדיג, אז דיא געזונדהייט איז טהייערער פון אלעמען, נאָר איך האב איהם נאך אמאל געגעבען צו ערקלערען, וויא נויטהווענדיג מיין אברייזען איז, אונד ער, דער איינפאכער אונד גוטער, וועלכער האט יעדען געטרויעט, אפילו לודמילא'ן, האט מיר אויך געגלויבט.

אָבער נאָט וויים דעם אמת, אז איך האב איהם ניט געקענט קוקען אין דיא אויגען.

לודמילא איוואנאָוונא איז דאן טרשיענען, אונד אלעקסאנדער האט איהר מיטגעטהיילט פון מיין ענטשלוס.

„ווירקליך?" האט זיא געפרעגט, גלייך וויא זיא וואלט גאר ניט גע־וואוסט דערפון, „איהר פאָהרט שוין אוועק? דאכט זיך אלעקסאנדער רימיטריעוויטש האט געזאגט, אז איהר פערבלייבט נאך דאָ איניגע וואָכען?"

זיא איז געווען א וואונדערבארע שוישפּיעלערין. איהר פערשטעלונג איז געווען די העכסטע קונסט וואס איך האב נאך ביז דאמאלס בייגעוואהנט.

אָבער זאָגאר צוליעב אלעקסאנדער דימיטריעוויטש, אום איהם ניט צו מאכען פערדעכטיג, האב איך איהר אויך ניט געקענט ענטפערן.

ער האט מיך אָבער גלייך ארויס גענומען פון דער פערלעגענהייט, אונד ער־קלערט דעם ליעגען וואס איך האב איהם געזאגט.

„ווען אזוי," האט זיא דאן ווייטער בעמערקט גלייכגילטיג, „דאן מוז ער דאך פאָהרען, עס טהוט מיר לייד, מיר האבען זיך דאָ אזוי גוט אמוזירט."

„זאָרג ניט מיין טהייערע," האט אלעקסאנדער דימיטריעוויטש געזאגט צו זיין פרוי. „ווען איך וועל איהם צו צווייטען מאל פאקען אין מאָסקווא, ברענג איך איהם ווידער אהער. ער וועט מוזען קומען."

זיא האט געשוויגען אונד איך האב אויך ניט געקענט רעדען קיין וואָרט.

אלעקסאנדער דימיטריעוויטש האט גאר ניט בעמערקט.

דער ארמער! ער איז געווען בלינד, ער האט גאר ניט געקענט זעהען. לודמילא האט רעכט געהאט ווען זיא האט בעהויפּטעט, אז ער וויס ניט קיין חכמות.

מיין האס צו איהר איז געווען אזוי גרויס, אז איך האב מיך געשפּירט אים־שטאנדע צוזאמען צו דריקען איהר האלז, ביז זיא זאָל זיין טויט.

„אזא קאמץ דארף מען דערווערגען," האב איך מיר געטראכט. „אזא שלאנג דארף מען צערשמעטערן, אונד זיא איז עס דיא פרוי פון מיין עדעלען פריינד!"

אלעקסאנדער דימיטריעוויטש האט מיך צוריק געהאלטען ביז צום מיטאג־עסען.

לודמילא איוואנאָוונא איז געזעסען ביים טיש אזוי רוהיג אונד אנשטענדיג, אז עס איז גאר ניט געווען צו בעמערקען עפּעס אין איהר געזיכט.

מיר אליין איז עס צייטענווייז פאָרגעקומען, אז איך האב בלויז געהאט א פינסטערן חלום, וועהרענד עס האט אין דער ווירקליכקייט גאר ניט פּאַ־סירט.

איך האב מיך אָבער אונטערדעסען דערמאָהנט נאך צו גוט אין דיא פאקטען, אונד איך האב מיך איבערצייגט, אז עס איז ליידער ניט געווען קיין חלום.

„אזוי אונפערשעהמט!“ האב איך מיר געטראכט

נאך׳ן עסען, האט אלעקסאנדער דימיטריעוויטש געלאזען איינשפאנען צוויא גוטע פערד מיט א וואגען אונד געהייסען דעם טרייבער ער זאל מיך צו פיהרען ביז צו דער אייזענבאהן.

„איך וואלט דיך אליין בעגלייטעט,“ האט ער געזאגט, „אבער דוא מוזט מיר ענטשולדיגען, ווייל איך האב היינט זעהר פיעל צו טהון.“

ער האט דאן געבליקט צו לודמילא׳ן, אונד עס האט אויסגעזעהן, אז ער וויל איהר זאגען, זיא זאל מיך בעגלייטען.

איך האב קיין טעות געהאט מיט דיעזען אורטהייל, דען ער האט איהר באלד געזאגט:

„לודמילא, ווען דוא ווילסט, קענסטו איהם בעגלייטען ביז צו דער באהן, איך האב דאך קיין צייט ניט.“

„ניין, ניין!“ האב איך אונטערגעבאפט ציטערענדיג פאר דער אידעע. „איך קען אליין פאהרען.“

אלעקסאנדער דימיטריעוויטש האט אויסגעזעהען זיך צו געפינען בעליידיגט פון מיין ענטזאגונג.

ער האט דאן געשוויעגען.

איך האב איהם געגעבען דיא האנד, זעהענדיג, אז דיא פערד זיינען שוין איינגעשפאנט.

ער האט מיר געוואונשען א גליקליכע רייזע.

לודמילא איוואנאוונא איז אונטערדעסען אויך צוגעגאנגען, אונד אויסגע־שטרעקט איהר האנד. איך בין געוועזען ענטשלאסען זיא צוריק צו שטויסען מיט פעראכטונג. נאר א בליק אויף אלעקסאנדער׳ס אונשולדיגעס געזיכט, האט באלד געענדערט מיין ענטשלוס.

איך האב איהר געגעבען דיא האנד, אונד איך האב געשפירט גלייך וויא איך האב ערגריפען א גיפטיגע שלאנג.

„פאהרט געזונדערהייט,“ האט זיא געזאגט זעהר גלייכגילטיג אונד מיט א גאנצען ערנסט.

איך האב איהר ניט געענטפערט אונד איך האב פרייא אויפגעאטהעמט, ווען איך האב בעפרייעט מיין האנד פון איהרער.

איך האב דאן ערפּליקט מאניא׳ן, צו וועלכער איך האב מיך אנגעבורינגן אונד אבגעפּרעסט א קוש אויף איהר שטערן.

לודמילא איוואנאוונא, וויא עס שיינט, האט אויסגעזעהען צו זוכען א גרד לעגענהיים מיר צו קענען קוקען אין געזיכט. אהנע זיא זאל בעמערקט ווערען פון איהר מאן.

צו דיעזער צייט איז אלעקסאנדער צוגעגאנגען צום טרייבער אונד איהם וואהרשיינליך עפּעס געפרעגט.

לודמילא האט ערגריפען דיא געלעגענהייט אונד מיר געסוקט גלייך אין גע־זיכט. אויף איהרע ליפּען האט זיך אבגעשפּיעלט יענער שפּאטישער שמייכעל, וועלכען איך האב געזעהען לעטצטע נאכט.

„דומקאפּ!“ האט זיא געמורמעלט הויך גענוג אום איך זאל זיא הערען. אין דיעזען ווארט איז געלעגען א וועלט מיט פעראכטונג.

איך האב אבגעווענדעט מיין געזיכט פון איהר אונד בין אויך צוגעגאנגען צום וואגען, וואוהין איך האב מיך שנעל אריין געזעטצט אום לויז צו ווערען פון איהר געגענווארט.

איך בין אוועק געפאהרען צוריק נאך מאסקווא, אונד אזוי האב איך פערלאזען עם פלאטץ וואוהין איך בין געקומען מיך קורירען.

אונד וויא בין איך צוריק געקומען?

יא, מיין צוריק קעהרען איז געווען מיט פיעל מעהר שעדליכער אויפרעגונג ערבונדען, וויא מיין אברייזע.

אבשייא אונד פעראכטונג צו דער גאנצער וועלט, אונד איבערהויפּט צו פרויען, האט זיך אין מיר ענטוויקעלט אויף דער העכסטער שטופע.

איך האב זייא אלע פעראכטעט פון דער טיעפקייט פון מיין זעעלע. דאס גע־וועזענע עהרען־געפיהל צו זייא, איז פון מיר גענצליך פערשוואונדען, אונד איך האב בעטראכטעט איינע וויא דיא אנדערע פיר בעסטיעס.

מיין לעבענס־גאנג, האב איך אונטערדעסען שוין מעהר ניט געקענט וועקסלען. דיא געוואהנהייט צו לומפּערייא אונד בעסטיאליטעט האט צוריק געקעהרט, אונד איך האב מיך ווידער אריין געווארפען אין קאבענדען ים פון תאוה, וויסענדיג, אז איך האב אין דער פרוי ניט מעהר צו אכטען דיא ריינהייט אונד אונשולד.

איך האב זייא אלע בעטראכטעט פיר ניעדריג אונד פערדארבען, אונד...

איך האב אָבער דיא פרויען דאָך ניט געקענט פערדאמען. ניין, זאָגאר פיר מיר זעלבסט, האב איך אויך געפונען א פערטהיידיגונג.

„ניט איך אונד ניט זייא זיינען שולדיג,“ האב איך מיר געטראכט. „שולדיג איז נאָר אונזערע געמיינע אונד ניעדריגע ערציהונג, וועלכע לערנט אונז ניט וויא צו אונטערשיידען פון דאס וואהרע גוטע אונד דאס וואארע שלעכטע. שולדיג אין דעם איז אונזער ערציהונג, וועלכע בעשטעהט אויף שווינדעל אונד בעטרוג. לודמילא איוואנאָוונא, אנשטאט זיך ארונטער צו נעהמען א מוסר פון דער בעסערער קלאסע, האט זיא גערופען דיא אויסגעלאסענהייט — בילדונג.

איך בין בייא איהר אין דיא אויגען ניט געווען גענוג געבילדעט, כל־זמן איך האב איהר ניט געוואָלט נאכגעבען איהר בעסטיאלישען וואונש. דאָ ליעגט דאס גאַנצע אונגליק!

איך האב פערשטאנען, אז איך זינק אלץ טיעפער אונד טיעפער; פערפערליך אונד מאראליש. אבער אום דיעזעס צו פערמיידען, האב איך געמוזט אומווענדען מיין גאנצען לעבענס־וואנדעל, אונד... אבער וויא איז דאס אלעס שוין מעגליך געוועזן!

## וואסילי ניקאלאיעוויטש׳עס שלום־ערקלערונג.

ווען וואסילי ניקאלאיעוויטש איז פערטיג געוואָרען מיט דער פארלעזונג, איז ער געוואָרען זעהר אויפגערעגט. מיר, אלע אנוועזענדע, וואס האבען בייגעוואָהנט דיא פאָרלעזונג, זיינען געווען ערנסט אונד פערטראכט.

„דערמיט ענדיגט זיך דיא ערצעהלונג,“ האט וואסילי געזאגט אוועק לעגענדיג דיא פאפירען אויפ׳ן טיש, אונד זיינע הענד האבען געציטערט. „עס וואלט מיר זעהר שווער געווען דאס נאך אמאל פארצולעזען. עס ריהרט מיך זעהר, איבערהויפט ווייל איך וייס, וויא דער אונגליקליכער איז נאכהער געשטאָרבען.“

דער איינדרוק אויף אונז אלע פון דער ערצעהלונג, איז געווען א שמערצ־האפטער. מיר זיינען אבער אונטערדעסען נייגיעריג געווען צו הערען וויא אזוי דער אונגליקליכער סטודענט, נאכדעם דיא ריינהייט פון זיין זעעלע האט אזא טריומף ערררייכט, וויא ער איז ווידער געפאלען אונד געזונקען ביז צום אבגרונד.

„ער איז געשטאָרבען, וויא איך האב שוין געזאגט,“ האט וואסילי ניקאלא־יעוויטש אנגעפאנגען „פון דער שווינדזוכט. יא, עס איז געווען דיא שווינדזוכט,

אבער איז ער ווירקליך געשטאָרבען פון דיעזער קראַנקהייט — אט דא ליעגט דער הונד בעגראָבען.

„ווען דער אונגליקליכער איז געקומען נאך מאָסקווא שטודירען, איז ער געווען א פרישע בלום נאך מיט דער טהוי פון דער פרייער אונד געזונדער נאַטור. זיינע לונגען זיינען פיעללייכט דאמאלס געווען נאך אזוי שטאַרק, אז דער בעסטער ארצט וואָלט ערקלערט, אז צו זייא קען זיך גאר נים נעהמען קיין שווינדזוכט. ער האט דיעזע מעכטיגע לונגען אבגעשוואכט. ניין, ער האט זייא נים אבגעשוואכט דורך וועניג עסען, נאַסע וואָהנונג אונד דורך א צופעליגער קראַנקהייט. ער איז געווען פאלקאָמען געזונד אונד שטאַרק. אבער ער האט אָנגעפאַנגען צו פיהרען א לעבען וויא ער האט געזעהען פון אנדערע סטודענטען. ער האט געלומפט וויפיעל עס איז איהם נאר מעגליך געווען.

„דערבייא האט איהם זיין מעכטיגע קערפער־געביידע געגעבען דעם אנשטויס צו מעהר אויפרעגונג וויא א שוואַכערן, אונד ערהאלטענדיג געגוג געלד פון זיינע עלטערן, האט ער גאר זיך געזעהען געעפענט אלע טהירען וואס פיהרען צום אבגרונד אונד ער איז געגאַנגען.

„פריהער האט דאס געווירקט איבער זיין אלגעמיינער קערפערליכער קראַפט, דאן אויף זיין געהירן, אויף זיין געמיטה, אונד צום שלוס, האט ער אזוי אָבגעשוואכט זיינע לונגען, אז ער האט זייא אונטערוואַרפען צו שווינדזוכט.

„עס שיינט, דאס וועהרענד ער איז געווען אויף אלעקסאנדער דימיטריע־וויטש'עס גוט, זיינען זיינע לונגען שוין געווען שטאַרק אָנגעגריפען. ער האט נאך דאמאלס געשפירט א שמערץ אונד א וועהטאג אין זיין ברוסט. אבער, עס איז קיין צווייפעל, דאס ער האט זיך נאך געקענט רעטען ווען ער וואָלט אומגעוואַנדעלט זיין לעבענס־גאַנג.

„ער האט צוריק געקעהרט נאך מאָסקווא א מאָראַלישער מענש. ער האט בעוויעזען, אז מיר מענשען, פון דער ריינער נאַטור, זיינען נים אזוי פערדאָרבען וויא דיא געזעלשאַפט מאַכט אונז. אבער מיר ווערען פערדאָרבען פון דיא אומגעבונגען. דאס הייליגע פאמיליען־לעבען פון אלעקסאנדער דימיטריעוויטש, האט אָנגעריהרט דיא סטרונע אין זיין זעעלע, דורך דער אונשולד פון דער קליינער טאַניא.

„ער האט בעוויעזען א גרויסע העלדענטהאט דערמיט וואס ער האט בעקעמפט זיין פערדאָרבענע געוואָהנהייט. פיעלע פון אונז, וואָלטען פיעללייכט נים געקענט איבערשטעהען אזא נסיון.

„אבער זייענדיג ווידער אין מאָסקווא, איז ער ווידער געקומען אין בעריהרונג מיט דער אלטער געזעלשאפט, מיט דיא אלטע אומגעבונגען, אונד, מערקווירדיג, אין מאסקווא האט ער מעהר ניט געפונען יעמאנדען וואס זאָל בעריהרען דיא גוטע סטרונע אין זיין זעעלע, אום איהם אָבצרווענדען פון דעם וועג וואס פיהרט צו פערדערבען.

„אין געגענטהייל, ער האט געפונען אזוי פיעל געלעגענהייט צו דער קומפאַניא, אז ער איז ווידער אריין געפאַלען אויף אַזוי וויט, דאס ער האט זיך מעהר ניט געקענט רעטען.

„ער האט פערבראַכט זיין צייט אין דיא קרעטשמעס. אין דיא פעררופענסטע הייזער, געטרונקען, געזויפען אונד פערקעהרט מיט אַלערלייא פרויענצימער, וועלכע זיינען איהם נאָך ענטקעגען געקומען.

„יא, ער האט ניט בעדאַרפט האבען, אַז יעמאנד זאָל איהם זאגען, דאס ער פערלירט זיינע לונגען. ער האט דאס אליין געוואוסט.

„ער האט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז ער זינקט אתד זינקט; אַז זיינע פינגער ווערען שוואַכער אונד קראַנקער, אונד ער בליקט דעם טויט אין געזיכט.

„דענקט איהר, אַז ער האט זיך געלאָזען זינקען דערפאַר ווייל ער האט פערהאסט דאס לעבען? ניין, ניין, ער האט דאס לעבען נאָר ניט פיינד געהאט. אין געגענטהייל, ער האט געוואָלט לעבען, געוואוסט, אַז זיין בענעהמונג פיהרט איהם צום קבר, אונד טראָטץ דעם האט ער פאָרטגעזעטצט זיין ארט לעבען. ער האט פאָזיטיוו געוואָלט אומווענדען דעם גאַנג, אָבער ער האט ניט געקענט. אין מאָסקווא איז איהם מעהר ניט געקומען צו דער האַנד אזא מאַניא, וואס זאָל אויף איהם ווירקען.

„שוואַך אונד אויסגעמאַטערט, האט ער זיך געמוזט הינגעבען צום טייפעל פון לוסט אונד אויסגעלאַסענהייט, אונד ער האט וואַבענלאַנג ניט געדענקט אפילו אויב ער טהוט אונרעכט. אזוי פיעלע אנדערע טהון דאָך אויך דאס זעלבע.

„דאַן זיינען זיינע לונגען געוואָרען קראנק, זעהר קראַנק, אונהייל־באַר. דאמאלס האב איך מיט איהם געשלאָסען בעקאַנטשאַפט.

„דאס וואס דיא געזעלשאפט האט איבער איהם ניט געקענט ווירקען, האט

ענדליך געווירקט דיא שווינדזוכט. דער מלאך־המות, ווען ער האט איהם צום ערשטען מאל פעסט אַנגענומען ביים קאַרק אונד איהם איינגעראמט אין אויער: „דוא מוזט שטארבען!" — דיזער האט איהם צו זיין בעזינונג גע־בראכט.

„דיא ווערטער: „דוא מוזט שטארבען!" האבען איהם אויסגעניכטערט אבגעקיהלט אונד געבראכט צו זיין פערשטאנד. ער האט צוריק געקעהרט צו דער שטופע פון זעלבסט־בעהערשונג, אונד איינגעזעהען, אז דער וועג צו בעסטיא־ליטעט, איז אויך דער וועג צו א פריהען קבר, אָבער עס איז שוין געוועזען צו שפעט.

„צו שפעט!" יא, צו שפעט האט זיך דער אונגליקליכער ארום גע־זעהען.

„דער מלאך המות האט נאך צוגעלענט צו דיא ווערטער „דוא מוזט שטארבען!" אויך דאס וואָרט „זאָפּאָרט!" אונד דיא חורבה וואס איז איבערגע־בליעבען פון איין אמאלינער מעכטיגער געביידע פון מענליכער קראפט, האט אויפ־געציטערט וויא דער קערפער פון איין אָקס, נאכדעם וויא דאס מעסער האט אָבגעשניטען זיין האלז.

„פערלוירען!" האט עס געקלונגען אין זיינע אויערן אונד ער האט גע־שווידערט. דאן האט ער שוין אויך אויפגעהערט צו שטודירען אונד זיך אונטערגעגעבען צו זיין שיקזאל.

„איך קען מיך עראינערן אן זיינע ווערטער וואס ער האט צו מיר איינמאָל געזאגט:

„יא, ברודער, איך האב מיך ניט געקענט מעהר בעהערשען. ווען איך האב געקענט, איז עס שוין געוועזען צו שפעט. קעמפפען מוז מען, ווען עס איז דאָ קרעפטען, נאכדעם איז עס פערלוירענע מיה. יעדענפאלס, העלפט שוין יעטצט קיין קלאגען. איך זעה מיין שיקזאל פאר דיא אויגען. איך מוז שטארבען. דיא פראגע אויב איך האב עס מיר פערדיענט, איז איבריג. איך שטארב ניט דורך מענשליכע הענד, זאָנדערן דיא נאטור האט מיך פעראורטהיילט צום טויט, אונד דיא נאטור איז אימער גערעכט. אין פערגלייך צו מיין פערברעכען, איז דיא שטראפע נאך זעהר מילד. איך בעגרייף, אז איך וועל שוין פיעל ניט לעבען. איך שפיר מיינעביידע לונגען געלעכערט, אויסגעהוילט, צעררים ען אונד... נאך א פאאר לעכער, אונד אַלעס איז פאַראיבער. דיא שווינדזוכט באקטעריען ארבייטען

שנעל, אונד גס איז נאָר א פראַגע פון טעג, העכסטענס פון וואָכען. דאַן וועל איך זיין טויט, אונד איך וועל רוהען אין שויס פון דער מוטער ערד, וואו מען קען שוין ניט בענעהען אזוי פיעל פערברעכען. אנדערע וועלען קומען אויף דעמזעלבען וועג וואו איך בין געגאַנגען, אונד זייא וועלען אויך פאַלען"...

„ער האט שמערצהאַפט געשמייכעלט אונד איך האב געשוויגען. איך האב איהם גאר ניט געהאט וואס צו ענטפערן.

„צווייפעלט איהר, אז ער וואָלט געקענט גערעטעט ווערען? איך בין זיכער, אז מיט 4 אָדער 5 מאָנאַט צוריק, האט מען איהם געקענט רעטען. ער האט נאָר בעדאַרפט האבען א פונקט וואו זיך צו שטיטצען. אָבער וועניג פון אונז האבען אזא שטיטץ־פונקט! דערפאַר מוזען מיר פאַלען אונד זינקען אין טיעפען אָבגרונד.

„אין דיעזען מענשען האט מיך הויפּטזעכליך געריהרט אונד עס ריהרט מיך נאך, דיא צוזאַמענטרעפונג פון ליידענשאַפט אונד גוטע מעלות. אָבער ביידע זיינען אין איהם געוועזען מעכטיג אונד שטאַרק. דיא פערדאָרבענהייט האט אונטערדעסען געהאט מעהר שטיטצע אונד איז אָרויס דיא זיעגערין. וועהרענד דיעזען קאַמפּף זיינען צערשמעטערט געוואָרען זיינע לונגען.

„רופט איהר דאס, אז ער איז געשטאָרבען פון שווינדזוכט? ניין אונד טויזענד מאָל ניין! ער איז ניט געשטאָרבען פון שווינדזוכט. איהם האט גע־טויטעט דיא ערציהונג, דיא געזעלשאַפט אונד דער גרעסערער טהייל פער־דאָרבענהייט.

„ער האט אליין גאַנץ גוט געוואוסט, ווער עס האט איהם געטויטעט אונד ווער זיין מלאך המות איז געוועזען.

„אין א טאָג האט ער מיר געזאגט אין א הערצרייסענדען מילדען טאָן: „איך האב געזוכט נאך א טאַניא, אין מיינע רוהיגע מאָמענטען, אָבער איך האב זיא ניט געקענט געפינען."

„ארמער אונגליקליכער! דוא האסט געקעמפּפט אונד ביסט געפאַלען! פיעלע אנדערע קומען דיר נאך! עס איז דיא קראַנקהייט פון אונזער געזעל־שאַפט!"

וואסילי ניקאָלאיעוויטש איז געבליעבען שטיל, אונד עס איז ענטשטאַנדען א קורצע דעבאַטע דאַריבער. דאַן האבען מיר געזעהען, אז עס איז שוין באַלד טאָג, אונד יעדער איז זיך אוועק אהיים.

ע נ ד ע.

# איוואַן איליטש'עס טויט.

1.

אין דעם גרויסען פּאַלאַסט וואס האט ענטהאלטען מעהרערע אבטהיילונגען פֿון דעם געריכט־הויז, האבען זיך פערזאמעלט נאך דער זיטצונג אלע ריכטער אונד פּראָקוראָרען אין איוואַן יעגאָראָוויטש שעבעק'ס פּריוואַט־צימער. דער אינהאַלט פון זייער געשפּרעך איז געווען דער בעריהמטער קאַססאָווסקי פּראָצעס.

פעדאָר וואסיליעוויטש האט בעוויעזען באותות ובמופתים, אז דער גאַנצער פּראָצעס האט ניט ווערטה קיין איבערגעברענטען שטרוי. איוואַן יעגאָראָוויטש וויעדער, האט געהאט גראדע א געגען־מיינונג, וועהרענד פּיאָטער איוואַנאָוויטש, וואס האט זיך אנפאנגס גאר ניט געמישט, האט אריין געקוקט אין א פּאַפּיר זעהר אויפמערקזאם.

„אונד אזוי איז עס, מיינע העררען,“ האט ער געזאגט, „איוואַן איליטש איז ווירקליך טויט.“

„ווירקליך!“

„זעהט דאָ, לייענט,“ האט פעדאָר וואסיליעוויטש געזאגט, וועהרענד ער האט איבערגעגעבען א פּאַרפומירטעס פּאַפּיר, אויף וועלכען עס איז געווען אויפגעדרוקט פאָלגענדע ווערטער אין א שווארצען ראנד:

„פּראַסקאָוויא פעאָדאָראָוונא גאָלאָווינא מאכט בעקאַנט, מיט טיעפען שמערץ, איהרע בעקאַנטע אונד פריינד, איבער דעם טויט פון איהר ליעבען מאַן, איוואַן איליטש גאָלאָווינע, מיטגליעד פון דעם אַפּעלאַציאָנס־ג. ריכט־הויז, וועלכער איז געשטאָרבען אם 4טען פעברואַר 1882. ער וועט געבראַכט ווערען צור רוה אם פרייטאג, אום 1 אוהר נאכמיטאג.“

איוואַן איליטש איז געווען דער קאָלעגע פון דיעזע פערזאַמעלטע הערען אונד יעדער פון זייא האט איהם רעספּעקטירט. ער איז געווען קראַנק עטליכע וואָכען, אונד זיין קראַנקהייט איז ערקלערט געוואָרען אלס אונהיילבאַר.

זיין שטעלע איז אונטערדעסען געהאלטען געוואָרען פרייא פיר איהם, אָבער אין פאל ער וועט נ׳יט געזונד ווערען, האט אלעקסעיעוו געהאט דיא געלעגענהייט צו קריעגען דיא שטעלע. וויניקאָוו אונד שטאבעל וויעדער, האבען געהאט איין אויג אויף אלעקסעיעוו׳ס פּאָסטען. ווען מען האט אלזאָ ערפאהרען פון איוואן איליטש׳עס טויט, איז דער ערשטער געדאנק געוועזן פון אלע פערזאמעלטע העררען, ווער עס וועט קריעגען עפּעס א העכערן ראנג, נאכדעם אזא גוטער פּאָסטען איז פרייא געוואָרען.

„יעטצט בין איך זיכער צו קריעגען ענטוועדער שטאבעל׳ס אָדער וויניקאָוו׳ס פּאָסטען," האט זיך געטראכט פעדאָר וואסיליוויטש, „מען האט דאס מיר שוין לאנג פערשפּראָכען, אונד ווען איך וועל דאס ערהייבען, וועט מיין געהאלט גע־העכערט ווערען מיט 800 רובעל, שוין ניט רעדענדיג פון דאס געלד וואס מען קריעגט אויף הוצאות!"

„איך מוז זעהן, אז מיין שוואגער פון קאלוגא זאָל יעטצט קריעגען א שטעלע," האט פּיאָטער איוואנאָוויטש געטראכט. „מיין ווייב וועט דערפון שטארק פער־גניעגען האבען, אונד זיא וועט שוין מעהר צו מיר קיין טענות ניט האבען, אז איך טהו גאר ניט פאר איהר משפחה."

„איך האב ווירקליך אויך גערעכענט, אז ער זאָל שוין זיין בעט ניט פער־לאָזען," האט פּיאָטער איוואנאָוויטש געזאגט גאנץ הויך. „וואס פאר א רחמנות דאס איז!"

„אָבער וואס איז דאס געווען פאר א קראנקהייט?"

„דיא דאָקטוירים האבען ניט געקענט טרעפען. אָדער, לויט וויא איך האב געהערט, האט יעדער דאָקטאָר געהאט א גאנץ אנדערע מיינונג. ווען איך האב איהם לעטצטענס געזעהן, האב איך געטראכט, אז עס וועט פּאָראיבער אונד ער וועט געזונד ווערען."

„איך בין גאר ניט געווען בייא איהם אין הויז זייט דיא לעטצטע פייער־טאגען: איך האב אלץ געטראכט צו געהען, אונד, וויא עס שיינט, האט דער אונגליקליכער ניט געוואָלט וואַרטען אויף מיין בעזוך."

„האט ער געהאט עפּעס פּריוואט איינקינפטע?"

„איך דענק, אז זיין פרוי, האט עפּעס פערמעגען, אָבער איך רעכען ניט פיעל."

„יעדענפאלס, וועלען מיר אלע מוזען געהען. עס איז זעהר ווייט ביז צו זיין הויז."

„עס איז ווייט פון וואנען איהר וואָהנט, מיינט איהר. אָבער בייא אייך איז יעדענפאלס אלעס זעהר ווייט.“

„ער ווערט מיר שוין קיינמאל ניט מוחל זיין דערפאר וואס איך וואָהן פון יענער זייט וואסער,“ האט געענטפערט פּיאָטער איוואנאָוויטש מיט א שמייכעל, ווען ער האט געקוקט צו שעבעק'ן.

דאן האבען זייא איבערהויפּט אָנגעפאנגען צו רעדען איבער דיא ווייטקייטען אין שטאָדט, אונד וויא זייא זיינען האלב פערטיג געוואָרען מיט זייער פּלוידערייא, זיינען זייא צוריק אריין אין געריכט־הויז.

אויסער דעם וואס יעדער פון דיעזע הערען האט נאכגעדענקט איבער א׳וואן איליטש׳עס טויט, אז דאס וועט פעראורזאכען א וועקסלונג אין געריכט־הויז, אונד יעדער איינער האט גערעכענט אז איהם וועט ארויסקומען א טובה, האט נאך יעדער פון דיא הערען גלאט נאכגעדענקט איבער דאס אָבשטארבען פון א גוּאכטעטען פריינד אונד זיך אינערליך געפרייט וואס ער אליין לעבט נאך.

„אזוי איז עס, ער איז טויט, אונד איך לעב נאך,“ האט אונגעפעהר יעדער געדענקט.

איבערהויפּט נאר, האבען אלע בעקאנטע פון איוואן איליטש, וועלכע האבען זיך גערופען זיינע בעסטע פריינדע יעטצט, בעטראכט דיא נויטהווענדיגקייט נאכ־צוגעהען צו זיין לויה, אלס איין אונאנגענעהמע אויפגאבע. זייא זיינען אויך ניט אין גאנצען צופריעדען געווען צו געהען טרייסטען דיא אלמנה וויא דער מנהג איז. אָבער, וואס קען מען טהון? עס איז א זאָגענאנטע געזעלשאפטליכע פליכט אָדער עטיקעטע, וואס מען מוז ערפילען אונד עס פאסט ניט אויסצופעהלען.

פעדאָר וואסיליעוויטש אונד פּיאָטער איוואנאָוויטש, זיינען געווען איוואן א׳ליטש׳עס נאהענטעסטע פריינד. פּיאָטער איוואנאָוויטש א׳בערהויפּט, איז געווען דעם פערשטאָרבענעם׳ס א שול־קאָלעגע, ווען זייא האבען געשטודירט געזעטץ, אונד ער האט זיך בעטראכטעט אלס פערפליכטעט צו איהם.

נאכדעם וויא פּיאָטער האט דערצעהלט זיין פרוי דיא נייעס ביים מיטאָג־עסען, אונד איהר אויך מיטגעטהיילט איבער דער געלעגענהייט וואס זיין שוואָגער האט ערנאנט צו ווערען אלס ריכטער, האט ער זיך אָנגעצויגען זיין שווארצען ראָק אונד איז אוועק אין איוואן איליטש׳עס וואָהנונג. וויא ער איז ארויף געקומען אויף דיא שטיענגען וואס פיהרען צום הויז, האט ער בעמערקט צווייא איסוואָסטשיקעס אין דרויסען.

אין פּאָרדער־זאאל אויף'ן ניעדריגען שטאָק, נעבען חוט-געשטעל איז גע־שטאנען דיא דעק פון דער טרונע, בעשלאגען מיט גלענצענדע קנעפּ אונד זילבערנע פראנזען, אונטערגעמישט מיט וויים־זיידענע בענדער. צוויי דאמען, אָנגעצויגען אין שווארצען, האבען זיך דאָרט אויסגעצויגען זייערע קליינע מאנטילען. איינע איז געוועזן איוואן איליטש'עס שוועסטער, וועלכע פּיאָטער איוואנאָוויטש האט גוט גע־קענט, נאָר דיא אנדערע האט ער נאָך קיינמאל ניט געזעהן. שווארץ, איינער פון דיא ריכטער־קאָלעגען, האט געהאלטען אין ארונטער שטייגען דיא טרעפּען, אָבער וויא ער האט געזעהן פּיאָטער'ן, איז ער געבליעבען שטעהן, אונד געמאכט א מיענע מיט זיין אויג, גלייך וויא ער וואָלט געזאגט: „איוואן איליטש האט זיינע גע־שעפטען זעהר שלעכט געפיהרט; מיר האבען שוין בעסער פערשטאנען וואס עס איז צו טהון."

שווארץ'עס מאָגערעס געזיכט אונד זיינע ענגלישע באקען-בערד, זיינען וויא אריבער געהאנגען איבער זיין שווארצען ראָק, אָבער זיין פּנים האט אויסגעזעהן צו טראגען אזא מין ערנסט, גלייך וויא דאס וואָלט אויסגעדריקט דיא צערעמאָניע פון דער געלעגענהייט אונד אונצופריעדענהייט מיט אלעמען וואס ער האט דאָרט געזעהען.

פּיאָטער איוואנאָוויטש האט פריהער געלאָזען דיא דאמען ארויף געהן אונד ער איז מיט ערנסטע שריט נאכגעגאנגען. שווארץ איז געבליעבען שטעהן אויבען. פּיאָטער איוואנאָוויטש האט פערשטאנען דיא אורזאכע; ער האט געוואוסט, אז שווארץ ערווארטעט איהם אום צו אראנזשירען איבער דעם קארטען-שפּיעל פון יענעם אבענד.

דיא דאמען זיינען אריין אין דער אלמנה'ס צימער, אונד שווארץ, מיט א האלב מונטערן וואונק אונד א מאך מיט זיינע ברעמען, האט אָנגעציינגט, אז דאָרט איז דאס צימער מיט דעם טויטען.

פּיאָטער איוואנאָוויטש איז אריין געגאנגען, מיט אונזיכערע שריט, וויא דער פאל איז כמעט מיט יעדען ביי אזעלכע געלעגענהייטען, וועלכע ווייסען ניט וואס פריהער צו זאגען אָדער טהון. ער האט אונטערדעסען געוואוסט, אז עס פּאסט יעדענפאלס זיך איבערצוקרייציגען, אָבער וויא אזוי ער זאָל זיך פערניינען, האט ער ניט אויסגערעכענט. וויא ער איז אריין אין צימער, האט ער זיך איבערגעקרייציגט אונד זיך גענייגט אָהנע צו וויסען אויב דאס איז דיא ריכטיגע צערעמאָניע אין דערזעלבער צייט אָבער, האט ער זיך אויסגעקוקט איבעראל, אונד געוואָלט אלעם זעהן.

צוויא יונגע לייט, פון וועלכע איינער איז געוועזן א סטודענט, אָדער א פער־וואנדטער וויא עס האט אויסגעזעהן פון זיין היימליכקייט, האבען געהאלטען אין פערלאָזען דאס צימער, זיך קרייציגענד ביים ארויס געהן. איין אלטע פרוי איז געשטאנען אָהנע זיא זאָל זיך בעוועגען, אונד א דאמע, וועלכע האט געהאט זעהר הויכע ברעמען, האט געמורמעלט עפּעס דער אלטער אין אויער. א הויכער אונד אָהן-חכמה׳דיגער גלח, איז געשטאנען אונד פאָרגעלעזען גאנץ הויך געבעטע פיר דעם טויטען, אין א טאָן וואס האט אויסגעזעהען אביסעל אונבארמהערציג, אונד געראססים, דער הויז-מוזשיק, האט דערווייל עפּעס בעשפריטצט אויף׳ן פוס-באָדען, וועהרענד ער איז געגאנגען נעבען פיאָטער איוואנאָוויטש.

וויא פּיאָטער האט ערבליקט געראססימען, האט ער אויך דערפיהלט דעם לייכטען אָבער אונאנגענעהמען גערוך פון א פערפוילטען קערפּער. וועהרענד זיין לעטצטען בעזוך צו איוואן איליטש, האט ער בעמערקט דיעזען מוזשיק, וועלכער האט פערטרעטען דיא שטעלע אלס זיין הערר׳ס קראנקען-וועכטער, אונד עס האט אויסגעזעהן, אז איוואן איליטש האט דאמאלס שטארק געהאלטען פון זיין דיענער. פּיאָטער איוואנאָוויטש האט דאן ווידער אָנגעפאנגען זיך צו קרייציגען אונד נייגען זיך, וועלכעס האט אויסגעזעהן, אז ער טהוט עס ניט מיט קיין גרויסעם פערגניגען. דאן, מערקענדיג פיעללייכט מאכט ער דיא צערעמאָניע צו פיעל, איז ער געבליעבען שטעהן אונד אָנגעפאנגען צו בעטראכטען דעם טויטען.

דער טויטער איז געלעגען וויא אירגענד איין אנדערער לעבלאָזער קערפּער אויסגעשטרעקט, אונד פאָרגעשטעלט א שווערע מאסע, מיט אלע זיינע גליעדער פערשטאַרצט, איינגעהילט אין א טוך וואס האט בעדארפט דיענען אלס אונטער־בעטונג אין דער טרונע.

דער קאָפּ, וועלכער איז, וויא עס שיינט, צום לעטצטען מאָל געזונקען אויף דעמזעלבען קישען וואו ער איז געלעגען, האט פאָרגעשטעלט, וויא דיא קעפּ פון אלע אנדערע טויטע קערפּער; א שטערן געל וויא וואקס, געזונקענע לעכער אין דיא שלייפען, אונד דיא נאָז האט אויסגעזעהן ארויס צו שטעקען אזוי וויט, אז זיא האט במעט אין גאנצען פערשטעלט דיא אויבערשטע ליפּ. דיא באקען מאָגער, דונקעל־בלייך אונד געזונקען. וואס פאר א וועקסלונג! דער פערשטאָרבענער האט אויסגעזעהן נאָך מאגערער אפילו וויא צור צייט וואס פּיאָטער איוואנאָוויטש האט איהם לעטצטענס געזעהן. אין דערזעלבער צייט אָבער, האט דער טויט פעראור־זאכט, וואס זיין געזיכט האט אויסגעזעהן עפּעס פיינער, אונד פאָרגעשטעלט איין עהרווירדיגערען ערנסט, וויא צור צייט וואס ער האט געלעבט. דער אויסדרוק

אויף'ן געזיכט האט פאַרגעשטעלט א מיענע, גלייך וויא זיא וואָלט בעצייכענט, אז דער טויטער האט צום לעצטען מאל געדענקט, אז ער האט דורכגעפיהרט דיא וועלט ריכטיג וויא מען דארף. אָבער זיך צו קוקענדיג נעהנטער צו דיעזע געזיכטס־ציגע, האט מען ענטדעקט נאך איין אויסדרוק, וואס האט געלויטעט צו דיא לעבעדיגע: „געדענקט! עראינערט זיך!"

דיעזע עראינערענדע מיענע, האט פּיאָטער איוואַנאָוויטש געטראכט. איז איין איבעריגע זאך, איבערהויפּט האט מען איהם ניט געמיינט דערמיט. ער האט זיך שנעל בערוהיגט, זיך נאך אמאל איבערגעקרייציגט, אונד דאן זיך אומווענדענדיג, האט ער זיך דערנעהנטערט צו דער טהיר, רעכענענדיג, אז ער האט אלסדינג יוצא געוועזן.

שווארץ איז געשטאַנען אונד איהם ערווארטעט אין צווייטען צימער. ווען פּיאָטער איוואַנאָוויטש האט דערזעהן שווארץ'עס גלייכגילטיגעס געזיכט, איז ער ווידער געוואָרען דערזעלבער וויא פריהער, פערטרייבענדיג דעם איינדרוק וואס דיא סצענע האט אויף איהם געמאכט. ער איז געוועזן זיכער, אז שווארץ איז צו קלוג אונד צו מונטער פון דער נאַטור, אום זיך צו לאָזען היגרייסען פון אזעלכע מאָמענטען. יעדענפאלס האט שווארץ'עס גאנצע האנדלונג פאַרגעשטעלט א בילד פון א מענשען, וואס קימערט זיך ניט פיעל אום אזעלכע זאכען וויא איוואַן איליטש'עס טויט מיט א לויה, אונד דיא גאנצע געשיכטע דארף איהם נאך ניט שטערען זיך צוזאמען קומען אין דעמזעלבען אבענד, קויפען א נייא פעקעל קארטען אונד שפּיעלען וויא דער שטייגער איז.

„זעה נאָר זעה," האט שווארץ געזאגט ערבליקענדיג פּיאָטער'ס ערנסטע מיענע. „וואס איז אזוינס געשעהן? דיא גאנצע געשיכטע האט נאך קיין רעכט אוועק צו רויבען אונזער פערגניגען."

פּיאָטער האט ארויס געצוואונגען א שמייכעלע אויף זיינע ליפּען.

„אלזאָ, אזוי בלייבט עס," האט שווארץ געזאגט. „מיר וועלען זיך צוזאמען קומען בייא פעדאָר וואסיליוויטש."

אָבער, וויא עס שיינט, איז עס ניט בעשטימט געוועזן פּיאָטער איוואַנאָוויטש זאָל אין יענעם אבענד זיטצען מיט א מונטערע געזעלשאפט בייא א טיש אונד שפּיעלען אין קארטען. גראדע צו יענער צייט איז ערשיענען דיא אלמנה.

פּראסקאָוויא פעאָדאָראָוונא, איז געוועזן איין עטוואס ניעדריגע אונד פעטע פרוי, אָבוואָהל עס האט אויסגעזעהן, אז זיא האט געוואָלט אנדערש ערשיינען.

ווייל זיא האט איינגעצויגען איהר אויבערשטען מהייל קערפער, אז זיא האט קוים גע־אטהעמט. זיא איז געווען אָנגעצויגען אין שווארצען פון אויבען ביז ארונטער ; אויף איהר קאָפּ האט זיא געטראגען א שווארצע הויב מיט א לאנגען שווארצען שלייער, אונד איהרע ברעמען האבען אויסגעזעהן גראדע אזוי הויך, וויא פון דיעזער דאמע וואס פּיאָטער האט פריהער געזעהן נעבען טויטען. פּראסקאָוויא איז ארויס געקומען אין דער בעגלייטונג פון אייניגע דאמען, אונד וויא זיא איז ער־שיענען, האט זיא געזאגט :

„דער גאָטעס־דיענסט פיר דעם טויטען, פאנגט באלד אָן ; זייט אזוי גוט אונד קומט אריין."

שווארץ האט זיך לייכט פערנייגט אונד איז געבליעבען שטעהן, ניט אָננעהד־מענדיג אונד ניט ענטזאגענדיג דיא איינלאדונג. דאן האט פּראסקאָוויא זיך אומ־געווענדעט, ארויס געלאָזען א טיעפען זיפץ, אונד ערבליקענדיג פּיאָטער איוואנאָוויטש, איז זיא צוגעלאָפען צו איהם, אונד אָנכאפּענדיג זיין האנד, האט זיא געזאגט :

„איך וויים, אז איהר זייט געווען איוואן איליטש'עס בעסטער אונד ליעבסטער פריינד."

זיא האט איהם געקוקט גלייך אין דיא אויגען אונד ערווארטעט א פּאסענדען ענטפער.

פּיאָטער איוואנאָוויטש, וועלכער האט פריהער דורכגעמאכט דיא צערעמאָניע אין קרייציגען זיך, איז יעמצט געבליעבען אויף אייניגע אויגענבליקען אונענטשלאָסען וואס ער דארף ווייטער טהון. דאן האט ער זיך דערמאָהנט, אז א זיפץ איז גאנץ פּאסענד פיר דער געלעגענהייט. ער האט אלזאָ געזיפצט אונד געענטפערט :

„געוויס, געוויס, בין איך געווען זיין בעסטער פריינד."

ער האט דאן נאך אמאל געזיפצט, אָבער דיעזער זיפץ, איז שוין געווען מעהר נאטירליך, דאס הייסט, ער האט זיך געשפירט גלייך וויא א שטיין וואָלט איהם ארונטער פון הארצען דורכמאכענדיג דיא צערעמאָניע.

„קומט מיט מיר," האט זיא דאן געזאגט. „איך וויל מיט אייך עפּעס רעדען איידער דער גאָטעס־דיענסט פאנגט אָן ; גיבט מיר אייער ארעם."

פּיאָטער איוואנאָוויטש האט איהר געגעבען דעם ארעם, אונד וויא זייא זיינען פארביינגעגאנגען נעבען שווארץ'ן, האט דער לעטצטער ווידער אמאל געמאכט א מיענע מיט זיין אויג, וויא איינער רעדט : „א שעהנער מסחר איז דיא גאנצע געשיכטע !"

פיאָטער איוואנאָוויטש האט געלעזען אין שווארץ'עס מיענע אונגעפעהר פאָלגענדע ווערטער: „מיר דאכט, אז אונזער קארטען־שפּיעל הייטע אבענד טויג שוין אויף כפרות; אָבער זעה אנווענדען אלעס מעגליכע אונד ווער פטור פון דאנען.״

פיאָטער איוואנאָוויטש אלס ענטפער צו שווארץ'עס מיענע, האט געזיפצט; פראסקאָוויא פעאָדאָראָוונא האט אָנגענומען דעם זיפץ אלס איין אויסדרוק פון סימפּאטהיע צו איהר, אונד זיא האט געדריקט זיין האנד מיט דאנקבארקייט.

אריין קומענדיג אין פראָנט-צימער, וואס איז געווען אויסגעשטאטעט מיט רויט-בעצויגענעם מעבעל אונד בעלייכטעט פון א לעמפּעל, האבען זייא זיך אוועק געזעטצט בייא א טיש. זיא האט זיך געזעטצט אויף א סאָפא, אונד ער אויף א נעבעטען שטוהל, אָבער דיא איינגעדריקטע ספּרונזשינעס האבען איהם שטארק בעאונרוהיגט, נאכדעם ער איז געווען זעהר שווער.

פראסקאָוויא פעאָדאָראָוונא האט עפּעס בעמערקט אין א מיענע פון זיין גע־זיכט, אז דיא ספּרונזשינעס דריקען איהם, אונד זיא האט איהם געוואָלט איינלאדען ער זאָל זיך זעטצען אויף איין אנדערן שטוהל. אָבער זיא האט זיך גע־טראכט, אז אזעלכע אויפמערקזאמקייטען פון איהר זייט, פּאסען ניט פאר יענער צייט. ווען פּיאָטער איז געזעסען אויף'ן שטוהל, האט ער זיך דערמאָהנט, דאס צור צייט וואס איוואן איליטש האט איבער געצויגען דאס מעבעל, האט ער איהם געפרעגט איין עצה, אויב א רויטער קאָליר איז פּאסענד.

דיא אלמנה, וועלכענדיג אויפשטעהן פון דער סאָפא, האט זיא פערטשעפּעט דיא שווארצע פראנזען פון איהר מאנטילע אן דער שניטצערייא פון דעם טיש. פיאָטער איוואנאָוויטש, זיך אויפהויבענדיג צו בעפרייען דיא מאנטילע, האבען דיא ספּרינזשינעס אָנגעפאנגען וויא צו קלינגען אונד זיך אויפהויבען. דיא אלמנה האט דערוויל אליין בעפרייעט דיא פראנזען, אונד פיאָטער איוואנאָוויטש'עס קערפּער איז צוריק געזונקען אין שטוהל, צוזאמענדריקענדיג עפּעס דיא רעוואָלטירענדע ספּרונזשינעס.

פראסקאָוויא פעאָדאָראָוונא האט נאָר אויסגעזעהן זיך צו ווען אויסקלייבען א פּלאטץ אום צו זיטצען גרארע געגענאיבער פיאָטער'ן. ווען זיא האט זיך ענדליך געפיהלט בעקוועם, האט זיא ארויסגענומען זעהר א ווייסעס טאשענטוך פון איהר קעשענע אונד צוגעלעגט צו איהרע אויגען, פון וואנען עס האבען אנגעפאנגען צו גיסען דיא טרערען. פיאָטער, וועלכער האט געוואוסט וואס דער נעכסטער

מאַמענס וועט ברענגען, האט פערשטאַנען, אז אזא סצענע פאַרדערט צו זיין ערנסט, אונד ער איז געבליעבען זיטצען ערנסט.

אָבער פּיאָטער האט זיך אונטערדעסען געפיהלט זעהר אונבעקוועם זיטצענדיג שטיל אונד וואַרטענדיג ביז פּראַסקאָוויאַ'ס טרערען וועלען אָברינען אונד זיא זאָל עפענען איהר מויל. גליקליכערווייזע איז דאַן ערשיענען סאָקאָלאָוו, דער אויבער־ריענער, אונד אונטערבראָכען דיא אונאַנגענעהמע סצענע. סאָקאָלאָוו האט אנגע־צייגט, אַז דער פּלאַטץ אויף'ן פריעדהויף, וואס דיא אַלמנה האט אויסגעקליעבען פיר איהר מאַן וועט קאָסטען צוויא הונדערט רובעל.

זיא האט גלייך אויפגעהערט צו וויינען, אונד בליקענדיג צו פּיאָטער'ן מיט דער מיענע פון א מאַרטירער, האט זיא געזאָגט אויף פראַנצויזיש, אַז אַלע דיעזע מסחרים פערצאָרזאַכען איהר גרויסע שמערצען. ער האט געזיפצט אונד געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, אנצייגענד, אַז זיא האט רעכט, אָבער מען קען זיך לײדער אנדערש ניט העלפען.

„איהר מעגט דאָ רויכען,“ האט זיא געזאָגט מיט א טאָן פון א מענשען וואס פאַר איהם איז שוין אַלעס גלייכגילטיג אונד דער אנדערער דאַרף זיך ניט לאָזען שטערען.

דאַן האט זיא אנגעפאַנגען צו רעדען מיט סאָקאָלאָוו'ן אונד בעהאַנדלען דיא פראַגע פון דעם בעגרעבניס־פּלאַטץ.

פּיאָטער איוואַנאָוויטש האט זיך פערראויכערט א ציגאַרעטע, אונד געהערט וויא פּראַסקאָוויאַ האט בעשלאָסען צו קויפען דעם בעגרעבניס־פּלאַטץ. דאַן האט זיא געגעבען אויפטרעגען וועגען דער צערעמאָניע, אונד סאָקאָלאָוו האט זיך צוריק געצויגען.

„איך מוז אַלסדינג אליין בעזאָרגען,“ האט זיא געזאָגט איבערקוקענדיג דעם אַלבום פון מיטען טיש.

זיא האט בעמערקט, אַז דאס אַש פון פּיאָטער איוואַנאָוויטש'עס ציגאַרעטע האט געהאַלטען ביים אַרונטער פאַלען אויף'ן טיש־טוך, אונד זיא האט שנעל אונ־טערגערוקט דאס אַש־שיסעלע בעמערקענדיג:

„עס זעהט אויס, אַז עס איז ניט אמת וואס מען זאָגט, דאס שמערץ קען פערהינדערן א מענשען צו בעזאָרגען זאָגאַר דיא קלענסטע פּראַקטישע נעגענ־שטענדען; אין געגענטהייל, ווען אַזעלכע זאַכען קענען מיך ניט טרייסטען, זאָ צערשטרייען זייא מיך וועניגסטענס פון דעם שמערץ.“

זיא האט דאן ווידער גענומען דאס האנד-טיכעל, גלייך וויא זיא האט זיך פארבערייטעט פיר נייע טרערען, אבער זיא האט אויסגעזעהן פלוצלינג צו פער-געסען אן וויינען, אונד זיך בערוהיגענד, האט זיא געמורמעלט:

„איך האב אייך עפעס מיטצוטהיילען."

פיאטער איוואנאוויטש האט זיך פערנייגט, אבער נאר מיט זיין קאפ, זיין קערפער האט ער ניט געוואלט אונטערהויבען, אום ניט צו געבען דיא רעוואל-טירענדע ספרונזשינעס מעהר פרייהיים.

„אך," האט זיא דאן געזאגט, „ער האט שרעקליך געליטען אין דיא לעטצטע עטליכע טעג."

„ווירקליך, האט ער פיעל געליטען?"

„יא, שרעקליך פיעל. וועהרענד זיין לעטצטער שטונדע — איך מיין ניט מאָ-מענטען, זאנדערן א גאנצע שטונדע — האט ער גאר ניט אויפגעהערט צו שרייען. אבער וואס זאג איך א שטונדע! מיין גאט! עס האט געדויערט דרייא טעג מיט דרייא נעכט. עס איז שוין ניט געוועזען צום אויסהאלטען. וויא אזוי ער איז דאס איבערגעשטאנען, קען איך ניט בעגרייפען. אבער יא, דער ארמער איז דאך דערפון געשטארבען. מען האט איהם געקענט הערען שרייען אונד קרעכצען אויף דרייא טהירען ווייטער. גרויסער גאט! וואס איך האב געליטען!"

„איז ער געוועזען ביי זיין ריינעם פערשטאנד?" האט פיאטער איוואנאוויטש געפרעגט.

„יא" האט זיא געענטפערט אין א ניעדריגען טאן, „ביז צו ענדע. ער האט זיך מיט אונז געזעגענט מיט א פיערטעל שטונדע פריהער איידער ער האט אויסגע-הויכט דעם לעטצטען אטהעם, אונד ער האט אונז זאגאר געבעטען אוועק צו נעהמען וואלאדיא'ן."

דיא אידעע אליין, דאס א מענש האט אזוי שרעקליך געליטען, אונד דיעזער מענש איז געוועזען זיין — פיאטער איוואנאוויטש'עס — א חבר פון קינדרוייז אויף, א שטודענט צוזאמען אין איין שולע, אונד דאן זיינער איין אפטער שותף אין קארטען שפיעלען, דאס אלעס האט געמאכט פיאטער'ן שוידערן, אבוואהל ער איז געווען איבערצייגט, אז ניט דיא פרוי אונד ניט ער אליין, האבען זיךביידע געמאכט שטארק גרויסע יסורים פון זיין טויט. עס איז פאר איהם ערשיענען דער שטערען אונד דיא אויסגעשפיטצע נאז פון דעם טויטען, אונד ער האט געציטערט. ער האט זיך געטראכט: „דרייא טעג אונד דרייא נעכט ליידען אונד ערשט נאכהער

שטארבען! אונד דאס קען אויך מיט מיר פאסירען, יעטצט אדער צו אירגענד א צייט — מיט מיר אליין קען דאס אויך פאסירען! ברר..."

פיאָטער'ס הארץ האט אונהיימליך געקלאפט. אבער אונווילקירליך איז ערשיענען דיא אידעע: „יא, דאס אלעס האט געטראָפען מיט איוואן איליטש, אָבער מיט מיר וועט עס ניט טרעפען — ניין, ניין, עס קען מיט מיר ניט פאַסירען." — ער האט אָנגעווענדעט אלע מעגליכקייטען איבערהויפט פון זיך צו פערטרייבען דיא גאנצע אידעע פון קראנק זיין, ליידען, אונד אך! שטארבען! דאס האט פיאָטער ניט געקענט ערטראגען.

ער האט זיך שנעל ארויס געריסען פון דיא טרויעריגע געדאנקען אונד אָנגע־פאנגען אויסצופרעגען, גאנץ גלייכגילטיג, וויא עס איז ווייטער צוגעגאנגען מיט איוואן איליטש פאר זיין טויט. פראסקאָוויא פעאָדאָראָוונא האט איהם דאס אלעס דערצעהלט אין אזא טאָן, וואס האט ניט אויסגעדריקט קיין בעדויערן פאר איהר טויטען מאן, זאָנדערן, דאס ער האט שרעקליך געמארטערט איהרע אייגענע נערווען, אונד זיא, דיא גוטהערציגע אונד כשר'ע נשמה, האט געמוזט דאס אלעס ליידען וויא יעדע „געטרייע" פרוי טהוט.

אלס זיא איז פערטיג געוואָרען מיט איהר שילדערונג, האט זיא אָנגעפאנגען צו רעדען איבער איהר אייגענער אינטערעסע.

„אך, פיאָטער איוואנאָוויטיש," האט זיא געזאגט, „וויא שמערצהאפט אונד וויא שרעקליך דאס איז פאר מיר יעטצט אָנצופאנגען דענקען איבער אזעלכע זאכען, פאר וועלכע גאָט האט מיך אויסגעהיט מיין גאנצעס לעבען."

א שטראָם טרערען האט ווידער געפלאָסען. דיעזעס מאל האט פיאָטער שוין ניט געקענט האבען קיין טעות, אז דיעזע טרערען מיינען איוואן איליטש, זאָנדערן, זיא אליין האט שוין ניט געזוכט צו פערבאָרגען, אז זיא בעדויערט בלויז זיך אליין.

ער האט געזיפצט אונד געוואַרט ביז זיא וועט זיך אויסווישען דיא אויגען. דאן האט ער בעמערקט:

„עס איז שרעקליך!"

דאן האט זיא ווידער אמאל אָנגעפאנגען צו רעדען, אונד איהם בעקאנט געמאכט מיט איהר הויפט-אינטערעסע. דאס איז געווען איבער דער סומע געלד וואס זיא האט ערווארטעט צו קריגען פון דער רעגיערונג פאר דעם טויט פון איהר מאן. זיא האט אויך געפרעגט איין עצה, וויא אזוי אונד אויף וועלכער ארט זיא

קען קריעגען א פענסיע; אָבער, פון איהר איינענע רייד איז געווען ארויס צו זעהן, אז זיא איז שוין געווען גוט בעקאנט מיט דער גאנצער פראגע אונד האט אליין גע־וואוסט בעסער אלס איין אנדערער, וויא אזוי זיא וועט קענען ארויס קריעגען געלד. עס איז קיין צווייפעל געווען בייא פיאָטער איוואנאָוויטש, אז פראסקאָוויא האט אין דיא לעטצטע וואָכען פון איהר מאן'ס קראנקהייט, זעהר פיעל געפאָרשט אונד געדענקט איבער דיעזען ענין. אלעס וואס זיא האט ערוואַרטעט איז בלויז געווען, דאס פיאָטער קען איהר פיעללייכט געבען איין עצה, וויא ארויס צו קריעגען א גרעסערע סומע.

פיאָטער איוואנאָוויטש האט זיך אויך ווירקליך בעמיהט צו געפינען עפּעס איין אויסוועג וויא אזוי ער זאָל איהר געבען אזא עצה, אָבער נאכדעם וויא ער האט אייניגע אויגענבליקען נאכגעדענקט, האט ער איהר אויפריכטיג ערקלערט, אז ער זעהט ניט איין וויא אזוי ער קען געבען א בעסערן ראטה וויא זיא אליין האט שוין איינמאל אויסגעקלערט. ווען פראסקאָוויא האט דאס געהערט, האט זיא געגעבען איין אמת'ן הערצליכען זיפץ, אָבער, אין דערזעלבער צייט, האט זיא אויך דערמיט אָנגעצייגט, אז איהר אונטעררעדונג מיט פיאָטער'ן, איז צו ענדע. ער האט פערשטאנען; אונד נאכדעם וויא ער האט אויסגעלאָשען דיא ציגארעטע, האט ער זיך אויפגעהויבען, איהר געגעבען דיא האנד אונד איז ארויס פון דעם צימער.

אין שפּייזע־זאאל, האט פיאָטער איוואנאָוויטש דערקענט א זייגער וואס איוואן איליטש האט אמאל געקויפט אין א גרויסעם געשעפט אונד אויף וועלכען דער פערשטאָרבענער איז זעהר שטאָלץ געווען. ער האט זיך אויך בעגעגענט מיט דעם גייסטליכען, אייניגע בעקאנטע וואס זיינען געקומען צו דער לויה אונד זיך געזעהען מיט איוואן איליטש'עס טאָכטער, וועלכע איז געווען א שעהנעס מעדכען.

דאס פריילין האט פאָרגעשטעלט זעהר איין ענגע טאליע, פיעל קלענער וויא דיא טאליע איז אין דער ווירקליכקייט געווען. פיאָטער האט פערשטאנען, אז דער קאָרפּער אונטער'ן שווארצען קלייד, איז געווען איינגעצויגען מיט אלע כוחות. זיא האט אויסגעזעהן טרויעריג, אָבער ענטשלאָסען, אונד וויא זיא האט ערבליקט פיאָטער איוואנאָוויטש, האט זיך נעצייגט אויף איהר געזיכט אזא מיענע, גלייך וויא זיא וואָלט אויף איהם געווען אין כעס. נעבען איהר, אויך מיט אזא מיענע, איז גע־שטאנען איהר חתן. איין אונטער־פּראָקוראָר, וועלכער איז געווען א רייכער יונגער מאן אונד פיאָטער איוואנאָוויטש האט איהם געקענט פון ווייטען.

פיאָטער האט זיך מעלאַנכאָליש פערניינט פאר דיא לעצטע צווייא אונד האט געוואָלט אריין אין צימער וואו דער טויטער איז געלעגען, ווען ער האט בע־מערקט דאס געזיכט פון איוואַן איליטש'עס קליינעם אינגעל. דיעזעס געזיכט האט איהם דערמאָהנט אן איוואַן איליטש'ן זעלבסט, ווען ער איז געוועזן א סטודענט אין דער געזעטץ־שולע. זיינע אויגען זיינען געוועזן רויט פון וויינען, אונד אויף דיעזען 14־יעהריגען געזיכט, האט פיאָטער צום ערשטען מאל ענטדעקט וואהרען טרויער אין הויז. דאס קינד האט זיך עטוואס צוריק געצויגען מיט א שעהמעדיגער בע־נעהמונג, ווען ער האט ערבליקט זיין פאטער'ס פריינד. פיאָטער האט איהם אונ־טערדעסען בעגריסט אונד איז אריין אין טויטען־צימער.

דער גאָטעס־דיענסט האט אָנגעפאנגען. איבעראל זיינען געוועזן ליכט, זיפצען, ווייהרויך, טרערען אונד קרעכצען.

פיאָטער איוואַנאָוויטש איז געשטאַנען גראד אונד געקוקט ארונטער מיט דיא אויגען אויף זיינע פיס. ער האט מעהר ניט געוואָגט צו קוקען אויף דעם טויטען קערפער, אונד איז געשטאַנען מיט שמערצהאפטער אונגעדולד אום צו ערווארטען דעם סוף פון דער צערעמאָניע; ווען אלעס איז געוועזן פאָראיבער, האט ער צום ערשטען פערלאָזען דאס צימער.

ניעמאנד איז געוועזן אין פאָרדער־זאאל. אָבער געראססים, דער הויז־מוזשיק, איז אונטערדעסען ארויס געקומען פון דעם טויטען־צימער אונד אָנגעפאנגען יעדען איינעם צו דערלאַנגען זיין מאנטעל וואס איז דאָרט געהאנגען.

„אלזאָ, ברודער געראססים,“ האט פיאָטער איוואַנאָוויטש בעמערקט בלויז אום עפּעס צו רעדען, „דאס איז א גרויסעס אונגליק.“

„עס איז גאָט'ס ווילען! עס וועט מיט יעדען פּאסירען דאסזעלבע,“ האט געראססים געענטפערט צייגענדיג זיינע ווייסע צייהן. דאן האט ער געעפענט דיא טהיר מיט איין ענטשלאָסענער בענעהמונג, וויא א מאן וואס וויים דעם פּראָגראם פון זיין ארבייט, צוגערופען דעם טרייבער מיט דער דראָשקע, אונד געהאָלפען פיאָטער'ן איינשטייגען. דאן איז ער שנעל צוריק געשפרונגען מיט דעם בע־וואוסטזיין פון א מענשען, וואס בעגרייפט, אז ער האט נאך זעהר פיעל צו טהון.

פיאָטער איוואַנאָוויטש איז געוועזן שטארק ערפרייט אונד צופריעדען, ווען ער האט נאך אמאל געקענט איינאָטהמען ריינע אונד פרישע לופט, נאך דעם ווייהרויך, טוים, שטיקענעש אונד אנדערע אונאנגענעהמע ריחות.

„וואוהין זאָל איך פֿאָהרען?“ האט דער טרייבער געפֿרעגט.

„עס איז נאך ניט שפעט; פֿיהר מיך צו פֿעדאָר וואסיליעוויטש,“ האט פֿיאָטער געענטפֿערט.

ווען פֿיאָטער איוואנאָוויטש איז אהין אנגעקומען, איז שוין געווען פֿערזאמעלט די גאנצע קארטען־פֿארטיע אונד ער האט נאך געהאט צייט צו נעהמען אנטהייל.

2.

די געשיכטע פֿון איוואן איליטש, איז געווען אזוי איינפֿאך, אלטעגליך אונד אזוי שרעקליך וויא נאָר מעגליך.

ער איז געשטאָרבען צו זיין 45טעס יאהר, אלס מיטגליעד פֿון דעם אפּעלאַציאָנס־געריכטס־הויז. ער איז געווען דער זוהן פֿון א בעאמטען, וועלכער איז געווען לאנג טהעטיג אין מיניסטעריום פֿון סט. פּעטערסבורג, אונד ווען ער איז אלט געווארען, האט ער אין דעם זכות פֿון זיין פֿערגאנגענהייט, געקריגען א פּאסענדע שטעלע וואס האט בעצאהלט א סך געלד, אָבער וואו מען האט זעהר וועניג געהאט צו טהון. איוואן איליטש'עס פֿאטער האט אלזא געהאט איינקינפֿטע אויף דער עלטער, וועלכע האבען איהם בעפֿרייעט פֿון זאָרג אונד ער האט געקענט לעבען גליקליך אונד צופֿריעדען אזוי לאנג וויא זיינע יאהרען האבען געדויערט.

איברינגענס, איז דער שטאאטסראטה איליא עפימאָוויטש גאלאווינע, אימער געווען איין אונניטצליכעס מיטגליעד פֿון פֿיעלע אונניטצליכע עמטער. ער האט געהאט דרייא זיהן, פֿון וועלכע איוואן איליטש איז געווען דער צווייטער. דער עלטערער האט זיך גענומען געהן אויף דעמזעלבען וועג וויא זיין פֿאטער, מיט דער אויסנאהמע וואס ער האט אויפֿגעזוכט איין אנדערן רעגיערונגס־דעפּארטעמענט, אונד ער האט זיך שוין דערנעהנטערט דיא בעאמטען צייט, ווען מען דרעהט זיך מיט דער קראפֿט פֿון דער יוגענד, גראדע וויא א ראָד דרעהט זיך מיט דער קראַפֿט פֿון א פֿריהערינגען שטויס. זיין דריטער זוהן, דער איננסטער, איז קיינמאל קיין לייט ניט געווען. ער האט פּראָבירט זיך צו נעהמען צו פֿערשיעדענע בעשעפֿטיגונגען, אונד ער האט בייא קיין איינציגער בעגליקט דורך זיין אייגענעם בעהלער. צו דער געגענווערטיגער צייט פֿון דער האנדלונג, איז ער געווען בעשעפֿטיגט בייא דער אייזענבאהן, אונד זיינע קרובים, איבערהויפּט זיין שוועגערין, ניט נאָר וואס זיא האט זיך מיט איהם ניט געוואָלט בעגעגענען, זאָנדערן זיא האט

זאָגאר נים געוואָלט וויסען אויב זיא האט גאר אזא שוואָגער. עס איז געוועזן נאָך א שוועסטער צו דיא דרייא ברידער, וועלכע האט געהייראטעט באראָן גרעף, א א בעאמטער אין סט. פעטערסבורג וויא זיין שווינער־פאטער איז געוועזן.

וואס עס אנבעלאנגט איוואן אילִיטש, איז ער געוועזן איין אויסנאהמע אין דער פאמיליע. ער איז נים געוועזן אזוי צוריקגעצויגען אונד שטאָלץ וויא זיין עלטערער ברודער אונד אויך נים אזוי צולאָזען וויא זיין אינגערער ברודער. ער האט אלזא געביִלדעט א גוטען מיטעלפונקט צווישען זייא ביידע. ער איז געוועזן קלוג, אינטעליגענט, בעזעסען א שעהנע בענעהמונג אונד שטודירט אין דער גזעצט־שולע צו דערזעלבער צייט וואס זיין אינגערער ברודער איז דאָרט געוועזן א סטודענט. דער אינגערער ברודער איז אָבער אין מיטען ארויס געוואָרפען געוואָרען, וועהרענד איוואן אילִיטש האט ריכטיג אויסגעשטודירט אלע קלאסען.

זייענדיג אין שולע, האט זיך שוין זיין כאראקטער פיר דער צוקונפט ארויס געוויזען. ער איז געוועזן שארפזיניג, פערשטאנען א זאך שנעל אונד פינקטליך, ליעב געהאט געזעלשאפט אונד איז געוועזן זעהר שטרענג פיר אלעס וואס ער האט בעטראכט אלס פליכט. אין דערזעלבער צייט, מעג מען אויך בעמערקען, אז ער האט בעטראכט אלעס פאר א פליכט, וואס זיינע פאָרגעזעטצטע האבען געפאָדערט.

ער איז אויך געוועזן פון דיעזע מענשען, וואס ציהען זיך פון דער יוגענד אן צו דער העכערער קלאסע מענשען, גראדע וויא א נאכט־פליעגעל ווערט צוגע־צויגען צום פלאם פון א ליכט. אויף דיעזער ארט, האט ער אויך באלד אויסגע־לערענט זייערע מיינונגען אונד בענעהמונגען אונד בייא זיך אָבגעפאסט, אז אזוי דארף מען זיך פיהרען אויף דער וועלט.

דיא נסיונות פון דער יוגענד אונד אומגאנג אונטער יונגע מענשען, זיינען בייא איהם פאָראיבער אָהנע צוריק צו לאָזען בעדייטענדע שפורען. אָבוואהל ער האט נים פיינד געהאט זיך אריין צו לאָזען אין פרייעס פערגניגען אונד תאוה, האט ער זיך אבער אימער אזוי געפיהרט, אז ער איז געבליעבען שטעהן בייא גע־וויסע גרענעצען אונד ער איז דיעזע נים אריבער געגאנגען.

זייענדיג אין שולע, האט ער בעגאנגען, גלייך מיט דיא אנדערע סטודענטען, געוויסע קלאהיגקייטען און לאסטערן, אָבער דער אונטערשיעד איז געוועזן, וואס בייא פיעלע האט דאס גאר נים אויסגעמאכט, וועהרענד ער האט בעטראכט זיינע טהאטען אלס געמיין אונד ניעדערטרעכטיג. ער האט זייא בלויז געטהאָן, ווייל ער

האט נים געקענט בעסער זיין וויא דיא אנדערע. שפּעטער האט ער געזעהן, אז פּראָמינענטע מענער האבען אויך דאסזעלבע געטהאָן אונד האבען זיך אפילו נים געשעהמט דערפאר. זיין געוויסען איז, אונטער דיעזע אומשטענדען, בערוהיגט גע־וואָרען, נאכדעם ער האט געזעהן, אז נאך אלעמען, וויים ער נאך פון געוויסע גרענעצען, וועהרענד דיא אנדערע האבען דאס אויך נים געקענט.

ווען ער איז ארויס פון דער שולע, האט איהם זיין פאטער בעזאָרגט מיט דעם נעטהיגען געלד, אום ער זאָל זיך אויסקליידען וויא עס פּאסט פאר איהם. ער האט זיך בעשטעלט איין אנצוג בייא דעם גרעסטען אריסטאָקראטישען שניידער, גענומען אבשיעד פון דעם פּרינץ וואס האט אונטערשטיטצט דיא שולע, וויא אויך פון דעם דירעקטאָר פון דער אוניווערזיטעט, זיך בעגעגענט מיט אלע מעגליכע איינפלוסרייכע פּערזאָנען, געגעסען מיטאג אין דעם גרעסטען רעסטאָראַנט, אונד דאן האט ער זיך פערטיג געמאכט צום אַברייזען.

ער האט צוזאמען געפּאקט זיינע נייע קופּערטען מיט זיינע נייע קליידער, וועש, ראזיר־מעסערס אונד אנדערע נעטהיגע קלייניגקייטען אונד איז אוועק אויף דיא פּראָווינצען אלס א בעאמטער, ספּעציעל געשיקט צום גובערנאטאָר אין א וויכטיגער שליחות. דיעזער ערשטער וויכטיגער אויפטריט אין אָפיציעלען לעבען, האט ער געהאט צו פערדאנקען זיין איינפלוסרייכען פאטער.

אָנקומענדיג אויף דער פּראָווינץ, האט איוואן איליטש זיך געזעהן אזוי אראנ־זשירען, אז ער זאָל קענען פיהרען גראדע אזא לייכטעס אונד זארגלאָזעס לעבען וויא צור צייט וואס ער איז געוועזען אין שולע. ער האט ערפילט זיינע פליכטען, אבטונג געגעבען אויף זיינע געשעפטען, אונד, אין דערזעלבער צייט, האט ער זיך אזוי אָנ־געפאנגען אויפצופיהרען, אז יעדער זאָל זאגען, אז ער איז זעהר איין אנשטענדיגער יונגער מאן.

צייטענווייז, ווען זיינע פאַרגעזעטצטע האבען איהם געשיקט, האט ער בעזוכט דיא דיסטריקטען אונד אימער געמאכט זיין ארבייט אזוי פּאָלקאָמען, אז יעדער איינער, זאָגאר זיינע אונטערגעאָרדנעטע, זיינען מיט איהם געוועזען העכסט צו־פריעדען.

וועהרענד ער האט ערפילט זיינע פּראָפעסיאָנעלע ארבייטען, האט ער, טראָטץ זיין יוגענד, פערשטאנען וויא זיך צו האלטען מיט דער בעקאנטער טשינאָווניק־בענעהמונג, וואס פערלאנגט רעספּעקט פון יעדען איינעם. קומענדיג ניעדער אין פּריוואט־געזעלשאפט, האט ער זיך ערלויבט צו צייגען זיין יוגענדליכען

נייסט פון מונטערקייט, וויטץ אונד האט פארגעשטעלט וויא מען זאגט, „א גוטען ברודער,“ אונד זעהר „אנגענעהם אין געזעלשאפט,“ וויא דער גובערנאטאר האט אמאל בעמערקט צו זיין פרוי בשעת ער האט זיא בעזוכט.

דער עלעגאנטער אונד יונגער טשינאווניק, האט נאטירליך בעקאנטשאפט געמאכט מיט פיעלע יונגע דאמען, אבער איינע איבערהויפט, האט זיך פון איהם ניט געוואלט אבלאזען. ער האט אונטערדעסען געהאט זעהר א נאהענטע בע־קאנטשאפט מיט א יונגער הוט־מאכערקע, וויא אויך מיט פיעלע אנדערע שעהנע מיידלעך. דעננאך האט ער אימער אלעס געטהאן מיט דער בענעהמונג פון א מענשען וואס האט געהאט א גוטע ערציהונג. ער האט ניט מיטגענומען קיין עדות בייא אזעלכע צוזאמענקינפטע אונד זיך אויך ניט בעריהמט מיט זיינע „העלדענ־טהאטען“ וויא פיעלע אנדערע האבען געטהאן. מיט איינעם ווארט, יעדער האט אפילו געוואוסט, אז „א יונגער מאן בלייבט א יונגער מאן,“ נאר איוואן איליטש איז געווען איין אויסנאהמע דערמיט, וואס ער האט אלעס געטהאן „אנ־שטענדיג.“

יא, איוואן איליטש האט אלעס געטהאן מיט ריינע הענד, ריינע העמדער, פראנצויזישע אויסדריקע, אונד, איבערהויפט, האט ער זיך קיינמאל ניט „ער־ניעדריגט“ צו זוכען א בעפריעדיגונג פיר זיין יוגענד אין דער „ניעדריגער“ געזעל־שאפט, זאנדערן אלעס איז געווען אונטער דער געזעלשאפט פון „הויכע“ מענער אונד דאמען, אונד ניעמאנד האט אין דעם געזעהן עפעס א פעהלער.

אזוי האט זיך איוואן איליטש געפיהרט גאנצע 5 יאהר, ביז דיא צייט איז געקומען וואס מען האט איהם געגעבען א העכערעס אמט. עס זיינען איינגעפיהרט געווארען נייע געריכטס הייזער אונד מען האט בעדארפט האבען נייע בעאמטע. ער איז געווארען איינער פון זייא. מען האט איהם אנגעבאטען דאס אמט אלס אינסטרוקציאנס־ריכטער, אונד ער האט דאס אקצעפטירט, אונגעאכטעט דארויף, וואס ער האט בעדארפט פון דארט אוועק אין א נייעם פלאטץ אונד זוכען נייע בעקאנטשאפט.

זיינע פריינדע האבען איהם אונטערשטיטצט. זייא האבען זיך אלע פאטאָ־גראפירט אין איין גרופע אונד איהם בעשאנקען מיט א זילבערנער ציגארעטען־פושקע אלס אנדענקען. ער איז דאן אוועק.

אלס אינסטרוקציאנס־ריכטער, האט ער פערשטאנען זיך גראדע אזוי גוט צו בענעהמען וויא אויף זיין פריהערינעס אמט. אונד אזוי וויא ער האט

אנגעווענדעט אלעס מעגליכע אבצוהיטען זיינע אמט־פליכטען פון זיין פריוואט־לעבען, האט ער אויך דא געקריענען דיזעלבע אכטונג פון יעדען וויא פריהער.

וואס עס אנבעלאנגט זיין נייע בעשעפטיגונג, איז דאס פאר איהם געווען פיעל וויכטיגער אונד אינטערעסאנטער וויא דיא אלטע. ער האט ווירקליך אויך פריהער הנאה געהאט ווען ער איז ערשיענען אין דער געזעלשאפט פון זיין עקסע־לענץ, דער גובערנאטאר, אונד יעדער האט איהם בעטראכט אלס א וויכטיגען בעאמטען. אבער דארט האט ער קיין מאכט ניט געהאט מעהר וויא איבער א געוועהנליכען איספראווניק אדער ראסקאלניק. דא ווידער איז ער שוין געווען שטארקער אונד איינפלוסרייכער. ער האט ליעב געהאט צו וויסען, אז ער איז אימשטאנדע צו צערשמעטערן זיינע אונטערגעאורדנעטע, אבער, אין דערזעלבער צייט, זאל ער זיך בעווייזען געגען זייא גוטמיטהיג, אום צו צייגען, אז ער איז איין עהרענמאן, אונד ער זוכט קיינעם ניט צו שאדען אבוואהל ער קען עס טהון.

אלס ער איז געווארען איין אונטערזוכונגס־ריכטער, האט ער ערפאהרען, אז יעדער איינציגער, גרויס אונד קליין, ארעם אונד רייך אהנע אויסנאהמע, איז גע־לעגען אין זיינע הענד; ער האט נאר בעדארפט אויפשרייבען עטליכע ווערטער אויף א פאפיר מיט א געוויסען געדרוקטען איבערשריפט, אונד דאס האט שוין געהאט דיא מאכט צו ברענגען אין זיין געגענווארט אירגענד וועלכען שטאלצען אונד מעכטיגען אריסטאקראט, ענטוועדער אלס אנגעקלאגטען אדער אלס עדות. אונד דיעזער אריסטאקראט, וויא הויך ער זאל נאך שטעהן, וואלט געמוזט בלייבען אויף זיינע פיס, סיידען ער, איוואן איליטש, וואלט געווען אזוי גוט איהם איינצולאדען ער זאל זיך זעטצען. דערזעלבער אריסטאקראט, וואלט אויך געמוזט בעענטפערן אירגענד וועלכע פראגע וואס איוואן איליטש וואלט איהם געשטעלט.

אבער, וואס אמת איז אמת, איוואן איליטש האט זיך קיינמאל ניט בעדיענט צום שלעכטען מיט זיין קראפט. אין געגענטהייל, ער האט נאך פיעלע מאל אוועק געקוקט אויף א זייט אונד ניט געוואלט טהון אזוי פיעל וויא עס איהם ערלויבט געווען. דאס בעוואוסטזיין אליין אז ער בעזיטצט אזא קראפט אונד דאס ער איז אימשטאנדע אזוי פיעל אויפצוטהאן, איז געווען גאנץ גענוג איהם צו פעראינ־טערעסירען אין זיין נייעם אמט.

וואס עס אנבעלאנגט צו זיינע אונטערזוכונגען, האט ער געהאט א טבע אריין צו קריכען אין דער טיעפער זעעלע פון יעדען איינעם וואס איז פאר איהם ערשיענען, אונד בלויז א וואונק איז שוין פאר איהם גענוג געווען אום ער זאל

ערפאהרען וואס ער האט געוואָלט. ער איז געוועזען אימשטאנדע צו געבען א דייט־ליכע ערקלערונג איבער דער געהיימניספאָלער געשיכטע, זאָלאנג ער האט נאָר געפונען דעם ערשטען שליסעל דערצו, אונד ער איז אימער, אין אזעלכע בעציהונגען, געוועזען זעהר אָרענטליך, ניט געבענדיג זיין אייגענע מיינונג, זאָנדערן, ער האט זיך צופריעדען געשטעלט צו געבען דעם אורטהייל פון דיא ענטדעקטע פאקטען. אין דער זעלבער צייט, איז ער געוועזען זעהר פאָרזיכטיג צו אכטען איבער אלע פאָרמען פון געזעטץ. צו יענער צייט אין רוסלאנד, איז דאס געוועזען ווירקליך א נייע זאך, ווייל ער איז געוועזען פון דיא ערשטע ריכטער וואס האט געהאט דיא אויפגאבע צו פיהרען זיין אמט לויט דאס שטראף־געזעטץ־בוך פון דעם יאָהר 1864

ווען איוואן איליטש האט געוועקסעלט זיין אמט, האט ער אויך אָנגעפאנגען צו פיהרען א נייעס ארט לעבען. אנשטאט וואס ער איז פריהער צופריעדען געוועזען צו זיין בעקאנט מיט דיא פראָווינציעלע בעאמטע, האט ער זיך יעטצט געהאלטען פון ווייטען אונד געזוכט בעקאנטע אונטער דיא העכערע קלאסען, העכערע ריכטער אונד עלעגאנטע אריסטאָקראטיע. ער האט אויך אָנגעפאנגען אביסעל צו קריטיקירען דיא רעגיערונג — הינטערווייל־עכס נאטירליך — אונד ער האט גע־שפיעלט דיא ראָלע פון א ליבעראל.

אונטערדעסען האט ער ניט פערנאכלעסיגט צו זעהן, אז זיינע קליידער זאָלען זיין געשניטען אונד געפאסט נאך דער לעטצטער מאָדע; דער איינציגער וועקסעל אין זיין ערשיינונג איז געוועזען, וואס ער האט זיך אויפגעהערט צו ראזירען אונד זיך געלאָזען וואקסען א באָרד. ער האט פערגניגען געהאט פון זיין גאנצער עק־זיסטענץ; דיא מיטגליעדער פון דער ליבעראלער געזעלשאפט, וועלכע האבען איהם אויפגענומען אונטער זיך, האבען געבילדעט א וואהרע ברידערשאפט; זיין געהאלט נאטירליך, איז געוועזען העכער וויא פריהער, אונד אונטער דיא פערשיעדענע אונ־טערהעלטע, האט ער זיך גענומען שפיעלען פרעפעראנס. דיעזער קארטען־שפיעל, האט איהם שטארק פעראינטערעסירט, אונד אזוי וויא מען מוז דערבייא האבען א גוטע איבערלעגונג, האט זיך איוואן איליטש באלד געצייגט אלס א מייסטער.

נאכדעם וויא צוויא יאָהר זיינען פאָראיבער אויף דיעזען אמט, האט ער בעגעגענט דיא דאמע, וואס איז בעשטימט געוואָרען צו ווערען זיין פרוי. פראסקאָוויא פעאָדאָראָוונא מיכעל, איז געוועזען זעהר א קלוגעס אונד אנציהענדעס מעדכען, אונד ווען ער האט זיא צום ערשטען מאל בעגעגענט אין געזעלשאפט, האט ער געפונען א נייעס פערגניגען צו פערברענגען אין געשפרעך מיט איהר.

װעהרענד דער צייט פון זיין ערשטעס אמט, האט ער זעהר ליעב געהאט צו טאנצען, נאָר זייט ער איז געוואָרען איין אונטערזוכונגס־ריכטער, האט ער זעלטען געטאנצט. װען ער האט שוין יא אמאל געטאנצט, איז עס נאָר געװען דערפאַר, אום צו צייגען, דאס אָבוואָהל ער איז א ריכטער אונד עס פאסט ניט פאר איהם צו זיין א טענצער, האט ער נאך אימער געקענט טאנצען בעסער װיא אלע אנדערע.

אזוי האט עס אייניגע מאל פאסירט, װאס ער האט געטאנצט מיט פראסקאָװיא פעאָדאָראָװנא אין פריװאט בעלער. אונד, נאָר דיעזען טאלענט פון טאנצען, האט ער געהאט צו פערדאנקען װאס ער האט געהאט דאס גליק נושא חן צו זיין אין איהרע אויגען. זיא האט זיך אין איהם פערליעבט איבער דיא אויערן. װעניגסטענס האט זיא עס אייניגע מאל געזאגט מיט האלבע װערטער אום ער זאָל זיך מערקען דיא איבריגע. ער װיעדער, האט אפילו נאך ניט געהאט בעשלאָסען צו הייראטהען, נאָר װען ער האט ערבליקט דיעזעס מעדכען, האט ער זיך אויך אין איהר פערליעבט. אזוי האט ער געמיינט, װען ער האט געזעהן איהר פולע ברוסט אונד איהר װייסען האלז. דאז האט ער זיך אָנגעפאנגען צו פרעגען, װארום ער זאָל ניט הייראטהען מיט דיעזע מעדכען. אונגעאכטעט דארויף װאס ער האט נאך ניט נערעכענט חתונה צו האבען.

פראסקאָװיא פעאָדאָראָװנא האט געשטאמט פון זעהר א גוטער פאמיליע אונד פאָרגעשטעלט א מעדכען, װעלכע האט געגעבען גוטע אויסזיכטען צו זיין אויך א שעהנע פרוי. אויסער דעם, איבערהויפט, האט זיא אויך געהאט געלד.

װיא דיא זאך איז, איז דער שידוך געפעלען געװאָרען איװאן איליטש'ן, אָבװאָהל, נאכקלערענדיג מאנכע מאל, האט ער געמוזט צוגעבען, אז ער האט גע־קענט א בעסערע פארטיע ערראייכען. אָבער דעם לעטצטען געדאנק האט ער אימער פון זיך פערטריעבען, װען ער האט זיך דערמאָהנט, אז ער האט א גוטען געהאלט פון זיין אמט, אונד ער האט געהאט א גוטע אורזאכע צו האָפען, אז עס װעט נאך מיט דער צייט בעסער װערען, אונד מיט פראסקאָװיא'ס געלד, איז ער שוין געװען פאָלקאָמען צופריעדען. פראסקאָװיא האט אויך בעלאנגט צו א גוטער פאמיליע, אונד זיא אליין, איז געװען שעהן אונד אנגענעהם.

אָבער נאך אלעמען, איז עס פאָזיטיװ ניט װאהר צו בעהויפטען, אז זייא האבען געהייראטעט אויס ליעבע, אָדער דערפאר װייל זייא האבען פערשטאנען, אז זייערע געדאנקען שטימען מיט אנאנדער. ניין, דאס איז געװיס ניט געװען דיא אורזאכע.

צווייא אנדערע אורזאכען האבען נעפיהרט איוואן איליטש'ן צו הייראטען; ערשטענס האט עס איהם פער׳שאפט פערגניגען וויסענדיג, אז ער וועט קענען האבען אזא פרויענצימער, אונד דאן האט ער פערשטאנען, אז דיא הויכע געזעל־שאפט וועט זאגען, אז ער האט געטהאָן א גוטען שידוך.

אונד אזוי האט איוואן איליטש געהייראטעט.

וועהרענד דיא ערשטע חתונה־סעודות, אונד דאן וועהרענד דיא זיסע פאאר וואָכען נאך דער חתונה, איז אלעס צוגעגאנגען מונטער, שעהן, אנגענעהם אונד גליקליך. פראסקאָוויא איז געוועזן ליעבענסווירדיג, געזוכט צו זיין בעליעבט, אויס־געפוצט זייער וואָהנונג מיט שעהנעם מעבעל אינד קאָלירטע גארדינען, אונד איוואן איליטש האט דערפון הנאה געהאט.

דאס אלעס האט געדויערט, ביז זיא האט אָנגעפאנגען צו שוואַנגערן.

איוואן איליטש האט ביז דאן גערעכענט, אז דיא הייראטה איז ניט מעהר וויא א ציערונג אָדער א לוקסוס צו זיין לייכטעס אונד זאָרגענלאָזעס לעבען אין דיזער אריסטאָקראטישער געזעלשאפט. אָבער עס האט ניט פיעל געדויערט, ביז ער האט ערפאהרען, אז ער האט געהאט א טעות. ער האט פלוצלינג איינגעזעהן, אז אין זיין עקזיסטענץ איז ערשיענען עטוואס אונערווארטעטעס, אונאנגענעהמעס אונד שמערצהאפטעס, אונד, וואס איהם האט נאך מעהר בעאונרוהיגט, איז געוועזן אונ־בעקוועמליכקייט; מיט איינעם וואָרט, ער האט ענטדעקט אזעלכע געפיהלע, וועלכע ער האט ביז דאמאלס ניט געשפירט, אונד עס איהם גאר קיינמאל ניט פאָרגעקומען, אז זייא קענען עקזיסטירען.

זיין פרוי, אָהנע ער זאָל איינזעהן אירגענד איין אורזאכע, האט איהם אָנגעפאנגען צו שטערען דיא רוהע אונד בעקוועמליכקייט אין לעבען; זיא איז געוואָרען אייפערזיכטיג, אָהנע ער זאָל וויסען ווארום, פערלאנגט פון איהם ער זאָל ניט מיעד ווערען זיא גלעטען, קושען אונד זאגען שעהנע ווערטער, אונד זיך געצייגט פערטיג צו יעדער מינוט זיך צו געפינען בעליידיגט. צייטענווייז האט זיא אויך געעפענט א מויל אויף איהם, אז עס האט זיך איהם געדאכט, אז פון דאָרט פליעסט שוועבעל אונד פעך.

איוואן איליטש האט פראָבירט אנפאנגס אויסצומיידען אזעלכע סצענען, דאמיט וואס ער האט זיך ווידער געוואונדעט צו זיין בחור־לעבען; ער האט פראָבירט צו זאגען זיין ווייב שעהנע ווערטער ווען זיא איז געוואָרען אין כעס אונד אָנגעווענדעט אלעס מעגליכע צו לעבען ווידער רוהיג אונד צופריעדען. ער האט איינגעלאדען זיינע פריינד צו זיך אין הויז אום צו שפיעלען קארטען, אָדער ער

איז געגאנגען אין קלוב אונד געמאכט בעזוכע אונטער זיינע בעקאנטע. אָבער דאס אלעס האט גאר ניט געהאָלפען.

אין א טאָג האט ער זיך שטארק דערשראָקען אונד זיך געפיהלט זעהר גע־קריינקט, ווען פראסקאָוויא האט איהם שענדליך בעלייריגט אונד איהם בעשולדיגט אין אזעלכע זאכען, אין וועלכע ער האט זיך געפיהלט אונשולדיג. דאס האט איהם אָבער שוין ארויס געבראכט פון זיין געדולד, אונד אנשטאט איהר נאכצוגעבען, האט ער איהר אָבגעענטפערט מיט עהנליכע זידלערייען.

דאס אלעס האט אונטערדעקען נאך ערגער געמאכט, אונד איוואן איליטש האט געמוזט איינזעהן, אז געגען זיין וויב איז ער א קליינער העלד, אונד פאר איהר מויל דארף מען מורא האבען. אום צו פערמיידען סקאנדאל, האט ער בעשלאָסען צו בלייבען אין דער היים אונד זיך לאָזען אָבהיטען פון איהר.

ער האט זיך באלד איבערצייגט, אז דיא הייראטה פערזיסט ניט אימער דאס לעבען, וויא ער האט זיך פריהער פאָרגעשטעלט, זאָנדערן, אין געגענטהייל, דיא הייראטה איז א'ין אונגעהייערע לאסט פאר אזא מאן וויא ער, וואס האט ליעב געהאט צו פערברענגען אין געזעלשאפט, גראדע וויא א זומער־פייגעלע אין שיין פון דער זונן. אָבער אזוי וויא א מענש קען זיך אין גאנצען ניט לאָזען בערויבען פון זיין פערגניגען אונד געוואָהנטע פרייהייט, האט איוואן איליטש ענטוואָרפען א פלאן צו זוכען צערשטרייאונג אין זיין אמט, אונד אזוי וויא פראסקאָוויא פעאָ־דאָראָוונא האט פאר קיין זאך מורא געהאט וויא פאר זיין אמט, האט ער געהאפט צו בילדען א נייעם קרייז בעקאנטע אונד פערברענגען אונטער זייא רעדענדיג פון זיין פראָפעסיאָן צו וועלכען פראסקאָוויא האט זיך ניט בעדארפט אריין מישען.

נאכדעם וויא א קינד איז ג.בוירען געוואָרען, האט מען געמאכט פערשיעדענע פראָבען אום דאס קינד צו נעהרען; דאן האבען אָנגעפאנגען ריכטיגע אונד איינ־געבילדעטע קראנקהייטען פון מוטער אונד קינד, אונד איוואן איליטש האט זיך געזעהן געצוואונגען זיך אריין צו מישען אין דיעזע ענינים, אָבוואָהל ער האט זעהר ווייניג געוואוסט דאריבער. ער האט איינגעזעהן, אז אין אזא געזעלשאפט, ווען איהם אונמעגליך זיין צו פערברענגען א וועלט אונד ער מוז עפעס טהון וויא זיין ארויס צו רייסען. זיין פרוי איז אויך געוואָרען יעדעס מאל אויפגערעגטער אונד אלץ געפאָדערט פון איהם אזעלכע זאכען, וואס ער האט גאר ניט געוואוסט וויא ער קען זייא ערפיללען.

אין א טאָג, האט ער זיך במעט גענצליך אָבגעבראָכען פון זיין הויז אונד אָנגעפאנגען אריין צו לעגען אלע זיינע געדאנקען אין זיין פראָפעסיאָן, אונד דיא

שטרעבונג צו ערדרייבען עפעס העכערעס אלס ריכטער, האט איהם שטארק בעשפטינט אונד אויך אמוזירט.

פון טאג צו טאג האט ער געמוזט מודה זיין, אז אבוואהל דאס פאמיליען־לעבען גיבט א מענשען געוויסע פארציגע אין לעבען, איז אין דער ווירקליכקייט איין אונאנגענעהמע בעשעפטיגונג צו זיין פערקויפט אונד האבען זעהר א שטרענגען בעל־הבית איבער זיך. אונד אום נאכצוקומען דיא פליכטען, דאס הייסט, ניט עובר זיין אויף דיא געזעטצע פון עטיקעטע, מוז מען זיך פיהרען מיט דער טאקטיק וויא א זייגער.

ער האט ניט געהאט קיין אנדער ברירה, זיא האט איהם געקענט פערברענגען מיט איין פייערדיגער רעדע פון איהר מויל. ער האט דערפאר אנגעפאנגען צו רעגולירען זיין לעבען. זיא האט בעדארפט דיענען אלס דיא ווירטהין פון דעם הויז, בעזארגען איהר מאן מיט יעדען לוקסוס פון א שלאף־צימער, וויא אויך מיט א גוטען פריהשטיק, אנגענעהמען מיטאג אונד געוויסע פארמען, דיא וועלט זאל האבען א גוטע מיינונג. ער וויעדער — האט ניט געוואוסט וואס ער זאל טהון, נאר ער איז צופריעדען געוועזן, ווען אויף זיין ווייב'ס געזיכט האט זיך געצייגט א פרעהליכע מיענע. האט ער וויעדער ערבליקט א פינסטערן וואלקען אויף איהר געזיכט, איז ער ענטלאפען וויא פון א האגעל אונד געזוכט שוטץ אין דער בעשעפטיגונג בייא זיין פראפעסיאן. דארט האט ער געפונען רוה אונד בעקוועמליכקייט.

איוואן איליטש איז אונטער דיא אומשטענדען געצוואונגען געוועזן צו זיין א פלייסיגער אינסטרוקציאנס־ריכטער, ווייל דאס איז געווארען זיין איינציגע בעשעפטיגונג אונד פערגניגען. פאר זיין פלייס, האט מען איהם, ביז אין צווייא יאהר צייט, בעעהרט מיט דער שטעלע פון צווייטער פראקוראר. זיין נייע מאכט, וויכטיגקייט אונד אויטאריטעט, צו רופען אירגענד יעמאנד אונד ארעטירען ווענען ער וויל, דיא פאפולאריטעט פון זיינע פארטרעגע אונד דער ערפאלג פון זיין אמט — דאס אלעס צוזאמען האט איהם געצוואונגען ער זאל זיך נאך מעהר אן אלעמען פערגעסען אונד האבען צו טהון מיט זיין פראפעסיאן.

איינעס מיט דעם אנדערן האט דאך נאטירליך ניט וואס צו טהון; קינדער ויינען שנעל געקומען איינס נאך אנאנד; זיין ווייב איז געווארען מעהר אונערטרעגליך אונד אויפגערעגט, אונד ער האט זיך אנגעפאנגען צו געוועהנען, ער זאל אנביינגען זיין קאפ.

צום ענדע פון זיבען יאהר וואָהנען אין דערזועלבער שטאָדט, איז ער אוועק גע־שיקט געוואָרען אין איין אנדערער פראָווינץ אלס א פאָלשטענדיגער פראָקוראָר. ער האט זיך אלזא געמוזט ארויס ציהען. זיינע איינקינפטע זיינען ניט געווען זעהר גרויס לויט דיא בעדערפניסע, אונד זיין ווייב איז געווען אונצופריעדען מיט דעם פאָסטען. צו דיא אלע צרות, האבען זייא נאך פערלוירען צווייא קינדער אין זייער נייער היימאטה, אונד דאס לעבען איז געוואָרען זעהר אונאנגענעהם.

פראסקאָוויא פעאָדאָראָוונא האט בעהויפטעט, אז איהר מאן איז שולדיג אין דעם גאנצען אונגליק וואס האט זייא לעטצטענס בעפאלען. כמעט אין יעדען גע־שפרעך וואס זייא האבען געהאט איבערהויפט וועגען דער ערציהונג פון דיא קינדער, זיינען ענטשטאנדען צאנקערייען אונד אונאנגענעהמע ווערטער.

צייטענווייז, וויא דער שטענער איז, האבען זייא זיך פערגעסען אן אלעמען, אונד זיך פלוצלינג שטארק ליעב בעקומען. אָבער דאס האט קיינמאל ניט זעהר לאנג געדויערט. יא, אין אזא פאמיליען־לעבען געפינען זיך אויך מאנכע קליינע רוהיגע אינזלען וואו מען קען אנקערן דיא שיף פון דעם שטירמישען לעבענס־ים, אָבער דיא כוואלעס פון דעם שטירמישען אָקעאן האבען קיינמאל ניט פיעל געלאָזען דיא שיף רוהיג געאנקערט, אונד מען האט ווידער געמוזט ארויף אויף אָפענער זעע אונד ווייטער זעגלען אין האס, אונצופריעדענהייט אונד ענטפרעמדען זיך.

איוואן איליטש וואָלט פיעללייכט ניט געקענט ערטראגען לאנג אזא לעבען, אָבער ער האט געוואוסט, אז דאס איז אונפערמיידליך אונד ער האט זיך אונטער־געגעבען צו ליידען כל־זמן מען קען זיך אנדערש ניט העלפען.

עס זיינען געווען צייטען, ווען ער האט בטראכט דעם צושטאנד ניט נאָר אלס אונפערמיידליך, זאָנדערן אלס גאנץ נאַטירליך, אז אזוי מוז עס זיין אונד עס דארף זיין. זיין איינציגע אנשטרענגונג איז געווען, ער זאָל פערגעסען אן דיא צרות אויב דאס איז נאָר מעגליך, אונד אום דיעזען ציעל צו עררייכען, האט ער זיך אָנגעפאנגען אלץ וועניגער אונד וועניגער צו בעקימערן אום זיין פאמיליע. ווען ער האט ניט געקענט ערטראגען זיין פרוי׳ס געזעלשאפט, האט ער געזוכט מיטלען וויא אזוי דאס צו ערפיללען דורך אנדערע.

זיין הויפט אינטערעסע איז אימער געלעגען אין זיין אָפיציעלער ארבייט. דאס איז געווען דיא עיר־מקלט פון זיין עקזיסטענץ אונד דאָרט האט ער אימער געקענט פרייער אויפאטהעמען אונד בערוהיגען זיין גייסט.

ער האט זיך געשפירט זעהר צופריעדען מיט דער אידעע וואס ער האט

נעקענט רואינירען אירגענד יעמאַנדען וואס ער האט געוואָלט, אונד נאַנץ גוט בעד
גרייפען זיין איינענע וויכטינקייט.

מיט דער צייט האט ער זיך צונעוואָהנט צו דעם אונטערהאַלט פון זיינע קאָלעגען, עסען מיט זייא, שפּיעלען אין קארטען מיט זייא, אונד ער האט געוואוסט, אונד זאָגאר ערוואַרטעט, אז ער דאַרף צייטענווייז באַפּען א שוואַרצען סוף פון זיין ווייב, אונד דאס אַרונטער צו שלינגען וויא א ביטערע פּילל וואס מען מוז איינ־
נעהמען.

נאָך אנדערע זיעבען יאָהר זיינען פאָראיבער. זיין עלטערע טאָכטער איז שוין באַלד געוועזען 16 יאָהר אַלט; נאָך א קינד איז געשטאָרבען, אונד דער איינציגער זוהן וואס איז זייא איבערגעבליעבען, איז געגאַנגען אין שולע אונד מען האט זיך איבער איהם נים נאָר איינמאָל געקריעגט, אָבוואָהל עס איז שווער געוועזען געגוי צו זאָגען ווארום זייא קריעגען זיך.

איוואַן איליטש האט אמאָל בעהויפּטעט, אז ער וויל דאס זיין זוהן זאָל שטודירען געזעטץ; אונד פּראסקאָוויא פעאָדאָראָוונא, גלאַט אום צו ערגערן איהר מאַן, אָדער זאָגען גראַדע פערקעהרט, האט בעהויפּטעט, אז ער דאַרף שטודירען עפּעס אַנדערש. וואס עס אנבעלאַנגט זייער טאָכטער, האט זיא ערהאַלטען איהר בילדונג צו הויז אונד האט גאַנץ פלייסיג שטודירט איהרע לעקציאָנען. אונטער־
דעסען איז אויך געוועזען גענוג אורזאַכע איבער איהר זיך צו קריעגען.

8.

אזוי זיינען פאָראיבער זיעבצעהן יאָהר פון איוואַן איליטש׳עס פערהייראַטעטעס לעבען. ער איז אונטערדעסען געוואָרען א ווייט־בעריהמטער פּראָקוראָר, אונד עס האט זיך איהם געלוינט זאָגאר איינינע מאָל צו ענטזאָגען אַנדערע פּראָקוראָר שטעלען מיט א העכערען געהאַלט, ווייל ער האט געוואַרט אויף נאָר א גוטער שטעלע. אין מיטען דיעזען לעבען האט אָבער עפּעס פּאסירט, וואס האט געשטערט זיין זאָגענאַנטע רוהע. ער האט ערוואַרטעט ערנאַנט צו ווערען אלס ריכטער אין איין אוניווערזיטעטס שטאָדט, אָבער זיין קאָלעגע מיט דעם נאמען האפּפּע, האט אויסגעכאַפּט דאס אַמט אויף איין אונערקלערליכער ארט.

איוואַן איליטש איז געוועזען זעהר אויפגערעגט דאריבער אונד ער האט זיך נים נעקענט צוריק האַלטען פון בעליידיגען זיין געגנער. אויסער דעם האט ער זיך נאָך געקריעגט מיט זיינע פאָרגעזעטצטע, דערפאַר וואס מען האט איהם

אַנגעטהאָן אזא בושה. דאס האט אָבער פערראורזאכט, וואס בייא דער נעכסטער וועקסלונג פון עסטער, האט מען זיך שוין גאר אויף איהם ניט ארום געקוקט.

דאס האט פאסירט אין 1880, וועלכעס איז אויך געווען דאס ערנסטע יאָהר פון זיין לעבען. ערשטענס האט איהם שוין מעהר ניט געקלעקט וויפיעל ער האט פערדיענט, אונד צווייטענס, דאס וואס ער האט בעטראכט אלס איין אונ־בארמהערצינע אונגערעכטינקייט, האבען אנדערע אָנגענומען אלס א געוועהנליכע זאך וואס דארף אזוי פאסירען. זאָגאר זיין פאטער האט ניט איינגעזעהן דיא נויטה־וועגדיגקייט איהם צו העלפען.

ער האט זיך געשפירט פערלאָזען פון זיינע פריינדע, וועלכע האבען אימער בעהויפטעט, אז זיין פאָסטען, וועלכער האט איינגעבראַכט 3500 רובעל יעהרליך, איז ניט נאָר גוט, זאָנדערן אויסגעצייכענט פאר אזא מענשען וויא ער איז.

ער איז געווען דיא איינציגע פערזאָן צו פיהלען דעם שמערץ פון פערצווייפלונג נאָך א פאלשער האָפנונג. זיין ווייב'ס בעשטענדיגע צאנקערייען, פאָרווירפע אונד ז. גאר קללות מיט חרמות, האבען צערשמעטערט זיינע נערווען. דאן האט ער אָנגע־פאנגען צו פערזינקען אין חובות, לעבענדיג העבער לויט זיינע איינקינפטע, אונד דיא לאגע איז פון טאָג צו טאָג ערגער געוואָרען.

וועהרענד דיעזען זומער האט ער בעשלאָסען זיך אויסצורוהען א פאאר וואָכען, אירגענדוואו אויף א פעלד, אין א וואלד, סאי וואו דאס איז אין דער רוהע אונד שטילקייט, אבי אביסעל צו פערגעסען אן דיא צרות. אָבער, וויא געוועהנליך, האט איהם זיין ווייב ניט געוואָלט אבלאָזען פון איהרע אויגען אונד זיא האט איהם אוועק גענומען צו איהר ברודער אויף דאס לאנד. דאָרט האט ער אפילו געהאט רוהע אין קערפער, אָבער זיין גייסט האט זיך ניט געקענט בערוהיגען. אונד ער האט פערהאסט אונד פעראַכטעט אַלעס ארום זיך. פראסקאָוויא האט ניט אונטער־בראָכען איהר פראָגראַם פון קריענען זיך, אונד זיא האט אימער געפונען איין אורזאכע ווארום אָנצופאנגען א שטרייט.

איוואַן איליטש האט אין דיעזען צושטאנד אונטערדעסען אויסגערעכענט, אז עס איז אונמעגליך ער זאָל ווייטער קענען אזוי לעבען וויא פריהער.

נאכדעם וויא ער האט צוגעבראַכט א שלאפלאָזע נאכט, שפאצירענדיג הין אונד צוריק אויף'ן באלקאָן, האט ער בעשלאָסען אוועק צו פאָהרען נאך סט. פעטערסבורג, אונד אזוי לאנג ארבייטען, אז ער זאָל זיך נוקם זיין וועניגסטענס אן דיעזע וואס האבען ניט פערשטאנען זיין ווערטה אונד ער זאָל איבערגעשיקט ווערען אויף איין אנדערן פלאטץ.

ווען זיין ווייב האט געהערט, אז ער וויל פאָהרען, איז זיא זאָפאָרט בעשטאַנען מיטצופאָהרען. איוואן איליטש האט אָבער בעשלאָסען אביסעל לויז צו ווערען פון איהר, אונד וועהרענד זיא האט געהאלטען אין פראָטעסטירען, איז ער אוועק געפאָהרען.

פאָהרענדיג אויף'ן וועג, האט ער זיך איבערגעלעגט אונד בעשלאָסען, אז ער פערלאַנגט בלויז איין זאך, אונד דאס איז א פּאסטען פיר 5000 רובעל א יאָהר, אונד ער האט זיך ניט געוואָלט בעקימערן וואו דאס איז — אפילו אין סיביר, אבי געלד. זיין ענטשלוס איז נאך געווען אזוי פעסט, אז ער האט זיך אויך געטראכט, דאס ער וועט זאָגאר אוועק קוקען פון זיינע אידעען אונד מיינונגען, אונד טהון אלעס מעגליכע, אבי 5000 רובעל א יאָהר.

„אונד וואס מאכט עס אויס?" האט ער זיך אליין געפרעגט, „ווארום מוז עס דען גראדע זיין א ריכטער־אמט? עס מעג זיין אין א באנק, אין איין אייזענבאהן־געזעלשאפט אָדער זאָגאר א דירעקטאָר פון א שולע וויא אויך אין דער טאמאָזשנע. דיא הויפּטזאך איז געלד, איך זאָל האבען פון וואנען צו לעבען וויא א מענש לויט מיינע בעדירפניסע."

איבערהויפּט איז איהם שוין אלעס גלייך געווען; ער האט פאר אלעמען געוואָלט אוועק פון זיין דאמאליגער שטעלע אונד זיין וואו עס איז מעגליך, אָבער, 5000 רובעל א יאָהר דערביי.

איוואן איליטש'עס רייזע, איז געקרעהנט געוואָרען מיט ערפאָלג, ער האט ערדרייכט זיין וואונש.

אין קורסק האט ער זיך בעגעגענט מיט זיינעם א פריינד, א געוויסער אילין. ווען זייא האבען זיך ביידע אריין געזעצט אין דער באהן, אונד אָנפאנגענדיג א געשפּרעך, האט איהם אילין מיטגעטהיילט, אז א וועקסלונג האט שטאטגעפונדען אין מיניסטעריום. איוואן סימיאָנאָוויטש איז בעשטימט געוואָרען צו זיין דער נאכפאָלגער פון סטעפאן גרינאָרעוויטש. דיעזע וועקסלונג, אויסער דער אלגעמיינער וויכטיגקייט פיר רוסלאנד, האט געהאט א בעזונדערע בעדייטונג פיר איוואן איליטש. דאס האט פעראורזאכט וואס פּיאָטער פּעטראָוויטש איז אריין אין מיניסטעריום, אונד מיט איהם אויך זיין פריינד זאכאר איוואנאָוויטש דאס אלעס איז געווען א גליק פיר איוואן איליטש, ווייל דיא לעטצטע צווייא פּערזאָנען זיינען ניט נאר געווען פון זיין פּארטייא, זאָנדערן זייא האבען זיך אויך געצעהלט אונטער זיינע פריינד.

אין מאָסקווא איז דיזע נאַכריכט בעשטעטיגט געוואָרען, אונד זאָ שנעל ווִיא ער איז אָנגעקומען נאָך סט. פעטערסבורג, איז ער אַוועק באַלד צו זאַבאַר איוואַנאָוויטש, וועלכער האט איהם פערשפּראָכען א פּאָסטען.

מיט א וואָך שפּעטער, האט ער טעלעגראַפירט פאָלגענדעס צו זיין ווייב:

„אלעס איז זעהר גינסטיג. א גוטע אונד פּאַסענדע שטעלע איז שוין יעטצט זיכער."

איוואַן איליטש האט טריומפירט. ער האט ערהאַלטען א פּאָסטען, וואס איז געווען אויף איינמאל מיט צוויא שטופען העכער וויא פון זיינע קאָלעגען. זיין שטעלע האט איהם איינגעבראכט איבער דיא 5000 רובעל פעסטען געהאַלט, אויך 3000 רובעל יעהרליך פיר הוצאות.

דיא וועקסלונג איז געקומען שנעל. ער האט אויף איינמאל פערגעסען אן דער שנאה צו זיינע אלטע פיינד אונד ער האט זיך געשפּירט זעהר גליקליך. ער איז צוריק געקומען צו זיין שוואָגער פיעל פרעהליכער וויא ער איז שוין געווען זייט מעהרערע יאָהרען. זאָגאַר פּראַסקאָוויא פּעאָדאָראָוונא האט זיך מיט איהם מיט־געפרייט, אונד ניט נאָר וואס זיא האט זיך מיט איהם ניט געקריעגט, זאָנדערן זיא האט נאָך מיט איהם געשלאָסען פאָלשטענדיגען פריעדען.

איוואַן איליטש האט דערצעהלט זיין ווייב פון דער עהרע וואס ער האט גע־האט אין סט. פעטערסבורג, וויא שעהן מען האט איהם בעהאנדעלט. אונד, איבערהויפּט, וויא זיינע שונאים האבען איהם פּלוצלינג אָנגעהויבען צו שמייכלען אונד זיך רייבען אן זיין יחוס. ער האט אָבער אין דערזעלבער צייט בעמערקט, וויא זייא זיינען געווען אייפערזיכטיג איבער איהם, אונד פערשטאַנען, אַז אין הארץ האבען זייא איהם געוואונשען אל־דאס־בעז.

פּראַסקאָוויא פּעאָדאָראָוונא, געגען איהר געוואָהנהייט, האט איהם אלעס אויסגעהערט אונד איהם אפילו איינמאל ניט אונטערבראָכען. נאָך מעהר, ווען ער איז פערטיג געוואָרען, האט זיא געצייגט א מיענע, גלייך וויא זיא גלויבט איהם אלסדינג אונד אפילו איינמאל ניט פּראָבירט איהם אייסצוזעטצען א פעהלער געגען זיין בענעהמונג. דאס איז ווירקליך געווען א גרויסע זאַך פאר איוואַן איליטש'עס ווייב אונד ער האט זיך ניט געקענט העלפען צו טראַכטען: „געלד! געלד! דוא ביסט מעכטיגער וויא אלעס, אונד אפילו מיין ווייב'ס מויל קענסטו אויך פער שטאָפּען!"

פּראַסקאָוויא האט דאן אָנגעפאַנגען צו מאַכען פּלענער וועגען דער

איינריכטונג פון זייער וואָהנונג אין דער נייער שטאָדט וואוהין זייא האבען זיך בע- דארפט ארויס ציהען.

איוואן איליטש'ן האט זיך גערואכט, אז דיא גאנצע פערגאנגענהייט איז פער- שוואונדען אונד פאר איהם עקזיסטירט נאָר א גליקליכע געגענוואַרט, וואו זאָגאר זיין פרוי איז צופריעדען אונד איז איהם קיין געגנערין. ער האט זיך געזעהן נאהענט פון זיין ציעל, ווען ער וועט ווידער קענען פאָרטזעטצען צו לעבען אין רוהע אונד פערגניגען.

זיין צוריק קעהרען צו זיין שוואָגער אויף'ן לאנד, איז אָבער נאָר געווען אויף א קורצער צייט, וויל אם 10טען דעצעמבער, האט ער געמוזט צוריק קעהרען צו זיין אַלטען פאָסטען אונד פאָרטזעטצען זיינע פליכטען ביז דער נייער וועט פערטיג ווערען. ער האט אויך בעשלאָסען אין דערזעלבער צייט איינצופאקען זיינע זאכען, עפּעס צו קויפען אונד זיך פאָרבערייטען פיר זיין נייער היימאטה.

זיין ווייב איז מיט איהם מיטגעפאָהרען. אָבער יעטצט איז שוין איהר געזעל- שאפט ניט געווען אזוי איבערדריסיג וויא פריהער, זאָנדערן, זיא האט זיך געצייגט ליעבענסווירדיג, אונד אזוי אנגענעהם, דאס ער האט זיך ערינערט נאך אמאל אן דיא גליקליכע צייטען באלד נאך זיין חתונה.

זיא האט איהם געשמייכעלט, געהאלזט, געקעבעלט אונד אלעס מעגליכע אנגעווענדעט איהם צו מאכען פערגניגען. דיא גאנצע נאָהענטע משפחה, איז אויך געוואָרען אונגעהייער ליעבענסווירדיג אונד יעדער האט געוואָלט פאר איהם עפּעס טהון.

איוואן איליטש האט צייטענווייז געשמייכעלט צו זיך אליין דאריבער, אונד זיך געטראכט: „וויא גוט עס איז צו זיין א גביר; מען האט דאן געטרייע פריינד אונד א גוטע ליעבענסווירדיגע פרוי."

אָבער איוואן איליטש'ן האט דאס ניט פערדראָסען, וואס מיט מעהר געלד, איז מען מעהר חשוב אונד מיט וועניגער געלד, וועניגער חשוב.

„וואס איז דער אונטערשיעד?" האט ער זיך געטראכט, „אזוי איז דיא וועלט" — אונד פון דיעזע גערדאנקען איז ער ווייטער ניט געגאנגען.

„אזוי איז דיא וועלט? ווארום אזוי? איז עס ריכטיג אזוי? דארף עס אזוי זיין?" דיעזע אלע פראגען האבען איהם ניט פיעל בעקימערט.

נאך א קורצער צייט איז ער אליין אוועק געפאָהרען אין דער נייער שטאָדט, געדונגען א הערליכע וואָהנונג, געבויעט נאך דער אלטער מאָדע, אָבער זעהר

בעקווּעם. דאס צימער פיר זיין ביבליאָטהעק, איז געווען גרויס אונד ברייט; א שעהנעס קליידער צימער פיר זיין פרוי אונד טאָכטער; א פאסענדעס שטודיר־צימער פיר זיין זוהן — מיט איינעם וואָרט, אלעס וואס ער האט געוואָלט.

איוואַן איליטש, וועלכער איז געווען א מענש מיט געשמאַק, האט אלעס גאַנץ אליין איינגעריכטעט. ער האט אויסגעקליעבען דיא פאָרהענגע אונד געקויפט דאס נייע מעבעל, וועלכעס האט אונטערדעסען ענטהאלטען אייניגע אלטע שטיקער, אָבער פון א גרעסערן ווערטה וויא נייע.

דער גאַנצער צושטאַנד האט זיך אָנגעפאַנגען לאנגזאם אויסצובילדען אונד זיך פערוואַנדלען אין איוואַן איליטש׳עס אידעאַל.

האלטענדיג נאך אין מיטען, האט ער שוין געזעהן דאס בילד פון דער נאהענטער צוקונפט וויא שעהן אונד גראָסארטיג זיין וואָהנונג וועט אויסזעהן, אונד וויא לעבהאַפט אונד אנגענעהם אַלעס וועט ערשיינען.

אבענד, ווען ער איז געגאַנגען שלאָפען, זיינען נאך זיינע געדאַנקען געווען מיט זיינע צימערן, אונד עס האט זיך איהם פאָרגעשטעלט יעדער ווינקעל, וויא ער וועט זיין אויסגעציערט אונד אויסגעשטאַטעט מיט יעדען לוקסוס. ער האט שוין בעשטימט אין זיינע געדאַנקען דעם פלאַטץ וואו דאס פאָרצעלייא וועט שטעהן, וואו דיא געבעמטע שטוהלען וועלען פערנעהמען א שטעלע אונד וויא אזוי דיא בראָנזענע פיגורען וועלען אויסקוקען פון צווישען דיעזען פראַכט.

ער האט הנאה געהאט פון דער אידעע, וויא אזוי איבערראשט פאשקא (פראסקאָוויא) אונד ליזאַנקא (עליזאַבעט, זיין טאָכטער,) וועלען זיין, וועלכע האבען אויך געהאט אזא גוטען געשמאַק וויא ער.

ער האט געוואוסט, אז זייא וועלען שטוינען וויא אזוי ער האט פאַר אזוי ווענינ געלד געקענט איינהאַנדלען אזוי פיעלע מציאות, וועלכע גיבען דעם הויז דאס גרעסטע אריסטאָקראַטישע אויסזעהן.

ער האט זייא נאך ניט געבראַכט אין זיין נייער וואָהנונג. פריהער האט אַלעס געמוזט פערטיג ווערען, אָבער דערווייל האט ער זייא געשריעבען בריעף, נאַר ער האט נאר ניט געוואָלט דערמאָהנען פון דיא אלע אנטיקען, ווייל ער האט זייא גע־וואָלט נאך מעהר איבערראשען וויא זייא האבען געקענט ערוואַרטען.

זיינע פליכטען אין נייעם אמט, האבען שוין אָנגעפאנגען, אָבער זיין אינ־טערעסע אין דער אויסשטאַטונג פון זיין הויז האט איהם אזוי בעשעפטיגט, דאס ער האט אביסעל פערנאכלעסיגט זיין אמט, וועלכעס ער האט פון אנפאנג ניט

ערוואַרטעט. וועהרענד דיא זיטצונגען אין געריכט-הויז, האבען מעהרערע מאל זיינע געדאַנקען אוועק געוואַנדערט צו דיא פּאַרהעננע, געגאָלדעטע שטעקענס, קונסט־בלומען אונד אַנדערע קליינינגקייטען. דיא איינריכטונג האט איהם אזוי בעשעפטיגט, דאס ער האט ניט נאָר איינמאל גענומען א האמער אין זיין האנד, געקלאַפּט אונד פּערריכט עפּעס, אָדער איבערגעשטעלט זאכען וואס דיא אַרבייטער האבען איינמאל איינגעריכטעט.

אין א טאָג, בשעת ער האט זיך ארויף געשטעלט אויף א ביינקעל אום צו ערקלערען איין ארבייטער, וויא ער וויל געוויסע גאַרדינען זאָלען זיין איינגעריכטעט, האט ער זיך אויסגעגליטשט אונד איז ארונטער געפאלען.

זייענדיג אָבער שטארק אונד לייכט אויף זיינע פיס, האט ער זיך שנעל אויפ־געהויבען. ער האט בלויז געשפּירט א שמערץ פון א קלאַפּ אין דער זייט פון דעם וואס ער האט זיך אָנגעשלאָגען אן א זייט פון דעם ניעדריגען האָלץ פון פענסטער.

יא, עס האט איהם וועה געטהאָ׳, נאָר עס האט ניט פיעל געדויערט, אונד דער שמערץ איז פאַראיבער. ניט זיין געזונדהייט אונד ניט זיין גייסט איז דאדורך געשטערט געוואָרען. איבעריגענס האט ער גראדע צו יענער צייט געשריעבען צו זיין פאמיליע: „איך פיהל מיך מיט פופצעהן יאָהר אינגער.“

ער האט ערוואַרטעט אלעס זאָל פערטיג ווערען צום שלוס פון מאָנאט סעפּ־טעמבער, אָבער דיא ארבייט האט זיך אוועק געצויגען ביז אין מיטען פון דעם מאָנאט אָקטאָבער. דערפאר אָבער, איז דיא מאלערייא אין הויז געווען פאָל־קאָמען, ניט נאָר לויט זיין אייגענער מיינונג, זאָנדערן יעדער בעזוכער האט אזוי געזאגט. אלעס איבריגע איז געווען אויסגעשטאטעט אזוי גוט, אזוי פיין אונד שעהן, דאס עס וואָלט שווער געווען צו אורטהיילען, אז דאָרט וואָהנט ניט קיין גאנץ רייכער מאן.

דיא נאכקרימונג צו דיא רייכע, איז געווען א קונסטפאָלע: גאַרדינען, פאָר־העננע, מעבעל, קאָווארען, בלומען, בראנדפיגורען אונד אלעס אנדערע איז געווען זעהר שעהן. דיא עהנליכקייט צו דיא גאנץ רייכע הייזער, איז פאָזיטיוו געווען א רעזולטאט פון א גוטען געשמאק, אונד דאפיר האט איוואן איליטש אליין פערדיענט דעם דאנק.

ער האט ערוואַרטעט זיין פאמיליע ביי דער אייזענבאהן-סטאַציאָן אונד זייא דאן געבראַכט אין זיינע אויסגעמעבלירטע צימערן, וועלכע זיינען גלייך בעלייכטעט

געוואָרען, אום דיא סצענע זאָל מאַכען מעהר איינדרוק. בייא דער טהיר איז געשטאַנען א דיענער, מיט א ווייסען האַלדבאַנד, וועלכער האט שנעל געעפענט דיא טהיר פון דעם פאָרדער־זאאַל, וואו עס זיינען געשטאַנען שעהנע בלומען. מוטער אונד טאָכטער האַבען געשמייכעלט מיט פערגניגען דאס זעהענדיג. דאָן זיינען זייא אריין אין דיא איבריגע צימערן אונד קוים געקענט אויסדריקען זייער בעוואונדערונג אין ווערטער. איוואַן איליטש'עס הארץ האט געקוואָלען מיט שטאָלץ אונד זיין געזיכט האט געשיינט פון פערגניגען.

אין דעמזעלבען אבענד, בשעת זייא זיינען געזעסען ביים טיש אונד געטרונקען טהעע, האט פראַסקאָוויא פעאָדאָראָוונא, אין א בעמיטליידענדען טאָן, געפרעגט איהר מאַן וויא אזוי ער איז געפאַלען. איוואַן איליטש האט אָנגעפאַנגען צו לאַכען אונד געצייגט זיין פרוי דיא סצענע וויא ער איז אַרונטער געפאַלען אונד וויא אזוי דיא ארבייטער האַבען זיך צולאַכט.

„האב איך דען עפּעס אומזיסט געלערענט גימנאַסטיק?“ האט ער געזאגט מיט שטאָלץ. „איין אנדערער אויף מיין פּלאַטץ וואָלט געהרג'עט געוואָרען, נאָר איך האב מיר בלויז געגעבען א קליינעס קלאַפּ אין דער זייט, זעהסט — אָט דאָ איז עס; מיך שמערצט עס נאָך ווען איך בעריהר פעסט, אָבער עס געהט שוין פאָראיבער, א קליינינקייט, גאר ניט.“

4.

אויף דיעזער ארט האט זיך דיא פאמיליע איינגעריכטעט אין נייעם הויז. אָבער, עס איז ניט פיעל פאָראיבער, אונד זייא האַבען אויסגעפונען, אז עס פעהלט זייא גראדע נאָך איין צימער. נאָר עס איז שוין קיין רעדע ניט געווען פון קיין אַנדערע וואָהנונג, דאס האט געמוזט זיין גוט.

זייא האַבען נאַטירליך שוין בעסער געלעבט לויט דיא גרעסערע איינקינפטע. אָבער ווען מען האט אָנגעפאַנגען אויסצורעכענען, האט מען איינגעזעהן, אז נאָך 500 רובעל וואָלט געווען אקוראט גענוג אום צו לעבען אזוי גוט, וויא זייא האַבען זיך נאָר געקענט ווינשען.

אנפאַנגס איז אַלעס צוגעגאַנגען זעהר גוט אונד אנגענעהם. עס איז נאַטירליך ניט אַלעס געווען פאָלקאָמען, דען ווען מען האט זיך ארום געקוקט, האט מען ענטדעקט, אז איין זאַך איז נאָך ניט געענדיגט, איין אנדערע האט מען בעדאַרפט איבערמאַכען אונד א דריטע וואָלט געטהינג געווען צו ערזעטצען מיט א נייע.

אָבער, טראַכט דעם וואס מאן אונד ווייב האבען זיך ניט געקענט איינפערשטעהן איבער געוויסע גענענשטענדע, האט דאס ניט פערדונקעלט דיא ליכטיגע שטראהלען פון אלגעמיינער צופריעדענהייט, אונד אלעס איז אוועק רוהיג אונד אנשטענדיג.

נאטירליך, קען מען ניט אין גאנצען זאגען, אז עס האט שוין דורכאויס געד הערשט פריעדען, אָבער אין פערגלייך מיט פריהער, האט עס אויסגעזעהן וויא א קאלטע זומער-נאכט גענען א פראַסטיגע ווינטער־נאכט. איבטרהויפט איוואן איליטש, וועלכער איז שוין געוואָהנט געוועזן צו גאנצע שטורמס, האט זיך ניט בעדארפט פיהלען אונגליקליך פון א פאאר קליינע צאנקערייען אונד בע־ליידיגונגען.

דאס אלעס, קען מען בעגרייפען, איז נאָר געוועזן א רעזולטאט פון גע־וועקסעלטע צושטענדען. דאס נייע הויז, דיא נייע שטאָדט, דאס נייע מעבעל אונד דיא גרעסערע איינקינפטע, האבען געמוזט ווירקען צו בערוהיגען דיא אונרוהיגע גייסטער. אָבער אזוי שנעל וויא מען האט זיך צוגעוואָהנט דערצו אונד אלעס איז געוואָרען אלט, געוועהנליך אונד אלטעגליך, האבען זייא אנגעפאנגען זיך צו לאנג־ווייליען. זייא האבען דאן ענטדעקט דיא טהאטזאכע, אז ניט נייעס מעבעל, א נייע וואָהנונג, זיידענע פאָרהענגע אונד בעסערע מיטאגען, בילדעט זייער גליק אונד רוה. עפּעס פעהלט וואס מען קען ניט ערפילען דורך אזעלכע זאכען.

דערוויל האט מען אָנגעהויבען צו מאכען נייע בעקאנטשאפטען, זיך אונטער האלטען אונד זיך אויפגערעגט, אונד דאס האט ווידער פערטריעבען דיא מיס־פערשטענדניסע אין לעבען, אן וועלכע מען האט פערגעסען וועהרענד דיא נייע בעשעפטיגונגען.

עס האט אויסגעזעהן, אז איוואן איליטש מיט זיין פרוי, מוזען פערטרייבען זייערע פריוואט געדאנקען, גראדע וויא דער קארטען־שפיעלער מיט קארטען אונד דער שיכור מיט טרינקען. ניכטער האבען זייא ניט געטאָרט זיין, זאָנסט האבען זייא געמוזט ארויס זעהן, אז זייא זיינען אונגליקליך.

איוואן איליטש האט פערבראכט דעם פריה־מאָרגען אין געריכט־הויז אונד איז אהיים געקומען מיטאג עסען. דיעזע ארט לעבען, האט איהם אויך אנפאנגס אמוזירט, אָבער שפעטער האט זיך איהם געדאכט, אז דאס מעבעל פעראורזאכט איהם ערגערניס; היינט האבען איהם ניט געפעלען דיא פאָרהענגע, מאָרגען האט ער ענטדעקט א פלעק אויף א קאָוואר, איבערמאָרגען דאס דיא סאפא האט ניט

זיין גוטע ספּרונזשינעס; ווירקליך, ער האט זיך אזוי בעמיהט אלעס זאל אויסזעהן אין דער בעסטער אָרדנונג, אונד צום סוף איז זיין מיה געווען אומזיסט. דאס האט איהם גענערגערט אונד אמאל זעהר נערוועז געמאכט. אונטערדעסען האט ער זיך גראטוקירט וואס זיין פּרוי׳ס טויל האט ניט געשאָטען מיט אזוי פיעל שוועבעל אונד פעך וויא פריהער.

אום 9 אוהר פלעגט ער אויפשטעהן, טרינקען קאַפּעע, לעזען דיא צייטונג, אָנציהען זיין אוניפאָרמע אונד געהן אין געריכט־הויז. דאָרט האט ער אָנגעבויגען זיין קאָפּ גראדע וויא דער אָקס וואס איז געוואָהנט צום יאָך, אנגעפאנגען זיין ארבייט אונד זיך ניט בעקלאגט. דיא בקשות וואס זיינען צו איהם געקומען, דיא ערקלער־רונגען וואס ער האט בעדארפט געבען, זיין ריכטערליכע ארבייט, עפענטליכע זיטצונגען אונד אדמיניסטראטיווע בעראטהונגען, האבען לאנגזאם אוועק גענומען פון איהם אלע זאָרגען איבער זיינע הויז־זאכען, אונד ער האט מיט דער צייט גע־פונען גענוג זאָרג, אויפרעגונג אונד בעשעפטיגונג אין זיין אמט.

ווען יעמאנד איז געקומען צו איוואן איליטש אום עפעס צו פרעגען, האט ער איהם, אלס פובליק ריכטער, ניט בעדארפט ענטפערן ווען ער האט ניט געוואָלט. אָבער אזוי וויא מען לעבט אין א נייער געזעלשאפט, אונטער פרישע בעקאנטע, קומען באלד רעקאָמענדאציאָנען, געבעט־בריעף, אונד אנדערע זאכען וואס מען קען ניט ענטזאגען. איבערהויפּט, ווען איוואן איליטש האט געזעהן, אז יעמאנד פון זיינע נייע בעקאנטע איז פעראינטערעסירט, האט ער אָנגעווענדעט אלעס מעגליכע צו ערפיללען דעם וואונש, אום צו ציינגען, אז ער איז איין עהרענמאן, אונד איז בערייט אירגענד עטוואס צו טהון פיר א פריינד.

איוואן איליטש האט זיך באלד געמאכט א גוטען נאמען אלס פּראָפּעסיאָ־נעלער ריכטער אונד אלס פּריוואט מאן. צייטענווייז האט זיך אפילו גערעדט, אז ער פערמישט איינעם מיט דעם צווייטען, אָבער אין דער וואהרהייט געשפראָכען, האבען נאָר אונערפאהרענע אין דעם געקענט האבען א טעות. ער, אלס אכט־געפּראקטיצירטער ריכטער, האט געוואוסט וויא וויים ער קען זיך ערלויבען צו זיין פריינדליך צו א פריינד אפילו אויף זיין ריכטער שטוהל, אָבער נאך אלעמען, איז ער געווען גערעכט אונד איז פון זיינע פליכטען ניט ארויס. אין דיזער בעציהונג, איז ער אויך געווען צו עהרליך, אום צו האנדלען געגען געזעטץ, וועלכעס איז געווען גראדע וויא געגען זיין געוויסען. אָבער, וויא דיא זאך איז, האט ער נעקריעגען זעהר א גוטען נאמען.

ווען ער האט ניט געהאט פיעל צו טהון, האט ער גערויכט, געטרונקען טהעע, גערעדט איבער פאָליטיק, בעשפּראָכען וועלטליכע זאכען אונד געשפּיעלט אין קארטען. זיין ליעבלינגס־בעשעפטיגונג אָבער, איז געווען צו דענקען איבער נאך א העברען פּאַסטען. דאן ערמיעדעט אונד שטאָלץ מיט דעם בעוואוסטזיין, אז אלעס וואס ער טהוט איז ריכטיג אונד אנשטענדיג, האט ער צוריק געקעהרט אהיים.

זיין פרוי אונד טאָכטער זיינען דערווייל געווען שטארק בעשעפטיגט אין מאכען וויזיטען אָדער עמפּפאַנגען געסט, זיין זוהן איז געגאנגען אין שולע אָדער ער האט געלערענט צו הויז זיינע לעקציאָנען מיט דער הילף פון א פּריוואט לעהרער. דיעזעס קינד האט איבערהויפּט געהאט א גוטען זכרון אונד זעהר פלייסיג געלערענט.

אלעס איז צוגעגאנגען שעהן, רוהיג אונד אנשטענדיג. נאך מיטאג, ווען עס איז ניט געווען קיין בעזוך, האט איוואן איליטש זיך גענומען לעזען עפּעס א בוך איבער וועלכען מען האט שוין געשפּראָכען אין דיא צייטונגען, אונד אבענד, האט ער זיך אָבגעגעבען מיט זיין פּראָפעסיאָן. ער האט איבערגעזעהן בעריכטע, נאכ־געקוקט געזעטצע, פערגלייכט אורטהיילע אונד זיך אויסגעארבייט דעם פּראָגראם פיר זיין קומענדע ארבייט. דאס אלעס האט איהם ניט אמוזירט אָבער אויך ניט גע־לאַנגווײלט. אין דער וואהרהייט געשפּראָכען אָבער, וואָלט ער בעסער פּורבראכט דיעזע צייט שפּיעלענדיג פּרעפערענס, אָבער אזוי וויא עס פּאסט ניט טאָג אזוי נאכט צו שפּיעלען אין קארטען, האט ער פּאָרגעצויגען צו מאכען זיין פּראָפעסיאָ־נעלע ארבייט אנשטאט צו זיטצען לעדיג אָדער הנאה האבען פון זיין ווייב'ס גע־זעלשאפט.

עס האט איהם אויך אונטערהאלטען צו מאכען א מיטאג פיר אזעלכע דאמען אונד העררען, וועלכע האבען געשפּיעלט א בעדייטענדע ראָלע אין געזעלשאפט ; דיעזע אונטערהעלטע פלעגען איהם דערמאָהנען אן רייכע פּערזאָנען, וועלכע האבען עהנליכעס געטהאָן אין זייערע עלעגאנטע פּאלאסטען, אונד עס האט זיך איהם גע־דאכט, אז ער איז איינער פון זייא, בלויז מיט איין אונבעדייטענדען גראד ניעדריגער. צייטענווייז האט ער זאָגאר געגעבען א באלל. מען האט געטאנצט אונד איוואן איליטש האט זיך הערצליך אונטערהאלטען. אזא אונטערהאלט וואָלט זאָנסט געגעבען א פּאָלקאָמענעם פערגניגען, נאָר ער האט געהאט אביסעל א העפּטיגען אויפטריט מיט זיין ווייב איבער דיא טאָרטען אונד אנדערע צוקער־געבעקס, וועלכע זיא האט געמאכט ניט וויא ער האט פערשטאַנען.

אמאל האט עס פאסירט, וואס ער האט ניט געוואָלט פאָלגען פראסקאָוויא פעאָדאָראָווגא אונד אָלעס בעשטעלט בייא א ספּעציעלען קעבער, אין גרויסע מאַסען, אונד דאס האט בעטראָפען 45 רובעל מיט קאָפּיקעס. א שטרייט איז ענטשטאַנ־דען; זיין ווייב האט איהם גערופען „משוגענער נאַר,“ אונד ער, אין זיין אויפרעגונג הערענדיג אזעלכע ווערטער, האט דערמאָהנט דאס וואָרט „שיידונג.“

דער אונטערהאלט אליין, איז אונטערדעסען פאָראיבער פאָרטרעפליך. דיא העכסטע פערזאָנען זיינען דערבייא געוועז, אונד איוואַן איליטש האט געטאַנצט מיט פּרינצעסין טרופאָנאַווא, א שוועסטער פון א בעריהמטען מאַן אין רוסלאנד.

זיין זעלבסט־אַכטונג האט ער בעפריעדיגט זיטצענדיג אויף זיין ריכטער־שטוהל; זיין נאַרישען שטאָלץ האט ער דורכגעפיהרט אין הויכע געזעלשאַפט, נאָר זיין וואהרעס פערגניגען איז געלעגען אין קארטען־שפּיעל. ער האט מודה געוועזן, דאס נאך דיא טרויעריגסטע מאָמענטען, האט ער געפונען דיא איינציגע צער־שטרייאונג אונד פערגניגען, שפּיעלענדיג א פּרעפעראַנס, אונד דיא וואהרהייט איז, אז דאמאלס האט זיין געזיכט געשטראהלט מיט פערגניגען, איבערהויפּט ווען ער האט געשפּיעלט מיט גוטע שפּיעלער אונד געקענט צייגען זיין שאַרפזינן. ווען דיא קארטען זיינען גוט געגאַנגען, האבען זיינע אויגען געגלאַנצט מיט א בעזונדערער יוגענד־קראַפט; ווען זייא זיינען שלעכט געגאַנגען, האט ער זיך אויפגעמונטערט מיט א גלאָז וויין. יעדענפאלס, איז ער ניט מיעד געוואָרען צו זיטצען אונד שפּיעלען 10, 12 אונד אויך 15 שטונדען דורכאַנאַנד. דאָן האט ער געוואָלט עפּעס עסען מיט זיינע פריינדע — עס האט קיין אונטערשיעד געמאַכט וואס עס איז, אפּעטיט איז געוועזן, אונד אזוי האט מען געלעבט.

דאס איז געוועזן דער פּראָגראַם פון עקזיסטענץ צווישען איוואַן איליטש אונד זיין פאַמיליע. זייער געזעלשאַפט איז געוועזן א געוועהלטע: פּערזאָנען פון הויכען שטאַנד אונד יונגע מענשען אויך פון דערזעלבער קלאַסע. דיזע פלעגען אָפט בע־זוכען זיין הויז. פאטער, מוטער אונד טאָכטער, האבען געהאט דיזעלבע אנזיכטען איבער דער געזעלשאַפט; אונד אלע דרייא, אָהנע זיך איינצופערשטעהן מיט ווערטער, האבען געוואוסט וויא לויז צו ווערען פון געוויסע פריינדע אונד קרובים, וועלכע זיינען געקומען אין זייער הויז אום זיך צו רייבען אין יחוס, אָבער זייא אליין זיינען געוועזן אונבעדייטענדע מענשען. אויף אזא ארט זיינען דיא אונגעווינשטע פריינד באלד פערשוואונדען, אונד דיא גאָלאָווינע פאַמיליע איז זיך נאָר צוזאַמען געקומען מיט דיא פּראָמינענטע הערען א נד דאַמען.

ליזאנקא איז ניט געווען מיאוס, אונד אונטער זאָלכע אומשטענדען, איז עס ניט געווען קיין וואונדער, דאס צאהלרייכע יונגע לייט האבען איהר אָנגעפאנגען צו ערקלערען ליעבע. איינער פון זייא, א געוויסער פעריטשעוו, א יונגער אינסטרוקציאָנס־ריכטער, דער זוהן פון דימיטרי איוואנאָוויטש פעטריטשעוו, דער איינציגער יורש פון א גרויסעם פערמעגען, האט אנגעפאנגען צו שענקען ליזאנקא׳ן דיא גרעסטע אויפמערקזאמקייט. איוואן איליטש האט דאס גאנץ גוט בעמערקט אונד ער האט אנגעפאנגען זיך צו בעראטהען מיט זיין ווייב, אויב עס וואָלט ניט געווען ראטהזאם, מען זאָל צוזאמען אויספאָהרען אין א טראָיקא, געבען פריוואט טהעאטער־פאָרשטעלונגען, אונד אזוי אריין פיהרען דעם יונגען מאן אין דער פאמיליע, דאס יעדער זאָל זעהן, עז ער האט זיך אויסגעקליעבען ליזאנקא׳ן.

אום צו זיין גערעכט, מוז מען מודה זיין, אז דיא לעטצטע ווערטער, פון אריין פיהרען דעם יונגען מאן אין דער פאמיליע, ער זאָל דאן ניט האבען קיין אנדערע ברירה אונד נאָר הייראטהען מיט ליזאנקא׳ן, האט ניט איוואן איליטש אונד ניט זיין פרוי דערמאָהנט. אָבער אין אזעלכע בעציהונגען זיינען ווערטער געווען איבריג, ווייל זייא האבען זיך זעהר גוט פערשטאנען אויף׳ן וואונק.

## 5.

דיא גאנצע פאמיליע איז געווען געזונד. צו בעהויפטען, אז מען האט געקענט אָנרופען „אונוואָהל" וואס איוואן איליטש האט זיך אמאל בעקלאגט, אז עס איז איהם ביטער אין מויל אונד ער האט א קליינעם שמערץ אין דער זייט, איז ניט ריכטיג. איוואן איליטש אליין האט דערפון געלאכט.

עס איז אוועק א קורצע צייט, אונד איוואן איליטש האט זיך אָנגעפאנגען צו שפירען אונבעקוועם פון דעם שמערץ אין זיין זייט. מאנכע מאל האט זיך איהם געדאכט, אז דאָרט ליעגט וויא א שווערע זאך, אונד צייטענווייז האט דאס איהם גענעבען א גאנץ גוטען שטאָך. אָבער איוואן איליטש זאָל דאס רעכענען אלס א קראנקהייט, וואָלט געווען בייא איהם א קינדערשע איינבילדונג.

יא, עס איז גוט צו זאגען, אז איינער איז א העלד זיך ניט איינצובילדען, אז עפעס טהוט איהם וועה, ווען ער האט קיין שמערצען ניט, נאָר עס איז גאר קיין חכמה ניט צו זאגען, אז עס טהוט ניט וועה ווען מען האט יא שמערצען. דער שמערץ אין איוואן איליטש׳עס זייט האט געוואקסען. אבער דער שמערץ אליין האט איהם ווייניגער בעקימערט, וויא דאס וואס דער שמערץ האט איהם

געשטערט מאנכע מאל צו עמפפאנגען אונד אונטערהאלטען דיא געסט וויא עס פאסט.

שטרייטינגקייטען האבען אנגעפאנגען עפטער צו פאסירען. דיא קליינע אינזלען וואו מען האט געאנקערט דיא שיף אין מיטען דעם שטורמישען לעבענס־ים, זיינען פערשוואונדען, אונד דיא אלטע אונצופריעדענהייט האט צוריק געקעהרט. פראסקאוויא פעאדאראוונא פלעגט זאגען, אונד אויך ניט אהן אורזאכע, אז איהר מאן בעזיטצט א געפעהרליכען צארן. זיא האט נאטירליך איבערטריבען דיא זאך מעהר וויא זיא איז ווירקליך געוועזען, דען איהר מאן האט אפילו געקענט זיין א מלאך, וואלט ער אויך ניט געקענט זיך איינהאלטען פון אויסברעכען אין צארן, נאכדעם זיא האט איהם טאג אזוי נאכט געשטאכען מיט איהרע ווערטער.

פראסקאוויא האט זיך אבער ביז יענער צייט ניט בעקלאגט, דען זיא האט זיך אין דיעזער בעציהונג גוט געקענט, אז זיא איז אימער דיא ערשטע ארויס צו רופען א שטרייט; דיא אורזאכע פון איהר קלאגע איז געוועזען בעגרינדעט דארויף, וואס איוואן איליטש אליין, האט שוין מעהר ניט געקענט זיך בעהעררשען, אונד ביא דער מינדעסטער געלעגענהייט האט ער זיך געקריגט אונד געשריען מיט אזעלכע קולות, אז מען האט געקענט הערען ביז אויף דער גאס. דאס איז געוועזען א רעזולטאט פון דעם שמערץ אונד אונרוהע וואס זיין פערוואונדעטע זייט האט איהם פעראורזאכט.

ווען מען האט זיך געזעטצט צו טיש, האט ער געברומט. אנפאנגס איז דאס געוועזען איבער דער זופ וואס האט איהם ניט געשמעקט, אמאל האט ער געפונען א פעהלער אין דיא טעלער וואס זיינען געוועזען צושפאלטען, אז דער גאנצער מיטאג טויג ניט, אדער זיין זוהן האט זיך אנגעלעהנט מיט ביידע עלענבויגענס אויפ'ן טיש וויא א „ווילדע חיה.“ צייטענווייז איז איהם איינגעפאלען, אז זיין טאכטער'ס האאר זיינען ניט פריזירט וויא עס דארף צו זיין — אונד דיא גאנצע שולד נאטירליך, האט געטראגען זיין ווייב פראסקאוויא, גראדע וויא דער פאל איז אמאל געוועזען מיט איהר וואס זיא האט איהם אין אלעמען בעשולדיגט.

אנפאנגס האט פראסקאוויא ניט געוואלט פערשווייגען, אונד זיא האט גע־עפענט איהר מויל אונד אויסגעשאטען א ים מיט ווערטער, וויא א שנעל־שיסענדער קאנאן מיט קוגלען. אבער דיא אלטע צייטען זיינען אוועק, ווען איוואן איליטש האט זיך געקענט בעהעררשען. זיין שטימע האט איבערגעשריען דיעזע פון זיין ווייב, אונד א פאאר מאל האט עס פאסירט, וואס ער איז אזוי אויפגערעגט געווארען, אז זיא האט געלעזען אין זיינע אויגען אירגענד איין ענטשלוס. פאר קלעם האט

פראסקאָוויא געציטערט, אונד אום דאס ניט צו ברענגען צו ווייט, האט זיא איינ־געזעהן, אז דיא צייט איז געקומען זיא זאָל פערשוויינען. דאס איז אפילו געווען פאר פראסקאָוויא'ן דיא שרעקליכע מארטערניסע, אָבער זיא האט זיך אנדערש ניט גע־קענט העלפען. ווען א סקאנדאל איז ענטשטאנדען ביים טיש, האט זיא זיך שנעל געזעהן פערטיג ווערען מיט דעם עסען, דאמיט זיא זאָל ניט דארפען זיין צופיעל מיט איהם צוזאמען אין איין צימער.

זיא האט זיך בעטראכטעט, אין דיזער בעציהונג, אלס א היילינע מארטירערין, אונד האט מעהרערע מאל געזאגט צו זיך אליין: „זאָל דאס זיין איין אָבקומעניש אויף מיינע זינד.“ זיא איז געווען זיכער, אז דאפיר וואס זיא, פראסקאָוויא פעאָדאראָוונא, איז אימשטאנדע זיך צו בעהערשען אונד איבערשוויינען איהר מאן, וועט זיא שוין געוויס ניט ליידען קיין גיהנום אויף יענער וועלט.

אָבער וואס מעהר פראסקאָוויא האט אויף זיך רחמנות געהאט, אלץ מעהר האט זיא געהאסט איהר מאן. זיא וואָלט זיך פיעללייכט געוואונשען מיט'ן גאנצען הארצען ער זאָל שטארבען, אָבער זיא האט עס ניט געקענט טהון. וויל ווען איוואן איליטש וואָלט געשטאָרבען, וואָלט געגומען א סוף פון דעם געהאלט וואס ער האט געקריגען, אונד דאס האט נאך פערגרעסערט איהר האס צו איהם. זיא האט זיך בעטראכטעט אלס דיא אונגליקליכע פרוי אין דער וועלט, וועלבע זאָגאר דער טויט וואָלט ניט געקענט העלפען. איהר אויפרעגונג האט געוואקסען פון מינוט צו מינוט, ווייל עס האט איהר מאנכע מאל אויסגעזעהן, אז זיא מוז פלאטצען איידער ווייטער צוריק צו האלטען איהר צאָרן.

ענדליך האט פאסירט א סצענע צווישען מאן אונד ווייב, אין וועלכען איוואן איליטש האט זיך נאכהער אליין אנערקענט פאר שולדיג.

„ענטשולדיג מיר, פראסקאָוויא,“ האט ער געזאגט מיט א ציטערענדער שטימע. „איך בין ניט דער וואס איך בין אמאל געווען. דער שמערץ טרייבט מיך צום וואנזינן.“

זיא האט איהם געראטהען ער זאָל געהן צו א בעריהמטען ארצט אונד זעהן וואס עס פעהלט איהם. ער איז געגאנגען.

מיט איוואן איליטש'ן האט עס פאסירט גראדע וויא ער האט ערוואַרטעט. ער האט געמוזט אבשטעהן א היבשע צייט ביז דער ארצט האט איהם עמפפאנגען, אונד דאן האט ער געזעהן אין דיא בענעהמונגען פון דעם ארצט, א בילד פון זיך אליין אלס ריכטער, בשעת ער האט געשפיעלט דיא ראָלע פון שטאָלץ זיין אויף דער פראָפעסיאָן.

ער האט בעמערקט דיא געוועהנליכע שטאַלצע האלטונג, דיא אייבינע אונ-געענדערטע פראגען וואס האבען אימער געמוזט געבען דיזעלבע ענטפערס, נאר מען פרעגט דאך אונד מען ענטפערט דאך, ווייל אזוי פיהרט זיך דיא וועלט.

דער דאָקטאָר האט איהם דאן עקזאמענירט, געקלאפּט מיט זיינע פינגער אויף זיין לייב, וויא ער טהוט בייא יעדען איינציגען. איוואן איליטש האט פער-שטאנען, אז דאס אין גאנצען איז א צערעמאָניע אונד איין איבריגע זאך, אונד ניט אויף דיזער ארט וועט דער דאָקטאָר וויסען וואס עס פעהלט איהם. אָבער ער האט געשוויעגען אונד זיך דערמאָהנט אן זיינע אייגענע בענעהמונגען אין געריכט-הויז, ווען ער בענעהט אונצעהליגע אונניטצליכע דומהייטען, נאר ווייל דיא פּראָ-פעסיאָנעלע צערעמאָניע פאָרדערט עס. עס האט איהם אויסגעזעהן, אז דער דאָקטאָר האט זיך געטראכט: „בייא מיר איז עס קיין אונטערשיעד ווער דער פּאציענט איז; יעדער מוז בעהאנדעלט ווערען וויא דער פּראָפעסיאָנס-עטיקעטע פאָרדערט, אונד וואס עס אנבעלאנגט צו דער קראנקהייט, וועלען מיר זעהן פיעל-לייכט דורך אנדערע מיטלען עפּעס אויסצוגעפינען.“

דאן האט ער געהערט דעם דאָקטאָר מורמלען העבער אוננעפעהר אזוי: „דאס איז דער רעזולטאט פון דער עקזאמינאציאָן אונד בעדייטעט אזוי: נאר, ווען מיין השערה זאָל ניט זיין קיין ריכטיגע, דאן, נאך א וייטערע אונטערזוכונג, וועלען מיר אומענדערן דיא בעשליסע,“ א. ז. וו.

איוואן איליטש האט זיך גאר ניט בעקימערט אום אלע פּלוידערייען. אלעס וואס איהם האט אינטערעסירט איז געווען צו וויסען, אויב זיין צושטאנד איז גע-פעהרליך אָדער ניט. אָבער דער דאָקטאָר האט זיך גאר ניט בעקימערט אום אזא „אונפּאסענדע“ פראגע. פון א דאָקטאָרישען פּראָפעסיאָנעלען שטאנדפּונקט, האט מען גאר ניט בעדארפט רעדען דאריבער.

ווען איוואן איליטש האט געדרענגט דעם דאָקטאָר ער זאָל איהם דאך זאגען וואס עס פעהלט איהם, האט דער ארצט, מיט פיעלע וויסענשאפטליכע ווערטער ארויס געבראכט, אז דיא קראנקהייט קען זיין א געריהרטע מילץ, א כראָנישער קאטאר, א לעבער-פערהארטונג אָדער גאר עפּעס אנדערש. אויף דער דרינגענדער פראגע אויב דאס איז לעבענס-געפעהרליך, האט דער קלוגער ארצט גאר ניט גע-וואָלט ענטפערן.

דאן האט דער געלעהרטער דאָקטאָר אבגעהאלטען א גאנצע מעדיצינישע פאָרלעזונג איבער געריהרטע מילצען, כראָנישע קאטארען אונד לעבער-פערהארטונגען.

נאך זיין געלעהרטער אנזיכט, איז עס אויסגעקומען, אז דער פאציענט קען ליידען פון אלע דרייא צוזאמען, נאר אונטערדעסען האט ער בעשלאָסען צו עקזאמינירען די השתנה, פיעללייכט איז עס נאר איין אנדערע קראנקהייט.

עס וואָלט איבעריגענס געווען זעהר דום פון דעם געלערענטען דאָקטאָר, ער זאָל מיר־נישט־דיר־נישט פון איין בעזוך שוין אלסדינג ערקלערען. דאס נעהמט צייט אונד מען מוז דיא זאך זעהר פּאָרזיכטיג בעטראכטען אונד אונ־טערזוכען.

דאס איז געווען אקוראט דיעזעלבע מעטהאָדע וואס איוואן איליטש האט אנגעווענדעט אין זיין פּראָפעסיאָן מיט הונדערטער פּערזאָנען אונטער פערדאכט. אזוי פלעגט ער אויך אנפאנגען ביז ער האט דיא אנגעלעגענהייט געפיהרט צו א גלענצענדען רעזולטאט — אָבער נאך פיר זיך, נים פיר דער צווייטער פּערזאָן. איוואן איליטש האט ביטער געשמייכעלט, ווען ער האט זיך אן אלעמען דער־מאהנט.

דער שלוס פון דעם דאָקטאָר'ס אונטערזוכונג איז געווען, אז איוואן איליטש איזווירקליך קראנק אונד מיט איהם איז כמעט אלעס אין גרויסער אונאָרדנונג. דער פאציענט האט זיך אליין בעדויערט אונד פערדאמט דעם דאָקטאָר.

ער האט דאס אָבער נים געזאגט, זאָנדערן, ער האט זיך אויפגעהויבען, בע־צאָהלט א גוטען פדיון, אונד בעמערקט מיט א זיפץ:

„מיר פאציענטען זיינע אָהנע צווייפעל זעהר נייגיעריג אלעס צו וויסען. אָבער דאָקטאָר, איך קען מיר נים העלפען אונד איך מוז אייך פרעגען: איז מיין קראנק־הייט א געפעהרליכע אָדער נים?"

דער דאָקטאָר האט איהם צוגעוואָרפען א שטרענגען בליק איבער זיינע ברילען, וועלכעס האט אויסגעזעהן צו זאגען: „געפאנגענער! ענטפער נאָר אויף מיינע פראגען, אונד ווען דוא בעקימערסט דיך מיט ווערטער וועגען דיין שיקזאל, דאן שיק איך דיך אָב אין געפענגנים."

הויך האט דער דאָקטאָר געזאגט: „איך האב שוין איינמאל בעמערקט, אז מען קען נים אָכעס טהון אין איילענעש. עס ערפאָרדערט נאך איין עקזאמינאציאָן, אונד דאן וועל איך אלעס וויסען."

בייא דיעזע ווערטער האט זיך דער דאָקטאָר פערניינט אונד איוואן איליטש איז אוועק אהיים. אויף'ן וועג פאָהרענדיג אין זיין שליטען, האט איוואן איליטש איבערגעדענקט דעם דאָקטאָר'ס ווערטער, אונד געזוכט צו ערגרינדען פון דיא

אונצעהליגע וויסענשאפטליכע אויסדריקע פיעללייכט וועט ער קענען עפעס ער־פאהרען. דער שלום איז אָבער געוועזן, אז ער האט בעגריפען, דאס דער דאָקטאָר וויים נאך וועניגער פון איהם וואס איהם פעהלט.

איבער איין זאך איז ער זיכער געוועזן, דאס דער דאָקטאָר האט פּאָזיטיוו געזאגט, אז ער איז זעהר קראַנק. עס איז איהם פאָרגעקומען, אז דער דאָקטאָר מוז אזוי פיעל געווים פערשטעהן, נאכדעם ער האט שוין גענוג ערפאהרונג געהאט מיט קראַנקע. אלסדינג אויף דער שטראַסע, דיא איזוואָסטשיקעס, דיא הייזער אונד קראָמען, האבען אויסגעזעהן זעהר טרויעריג אונד זיין הערץ האט אונהיימליך געקלאפט.

דער טיעפער אונד שטארקער שמערץ, האט איהם ניט געגעבען קיין רוה אפילו אויף א מינוט, אונד דאבייא איז איהם איינגעפאלען, פיעללייכט וויים יא דער דאָקטאָר וואס איהם פעהלט. נאָר וויל דיא קראַנקהייט איז געפעהרליך, האט ער איהם ניט געוואָלט זאגען. דאס האט פערגרעסערט, וואס ער האט זיך מעהר צוגעהערט צו דעם שמערץ אונד ער האט געשווידערט.

אלס ער איז אהיים געקומען, האט ער אָנגעפאנגען אלעס צו דערצעהלען זיין פרוי, וועלכע האט איהם אנפאנגס אויסגעהערט. אָבער אין מיטען דרינען, איז אריין געקומען זיין טאָכטער, אויסגעפוצט, פערטיג אוועק צו געהן מיט איהר מוטער. ליזאנקא האט זיך אוועק געזעצט זעהר אונגעדולדיג אום זיך צו מאכען, אז זיא הערט וואס איהר פאטער דערצעהלט, נאָר אין דער וואהרהייט געשפּראָכען, האט ניט זיא אונד ניט איהר מוטער געוואָלט הערען וואס איוואַן איליטש האט דערצעהלט.

„גוט, גוט, עס פרייט מיך,“ האט פּראסקאָוויא געזאגט זעהר אונגעדולדיג אונטערברעכענדיג איהר מאַן. „איך האָף, אז דוא וועסט שוין יעטצט אכטונג געבען צו נעהמען דיא מעדיצין רעגעלמעסיג. גיב מיר נאָר דעם רעצעפּט ; איך וועל גלייך שיקען געראַסימען אין דער אפּאָטהעקע.“

זיא איז אוועק. איוואַן איליטש האט וויעדער ביטער געשמייכעלט, זיך טראַכטענדיג, אז עס איז בעסער צו שווייגען, ווייל זיין פרוי קימערט זיך זעהר ווייניג אום איהם אונד אום זיינע שמערצען.

„אָבער נאך אלעמען,“ האט ער געזאגט, „פיעללייכט שרעק איך מיך נאר אומזיסט אונד דיא גאנצע געשיכטע איז גאר ניט ?“

ער האט גענומען דיא מעדיצין אונד געטהאָן אלעס וואס דער דאָקטאָר האט איהם געהייסען. איוואַן איז געוועזן זעהר פּינקטליך אין דיעזער בעציהונג, אונד דאָ־

אליין האט איהם געטרייסט, אז ער וועט געוויס האבען א רפואה, נאכדעם, ער פערנאכלעסיגט ניט וויא אנדערע דיא אויפטרעגע פון דעם ארצט.

אונטערדעסען האט ער זיך גענומען זעהר פלייסיג שטודירען איבער דער צוזאמענזעטצונג פון דעם מענשליכען קערפער, וויא אויך איבער אלע קראנקהייטען צו וואס דער מענש איז אונטערוואָרפען. ווען יעמאנד האט דערמאָהנט אין זיין גע־גענוואַרט א קראנקהייט, טויט, אָדער וויעדער געזונד ווערען, אונד איבערהויפּט ווענען א קראנקהייט עהנליך צו זיינער, האט ער אויפמערקזאם צוגעהערט, אונד אָבוואָהל ער האט מיט זיין מויל ניט געוואָלט אויסדריקען זיינע געפיהלע, האט ער אינערליך זעהר פיעל דאריבער נאכגעדענקט אונד דאס פערגליכען מיט זיין אייגענער קראנקהייט.

זיינע ליידען אונד שמערצען האבען ניט אויפגעהערט. זייא זיינען פיעללייכט געווען נאך שטארקער וויא פריהער, נאָר ער האט אלעס מעגליכע אָנגעווענדעט צו גלויבען, אז ער פיהלט זיך בעסער. ווען ער האט זיך ניט אויפגערעגט, האט ער אויך ווירקליך ניט אזוי שטארק געשפירט דעם שמערץ. אָבער איין אויפטריט מיט זיין פרוי, א וויעדערשפּרוך אין געריכט־הויז, אָדער א פערלוסט אין קארטען־שפּיעלען, האט זאָפאָרט ארויס גערופען דעם שמערץ צו דער העכסטער שטופע פון ליידען. אנפאנגס האט ער דאס געקענט אריבער טראגען, מיט דער האָפנונג, אז אלעס וועט פאָראיבער, נאָר יעטצט האט איהם אירגענד איין ערגערניס געפיהרט צור פערצווייפלונג.

ער פלעגט צו זיך זאגען: „מיר האט אָנגעפאנגען בעסער צו געהן, אונד דיא מעדיצין וואס איך האב גענומען, האט געמאכט א גוטען איינדרוק, אָבער אין מיטען מוז עפּעס טרעפען אום צו פערביטערן מיין לעבען.“ דאן האט ער געשפירט א שרעקליכען האס צו אלעמען, וועלבעס האט זיך איהם געדאכט, אז דאס האט ארויס גערופען זיינע ליידען.

ער האט געוואוסט, אז דער צאָרן שאדעט איהם, נאָר ער האט זיך ניט גע־קענט בעהערשען. מאנכע מאל האט ער זיך אבזיכטליך צוריק געצויגען אום צו האבען רוה אונד זיך מיט קיינעם ניט בעגעגענען איהם אויפצורעגען, אָבער דיא מינדעסטע זאך האט איהם צורייצט אונד ער האט געליטען.

זיין צושטאנד איז נאך טויזענד מאל ערגער געווארען, דאמיט וואס ער האט געלעזען מעדיצינישע ווערקע. זיין איינבילדונג איז צייטענווייז געווען אזוי שטארק, ראס ער האט געליטען דיא שמערצען כמעט פון יעדער אינערליך קראנקהייט איבער

וועלכע ער האט געליטען. דאן איז געקומען דיא בעראטהונג מיט דיא ערצטע, אונד דאס האט זעהר שנעל פערערגערט זיין צושטאנד. ער האט דערפון גאנץ גוט געוואוסט, אָבער ער האט ניט אויפגעהערט זיך מיט זייא צו בעראטהען.

אין דעמזעלבען מאָנאט האט ער בעזוכט נאך א בעריהמטען דאָקטאָר, וועלכער האט געזאגט במעט דאסזעלבע וויא דער ערשטער, אָבוואָהל ער האט זיך אויסגעדריקט מיט אנדערע ווערטער. דיא נייע בעראטהונג האט נאָר פעראורזאכט מעהר אונרוהע אונד שרעק אין דעם פאציענט. א פריינד'ס פריינד — אויך א בע־ריהמטער ארצט — האט דאן געגעבע א גאנץ אנדערע מיינונג איבער דער קראנק־הייט, אונד אָבוואָהל ער האט פערשפראָכען דאס אויסצוהיילען, האבען זיינע פראגען אונד השערות פאָרלויפיג נאך מעהר פערווירט דעם ארמען ליידענדען.

נאר איין אנדער דאָקטאָר, האט געגעבען א גאנץ נייעם נאמען דיעזער קראנקהייט אונד בעזאָרגט דעם פאציענט מיט א שאכטעל פיללען, וועלכע ער האט אנגעפאנגען צו נעהמען זעהר פינקטליך. אבער ווען איוואן איליטש האט אויסגע־נומען דיא פילען אונד דער שמערץ האט נאך מעהר געשטאָכען אין זיין זייט, האט ער זיך געשפירט זעהר אונגליקליך אונד שטארק חרטה געהאט, ווארום ער האט ניט פאָרגעזעטצט צו נעהמען דיא מעדיצינען פון דיא אנדערע ערצטע.

אין א טאג איז צו איהם געקומען א בעקאנטע דאמע אונד איהם דערצעהלט, אז זיא איז געהיילט געוואָרען אקוראט פון אזא קראנקהייט, דורך דער פערמיטלונג פון איקאָנעס (הייליגע בילדער.) איוואן איליטש האט גלייך אָנגעפאנגען ערנסט נאכצודענקען דאריבער, אונד איז שוין באלד פערטיג געווען זיך צו הייסען ברענגען איקאָנעס. אָבער ווען ער האט זיך דערמאָהנט וואו ער איז אין דער וועלט, האט ער געשווידערט.

„איז דאס מעגליך,“ האט ער געפרעגט, „דאס מיין פערשטאנד איז שוין אזוי אָבגעשוואכט געוואָרען פון דיא ליידען? מיין גאָט, דאס איז שרעקליך! דומ־הייטען! עס איז מיין אייגענע שולד, איך דארף מיך ניט לאזען הינרייסען, וויא א קינד, פון א קליינעם שמערץ. איך וועל מיך האלטען בייא איין דאָקטאָר. אזוי בלייבט עס. איך וועל מיר מעהר קיין יסורים ניט מאכען, אונד אזוי וועל איך אָבפיהרען ביז צום זומער. דאן וועלען מיר זעהן. גענוג זיך נאריש מאכען.“

דאס איז אָבער געווען לייכטער געזאגט וויא געטהאָן. דער שמערץ אין זיין זייט איז יעדעס מאל העפטיגער געוואָרען, אונד עס איז שוין געווען זעלטען ווען דער ווערטאג האט איהם נאכגעלאָזען. דיא זויער־ביטערקייט אין מויל איז געוואָרען

שטארקער, אונד ער אליין האט נעשפירט, אז א נערוך פון פוילקייט איז ארויס נעקומען פון זיין מויל אונד נאזלעכער. דער אפעטיט אונד קראפט האבען אנגעפאנגען צו פערשווינדען מיט גרויסער שנעללינקייט.

עס איז קיין צווייפעל נעווען, אז עטוואס שוידערהאפטעס, שרעקליכעס, אונגעוועהנליכעס מיט א וויכטינער לעבענס־פראגע דערנעהנטערט זיך אונד דיא קריזיס אין איהם מוז פריהער אדער שפעטער שטאטפינדען. אבער ער איז נעווען דער איינציגער מענש וואס האט דאס פערשטאנען אונד בעגריפען: אלע ארום איהם, וויא איהם האט נעשיינט, האבען ענטוועדער ניט פערשטאנען אדער ניט נעוואלט פערשטעהן וואס מיט איהם נעהט פאר. יעדער האט נעדענקט, אז אין דער וועלט איז גאר קיין נייעס פארגעפאלען אונד אלעס פיהרט זיך וויא נעוועהנליך.

דאס האט איהם שרעקליך געמארטערט. סטייטש, זיין וועלט, נעהט צו גרונד, אונד ניעמאנד וויל דערפון וויסען אדער אפילו מיט איהם האבען מיטלייד.

ער האט נעקענט זעהן וויא זיין פאמיליע, איבערהויפט זיין פרוי אונד טאכטער, האבען נעשוואומען אין א ים פון פערגניגען אונד מונטערקייט, אונד אום זיין לאגע, האבען זייא זיך בעקימערט וויא אום דעם פאריאהריגען שנעע. ער האט אויך גאנץ גוט בעמערקט, אז זיינע זיפצען אונד קרעכצען זיינען א גרויסע שטערונג פיר זייא, אונד זייא שפירען זיך זעהר אונבעקוועם איבער זיינע שמערצהאפטע מיענעס אונד אום דיא זארג וואס זייא דארפען טראגען ציליעב איהם.

טראטץ זייער פערשטעלונג, איהם צו צייגען צערטליכקייט, איז ער ניט בלינד נעווען איינצוזעהן, אז זייא קענען איהם ניט ליידען. וואס עס אנבעלאנגט פראס קאוויא פעאדאראוונא, האט זיא איינמאל בעשלאסען, אז איהר מאן מאכט מעהר פון זיין קראנקהייט וויא דיא וואהרהייט איז. בייא איהר האט עס אויסגעזעהן, אז ער פיעסטעט זיך פאר איהר, אונד דערבייא איז זיא נעבליעבען, ווען ער האט אפילו נעפיהלט, אז דער שמערץ שיסט דורך זיין גאנצען קערפער וויא מיט רויטגעהיצטע אייזענס.

„איהר מוזט וויסען,“ פלענט זיא אמאל זאגען צו איהרע פריינדע, „אז איוואן איליטש איז ווירקליך אביסעל קראנק, אבער ער איז גאר קיין מענש ניט. ער וויל ניט בעפאלגען וואס מען הייסט איהם, אונד ער בלייבט אימער אליין דער חכם ניט וועלענדיג ערפילען דיא אויפטרענע פון דיא בעסטע ערצטע. איין טאג נעחטט ער מעדיצין, עסט וואס מען האט איהם נעהייסען עסען, אונד נעהט פריה צו בעט;

אָבער אויף מאָרגען — סיידען איך גיב אכטונג אויף איהם — פערגעסט ער שוין אן אלעמען, עסט ער נאָט וויים וואס, אונד זיטצט ביז אום איינס אוהר פארטאָג אונד שפּיעלט אין קארטען. נו, ווער איז שולדיג? איך קען מיין קאָפּ אויף איהם ניט ארויף זעטצען!“

„וואס? ווען?“ האט איוואן איליטש דאן געפרעגט מיט א שרעקעדיגער מיענע. „עס האט נאָר פּאסירט איינמאל, בייא פּיאָטער איוואנאָוויטש.“

„אונד געכטען, מיט שעבעק'ן?“

„אָך, עס איז דאָך געוועזן דערפאר, ווייל דער שמערץ האט מיך ניט געלאָזען שלאָפען.“

„וואס איז דאָ פאר איין אונטערשיעד? א מענש דארף וויסען וויא זיך אָב־צוהיטען. ווען דוא וועסט אזוי לעבען, וועט דיר נאָר ערגער ווערען, אונד דוא וועסט אונז ניט אויפהערען צו מארטערן. גאָט וויים דעם אמת, איך קען שוין ניט אויסהאלטען!“

לויט וויא פּראסקאָוויא האט געשילדערט פאר איהרע פריינדע אונד לויט וויא זיא האט עס געזאגט איוואן איליטש'ן אליין, איז דיא גאנצע קראנקהייט מעהר ניט געוועזן וויא איין אויסגעטראכטע מעשה פון איהם אליין, מיט דער איינציגער אבזיכט זיא ניט צו לאָזען רוהען אונד האבען פערגניגען פון איהר לעבען.

„וואס!“ פלעגט זיא אויסשרייען. „אפשר ניט אזוי? קען איך דיך ניט גאַנץ גוט? וויפיעל מאל האסטו שוין געטהאָן אזעלכע זאכען אום נאָר מיך צו ערגערן? דוא ביסט ניט קראנק, ניין! ניין! איך שווער עס דיר; עס איז נאָר מיך צו פּלאגען.“

זיין בלאַסעם געזיכט, זיין ציטערענדער קערפּער, דאס האט זיא ניט געקענט זעהן מיט איהרע אויגען, אָדער זיא האט זיך דיא מיה ניט געגעבען דאס צו זעהן. איוואן איליטש איז געווען זיכער, אז זיא איז איבערצייגט דאריבער וואס זיא זאגט. אָבער דאס אלעס האט נאָך ניט געקענט פערלייכטערן זיין שמערץ אפילו אויף א האאר.

אין געריכט הויז האט ער בעמערקט, אָדער ער האט זיך פאָרגעשטעלט, אז יעדער קוקט אויף איהם מיט דיזעלבע אויגען וויא זיין פרוי. דאן האט ער גע־רעכענט, אז זיינע קאָלעגען אונד אונטערגעאָרדנעטע בעטראכטען איהם אלס א מאן, וועלכען'ס פּלאטץ וועט באלד פרייא ווערען. זיינע פריינדע האבען פּראָבירט איהם צו ערמוטהיגען, גלייך וויא דער שמערץ וואָלט דאדורך נאכגעלאָזען ווען מען

זאָל רעדען שעהנע ווערטער מיט ערמונטערונג. שווארץ, מיט זיין פרעהליכער בענעהמונג אונד גליקליכען שמייכעל אויף זיין געזיכט, האט נאך געזאגט א ווערטעל אונד איהם דערמאָהנט אן זיין איינגער קראנקהייט מיט צעהן יאָהר צוריק, פון וועלכער ער איז פאָלקאָמען געזונד געוואָרען. שווארץ האט אייגענטליך אמאל גע־ליטען פון א לייכטער פערקיהלונג, אונד איוואן איליטש האט זיך געפרעגט וואוים דיזע מענשען מארטערן איהם אונד ווילען ניט פערשטעהן, אז אין זיין קערפער ליעגט א געהיימער עפעס וואס רייסט פון איהם שטיקער לעבעדינערהייט.

אין איין אבענד האבען זיך פערזאמעלט איינינע פריינדע אום צו שפיעלען א פרעפעראַנס מיט איהם. זייא האבען זיך אוועק געזעטצט, אויסגעטהיילט דיא קארטען; איוואן איליטש האט געקריעגען א גוטע פערטהייקונג אונד דער שפיעלער געגען איהם, האט אויך געקריעגען א גוטע פערטהייקונג.ביידע האבען אָנגעפאַנגען צו קאָנקורירען; דיא אויפרעגונג פון שפיעל האט געוואַקסען, אונד איוואן איליטש האט געזיענט! אָבער פלוצלינג איז ערשיענען דיא זויער־ביטערקייט אין מויל, דער שלעכטער גערוך האט אָבגעשלאגען אין זיינע נאָז־לעבער, אונד ער האט פערלוירען דיא גאַנצע אינטערעסע אין דעם שפיעל.

ער האט געקוקט צו זיין מיטשפיעלער מיכאיל מיכאילאָוויטש אונד געזעהן וויא פערטיעפט אונד פעראינטערעסירט ער איז מיט דעם שפיעל. מיכאיל האט צוזאמענגעלעגט דיא קארטען, געלאכט, געזאגט א ווערטעל, אונד דאן אוועק גע־לעגט דיא קארטען אין מיטען טיש אום איוואן איליטש זאָל נעהמען אויך טהיילען.

„ווארום בין איך אזוי גלייכגילטיג?" האט זיך איוואן איליטש געפרעגט אין זיינע געדאנקען. „בעווייזט ניט דיזע גלייכגילטיגקייט אליין, אז איך בין געפעהרליך קראנק?"

יעדער האט בעמערקט וויא זיין געזיכט האט זיך פערענדערט אונד אָנגענומען דיא דונקעל־גרינע פארבע, אלס א פאר.פאָסטען פון שמערץ.

„מיר קענען אויפהערען, ווען דאס מאכט דיך מיעד," האבען זייא געזאגט. „רוה זיך אוים אביסעל."

רוהען? אָה ניין, ער איז גאר ניט מיעד געווען, אונד ער האט בעשלאָסען צו ענדיגען דעם פרעפעראַנס. פיעללייכט האט דאך יעדער רעכט, אז מען דארף זיך ניט אזוי אָבלאזען צו א קראנקהייט?

יעדער איז געבליעבען זיטצען שטיל אונד עטוואס טרויעריג. איוואן איליטש

האט געוואוסט, אז ער איז דיא אורזאכע פון דעם טרויער, אָבער ער האט דאס ניט געקענט אָבשאפען.

דער קארטען־שפּיעל האט געמוזט אונטערבראָכען ווערען. דער שמערץ האט איהם יעדעס מאל וויא דורכגעשטאָכען מיט מעסערס.

אָבער דיא געזעלשאפט פון טרויעריגע קראַנקע, איז קיינעם ניט אנגענעהם, אונד דיא פריינדע האבען איינציגווייז גענומען אבשיעד, ראטהענדיג איוואן איליטשין צו געהן רוהען.

איוואן איליטש איז געבליעבען אליין מיט זיין טרויער אונד שמערץ. ער איז געווען איבערצייגט, אז זיין לעבען איז זעהר אונגליקליך אונד ער מאכט נאך אנדערע אויך אונגליקליך. אָבער, ווען ער האט זיך נעפרעגט, מיט וואס דאס קען זיך ענדיגען, האט ער געזעהן פאר זיך אויפשטייגען א פינסטערן וואָלקען.

ער האט אָנגעפאנגען איבערצודענקען אונד איבערצורעכענען דעם גאנצען לויף פון זיין קראַנקהייט, ווייל דאס האט געשטיעגען אלץ העכער אונד העכער, ביז דיא געגענוואַרט איז עררייכט געוואָרען. אונד ווען ער האט זיך געפרעגט וואס ווייטער קען זיין, האט ער אויפגעציטערט.

אָבער טראָטץ דיעזעס טרויעריגע בעוואוסטזיין, טראָטץ זיינע מארטערענדע ליידען אונד פינסטערע אויסזיכטען, איז ער געצוואונגען געווען צו געהן צו בעט, אָבער דאָרט האט ער אָפטמאָל צוגעבראכט דעם גרעסטען טהייל פון דער נאַכט אין דיא אונבעשרייבליכע שמערצען.

ווען דער פריהמאָרגען איז געקומען, האט ער געמוזט ווידער אויפשטעהן, זיך אָנקליידען, געהן אין געריכט־הויז, רעדען, שרייבען, אונד טהון זיינע פליכטען. ווען ער איז אהיים געקומען פריהער, האט ער בעדארפט צעהלען דיא שטונדען פון שמערץ איינע נאך אנאנדער. אזוי האט ער געלעבט, שטונדען, טעג, נעכט, וואָכען אונד מאָנאטע. ער האט זיך אימער געזעהן אויף דעם ראנד פון פינסטערן אָבּגרונד, וואוהין ער מוז פריהער אָדער שפּעטער אריין געשליידערט ווערען, אונד דערווייל דארף ער ליידען דיא שרעקליכסטע שמערצען וואס א מענש קען איבערשטעהן.

דער גרעסטער שמערץ איז אָבער געווען, וואס קיינער, אונד איבערהויפּט זיין פרוי, האט איהם געוואָלט פערשטעהן אָדער אפילו מיטלייד האבען מיט איהם.

6.

אזוי איז פאָראיבער א היבשע צייט אין דיזען צושטאנד. אין דעם אבענד פון נייא־יאָהר, איז איוואן איליטש'עס שוואָגער זייא געקומען בעזוכען. פראַסקאָוויא פעאָדאָראָוונא, איז גראדע דאמאלס אוועק געגאנגען איינקויפען.

איוואן איליטש איז געווען אין געריכט־הויז. ווען ער איז א היים געקומען, האט ער געטראָפען זיין שוואָגער, א שטארקער בליהענדער מענש, וועלכער האט געהאלטען אין אויספאקען זיין קופערט מיט די זאכען וואס ער האט מיטגעבראכט.

ווען ער האט דערהערט איוואן איליטש'עס טריט, האט ער אויפגעהויבען זיין קאָפּ אונד איהם בעטראכט א פּאאר אויגענבליק אין שטילשווייגען. איוואן איליטש האט געזעהן אין דיזען בליק אלעס. דעם שוואָגער'ס ליפּען האבען זיך געעפענט מיט שרעק, גלייך וויא ער האט געוואָלט אויסשרייען, אָבער ער האט זיך צוריק געהאלטען. דאס האט אויך איוואן איליטש געזעהן אונד ער האט זיך איבערצייגט, אז ער איז געווים ערשיענען פאר דעם שוואָגער אין דעם ריכטיגען צושטאנד פון פערצווייפלונג, אין וועלכען ער האט זיך ווירקליך געפונען.

„אלזאָ,“ האט איוואן איליטש אָנגעפאנגען, זעהענדיג, אז דער אנדערער האט קיין מוטה צו רעדען, „בין איך ניט זעהר שטארק געענדערט?“

„יא, געענדערט — יא, יא, זעהר געענדערט.“

אונד דער שוואָגער האט וויטער אויסגעמיעדען יעדע געלעגענהייט צו רעדען מיט איוואן איליטש איבער דעם צושטאנד וויא ער זעהט אויס.

ווען פראסקאָוויא פעאָדאָראָוונא איז אהיים געקומען, איז איהר ברודער אריין אין איהר צימער מיט איהר עפּעס צו רעדען. איוואן איליטש האט זיך דאן פערשלאָסען אין זיין צימער, אונד זיך אוועק געשטעלט א היבשע צייט פאר'ן שפּיעגעל אום זיך צו שטודירען וויא ער זעהט אויס. דאן האט ער ארונטער גענומען זיין פאָטאָגראפיע אונד דיזע פערגליכט מיט דער פיגור וואס ער האט געזעהן אין שפּיעגעל.

יא, עס איז געווען א גרויסער אונטערשיעד צווישען דיזע צוויא פאָרשטעלונגען.

איוואן איליטש האט געזיפצט, אונד אָנגעפאנגען ארויפצוציהען דעם ארבעל פון זיין ראָק אונד העמד אויף זיין האנד. ער האט זיך בעטראכט דעם ארעם,

וויעדער ארונטער געשלעפּט דעם ארבעל, אונד זיך אוועק געזעטצט אויף א סאָפאַ. דאן איז זיין געזיכט געוואָרען שרעקליך שווארץ.

„ניין, ניין, עס דארף ניט אזוי זיין! ניין, ניין, עס דארף ניט!" האט ער געמורמעלט צו זיך אליין. דאן איז ער פּלוצלינג אויפגעשפּרונגען, צוגעגאנגען צום טיש, גענומען א געזעטצליכעס פּאפּיר אונד אָנגעפאנגען אין דעם צו קוקען. אָבער פאר זיינע אויגען האט זיך געציינט א דונקלע מאסע אונד ער האט גאר ניט גע־קענט לעזען.

ער האט אויפגעשלאָסען דיא טהיר אונד איז אריין אין שפּייזע־צימער. דיא טהיר פון דעם צווייטען צימער נטבענבייא, איז געווען צוגעמאכט. ער איז צוגע־גאנגען אויף דיא שפּיטץ פינגער, צוגעלעגט זיין אויער אום צו הערען.

„דוא איבערטרייבסט, דוא איבערטרייבסט, זאג איך דיר!" האט זיך פּראס־קאָוויא פעאָדאָראָוונא געבעזערט.

„איך איבערטרייב? קענסטו ניט זעהן, דאס א סקעלעט, א טויטער מענש, געהט ארום? קוק זיך נאָר איין אין זיינע גלעזערנע אויגען מיט דיא טויטע קאָלירען. מיין גאָט, פּראסקאָוויא, זאג מיר, וואס איז מיט איהם גע-שעהען?"

„ווער ווייס? ניקאָלאיעוו (א דאָקטאָר) האט עפּעס געזאגט, נאָר איך האב שוין פערגעסען. לעבטשעטיטסקי (דער בעריהמטער פּראָפעסאָר) האט בעהויפּטעט גראדע דעם געגענטהייל. וואס קען איך דען טהון?"

איוואן איליטש האט זיך אָבגעווענדעט, אריין אין זיין צימער, זיך געלעגט אויף דער סאָפאַ אונד פּראָבירט נאכצודענקען.

„דיא מילץ," האט ער געמורמעלט, „יא דיא אָבגעריסענע מילץ, דאס איז עס. דיא מילץ האט זיך מיר אָבגעריסען ביים פאל..."

ער האט געדענקט אלעס וואס דיא ערצטע האבען איהם געזאגט, וויא אזוי דיא מילץ, געריהרט פון פּלאטץ, ווערט נאך ערגער געריהרט פון פיעל בעוועגונג. דאן האט איוואן איליטש אָנגעפאנגען שטארק צו ארבייטען מיט זיינע געדאנקען, גראדע וויא ער האט מיט דער אידעע געוואָלט פּאקען דיא מילץ, זיא אָבהאלטען פון ארום וואנדערן אין זיין בויך, אונד דאן צוריק לעגען אויף איהר געהעריגען פּלאטץ. דיא גאנצע געשיכטע וויא דאס צו טהון, האט איהם אויסגעזעהן א קלייניגקייט.

„אלזאָ, איך וועל נאך אמאל געהן צו פּיאָטער איוואנאָוויטש." האט ער

נעזאגט. פּיאָטער איוואַנאָוויטש איז געוועזן דעם דאָקטאָר׳ס פריינד, אונד דורך איהם אָדער מיט איהם, האט ער זיך געוואָלט בעראַטהען מיט דעם ארצט.

ער האט אָנגעקלינגעלט, געהייסען איינשפּאַנען אום צו פאָהרען.

„וואוהין ווילסטו פאָהרען, איוואַן?“ האט איהם זיין ווייב געפרעגט, מיט איין אונגעוועהנליכען צערטליכען טאָן אין איהר שטימע.

איוואַן איליטש האט זיך אומגעווענדעט אונד זיא בעטראַכט שטילשווייגענד. איהר צערטליכקייט האט איהם באַלד אַזוי געשמערצט וויא זיין אָבגעריסענע מילץ. אויף זיין געזיכט האט זיך אָבגעשפּיעגעלט זעהר א טרויעריגע מיענע.

„איך פאָהר צו פּיאָטער איוואַנאָוויטש,“ האט ער ענדליך געענטפערט גלייכגילטיג.

ווען ער איז געקומען צו זיין פריינד פּיאָטער, האט ער איהם געבעטען, ער זאָל איהם בעגלייטען צום דאָקטאָר׳ס וואָהנונג. זייא האבען געטראָפען דעם ארצט צו הויז, אונד זייא האבען מיט איהם געהאט א לאַנגע אונטעררעדונג.

איבערקלערענדיג אַלעס וואס דער דאָקטאָר האט איהם געזאגט, אונד לויט וויא ער האט אליין גאַנץ גוט געקענט דיא פערשיעדענע טהיילען אין מענשליכען קערפּער, האט איוואַן איליטש שוין אלעס דייטליך פערשטאַנען.

ער האט בעגריפען פון דעם דאָקטאָר׳ס ווערטער, אַז אירגענד עפּעס איין אָרגאַן, זאָל עס זיין דיא מילץ, דיא לעבער אָדער נירען, האט פערלוירען דיא פעהיגקייט צו ארבייטען. דיעזער אָרגאַן, ווען ער זאָל ניט קומען אויף זיין פּלאַטץ, מוז זיין ארבייט דורכגעפיהרט ווערען דורך איין אנדערן. יעטצט איז דיא הויפּט אויפגאַבע, צו בעווענגען איין אנדערן אָרגאַן ער זאָל טהון אויך דיא פליכט פאר דעם וואס איז געשטערט געוואָרען.

ער איז אהיים געקומען שפּעט צו מיטאג. ער האט געגעסען אונד גע־שפּראָכען אין א לעבהאַפטען טאָן, אָבער ער האט זיך ניט געקענט ענטשליסען אנצופאַנגען איין ארבייט. ענדליך האט ער געפּאַסט א געוואָלט־בעשלוס, אריין צוריק אין זיין צימער אונד זיך געזעטצט צו דיא פּאַפּירען. דאס געפיהל פון איין אַלטער געוואָהנהייט, אַז ער האט וויכטיגע געשעפטען צו בעזאָרגען, האט איהם אָנגעטריעבען ער זאָל פערטיג מאַכען אלעס וואס ער בענעטהיגט.

ווען דיא ארבייט איז געווען פאַראיבער, האט ער זיך ווידער דערמאָהנט אן דעם אָרגאַן וואס האט פערלוירען דיא פעהיגקייט צו ווירקען. אָבער ער האט מיט אַלע מעגליכקייטען פערטריעבען דיא אידעע פון זיך אונד צוריק געקעהרט אין שפּייזע־צימער צו טרינקען טהעע.

דאָרט זיינען שוין געזעסען א פאאר געסט. מאנכע האבען געשפראָכען, אונד פון זייטען־צימער האט זיך געהערט אויך זינגען אונד שפּיעלען. דער יונגער אינסטרוקציאָנס־ריכטער, וועלכען ער האט גערעכענט אלס א פאסענדע פּארטיע פיר זיין טאָכטער, איז אויך דאָרט געוועזען.

איוואן איליטש האט פערבראכט דעם אבענד מונטערער וויא זייט דיא לעטצטע פּאאר מאָנאט. וועניגסטענס האט זיין ווייב אזוי געדענקט. אָבער אונ־טערדעסען, האט ער אליין אויף קיין אויגענבליק פערגעסען אן זיין קראנקהייט.

אום 11 אוהר, האט ער געוואונשען זיינע געסט „גוטע נאכט" אונד האט צוריק געקעהרט אין זיין צימער.

זייט זיין קראנקהייט, האט ער איינגעפיהרט צו שלאָפען אין דעם קליינעם שטיבּעל נעבען זיין שטודיר־צימער. ער האט זיך געלעגט, אונד אום צו פערטרייבען זיינע געדאנקען, האט ער גענומען זאָלא'ס א ראָמאן צום לעזען. אָבער עס איז איהם אונמעגליך געוועזען נאכצופאָלגען דיא געדאנקען פון דעם שרייבער.

פאר זיין פאנטאזיע זיינען געשטאנען אלע זיינע אינערליכע אָרגאנען. עס האט זיך איהם געדאכט, אז ער זעהט זיין מילץ אוועק געריסען פון נעבען דער לעבער, אונד זיא הייגנט נאך אויף א קליינעם הייטעל. ניט זייענדיג אימשטאנדע צו ארבייטען, האט דיא מילץ פערלוירען איהר פארב אונד אויסגעזעהן וויא א טויטעס שטיק פלייש, אָדער זיא האט שוין אָנגעפאנגען צו פוילען. ער האט גע־קוקט ווייטער אין זיין פאנטאזיע אונד זיך פאָרגעשטעלט וויא דיא נאטור צווינגט דיא לעבער, דיא נירען אונד דעם ניעדריגערן טהייל פון דיא לונגען זייא זאָלען אָנגעפאנגען צו ארבייטען אונד ערפילען דיא פליכטען פון דער מילץ.

דער ראָמאן איז ארויס געפאלען פון זיין האנד, אונד ער האט גע־מורמעלט:

„ריכטיג, אזוי איז עס; דאס דארף מען טהון; מען מוז געבען דער נאטור דיא מעגליכקייט צו טהון איהר ארבייט."

דאן האט ער זיך דערמאָהנט, אז ער מוז איינגעהמען דיא מעדיצין. ער האט זיך אויפגעהויבען, איינגעשלונגען א פאאר פּיללען אונד זיך ווידער אויסגעשטרעקט אויף זיין רוקען שטודירענדיג לאנגזאם דיא ווירקונג וואס דאס מאכט אויף איהם.

„אלעס וואס איך דארף יעטצט טהון איז," האט ער געזאגט, „איינצונעהמען דיא מעדיצין רעגעלמעסיג אונד אויסמיידען שעדליכע איינפלוס. איך פיהל שוין ווירקליך בעסער — זעהר פיעל בעסער."

ער האט צוגעלעגט דיא האנד צו זיין זייט אונד ניט געשפירט קיין שמערצען.

„געוויס בין איך שוין פיעל געזינטער; איך שפיר גאר קיין שמערצען," האט ער געזאגט צו זיך אליין. דאן האט ער אויסגעלאָשען דאס ליכט אונד זיך אוועק געלעגט אויף זיין זייט, רעכנענדיג אין דעזעלבער צייט, אז דיא געזונדע אָרגאנען האבען שוין איבערגענומען דיא ארבייט פון דעם קראנקען אָרגאן אונד דיא נאטור האט געזיעגט.

ער האט זיך געפרייט. ליידער אָבער האט דיעזע פרייד ניט פיעל געדויערט, דען פּלוצלינג האט ער געפיהלט א שטאָך.

ער האט איהם דערקענט. דאס איז געווען דער אַלט־בעקאנטער שטאָך. ער האט זיך שטארק דערשראָקען. דאן האט אנגעפאנגען דער שמערץ צו קומען שנעל, שארף, שיסענדיג, שטעכענדיג, ברעכענדיג אונד ברענענדיג. דער שלעכטער טעם אין מויל איז אויך דאמאלס צוריק געקומען, אונד דער ארמער ליידענדער האט געגעבען א שמערצהאפטען זיפץ.

„מיין גאָט!" האט ער אויסגעשריען פערצווייפעלט, „וועט דאס טאקי קיינ־מאל ניט אויפהערען?"

ער האט געשווידערט.

„ווייטער, ווייטער," האט ער געמורמעלט. „עס איז דיא מילץ! ניין, ניין, עס איז דאס לעבען וואס זוכט איין עפענונג ארויס צו געהן, אונד דאן — דער טויט! יא, דאס איז עס: דאס לעבען נעהמט אבשיעד פון מיר, אונד איך קען עס ניט צוריק האלטען. זעהט דען ניט יעדער איינער, אויסער איך זעלבסט, אז איך האלט אם שטערבען? עס איז נאָר א פראגע פון טעג אונד וואָכען — אָדער, פיעללייכט שטעהט שוין דער טויט דאָ ביים בעט אונד באלד וועט נעהמען פון אַלעמען א סוף? עס איז געווען ליכטיג, אונד יעטצט קומט פינסטערניס. איך בין געווען דאָ, אונד יעטצט געה איך אוועק — וואוהין?"

ער האט געשפירט, אז דער גאנצער קערפּער ווערט איהם קאלט אונד ער האט נאך קוים געקענט אטהעמען. ער האט אבער געהערט דאס קלאפּען פון זיין הערצען.

„גוט, אלזאָ, שטארבען — איך וועל שטארבען אונד אויפהערען צו עקזיס־טירען אויף דיעזער ערד, אָבער וואו דען וועל איך זיין? וואס וועט פון מיר בלייבען? גאר ניט! וואו וועל איך זיין ווען ניט דאָ? אין דער ערד — אונד

וואס איז דאָרט? אויף'ן הימעל — אונד וואס איז דאָרט? זאל איך יעמצט ווירקליך זיין אזוי נאהענט פון דעם טויט? ניין, מיין גאָט! עס זאל ניט זיין, עס דאַרף ניט זיין!"

ער האט זיך אויפגעהויבען וויא א פערוואונדעטער, פראָבירט אנצוצינדען דאס ליכט, געזוכט אין דער פינסטער מיט זיינע ציטערענדע הענד, אונד דאן האט ער אבגעלאזען דאס ליכט, וועלכעס איז אראָנטער געפאלען. ער אליין איז אויך צוריק געפאלען אויף זיינע קישען.

„אונד ווארום ניט? ווארום זאל איך ניט שטארבען? וואס קען דען ווערען דערפון?" האט ער זיך געפרעגט בליקענדיג אין דער פינסטערניש. „טויט, יא, דאס איז דער טויט, אונד זייא ווילען ניט פערשטעהן: זייא ווענדען זיך אָב פון מיר אונד האבען אפילו קיין רחמנות ניט. הערט, הערט, וויא מען שפּיעלט, זינגט אונד מען פרייט זיך."

ער האט דאבייא געהערט וויא יעדער האט זיך אונטערהאַלטען אין זאַלאָן.

„וואס קימערט זייא?" האט ער ווייטער געפרעגט. „אבער זייא וועלען אויך מוזען שטארבען — דיא דומקעפּ! איך וועל טאקי געהן פריהער, אָבער זייא מוזען נאכקומען. זייער צייט איז אויך ניט זעהר וויט. אונד דעננאך הערט וויא דיא אידיאָטען לאַכען!"

ער איז שיער דערשטיקט געוואָרען פאר כעס אונד וועהטאג.

איז דאס מעגליך, אז מיר אלע מענשען זיינען אונטערוואָרפען צו עהנליכע טרויעריגע שרעקען?

איוואן איליטש האט זיך ווידער אויפגעהויבען אונד געזאגט:

„איך מוז גוט נאכדענקען איבער אלעס; איך מוז ערגרינדען דיעזעס פינסטערע געהיימניס."

ער האט אויך אָנגעהויבען טיעף נאכצודענקען:

„לאָמיר זעהן; דער אנפאנג פון מיין קראנקהייט, שטאמט פון יענעם קלאַפּ אין דער זייט. אנפאנגס האב איך ניט פיעל געשפירט, בלויז א קליינעם שמערץ. דאן האט עס אָנגעהויבען לאנגזאם אָבער רעגעלמעסיג ערגער צו ווערען; דאן איז געקומען איין דאָקטאָר, נאך א דאָקטאָר, מיינע טרויעריגע געדאנקען, אויפרעגונג אונד ווידער א דאָקטאָר; דערווייל האב איך מיך אימער געהאלטען אין דער נעהנטערן צום קבר. מייז קראפט איז געפלויגען אונד פערשוואונדען געוואָרען

איך בין געוואָרען שוואַכער אונד שוואַכער. יעטצט האָב איך שוין מעהר קיין כח ניט; מיינע אויגען זיינען וויא צווייא שטיקער גלאָז, דער טויט קלאַפּט מיר אין דיא פּלייצעס, אונד צווישען אַלע ביכדער וואס איך זעה אויפשטייגען, ערבליק איך א פוילע אונד אָבגעריסענע מילץ! מיין גאַנצע אידעע איז נאַר, וויא אַזוי דיא אַנדערע אָרגאַנען זאָלען ארבייטען פאר דיעזער מילץ! אָבער דיא אידעע איז א פאַלשע! זאָל דאס ווירקליך זיין דער טויט?"

דיא שרעק האט צוריק געקעהרט. אימער סאַפּענדיג, האט ער זיך אָנגעבויגען זיצען דיא שוועבעלעך. ער האט צוגעדריקט זיין עלענבייגען צום טיש. עס האט איהם וועה געטהאָן אונד איהם געשטערט. ער איז אין כעס געוואָרען אויף'ן טיש, איהם האסטיג אבגעשטויסען אויף א זייט, וועלכער איז נאכהער אויך אומגעפאַלען. נאך מעהר אויפגערעגט אונד ניט קענענדיג כאַפּען דעם אטהעם, האט ער זיך נאך אמאל געוואָרפען אויף זיין רוקען אונד ערווארטעט דיא ענדע זאָל קומען.

צו דיעזער צייט האבען דיא בעזוכער גענומען אבשיעד, אונד נאכדעם וויא פּראַסקאָוויא פּעאָדאָראָוונא האט זייא בעגלייטעט ביז צו דער טהיר, האט זיא גע־הערט דעם גערויש פון דעם אומגעפאַלענעם טיש, אונד איז אריין געלאָפען אין איהר מאַן'ס צימער.

„וואס איז דאָ פאר א קלאַפּערייא?“ האט זיא געפרעגט.

איוואַן איליטש האט זיך פאַר איהר פאר דערשראָקען, אונד, וויא א קינד וואס האט געמאכט א שאדען, האט ער געענטפערט:

„גאר ניט; איך האב עפּעס אומגעוואָרפען אומגערן.“

זיא האט געשוויגען אונד איז ארויס געגאַנגען. דאַן האט זיא צוריק גע־קעהרט מיט איין אָנגעצונדענעם ליכט.

איוואַן איליטש איז געלעגען אונד געסאָפּעט וויא א מענש וואס איז געלאָפען א גאַנצע מייל.

„וואס איז, איוואַן?“ האט זיא ווייטער געפרעגט.

„גאר ניט; איך האב — אומגעוואָרפען...“

„וואס זאָל איך ווייטער רעדען,“ האט ער זיך געטראַכט, „זיא וועט מיך ניט פערשטעהן אונד וויל מיך ניט פערשטעהן.“

זיא האט איהם ווירקליך ניט פערשטאַנען. אונטערדעסען האט זיא אויפ־געהויבען דעם טיש, אָנגעצונדען איהר מאַן'ס ליכט, אונד איז ארויס פון צימער אונגעדולדיג, ווייל זיא האט זיך נאך בעדארפט געזעגנען מיט דיא אַנדערע געסט.

ווען זיא איז שפּעטער צוריק געקומען, איז ער נאָך אימער אַזוי געלעגען וויא פריהער, אויף זיין רוקען, אונד זיינע אויגען האָבען געקוקט אַרויף.

„וואס איז? איז דיר ערגער?" האט זיא געפרעגט.

„יא."

זיא האט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ אונד זיך אַוועק געזעצט.

„זאג מיר, איוואן, אפשר וואָלט איך געלאזען רופען לעבטשעטיסקי'ן?" האט זיא געפרעגט. דאס האט געהייסען, אז מען זאָל לאזען ברענגען דעם גרויסען פּראָפעסאָר, ניט אַכטענדיג אויף דער גרויסער סומע וואס מען דאַרף איהם בעצאהלען פאַר'ן וויזיט.

ער האט ביטער געשמייכעלט אונד געענטפערט: „ניין."

זיא איז אונטערדעסען געזעסען וויא אויף שפּילקעס. דאן האט זיא זיך אויפגעהויבען, צוגעגאנגען, אונד איהם געגעבען א קוש אויף'ן שטערן. ער האט זיא געהאַסט פון זיין טיעפסטען הערצען ווערענד זיא האט איהם געקושט. ער האט געמוזט אָנווענדען אלע זיינע שוואַכע קרעפטען זיך צו בעהערשען אונד זיא ניט אבשטויסען.

„גוטע נאַכט, פּאַרלויפיג," האט זיא געזאגט. „איך האָף, אז דוא וועסט באַלד איינשלאָפען."

„יא," האט ער געענטפערט טרויעריג, ווערענד זיא איז אַרויס געגאַנגען אָהנע זיא אומצוקוקען.

## 7.

איוואן איליטש איז געווען זיכער, אז ער האלט ביים שטאַרבען. ער איז געווען פערווירט אונד פערזונקען אין פערצווייפלונג. ער האט פּאָזיטיוו געוואוסט, אז ער איז נאָהענט פון דער גסיסה, אבער דאָך האט ער זיך ניט געקענט צו געוועהנען צו דער אידעע פון דעם טויט. ער האט עס ניט געקענט טהון.

דאן האט ער זיך דערמאָהנט אן דער לאָגיק וואס ער האט אמאל געלערענט אין קיזיוועטער'ס בוך אונד געזאגט:

„ק. איז א מענש; אלע מענשען זיינען שטערבליך; פאָלגליך איז ק. שטערבליך."

ביז צו יענער מינוט האט ער זיך פאָרגעשטעלט, אז אלע מענשען מעגען זיין שטערבליך, ק. איז אויך שטערבליך. נאָר ער אליין איז ניט אריין גערעכענט.

אלזא, וואס דען בין איך?" האט ער זיך פלוצלינג געפרעגט. „הא! איך געדענק! איך בין אמאל געוועזן דער קליינער וואניא, איך האב געהאט א פאפא אונד א מאמא, מיט קליינע ברידערלעך, שפיעלעריייען, א קוטשער אונד איין אמע, דאן האב איך מיך געשפיעלט מיט קאטינקא'ן, געשטיפט, געלאכט, אונד..."

ער האט אנגעהויבען צו געהן ווייטער, אריבער שטייגענדיג די קינדישע צייט, קומענדיג צו דער סטודענטען צייט אונד וואנדערענדיג ווייטער צו דער ערנסטער טהעטיגקייט ביז צו דער געגענוואַרט.

איז דאס געוועזן ק. וואס האט אזוי געליעבט די שעהנע פעלדער? איז דאס געוועזן ק. וואס האט געקושט זיין מאמא'ס האנד, וואס האט געטאנצט, אָדער וועלכער האט ליעב געהאט צוקער־געבעק אין דער גזועמטץ־שולע? האט ק. אמאל געליעבט? איז דאס געוועזן ק. וואס האט אזוי קלוג געפיהרט די פראָצעסען?

„יא, עס איז וואהר, דאס ק. איז שטערבליך, אונד עס איז אויך גאנץ נאַטירליך, אז ער זאָל שטארבען; אבער איך, וואניא, איוואן איליטש, מיט אלע מיינע געפיהלע אונד גייסטיגע קראפט — איך בין פערשיעדען, אונד עס איז גאנץ אוננאַטירליך, אז איך זאָל שטארבען. אך, דאס וואָלט געהייסען, אז געגען מיר האנדעלט מען זעהר שלעכט."

דאן האט ער ארגומענטירט: „ווען איך זאל מוזען שטארבען וויא ק., וואָלט איך אקצעפטירט די טהאטזאכע; מיין אינערעס בעוואוסטזיין, וואָלט עס מיר אימער געזאגט. אבער דאס איז ניט דער פאַל מיט מיר. איך אונד מיינע פריינדע פערשטעהן גאנץ גוט, אז מיר האבען ניט וואס מורא צו האבען פאַ־ ק.'ס שיקזאַל. אונד דעננאך, וואס איז עפעס יעטצט געווארען? עס איז אונמעגליך, מיין גאָט, עס איז אונמעגליך! אונד דאָך, אזוי איז עס; עס קען אנדערש ניט זיין. אָבער וויא איז דאס מעגליך, וויא אזוי זאל איך דאס פערשטעהן?"

ניין, איוואן איליטש האט ניט געוואלט אקצעפטירען דעם פאקט, אז ער איז שטערבליך, אונד דערצו איז נאָך די שטערבליכקייט זעהר נאהענט פון איהם. ער האט געקעמפפט געגען דיעזער אידעע, נאָר עס האט איהם ניט געהאָלפען, זיא האט יעדעס מאָל צוריק געקעהרט, גראדע וויא א גומי־באָל, וועלכען מען שמייסט אוועק אונד ער שפרינגט צוריק.

ער האט אנגעווענדעט אנדערע ארגומענטען, פיעללייכט וועלען זייא איהם איבערציינען, אז ער איז ניט ק. אונד ער איז אלזא ניט שטערבליך. ער האט

געהאָפּט זיך צו טרייסטען דאַמיט. ער האָט פּראָבירט זיך צו שטירצען אין יענער וועלט מיט פאַנטאַזיען, וועלכע האָט אימער אַזוי קונסטפאָל פאַר איהם פערשטעלט דאָס בילד פון דעם טויט. אָבער יענע פאַנטאַסטישע וועלט האָט יעטצט אָנגע־פאַנגען זיך צו צערשמעלצען וויא אייז געגען אַ ברענענדער זונן, אונד דיא ווירקליכקייט, דיא טרויעריגע אונד נאַקעטע ווירקליכקייט, איז פאַר איהם ערשיענען.

דאַן האָט זיך איוואַן איליטש דערמאָהנט, אַז ער האָט אימער געקענט פער־געסען אַן אַלעמען, זאָגאַר אַן זיין פרוי, ווען ער איז געזעסען בעשעפטיגט אויף דעם ריכטער־שטוהל. ער האָט געמורמעלט:

„יאַ, יאַ, איך וועל מיך אומווענדען צו מיינע אָפיציעלע פליכטען אונד וועל פערגעסען אַן אַלעמען.“

ער האָט זיך אויף אַ ווײַלע ווידער געזעהן אין געריכט־הויז, אומרינגט פון זיינע קאָלעגען, אונד בליקענדיג אויף דיא אַנגעקלאַגטע אָבער פּלוצלינג איז זיין בליק געפאַלען אויף זיינע אויסגעמאַגערטע הענד, וועלכע ער האָט געהאַלטען אויף זיין שטוהל, דער שמערץ האָט דורכגעשאָסען אין זיין זייט אונד ער האָט זיך דער־מאָהנט אַן זיין צושטאַנד.

מאַנכע מאָל האָט ער געוואָלט אַבטרייסלען פון זיך דעם שמערץ, גראַדע וויא איין אָקס וויל פון זיך אַרונטער וואַרפען אַ וואָלף וואָס איז אויף איהם אַרויף געשפּרונגען, אָבער ער האָט ניט געקענט.

איוואַן איליטש איז געבליעבען אין דער היים. ער האָט שוין מעהר ניט גע־קענט בעזוכען דאָס געריכט־הויז.

ווען ער האָט זיך ערבליקט אין שפּיעגעל, איז ערשיענען אַ טרויעריגער שמייכעל אויף זיינע ליפּען, וועלכער איז באַלד פערשוואונדען פּלאַטץ צו מאַכען פאַר אַ דערשראָקענער מיענע, אונד ער האָט זיך געפרעגט.

„איז דער טויט שוין דיא איינציגע ווירקליכקייט?“

אין אַ טאָג איז ער אַריין געגאַנגען אין דעם צימער, וואָס ער האָט אַליין אויסגעשטאַטעט; אין דעמזעלבען צימער וואו ער איז געפאַלען אונד זיך אַ קלאַפּ געגעבען.

ער איז געבליעבען שטעהן אונד זיך דערמאָהנט אַן אַלעמען. ער האָט פער־טריעבען דיא טרויעריגע געדאַנקען פון זיך. ער האָט זיך אַוועק געזעטצט, געעפענט

דעם אלבום אונד אָנגעפאנגען איבער צו קוקען דיא פאָטאָגראפען. ער איז שטארק אין כעס געוואָרען אויף זיין טאָכטער, וועלכע האט צערוואָרפען דיא בילדער, אונד ער האט זייא צוזאמען געלעגט.

דאן האט ער זיך געטראכט, אז ער וועט איבערשטעלען דעם טיש נעבען דיא פענסטער צווישען דיא בלומען. ער האט אָנגעקלינגעלט פיר דעם דיענער, אָבער זיין ווייב אונד טאָכטער זיינען גראדע אריין געקומען. אלס ער האט זייא דערצעהלט וואס ער וויל טהון מיט דעם טיש, האבען זייא ניט איינגעשטימט אונד פּראָטעס־טירט דאגעגען. דאס האט איהם אויפגערעגט.

איבריגענס, וואס האט עס איהם געקימערט, זאָלאנג אירגענד עפּעס קען פון איהם פערטרייבען זיינע טרויעריגע געדאנקען?

אלס ער האט אָנגעפאנגען צו ריהרען דאס מעבעל, האט זיין פרוי געזאגט:

„לאָז שטעהן, איך בעט דיך; דיא דיענער קענען עס טהון. זעה, דוא וועסט דיר ווידער וועה טהון."

ער האט געוואלט עפּעס ענטפערן, נאָר עס איז איהם פינסטער געוואָרען אין דיא אויגען. דער שמערץ האט דורכגעשאָסען פון זיין זייט איבער דעם גאנצען קערפּער אונד ער האט פעסט צוזאמענגעדריקט מיט זיינע צייהן, ער זאָל ניט אויס־שרייען. ער האט אָנגעווענדעט אלעס מעגליכע צו פערגעסען, צו פערטרייבען דעם שמערץ מיט זיינע געדאנקען, אָבער ער האט ניט געקענט.

„עס איז א טהאטזאכע," האט ער זיך געטראכט, „אז איך האב געאָפּפערט מיין לעבען אום צו ארראנזשירען א פּאָרהאנג, אונד דאס זעהט מיר אויס גראדע וויא איך וואָלט געפאלען אין שלאכט־פעלד; יענער פאר דער עהרע פון זיין פאָ־טערלאנד אונד איך פאר דעם וואס דער פּאָרהאנג זאָל זיין שעהן. איז דאס מעגליך? וויא נאריש דאס איז, אונד דעננאָך וויא שרעקליך! ניין, ניין, עס איז אונמעגליך! אונמעגליך, אונד עס איז דאָך א פאקט!"

דאן איז ער צוריק אריין אין זיין שטודיר־צימער, זיך אניעדער געלעגט אונד איז געבליעבען אליין מיט זיינע געדאנקען. ער האט אָבער ניט געהאט דעם מוטה, ווייטער צו ארגומענטירען, אונד א קעלט איז געלאָפען איבער זיין גאנצען לייב.

## 8.

עס וואָלט ניט געווען לייכט צו ערקלערען, וויא אזוי דאס אלעס האט געפירט צום דריטען מאָנאט פון איוואן איליטש'עס קראנקהייט. אלעס האט אויסגעזעהן צו קומען לאנגזאם, אָבער רעגעלמעסיג מיט אזא קראפט, דאס קיינער האט עס ניט געקענט צוריק האלטען.

זיין פרוי, זיין זוהן אונד טאָכטער, זיינע פריינדע, דיענער, דער דאָקטאָר אונד זאגאר ער זעלבסט — יעדער האט נאָר געדענקט וויא לאַנג נאָך עס וועט דויערן ביז ער וועט פרייא מאכען דעם פּלאַטץ פאר איין אנדערן אין געריכט־הויז, אונד וויא לאַנג דאס וועט נעהמען ביז ער וועט פערשוואונדען ווערען אונד שוין מעהר ניט פּלאגען, מארטערן אונד אויפרעגען יעדען איינציגען מיט זיין געגענווארט אונד מיט זיינע שמערצען.

ער איז יעדעס מאל אלץ וועניגער געשלאָפען, אונד מען האט איהם בעדארפט איינגעבען אָפּיום, וויא אויך איינשפּריטצען מאָרפיום, אום ער זאל אביסעל רוהען אונד פערלירען וועניגסטענס אויף עטליכע מינוטען דעם שמערץ. וועהרענד דער בעטויבונג פון דיעזע שארפע מעדיצינען, האט ער זיך אין דער ערשטער צייט געפיהלט וויא אויף איין אנדערע וועלט, גליקליך, צופריעדען אונד פרייא פון שמערצען, אבער, וויא דער שטענער איז, האט זיך זיין קערפּער באלד געוואָהנט דערצו, אונד ווען דיא שמערצען זיינען נעקומען, זיינען זייא געווען נאָך שארפער אונד שרעקליכער וויא פריהער.

דער דאָקטאָר האט איהם געהייסען צובערייטען ספּעציעלע שפּייזען, אָבער ניט נאָר וואס ער האט קיין אפּעטיט געהאט צו זייא, זאָנדערן ער האט זייא נאר אין מויל אריין ניט געקענט נעהמען.

דאן האט מען געמוזט מאכען איינריכטונגען פיר זיין ריינליכקייט. דאס האט איהם פּערזאָנליך שרעקליכע ערגערניסע, ניט נאָר דערפאר וואס דיא גאנצע געשיכטע איז זעהר אונאנגענעהם, זאָנדערן ווייל ער האט דערבייא געמוזט זיין אבהענגיג פון אנדערע. אָבער פון דיעזע אלע שלעכטע צושטענדען, איז געקומען א געוויסע בעקוועמליכקייט.

אויף דעם מוזשיק געראססים, איז געפאלען דיא פליכט איהם צו בעדיענען. געראססים איז געווען א יונגער, ריינער, געזונדער יונגער מענש, אימער מיט א גליקליכעס אונד צופריעדענעס געזיכט. בלויז אָנצוקוקען דיעזען יונגען מענשען אין

זיינע ריינע רוסישע קליידער, וועלכער האט געהאט אזא אונאנגענעהמע פליכט זיך צופיהרען, האט שוין פּראָוזאכט איוואן איליטש׳ן ער זאָל זיך שעהמען, אָדער שפירען א שטאַרקעס געפיהל פון שאַנדע.

אין א טאָג, ווערהענד איוואן איליטש האט געקוקט אויף זיינע נאַקעטע אונד אויסגעמאָגערטע גליעדער, פון וואנען דיא מוסקעלען האבען ארויס געשטעקט, איז גערא͏ססים אריין אין צימער מיט לייכטע אָבער פעסטע שריט, אונד זיינע דיקע שטיוועל האבען ארויס געגעבען א סמאָלע גערוך מיט א ווינטער פרישקייט.

ער האט געטראגען א ריינע שירצע מיט א לייווענטען העמד, אונד דיא ארבעל זיינען געווען ארויף געקאַטשעט וויט איבער זיינע גרויסע אונד שטאַרקע ארמס. עס האט אויסגעזעהן, גלייך וויא גערא͏ססים האט ניט געוואָלט ארויס ציינען זיין גע־זונדען גייסט וואס האט געשיינט פון זיינע אונשולדיגע אויגען, דאמיט ער זאָל ניט אויפרעגען דעם קראנקען.

„גערא͏ססים!“ האט איוואן איליטש געזאגט אין א שוואכען טאָן. דער מושיק האט אומגעווענדעט זיין פּרייעס אונד עהרליכעס געזיכט, פריש מיט יונגענד אונד געזונדהייט, ארום וועלבען עס האט נאָר וואס אָנגעפאנגען ארויס צו שפּראָטצען האאר.

„וואס קען איך טהון פאר אייך, מיין העהר?“ האט ער געפרעגט.

„איך דענק וויא אונאנגענעהם דאס אלעס מוז זיין פאר דיר; ענטשולדיג מיר, איך קען דערבייא גאר ניט העלפען.“

„אָה, מיין העהר,“ האט גערא͏ססים געענטפערט ארויס שטעלענדיג זיינע ווייסע צייהן, ווערהענד אויף זיין געזיכט האט זיך אָבגעשפּיעגעלט א שמייכעל. „ווארום זאָלט איהר מיך דען ניט בעמיהען? איהר זייט דאָך קראנק, אונד יעמאנד מוז אייך יעדענפאלס העלפען.“

נאכדעם וויא ער האט אָבגעטהאָן זיין געוועהנליכע ארבייט, איז ער ארויס מיט לייכטע שריט פון דעם צימער. מיט 5 מינוטען שפּעטער, האט ער צוריק געקעהרט אזוי מונטער וויא אימער.

איוואן איליטש איז נאך אימער געזעסען אין זיין לעהנ־שטוהל, וויא דער מושיק האט איהם איבערגעלאָזען.

„גערא͏ססים,“ האט ער געזאגט, „קום אהער, איך בעט דיך, אונד העלף מיר.“

גערא͏ססים איז צוגעגאנגען.

„הויב מיך אויף; איך קען עס ניט אליין, אונד דימיטריץ האב איך אוועק נעשיקט.“

דער מוזשיק האט איהם אננענומען נראדע מיט אזא לייכטען נריף וויא זיין שריט; אונד אהנע צו מאכען דיא מינדעסטע אנשטרענגונג אויף זיין מעכטינען קערפער, אדער אויסצוזעהן עטוואס בעמיהעט, האט ער כמעט נענצליך אויפגעהויבען דעם קראנקען אונד איהם געהאלפען זיך זעטצען אויף דער סאפא.

„איך דאנק דיר,“ האט ער גזאגט. „וויא לייכט דוא האסט דאס גע־מאכט.“

דער מוזשיק האט נאך אמאל געשמייכעלט אונד געוואלט ארויס געהן. איוואן איליטש האט אבער געשפירט גלייך וויא עס איז איהם לייכטער, ווען געראססים איז נעבען איהם. ער האט איהם דערפאר צוריק געהאלטען.

„דא, זעה, איך בעט דיך,“ האט ער געזאגט. „ברענג מיר אהער יענעם שטוהל, ניין, ניט דעם, דעם אנדערן מיין איך; שטעל דאס אונטער מיינע פיס; איך פיהל לייכטער ווען מיינע פיס זיינען אויפגעהויבען.“

געראססים האט צוגעבראכט דעם שטוהל, אוועק געשטעלט לייכט אהנע צו מאכען א רעש, אונד דאן האט ער לאנגזאם ארויף געלעגט איוואן איליטש'עס פיס.

„אך,“ האט איוואן איליטש געזאגט. „איך פיהל עפעס בעסער ווען דיא פיס הייגנען מיר ניט ארונטער. זייא נאך אזוי גוט אונד לעג מיר אונטער דאס קישען.“

געראססים האט געפאלגט. ער האט נאך אמאל אויפגעהויבען זיין הערר'ס פיס אונד אונטערגעלעגט דאס קישען.

איוואן איליטש האט אבער געפיהלט א מערקווירדיגע בעקוועמליכקייט, בשעת דער מוזשיק האט געהאלטען זיינע פיס. ווען ער האט דיא פיס ארונטער געלאזען, האט דער שמערץ צוריק געקעהרט.

„געראססים,“ האט ער געזאגט. „האסטו יעטצט פיעל צו טהון?“

„ניין, איך האב גאר ניט וואס צו טהון.“

„וואס דארפסטו נאך היינט טהון?“

„וואס איך דארף נאך טהון? לאמיך זעהן: אה, איך האב שוין גאר ניט וואס צו טהון, אויסער אנהאקען אביסעל האלץ אויף מארגען.“

„דאן, זייא אזוי גוט, אונד האלט אביסעל מיינע פיס העכער וויא זייא זיינען יעטצט.“

„געווים, נעווים, איך קען עס זעהר לייכט טהון.“

דער מוזשיק האט אויפגעהויבען זיין הערר׳ס פיס העכער, אונד דעם קראנקען האט זיך געדאכט, אז ער פיהלט מעהר קיינע שמערצען.

„אבער וואס וועסטו טהון ווענען דעם האלץ?“ האט ער געפרעגט.

„בעקימערט זיך ניט, מיין הערר. עס איז נאך דא גענוג צייט צו טהאן אזא קלייניגקייט.“

איוואן איליטש האט איהם דאן געהייסען ער זאל זיך אניעדער זעטצען אונד האלטען זיינע פיס.

זייא האבען געשפראכען איבער פערשיעדענעס, אונד, מערקווירדיג איוואן איליטש איז געווען איבערצייגט, אז ער האט וועהרענד דעם גאר קיין שמערצען גע־שפירט.

נאך דיעזער סצענע, פלעגט איוואן איליטש לאזען רופען גראססימען זעהר אפט. ער פלעגט איהם בעטען, ער זאל איהם ערלויבען צו האלטען זיינע פיס אויף זיינע שולטערס, אונד וועהרענד דעם האט ער געהאט גרויסעס פערגניגען מיט איהם צו רעדען.

דער מוזשיק האט זיך געצייגט בערייט אלעס צו טהון פאר זיין הערר, אונד דאבייא האט ער געוויעזען אזוי פיעל גוטסקייט, צערטליכקייט, אויפמערקזאמקייט אונד נאכדענקען, דאס איוואן איליטש איז געווען שטארק גערוהרט דערפון.

דיא געזונדהייט, קראפט אונד פרעהליכער מוטה פון אנדערע, האט דער פאציענט געהאסט. דאגעגען אבער, האט ער הנאה געהאט פון גערססים׳ס קראפט, מונטערקייט אונד געזונדהייט.

אמטייסטען האט איהם געערגערט, וואס במעט אלע זיינע נאהענטע בע־קאנטע, דארונטער נאטירליך זיין ווייב, האבען אלע בעהויפטעט, אז ער איז בלויז קראנק אונד איז ניט אם שטערבען. זייא פלעגען איהם ראטהען ער זאל זיך זעקבסט אויפמונטערן, געדולדיג איבערלעבען א קורצע צייט, נעהמען רעגעלמעסיג דיא מעד־ריצין, אונד דאן וועט ער געזונד ווערען.

ער האט אבער אויך געוואוסט, אז וואס מעהר זיין לעבען וועט געדויערן, וועט ער אלץ מעהר ליידען. אונד דער איינציגער אויסוועג פון זיין קראנקהייט, איז דער טוים.

אלע דיעזע שקרים אונד בעטרינערייען, האבען איהם געקריינקט אונד גע־מארטערט.

„ווארום דארפען זייא מיך נארען?“ פלעגט ער זיך פרעגען. „ווייסען זייא דען ניט, אז איך בין א מבין אויף מיר זעלבסט?“

עס האט איהם אונגעהייער געשמערצט זעהענדיג, וויא יעדער וויל פאר איהם בעהאלטען פאקטען איבער זיין קראנקהייט, וואס אלע האבען געוואוסט אונד ער אליין האט גאנץ גוט בעגריפען. עס האט איהם אויך געמארטערט וויסענדיג, אז ער שפיעלט מיט דיא ראָלע אונד מוז איינשטימען אויף דאס וואס מען זאגט איהם.

עס האט איהם בעטריעבט, זיך זעהענדיג אויף דער שוועל פון קבר, ווען ער איז נאך אימער געצוואונגען צו הערען ליעגען, זאגען ליעגען אונד זעהענדיג דיא גאנצע אומגעבונג מיט פאלשקייטען.

מאנכע מאל האט זיין גאנצער גייסט פראָטעסטירט דאגעגען אונד ער האט געוואָלט אויסשרייען:

„הערט אויף מיט דיא שקרים! איהר ווייסט גאנץ גוט, אז איך האלט ביים שטארבען, אונד איהר ווייסט אויך, אז פאר מיר איז דאס קיין סוד ניט. גענוג ליעגען, גענוג! יעטצט, אזוי נאהענט פון דעם טויט, דארף מען זיין ערנסטער.“

אָבער עס האט איהם געפעהלט דיא ענערגיע דאס ארויס צו זאגען. ער האט גאנץ גוט געזעהן, אז זיין לאנגעס קראנק ליעגען אונד דער ענדליכער טויט, פער-אורזאכט זיין פאמיליע, ניט קיין ערגערניס, זאָנדערן עפעס אונאנגענעהמעס, גראדע וויא יעמאנד וואָלט אריין געבראכט אין א שעהנעם זאלאָן איין אונאנגענעהמען גערוך.

ער האט זיך געזעהן ארום געריינגעלט מיט דיא אלע ליגנערישע אונד פאלשע עטיקעטען, וועלכע ער האט פערגעטערט בשעת ער איז געווען געזונד. ער האט געזעהן, אז קיינער וויל מיט איהם קיין מיטלייד ניט האבען, אונד ניעמאנד וויל זיך אפילו אינטערעסירען צו בעגרייפען זיין עלענדען צושטאנד. געראססים איז געווען דער איינציגער וואס האט איהם פערשטאנען, אונד אויך דער איינציגער וואס האט אויף איהם רחמנות געהאט; אונד דאס איז אויך געווען דיא אורזאכע, ווארום איוואן איליטש האט זיך קיינמאל ניט געפיהלט אזוי געטרייסט, וויא צור צייט וואס געראססים איז מיט איהם געווען.

ער האט זיך געפיהלט גאנץ גליקליך, ווען דער יונגער מוזשיק איז געזעסען נעבען איהם א גאנצע נאכט אונד געהאלטען זיינע פיס. אונד ווען ער האט געזאגט:

„ערגערט זיך נים, איוואן איליטש, איך האב נאך גענוג צייט צו געהען שלאָפען,“ האט דער קראנקער געפיהלט, אז עס לעבט נאך וועניגסטענס איין מענש אין דער וועלט, וואס פיהלט זיין שמערץ.

ער איז געווען פאָלקאָמען גליקליך, ווען דער מוזשיק פלעגט זיך פערגעסען אונד זאגען אין א גאנץ פאמיליארען טאָן: „יא, ווען איהר זאָלט ניט קראנק זיין, וואָלט געווען גאנץ אנדערש. אָבער אַזוי, מוז איך אייך דאָך העלפען.“

גערא‌ססים איז אויך געווען דער איינציגער, וואס האט קיינמאל ניט פּראָבירט צו בעהאלטען דיא וואהרהייט. מען האט גאנץ לייכט געקענט ארויס זעהן, אז דער יונגער מוזשיק האט אלעס פערשטאַנען, אונד ניט איינגעזעהן דיא נויטהווענדיגקייט עפּעס צו בעהאלטען אָדער פערדעקען.

ער פלעגט מעהרערע מאל אויסדריקען זיין אויפריכטיגען מיטלייד צו זיין קראנקען הערר, אונד איינמאל, ווען איוואן איליטש האט איהם געשיקט שלאָפען, האט ער געזאגט:

„מיר וועלען אלע מוזען שטאַרבען, ווארום זאָל איך אלזא פאר אייך ניט יעטצט טהון אלעס מעגליכע?“

ער האט דערמיט געוואָלט בעהויפּטען, אז מען מוז זיך אביסעל מַטְרִיחַ אַנְשׁטרענגען צוליעב א שטערבענדען מענשען, נאכדעם ער אליין, וועט אויך אמאל מוזען שטאַרבען.

צייטענווייז האט אָבער דאס אלעס זעהר שטארק געערגערט דעם קראנקען. ער האט זיך געפרעגט, ווארום ער איז אזוי אונגליקליך, דאס בלויז געראססים האט אויף איהם רחמנות אונד קיין אנדערער נים. אין דיעזער בעציהונג, איז ער געווען וויא א קינד, וואס זוכט צערטליכקייט, אונד ער האט מאנכע מאל געוויינט פאר פערדרוס.

ער האט געוואָלט מען זאָל איהם גלעטען, קושען אונד וויינען איבער איהם. ער האט געוואוסט, אז ער איז איין ערשטע קלאסע ריכטער; ער האט געביינקט נאך זיין אמט, אָבער ער האט זיך ניט געקענט העלפען. ווען געראססים האט איהם געצייגט דיא צערטליכקייט, פלעגט ער מאנכע מאל דענקען:

„מיין גאָט, האב איך דען קיין רעכט צו ערווארטען אויך פון זייא צערטליכקייט? זיא איז דאָך מיין פרוי, אונד זייא, מיינע קינדער, מיין בלוט אונד פלייש, וואו איז זייער צערטליכקייט? אונד דיא גאנצע מחנה פריינדע, וועלכע האבען מיך געקענט אזוי שמייכלען, וואו זיינען זייא? האב איך ווירקליך אזוי שטארק געזינדיגט, אז מען מוז מיך פעראכטען?“

ער האט געוואָלט וויינען, אונד האבען יעמאנדען פאר וועמען ער זאָל זיך קענען אויסדערצעהלען זיין הארץ — נאָר דענקענדיג וויטער, איז ער געבליבען שטיל, רוהיג אונד בעטראכטענדיג דיא וועלט ארום זיך, האט ער געמורמעלט:

„איין עקעלהאפטע, מיאוס׳ע וועלט!"

9.

אין א גאנץ פריה, האט געראססים פערלאָזען דאס צימער, אונד פיאָטער, דער צווייטער דיענער, האט פערטרעטען זיין פלאטץ. דער לעטצטער האט אויסגעלאָשען דיא ליכט, ארויף געצויגען דיא פאָרהעננגע אונד אלעס צוגעראמט אין צימער.

איז דאס געוועזען פריה־מאָרגען אָדער אבענד? איז דאס געוועזען פרייטאג אָדער זונטאג? איוואן איליטש האט זיך געפרעגט דיעזע פראגען, נאָר ענדליך האט ער זיך געטראכט, אז עס בלייבט זיך גלייך, ווייל עס איז קיין חילוק פאר איהם, נאכדעם ער ליידעט אימער. עס איז געוועזען דערזעלבער שיסענדער אונד שטעכענדער שמערץ, נאָר נאך אביסעל העפטיגער; ער האט געשפירט וויא דאס לעבען געהט אויס לאנגזאם וויא א ליכט, אונד דערוויל ליידעט ער דיא שווידערהאפטעסטע שמערצען אונד דערנעהנטערט זיך אלץ מעהר צום טויט — צו דער איינציגער ווירקליכקייט! וואס אלזא האט איהם בעדארפט קימערן מאָרגען, אבענד, פרייטאג, זונטאג — עס איז אימער געוועזען דאסזעלבע.

„ווינשט איהר צו טרינקען אביסעל טהעע?" האט פיאָטער געפרעגט.

„ער וויל נאָר אלעס זאָל זיין סיסטעמאטיש," האט ער זיך געטראכט. „אימער מיט דער עטיקעטע; עס איז וואהרשיינליך פריה־מאָרגען, אונד ער וויל טראקטירען זיין העררען מיט טהעע."

דאן האט ער געענטפערט הויך: „ניין!"

„זאָל איך אייך זעטצען אויף׳ן שטוהל?" האט פיאָטער ווייטער געפרעגט.

„איך פערשטעה," האט איוואן איליטש וויעדער געטראכט. „ער וויל אלעס ריכטיג אויפראמען, אונד דאך, זייענדיג אין בעט, בין איך איהם א שטערונג; יא, איך בין דער שמוטץ אינד אונאָרדנונג זעלבסט!"

ער האט דאן געענטפערט הויך: „ניין, לאָז מיך דאָ זיין."

פיאָטער האט אביסעל געצעגערט. איוואן איליטש האט אָבער אויסגעשטרעקט דיא האנד אונד פיאָטער איז צוגעגאנגען.

„וואס ווינשט מיין הערר?“ האט ער געפרעגט.

„ברענג מיר מיין אוהר.“

פיאָטער האט גענומען דיא אוהר פון דעם טיש אונד דערלאַנגט דעם לײדענדען.

„עס איז שוין האלב 9 אוהר. זיינען זייא שוין אויפגעשטאַנען?“

„ניין. וואסילי איוואנאָוויטש (דער זוהן) איז אוועק אין שולע; אונד פּראסקאָוויא פעאָדאָראָוונא האט מיר געהייסען געהן נאך פרעגען וואס איהר טהוט. ווינשט איהר איך זאָל זיא אויפוועקען!“

„ניין, עס לוינט זיך ניט דיא מיה. זאָל זיא שלאָפען.“

איוואן איליטש האט געזיפצט, אונד דאן, עטוואס נאכדענקענדיג, האט ער געזאגט:

„ברענג מיר א גלאָז טהעע.“

פיאָטער האט נאָר וואס געוואָלט פערלאזען דאס צימער, ווען איוואן איליטש האט מורא געקריגען צו בלייבען אליין. אָבער וויא אזוי זאָל ער איהם צוריק האַלטען נאכדעם וויא ער האט איהם איינמאל געשיקט? איוואן איליטש האט זיך דערמאָהנט אן דער מעדיצין אונד געזאגט:

„פיאָטער, דערלאנג מיר דיא מעדיצין.“

ער האט זיך געטראכט, אז דאס וועט איהם פיעללייכט לייכטער מאכען. ער האט דאן איינגענומען א לעפעל מעדיצין.

„אָבער וואס ניטצט מיר נאך דיא גאנצע צערעמאָניע?“ האט ער זיך פּלוצלינג געפרעגט. „איז עס ניט דום נאך צו האָפען אונד ווארטען? אבער, מיין גאָט, וואס האב איך אזוי געזינדיגט איך זאָל דארפען אזוי ליידען? ווען איך דארף שטארבען, זאָל איך שטארבען, נאָר ווארום מוז איך נאך אזוי פיעל ליידען?“

ער האט אָנגעפאנגען צו קרעכצען אונד פיאָטער איז צו איהם צו־געגאנגען.

„ניין, ניין,“ האט ער געזאגט, „געה אוועק אונד ברענג מיר אביסעל טהעע.“

פיאָטער איז ארויס פון דעם צימער, אונד זאָ שנעל וויא איוואן איליטש איז געבליעבען אליין, האט ער ווידער אמאל אָנגעפאנגען צו קרעכצען אונד זיפצען, ניט אזוי דורך זיין שמערץ וויא פון זיינע גייסטיגע ליידען.

„אזוי מארטערט עס מיך,“ האט ער געמורמעלט. „אָבער ווארום נעהמט עס ניט באלד איין ענדע? באלד? ווען איז מיר, וויא קען מען זיך ענטשליעסען צו

פערבייטען ליכט אויף פינסטערנישׂ, אזא שעהנע וועלט אויף א שוידערהאַפטען קבר? ניין, ניין! אַלעס אין דער וועלט, נאָר ניט דעם טויט!"

ווען פּיאָטער האט אריין געבראַכט דיא טהעע, איז איוואַן איליטש געווען אויסער זיך פאר אויפרעגונג, זאָ דאס ער האט א היבשע צייט געקוקט צו פּיאָטער'ן אָהנע ער זאָל וויסען וואס ער טהוט דאָרט. דער דיענער האט זיך געשפּירט אונרוהיג, אונד דאס האט איוואַן איליטש'ן דערמאָהנט וואו ער איז אין דער וועלט.

„אך, דיא טהעע," האט ער געזאגט. „גוט, גוט. שטעל אוועק, אונד העלף מיר אָנטהון א ריינעס העמד."

דאַן האט ער זיך אָנגעפאַנגען צו וואַשען נאָך שווערער מיה אונד זיך אָנגע־צויגען. צום שלום האט ער זיך אויסגעריבען דיא צייהן, זיך פערקאַמט דיא האאר אונד זיך אָנגעקוקט אין שפּיגעל. ער האט זיך דערשראָקען פאר דיא פייכטע האאר וואס האבען זיך געקלעפּט צו זיין געזיכט וואס איז געווען געל וויא וואקס.

עס האט אויסגעזעהן, אז דער שמערץ האט איהם אויף א ווילע אבגעלאָזען. ער האט גענומען דיא טהעע, אָבער אזוי שנעל וויא ער האט זיך בענעטצט דיא ליפּען, האט ער געשפּירט דעם שלעכטען טעם צוריק קעהרען אין זיין מויל.

ניין! ער האט ניט געקענט האבען קיין רוה אויף א גאנצער מינוט; וויא א שטראהל האָפנונג האט זיך נאָר געוויעזען, איז זאָפאָרט ווידער ערשיענען דער פינסטערער וואָלקען פון פערצווייפלונג, אונד ער האט זיך געשפּירט אונ־גליקליך.

„ווען מען זאָל מיר נאָר א גרויסע פּאָרציע מאָרפיום געבען, עס זאָל מיך בעטויבען אונד איך זאָל אן אַלעמען פערגעסען!" האט ער זיך געטראַכט. „יא, איך וועל בעטען דעם דאָקטאָר ער זאָל דאס מיר געבען. עס איז אונמעגליך איך זאָל קענען אריבער טראגען אזוי פיעל צרות."

צווייא שטונדען זיינען פאַראיבער אין דיעזען צושטאנד, ווען יעמאַנד האט אָנגעקלונגען. עס איז געווען דער דאָקטאָר. ער איז אריין אין צימער פריש, מונטער אונד פרעהליך, מיט א מיענע וואס האט אויסגעדריקט: „דוא מעגסט זיך שרעקען וויפיעל דוא ווילסט, אָבער אין מיינע הענד ליעגט דער שליסעל פון לעבען אונד טויט, אונד איך קען אַלעס ווידער גוט מאַכען."

ער האט זיך געריבען דיא הענד אויף אזא ארט, וויא צו ערמונטערן זיין פּאציענט.

„איך האב אָנגעבראכט א גאנצען דרויסען מיט קעלט,“ האט ער געזאגט. „עס איז א שרעקליכער פראָסט. איך מוז מיך פריהער אביסעל אָנווארעמען.“ ער האט זיך דאן ווייטער געריבען דיא הענד אונד עס האט אויסגעזעהן גלייך ווי ער וויל זאגען: „באלד, באלד וועל איך אלעס ברענגען אין אָרדנונג.“

„אלזאָ, אונד וויא געהט עס אין אלגעמיינעם?“ האט דער דאָקטאָר אונ־טערדעסען געפרעגט.

איוואַן איליטש האט פערשטאנען, אז דער דאָקטאָר וויל וויסען וויא ער האט צוגעבראכט דיא לעטצטע נאכט אונד אויב דיא מעדיצין האט נאך ניט געמאכט דיא געווינשטע ווירקונג. איוואַן איליטש האט אָנגעקוקט דעם דאָקטאָר אונד זיך געטראכט: „ביז וויא לאנג נאך וועסטו זיין אזוי אונפערשעהמט מיך אלץ צו נארען?“

דער דאָקטאָר האט זיך אָבער ניט גענומען דיא מיה צו ערגרינדען וואס זיין פאציענט דענקט, אונד איוואַן איליטש האט בעמערקט:

„איך קען שוין ניט אויסהאלטען דעם שמערץ. קענט איהר מיר ניט פיעל־לייכט עפּעס געבען דערצו?“

„אזוי זייט איהר אלע קראנקע,“ האט דער דאָקטאָר געענטפערט. „אונגע־דולד! נאָר אונגעדולדיג! אָבער, פאר אלעמען, ווינש איך אייך פריהער א גוט מאָרגען, אונד דאן וועלען מיר ווייטער רעדען.“

זייא האבען זיך געריבעט דיא הענד.

דיא פּראָפעסיאָן האט דאן געפאָדערט צו זיין ערנסט. דער דאָקטאָר איז שוין געווען א געניטער מענש אונד ער איז אויך געוואָרען ערנסט. ער האט דאן עקזאמענירט דעם פּאציענט, געטאפּט זיין דופּק, ארונטער גענומען דעם גראד היטץ אונד זיך צוגעהערט מיט זיין אויער צו דער זייט.

איוואַן איליטש איז געווען איבערצייגט, אז דאס אלעס צוזאמען איז נאָר געווען א צערעמאָניע. ער האט אָבער געשוויעגען אונד זיך געלאָזען דער דאָקטאָר זאָל מיט איהם טהון וואס ער וויל. גראדע וויא ער איז איז געוואָהנט געווען אין געריכט־הויז צו לאָזען רעדען איין אדוואָקאט צוויא שטונדען דורכאנאנד, אָבוואָהל ער האט געוואוסט, אז ער וועט זיין בעשלוס אין פּראָצעס שוין ניט מעהר ענדערן. דער דאָקטאָר האט זיך נאך אימער בעשעפטיגט מיט זיינע אינסטרומענטען ארום דעם פּאציענט, ווען עס האט זיך געהערט דאס גערויש פון פּראסקאָוויא פעאָ־דאָראָוונא'ס זיידענעס קלייד פון יענער זייט טהיר, וואו זיא האט אויך אויסגעזידעלט

פאר עפעס פיאַטער'ן אונד איהם דאַן פאַרנעוואָרפען ווארום ער האט איהר ניט באַלד מיטגעטהיילט, אז דער דאָקטאָר איז געקומען.

זיא איז אריין אין צימער, געקושט איהר מאַן, אונד אָנגעפאַנגען צו דער־צעהלען, אז זיא איז שוין וואָך זיית א היבשער צייט, אונד זיא וואָלט שוין לאַנג אריין געקומען, נאָר א מיספערשטענדניס האט זיא צוריק געהאַלטען.

איוואַן איליטש האט אויפמערקזאם בעטראַכט זיין פרוי; אין זיין הערץ האט ער איהר ניט פערגונען איהר קלאָרעס געזיכט, ווייסע הענד, דיקען האַלז, גלענצענדע האאר אונד לעבהאַפטע אויגען. ער האט זיא געהאַסט פון זיין טיעפער זעעלע, אונד יעדע בעריהרונג מיט איהר, האט איהם געעקעלט.

פּראַסקאָוויא פעאָדאָראָווגאַ'ס מיינונג איבער איהר מאַן'ס קראַנקהייט אונד איהר בענעהמונגען געגען איהם, האט זיך נאָך אימער ניט געוועקסעלט. גראַדע וויא דער דאָקטאָר האט געהאַט איין מיינונג וויא צו בעהאַנדלען זיינע פּאַציענטען אונד וויא זיך צו בענעהמען געגען זייא מיט איין ערנסט, אָבוואָהל ער האט דאס ניט געפיהלט. אזוי איז אויך געוועזען מיט איוואַן איליטש'עס ווייב געגען איהר מאַן.

זיא איז געוועזען איבערצייגט, אז איוואַן איליטש איז נאָר קראַנק דערפאַר, וויל ער וויל קראַנק זיין, אָדער ער האט געוואָלט קראַנק זיין, אונד יעטצט איז שוין צו שפּעט זיך צו העלפען. זיא פלעגט איהם אימער דערפאַר מאַכען לייכטע פאָרווירפע.

„זעהט איהר, דאָקטאָר," האט זיא געזאגט, „דאס אַלעס וואס איהר בע־מיהט זיך פאַר איהם האט קיין ווערטה. ער בעקימערט זיך אום גאר ניט אונד נעהמט אפילו ניט דיא מעדיצינען וויא מען הייסט איהם. איבערהויפּט האט ער זיך לעטצטענס געמאַכט א מאָדע, אז ער וויל מען זאָל האַלטען זיינע פיס אין דער לופט. וויא געפעלט דאס אייך?"

דאַן האט זיא דערצעהלט וואס ער הייסט געראַסימען טהון.

דער דאָקטאָר האט געגעבען א לייכטען אונד פעראַכטענדען שמייכעל, גלייך וויא ער וויל זאגען: „וואס קען מען טהון? דיא קראַנקע האבען אימער משוגעתן, אונד מען דאַרף זייא נאַכגעבען."

וויא דער דאָקטאָר איז פערטיג געוואָרען מיט זיין עקזאַמינאַציאָן, האט ער געקוקט אויף זיין זייגער. דאַן האט פּראַסקאָוויא פעאָדאָראָוונאַ ערקלערט פאַר איהר מאַן, דאס אויב ער שטימט יא איין אָדער ניט, ווערט זיא שיקען נאָך אין

דעמזעלבען טאָג רופען דעם בעריהמטען פּראָפעסאָר, אז ער זאָל איהם עקזאַמע-נירען צוזאַמען מיט מיכאיל דאַנילאָוויטש (דער פאַמיליען־ארצט.)

„איך בעט דיך, ענטזאָג דאס מיר ניט. טהו עס מיר צוליעב." זיא האט געזאָגט דיעזע ווערטער מיט א טאָן אויסצודריקען, אז עס וועט שוין אַלעס ווערטה זיין, ווען זיא וועניגסטענס וועט זיך בערוהיגען.

ער האט געשוויעגען אונד געביסען דיא ליפּען. ער האט שנעל איבערגע־דענקט וואס פאר איין אינטערעסע זיא האט אין איהם, אונד ער איז געקומען צום בעשלוס, אז זיא וויל ער זאָל לעבען, אָבער ניט דערפאר ווייל זיא איז איהם א פריינד, זאָנדערן ווייל זיא ווייס, אז זיין שטארבען קען איהר שאדען.

אונגעפעהר אום 12 אוהר, איז ערשיענען דער בעריהמטער פּראָפעסאָר. מען האט זיך ווידער אמאל שטארק בעשעפטיגט מיט דיא אינסטרומענטען אונד איין ערנסטע בעראטהונג האט געפאָלגט; טהיילוויז אין איוואן איליטש'עס גע-גענווארט אונד טהיילוויז אין צווייטען צימער. דיא מילץ, לעבער, נירען אונד אנדערע אָרגאנען זיינען בעשפּראָכען געוואָרען מיט א צוזאַמענמישונג פון פרעמדע ווערטער, איבער וועלכע איוואן איליטש איז געווען אין צווייפעל אויב זייא געפינען זיך נאר אין אירגענד וועלכען ווערטערבוך. דאס געשפּרעך איז אזוי וויט גע-גאנגען, דאס דיא וויכטיגסטע פראגע, פון לעבען אונד טויט, וואס האט דעם פּאַציענט אמזייסטען אינטערעסירט, איז גאר פערגעסען געוואָרען. דער רעזולטאט איז ענדליך געווען אימער דער אַלטער, אז דיא מילץ איז אוועק פון איהר פּלאַטץ אונד זיא דארף געבראכט ווערען אין אָרדנונג.

דאס האט שוין איוואן איליטש פון לאנג געוואוסט, אָבער ער האט פער-שטאנען, אז דיא ערצטע וויסען גראדע אזוי ניט וויא מען קען צוריק צו שטעפּען א מילץ, וויא ער אליין בעגרייפט עס ניט. דער בעריהמטער פּראָפעסאָר האט גע-נומען אבשיעד מיט איין ערנסטע מיענע אָבער פול האָפנונג. אלס ענטפער אויף איוואן איליטש'עס געוואגטער פראגע, אויב עס גיבט נאך עפּעס האָפנונג, האט ער געזאגט, אז פּאָרלויפיג קען ער נאך פּאָזיטיוו קיין זאך בעשטימען, אָבער א גע-לעגענהייט געזונד צו ווערען, איז געוויס פערהאַנדען. אין איוואן איליטש'עס אויגען האט זיך אָבגעשפּיעגעלט אזא מיטליידיגער האָפנונגס־בליק, אז זאָגאר פּראסקאָוויא האט אָנגעפאנגען צו וויינען, ווערענד זיא האט פערלאָזען דאס צימער צו געבען דעם בעריהמטען פּראָפעסאָר דעם פּדיון פאר זיין בעזוך.

מיט איינינע מינוטען שפּעטער האט דיא מרה שחורה אונד פערצווייפלונג, ווידער צוריק געקעהרט צו איוואן איליטש, אונד דערמיט אויך דער שרעקליכער

שמערץ. ער האט ענדליך געפועלט מען זאָל איהם אריין שפּריצען א היבשע פּאָרציע פּאָרפיום, וועלכעס האט איהם בעטויבט.

ווען ער האט זיך דערמינטערט, האט עס שוין אָנגעפאנגען דונקעל צו ווערען אונד מען האט איהם אריין געבראכט זיין מיטאג. ער האט בלויז געקענט פערזוכען א פּאאר לעפעל זופּ, אונד דאן האט אָנגעפאנגען א פרישע נאכט.

אום 7 אוהר איז ערשיענען פּראסקאָוויא פעאָדאָראָוונא אָנגעצויגען אין איהר אבענד קלייד, איהר בוזים שטארק ארויס געדריקט איהר טאליע פעסט איינגע־צויגען אונד איהר געזיכט אָנגעפּודערט.

זיא האט מיטגעטהיילט איהר מאַן נאך אין דער פריה, אז זיא געהט אבענד אין טהעאטער, וואו סארא בערנהארד שפּיעלט בייא איהר דורכרייזע. נאך מעהר, ער אליין, האט זיא נאך געהייסען נעהמען א גאנצע לאָזשע. ער האט אָבער אן דעם אלעמען פערגעסען, אונד איהר אויסגעפּוטצטער קערפּער האט איהם איבער־ראשט. דעננאך האט ער קיין בעמערקונג געמאכט, אונד דאן האט ער זיך אויך דערמאָהנט, אז ער אליין האט איהר געהייסען געהן, ווייל דאס וועט זיין א שעהנער אונד בעלעהרענדער אונטערהאלט פאר דיא קינדער.

פּראסקאָוויא פעאָדאָראָוונא, וועלכע האט זיך אביסעל פריהער געשפּירט פּאָלקאָמען צופריעדען, האט פּלוצלינג געפיהלט אין דער גענענווארט פון איהר קראנקען מאַן, וויא א פערברעכער. זיא האט זיך אוועק געזעטצט נעבען איהם אונד געפרעגט נאך זיין געזונדהייט. אָבער איוואן איליטש האט פערשטאנען, אז איהר פראגע איז נאָר געווען דערפאר, אום עפּעס צו רעדען, זאָנסט האט זיא זיך ניט בעקימערט. איבריגענס, וואס האט ער איהר געקענט זאגען, ווען דער בע־ריהמטער פּראָפעסאָר ווייס אויך ניט פּ׳על? דאן האט זיא בעמערקט, אז קיין זאך אין דער וועלט וואָלט זיא בעוואויגען צו געהן אין טהעאטער, ווען זיא וואָלט ניט שוין גענומען א לאָזשע, אונד דאן איז עס אונמעגליך פאר איהר, אלס מוטער, צו לאָזען איהר טאָכטער אליין געהן מיט פערעטשעוו׳ן, איהר קינפטיגער חתן. זיא ווידער, האט פּראסקאָוויא ווייטער ערקלערט, וואָלט זיך פיעל רוהיגער געפיהלט צו קענען זיטצען נעבען איהר מאַן. זיא האט איהם אונטערדעסען געבעטען, ער זאָל פּינקטליך בעפאָלגען דיא אויפטרעגע פון דעם ארצט, ווייל דאס איז איהם לטובה.

„אך! פעטריטשעוו האט געוואָלט אריין געהן מיט מיר,“ האט זיא געזאגט „מעג ער אריין קומען מיט ליזאנקא׳ן?“

דיא פאטערליכע געפיהלע האבען ערוואכט אונד זיין הערץ האט גוט גע־פיהלט. ער האט געענטפערט:

„יא, יא, היים זייא אריין קומען."

זיין טאָכטער איז ערשיענען, אָנגעצויגען אין איין אבענד־קלייד; אָבער איהרע נאַקעטע הענד אונד שטארק אויסגעשניטענע ברוסט, האט איהם שרעקליך געערגערט. זיא וויעדער, ליזאנקא, זיין טאָכטער, איז געוועזען הויך, זעהר שעהן, געזונד אונד שטארק בעשעפטיגט מיט דער אידעע פון איהר קומענדער פערלאָבונג, אָבער אויך אונגעהייער געערגערט איבער איהר פאטער׳ס קראַנקהייט, ליידען אונד קומענדער טויט, וואס שטערט איהר פערגניגען.

פעטרישטשעוו איז געוועזען אָנגעצויגען אין א שווארצען אנצוג, זיינע האאר פריזירט, זיין האלז ארום געוויקעלט מיט א שנעע־ווייסען קראַגען אונד זיין ברוסט פרייא פון דעם שווארצען ראָק אונד בעדעקט מיט דעם קלארען העמד, וועלכעס האט נעבען האלז געטראגען א ווייס־זיידענעם באַנד. אין זיין האנד, האט ער גע־האלטען דעם אָפּערא הוט. הינטער זייא איז געגאַנגען דער יונגער סטודענט, אָנגעצויגען אין א נייער אוניפאָרמע אונד געטראגען האנדשוה. דער אינגעל האט געהאט בלויע קארבען אונטער זיינע אויגען, אונד איוואן איליטש האט פערשטאַנען דיא בעדייטונג דערפון. ער האט געוואוסט, אז נאך געראססימען, האט איזם דיזעס קינד פערשטאַנען אונד מיט איהם געהאט מיטלייד.

זייא האבען זיך אלע אוועק געזעצט. פריהער זיינען געקומען דיא געוועהנ־ליכע פראגען איבער דער געזונדהייט. דאן איז שטיל געווארען, אונד ליזאנקא האט געפרעגט איהר מוטער, וואו עס געפינט זיך דער אָפּערא־שפּאַקטיוו. עס איז ענט־שטאַנדען דערפון א צאַנקערייא, מוטער אונד טאָכטער האבען איינע בעשולדיגט דיא צווייטע, אז זייא האבען ערגעץ אוועק געלעגט דעם אָפּערא־שפּאַקטיוו אונד זייא נעדענקען ניט וואו. עס איז ווירקליך געוועזען איין אונפּאסענדע צייט אונד נאך איין אונפּאסענדער פּלאַטץ פיר אזא שטרייט.

פעטרישטשעוו האט אונטערדעסען געפרעגט איוואן איליטש אויב ער האט שוין געזעהן סארא בערנהארד. אנפאנגס האט דער קראנקער גאר ניט אויסגעזעהן צו פערשטעהן דיא פראגע, נאָר ענדליך האט ער געענטפערט: „ניין! האט איהר זיא שוין געזעהן?"

„יא, איך האב זיא געזעהן שפּיעלען אדריאן לעקאָוורער."

פּראסקאָוויא האט בעהויפּטעט, אז סארא בערנהארד איז געוועזען געטליך אין א געוויסער פיעסע אונד ליזאנקא האט מיט איהר ניט איינגעשטימט. דאן האט

אַנגעפאַנגען א געשפּרעך איבער דאס שעהנע אונד נאַטירליכע שפּיעלען פון דער קינסטלערין, וועלכעס איז דאס אַלטעגליכע געשפּרעך, אונפערענדערט, איבער סאַרא בערנאַהרד.

וועהרענד דעם, האט פּעטרישעוו א בליק געטהאָן אויף איוואן איליטש אונד איז געבליעבען שטיל. דיא אַנדערע האבען אויך דאסזעלבע געטהאָן. איוואן איליטש'עס אויגען האבען אויסגעזעהן וויא פערלאָפען מיט בלוט אונד ווילד; ער איז געווען זעהר אויפגערעגט. זייא האבען זיך געוואָלט ענטשולדיגען פאר זייער שלעכטער בענעהמונג אין זיין נעגענווארט, אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט.

אָבוואָהל עס איז נעטהיג געווען צו אונטערברעכען דיא אונאַנגענעהמע שטילקייט, האט עס אָבער דאָך קיינער ניט געוואגט צו טהון. עס האט אָבער ניט פיעל געדויערט, אגנד ליזאַנקא'ס אונגעדולד האט שרעקליך געשטיעגען. אָהנע זיך צו בעקימערן אום איהר אייגענער עקעלהאפטער בענעהמונג אונד אום איהר ליידענדען פאטער, האט זיא פּלוצלינג געזאגט.

„ווען מיר האבען צו געהן, דאן זאָלען מיר געהן!" דערבייא האט זיא ארויס גענומען איהר אוהר צו זעהן וויא שפּעט עס איז. מיט א בליק פון איהרע פונקלענדע אויגען אונד א שמייכעל אויף איהרע ליפּען, האט זיא אנגעצייגט פּעטרישעוו'ן, אז ער זאָל זיך אויפהויבען. זיא האט זיך אונטערדעסען אויך שנעל אויפגעהויבען אונד איהר קלייד האט גערוישט.

אַלע אנדערע זיינען אויפגעשטאַנען, געוואונשען א שנעלען „אדיע" אונד פערלאָזען דאס צימער.

איוואן איליטש האט זיך געפיהלט אביסעל בעסער ווען זייא זיינען אוועק, דעננאך איז דער שמערץ אין דער זייט צוריק געבליעבען; דערזעלבער שמערץ אונד דיעזעלבע שרעק; קיין זאך האט דאס שוין געקענט צוריק האלטען, אונד ער האט זיך געמערקט, אז דיא קראנקהייט האלט אין שטייגען.

דאן זיינען פּאַראיבער נאך שטונדען מיט אונ־אונטערבראָכענעם שמערץ אונד דיא שרעק פאר'ן טויט האט אַלץ מעהר געוואקסען.

„שיק מיר אהער געראססימען," האט ער געזאגט צו פּיאָטער'ן.

———

10.

ווען עס איז געוואָרען שפּעט אין דער נאַכט, איז זיין ווייב ערשיענען אויף דיא שפּיטץ פינגער. ער האט אַלעס געהערט. ער האט געעפענט זיינע אויגען אונד וויא אויך באַלד פערמאַכט. זיא האט געוואָלט אוועק שיקען גראַססימען אונד זיך אוועק זעטצען אויף זיין פּלאַטץ.

איוואַן איליטש האט נאָך אמאל געעפענט זיינע אויגען אונד געמור־מעלט:

„ניין. דוא קענסט געהן שלאָפען."

„האסטו גרויסע שמערצען?"

„וואס מיינסטו דערמיט?"

„דוא זאָלסט נעהמען אביסעל אָפּיום."

דערצו האט ער איינגעשטימט אונד גענומען אביסעל אָפּיום. דאַן איז זיא ארויס פון דעם צימער.

ער איז פערבליעבען אין א האַלב אונבעוואוסטען צושטאַנד ביז 3 אוהר פאר־טאָג. עס האט זיך איהם געחלום'ט, דאס יעמאַנד שטופּט איהם מיט געוואָלט אין א טיעפען, פינסטערן, ענגען זאַק, אונד אַבוואָהל מען האט איהם שטארק גע־דריקט, האט ער דאָך ניט געקענט אריין. יעדער דריק האט איהם שרעקליך וועה געטהאָן. ער האט זיך דערשראָקען, געוואָלט קעמפּפען דאַגעגען, אָבער ער האט ניט געקענט. דאַן האט זיך איהם געדאכט, אז ער האט זיך אויסגעריסען אונד איז ארונטער געפאַלען. זיין בעוואוסטזיין האט צוריק געקעהרט. גראַססים איז נאָך אימער געשטאַנען נעבען זיינע פיס, שלעפעריג, אָבער רוהיג אונד גע־דולדיג.

איוואַן איליטש איז געבליעבען ליעגען מיט זיינע אויסגעמאָגערטע פיס אויף דעם מושיק'ס שולטערן. דאסזעלבע ליכט מיט דעמזעלבען שאטען האבען זיך געזעהן, אונד דער שמערץ האט ניט אויפגעהערט.

„קענסט געהן רוהען, גראַססים," האט איוואַן איליטש געזאגט.

„עס שאדעט ניט, איך קען בלייבען."

„ניין; פערלאָז מיך."

ער האט ארונטער גענומען זיינע פיס, זיך אומגעקעהרט אויף א זייט ליגענדיג אויף זיין האַנד אונד ער האט זיך זעלבסט בעמיטליידעט.

אלס געראַסים איז ארויס פון צימער, האט ער אָנגעפאנגען צו וויינען וויא א קינד. ער האט געקלאגט איבער זיין טרויעריגען צושטאנד, אויף זיין שרעקליכער איינזאמקייט אונד געגען גאָט.

„אָה, גאָט! ווארום מארטערסט דוא מיך אזוי?"

ער האט קיין ענטפער ערווארטעט, ווייל ער האט געוואוסט אז ער וועט ניט קריעגען. דער שמערץ איז געוואָרען ערנסטער, נאָר ער האט קיינעם ניט גערופען. דאַן האט ער געמורמעלט צו זיך זעלבסט:

„וואס האב איך געזינדיגט? ווארום מוז איך אזוי פיעל ליידען?"

ער איז דאַן שטיל געווארען, אונד עס האט זיך איהם געדאכט, אז יעמאנד פרעגט איהם:

„וואס דען ווילסטו?"

„וואס איך וויל? מיין גאָט! איך וויל מעהר ניט ליידען אונד לעבען!"

ער האט וויעדער געדענקט: „לעבען? וויא זאָל איך לעבען? יא, אזוי לעבען וויא איך האב געלעבט: געניסען גליק אונד הנאה האבען פון דער וועלט."

דאַן האט זיך איהם וויעדער געדאכט, אז יעמאנד פרעגט איהם:

„האסטו דען ביז יעטצט געלעבט? האסטו ווירקליך גענאָסען גליק אונד הנאה געהאט פון דער וועלט?"

דיא פראגע האט איהם שטארק פעראינטערעסירט, אונד וויא פערגעסענדיג אן דעם שמערץ, האט ער אָנגעפאנגען נאך אמאל איבערצוקוקען זיין לעבען, אנאַליזירען זיינע זאָגענאנטע גליקליכע מאָמענטען, אונד עפּעס נייע געפיהלט, נייע געדאנקען, זיינען ענטדעקט געווארען. ער האט געשווידערט.

זיין פערגאנגענהייט איז ערשיענען וויא א פאָטאָגראפיטעס ביקד פאר איהם, וואו ער האט געזעהן פאלשע בילדונג אין שולע, פאלשע ליעבע אלס יונגער מאַן, פאלשע אנזיכטען אין דער הייראטה, אונד — אלעס האט איהם אויסגעזעהן וויא א שווידערהאפטער אונד שרעקליכער חלום!

„איז דאס לעבען ווירקליך אזוי ווערטהלאָז?" האט ער זיך געפרעגט. „אָדער איז נאָר מיין לעבען אזוי געווען? ווארום האב איך ניט אלעס פריהער ארויס געזעהן? איז דאס מעגליך, אז איך האב ניט אָבגעפיהרט מיין וועלט וויא עס בעדארף צו זיין? וואס האב איך דען געקענט אנדערש טהון? האב איך ניט אָבגעהיט מיינע פליכטען? האט ניט יעדער מיך געהאלטען פאר א פיינעם מענשען? אונד דאָך זעהט מיר אלעס אויס אזוי געמיין אונד ניעדריג!"

פלוצלינג האט דיא נעהיימניספאָלע שטימע ווידער געפרעגט:

„לעבען! ווילסט לעבען? ווילסטו ווידער זיטצען אויף דיין ריכטער־שטוהל אונד הערען דעם געריכטס־דיענער אויסשרייען: דער פּראָצעס פאַנגט אָן?"

„דער פּראָצעס פאַנגט אָן!" האט איוואַן איליטש געדענקט. „יא, ער פאַנגט אָן, אונד איך בין יעטצט דער אנגעקלאַגטער, ניט דער ריכטער. אָבער איך בין ניט שולדיג! ניין! ניין! איך בין אונשולדיג! ווארום זאָל איך זיין שולדיג? וואס האב איך געטהאָן?"

ער האט זיך אומגעווענדעט, דיא טרערען האבען זיך אויסגעטריקענט, אונד ער האט זיך געפרעגט:

„פון וואַנען קומען אלע דיעזע שרעקליכע געדאַנקען, פון וואַנען?"

## 11.

נאך אנדערע 14 טעג זיינען פאַראיבער. איוואַן איליטש האט ניט פערלאָזען דיא סאָפא אונד ניט געוואָלט זיך לעגען אין בעט. מיט זיין געזיכט אומגעווענדעט בעשטענדיג צו דער וואַנט, האט ער אויפגעהערט צו שטודירען זיין צושטאַנד אונד איבערדענקען זיין פערגאַנגענהייט.

„וואס איז דאס?" האט ער זיך געפרעגט. „איז עס ווירקליך דער טויט?"

„דיא נעהיימניספאָלע שטימע האט ווידער געענטפערט:

„יא, יא, דאס איז דער טויט!"

„אָבער ווארום דאַרף איך אזוי פיעל ליידען?"

„עס גיבט קיין גוטע אורזאַכע דאַפיר. ווייל — "

קיין אַנדערער ענטפער איז ניט געקומען.

זייט איוואַן איליטש איז קראַנק געווארען אונד צום ערשטען מאל בעזוכט דעם דאָקטאָר, האט ער געלעבט צווישען פערצווייפלונג אונד האָפנונג; מאַנכעס מאל האט ער געזעהן פאר זיך א שוידערהאַפטע צוקונפט, פינסטערניש אונד טויט; אונד דאַן, ווידער האָפענדיג, האט ער אָנגעפאַנגען צו שטודירען זיין קערפער אונד דיא אָרגאַנען.

מאַנכעס מאל האט ער זיך פאָרגעשטעלט, אַז דיא מילץ איז אָבגעטהיילט אביסעל פון איהר געהעריגען פּלאַטץ אונד דיא אַנדערע אָרגאַנען האבען אָנגע־פאַנגען צו ארבייטען פיר דער מילץ, אונד דאַן איז פאר איהם ווידער

ערשיענען דיא שרעק פון דעם געהיימניספאָלען טויט, פון א קבר, מאַרטערניס, אונד...

דיעזער ארט געדאַנקען, האבען אנפאַנגס אבוועקסלענד בעשעפטיגט זיין געהירן. אָבער נאכדעם וויא זיין קראנקהייט האט פאָרגעשריטען, האט דער טויט, דיא אידעע פון אויפהערען צו לעבען, פערטרעטען א גרעסערן פלאַטץ אין זיינע געדאַנקען. דיא שפורען פון האָפנונג האבען אָנגעפאַנגען אלץ מעהר אונד מעהר פערווישט צו ווערען, אונד ער האט זיך אלץ נעזעהן נעהנטער צו דער ווירקליכקייט, צו דער איינציגער ווירקליכקייט — טויט!

וועהרענד דער לעטצטער צייט פון זיין קראנקהייט, האט איוואן איליטש געלעבט אין דער גרעסטער איינזאמקייט. מיט זיין געזיכט צו דער וואנט, האט ער פערגעסען אן זיין פאמיליע, פריינדע אונד דיא גאנצע עקזיסטירענדע וועלט. ער האט נאָר פאר זיך געזעהן דיא פערגאַנגענהייט, וועלכע איז איהם ערשיענען וויא א גרויסעס, לעערעס אונד וויסטעס פעלד, וואו ער האט שפּאַצירט, אונד ער האט זיך געפרעגט, אויב אויף אזא וועלט הייסט לעבען — געלעבט.

וויא דיא שטראַהלען אונד שאטענס פון א בעוועגענדען שפּיעגעל זיינען פאר איהם ערשיענען דיא בילדער פון זיין פערגאַנגענהייט: אָט האט ער זיך געזעהן אלס קינד, באלד ווידער אלס פאטער, אלס סטודענט, אלס ריכטער, אלס קינדער-קאַמעראַד אונד אלס מאַן פון געזעלשאַפט. ער האט מייסטענטהיילס ביטער געשמייכעלט אויף דיעזער פערגאַנגענהייט.

אין א טאג האט מען איהם געבראכט געטראָכטע פלוימען צום עסען. ער האט זייא אָנגעקוקט אונד זיך דערמאָהנט אן דיא פלוימען, וועלכע ער האט זעהר געליעבט אלס קינד. עס האט זיך איהם געדאכט, אז דער שלעכטער טעם פון זיין מויל איז פערשוואונדען אונד דער קינדישער אפּעטיט איז ערשיענען, ווען ער, צו־זאמען מיט זיינע חברים, ברידער אונד שוועסטער, האבען געקלעטערט אויף דיא בוימער, אונד —

„ניין, ניין!" האט ער געמורמעלט, „איך טאָר נים דענקען דאריבער, וואיל דאס איז געווען דיא איינציגע גליקליכע צייט אין מיין לעבען, אונד איין ערינערונג אן דעם, שמערצט מיך צופיעל."

זיינע געדאַנקען האבען זיך אומגעוועגדעט צו דער געגענוואַרט. דער גרויסער קנאָפּ אויף דער לעדערנער סאָפא, אויף וועלכער ער איז געלעגען, האט איהם פּעראינטערעסירט. ער האט זיך דערמאָהנט, אז דיא לעדער האט געקאָסט א סך

געלד אונד דאָך האט זיא זיך ניט גוט געטראגען. ער האט זיך עראינערט, דאס ער האט שוין אמאל געהאט א געשפרעך איבער לעדער — אה! ווען ער איז נאָך געוועזען א קינד; ווען ער האט צוריסען זיין פאטער'ס לעדערנעם טאשענבוך אונד מען האט איהם דערפאר געשלאגען. דאן האט איהם זיין מאמא געגעבען צוקער־געבעק ער זאָל אויפהערען צו וויינען.

ווידער אלס קינד! וואוהין ער האט זיך געווענדעט, איז דיא קינדהייט פאר איהם דייטליכער ערשיענען.

„עס איז וואהרשיינליך דיא איינציגע ווירקליכקייט בייא מיר," האט ער זיך געטראכט, „אויסער דער אידעע פון דעם טויט. דער מיטעלער טהייל אין מיין לעבען, צווישען דיא קינדהייט אונד דער טויט, האט גאר ניט ווערטה געהאט אונד דערפאר זעהט עס מיר נאָר אויס וויא א פוסטער חלום."

ער האט אלעס מעגליכע אָנגעווענדעט צו דענקען איבער עפּעס אנדערש וויא דיא קינדהייט אונד דער טויט, אָבער ער האט ניט געקענט אָבטרייבען דיעזע געדאנקען.

דאן האט ער אָנגעפאנגען צו דענקען איבער זיין קראנקהייט אונד פערגלייכען מיט צייטען, ווען ער האט ניט געליטען.

„ניט געליטען?" האט ער זיך געפרעגט. „איך האב אימער געליטען, נאָר איך בין געוועזען בעטויבט אונד ניט געפיהלט. דיא איינציגע צייט פון גליק, איז געוועזען דיא קינד..."

ער האט ניט געוואָגט אויסדענקען דאס גאנצע וואָרט „קינדהייט."

דאן איז געקומען דיא אידעע פון דעם טויט.

„עס איז געוועזען א צייט," האט ער זיך געטראכט, „אין אנפאנג, דאס איך זאָל מיך רעטען. דאמאלס איז נאָך געוועזען א שטראהל פון האָפנונג איך זאָל לעבען, נאָר יעטצט איז אלעס פערשוואונדען. עס ווערט יעדעס מאל דונקלער, פינסטערער, אונד באלד וועט אלעס זיין פינסטער אויף אימער אונד אייביג. דאס איז דער טויט!"

עס האט זיך איהם געדאכט, אז ער זיטצט אויף דיא פליגלען פון דער צייט, אונד ער פליהט, שוועבט אונד יאָגט אהין וואו מען פאלט ארונטער אלץ טיעפער אונד טיעפער, אין אָבגרונד, וואו עס ווערט שטיל און ניעמאלס מעהר אויפצו־וואכען.

ער האט אויפגעציטערט אונד געשווידערט. עס האט איהם אויסגעזעהן, אז

ער וויל קעמפּפען דאגעגען, אָבער ער האט זיך באלד דערמאָהנט, אז דיא מיה איז אומזאָנסט אונד ער מוז זיך אונטערגעבען.

ער האט געבליקט מיט זיינע אויגען אויף איין פלאטץ, אונד עס האט זיך איהם געדאכט, אז ער זעהט ערשיינען א סקעלעט, פון זיין טויל האבען זיך ארויס געזעהן דיא ברייטע אונד נאקעטע צייהן, אונד א שטימע האט וויא געמורמעלט: „דאס איז דער טויט!"

איוואן איליטש איז געבליעבען ליגען גאנץ הילפלאָז אויף איינינע אויגענ־בליקען, נאָר דער שרעקליכער שמערץ האט איהם צו זיין בעזינונג געבראכט.

„יא," האט ער זיך געטראכט, „איך האב אָבגעלעבט א וועלט ניט וויא מען בעדארף. אָבער וויא האב איך געקענט אנדערש טהון? דאס אלעס איז אונ־פערשטענדליך. דאס גאנצע לעבען איז א געהיימניס. אָבער ווארום גראדע מוז איך ליידען? אך, דיעזע מארטערניסע, זיינען אונערטרעגליך!"

## 12.

נאך פערצעהן טעג זיינען פאַראיבער אין דיעזען טרויערינגען צושטאנד. וועהרענד דיעזער צייט, איז דיא האָפנונג פון איוואן איליטש אונד זיין ווייב ערפילט געוואָרען.

אין איין אבענד האט פעטרישטשעוו פערלאנגט ליזאנקא'ס האנד אום מיט איהר צו הייראטהען. אויף'ן צווייטען מאָרגען, איז פראסקאָוויא פעאָדאָראָוונא אריין אין איהר מאַן'ס צימער, פריהער נאכדענקענדיג אין וואס פאר איין ארט זיא זאָל איהם אנזאגען דיא בשורה. פראסקאָוויא פעאָדאָראָוונא האט געוואוסט, אז לעטצטע נאכט, פיעללייכט ווען איהר טאָכטער'ס הערץ האט געטאנצט מיט דער פרייד פון ליעבע, האט זיך איהר מאַן'ס צושטאנד שטארק געערגערט. ווען זיא איז יעטצט אריין אין זיין צימער, האט זיא איהם געטראָפען גאנץ אנדערש ליעגענדיג וויא עס איז איהר בעקאנט געוועזען פון פריהער. דער אונגליקליכער איז געלעגען אויף זיין רוקען, קרעכצענדיג וויא א ניט־דערקוילעטער אָקס אונד זיינע אויגען האבען געבליקט אין איין ריכטונג, אָהנע זיך צו בעוועגען.

ווען זיא האט אָנגעפאנגען צו רעדען פון נייע רפואות, האט ער פלוצלינג אָבגעווענדעט זיינע אויגען צו איהר אונד זיא האט דאָרט געלעזען אזוי פיעל האס אונד פעראכטונג, דאס זיא האט ניט נאָר געשוויעגען, זאָנדערן זיא האט אויך גע־שוידערט.

„אום גאָטעס ווילען!“ האט ער אויסגעהויכט מיט א הערצרייסענדער שטימע. „לאָמיך שטארבען צופריעדען! שניידט ניט פון מיר קיין שטיקער נאָך יעטצט!“

זיא האט זיך דערמאָהנט, אַז זיא איז איהם געקומען אנזאגען דיא בשורה פון זיין טאָכטער'ס פערלאָבונג, אָבער זיינע ווערטער האבען זיא אזוי אויפגערעגט, דאס ווען זיא וואָלט אפילו געוואוסט, אַז ער וועט שטארבען אונד ניט הערען פון זיין טאָכטער'ס גליק, וואָלט זיא אויך מעהר ניט דאָרט געבליבען.

פראסקאָוויא פעאָדאָראָוונא האט אויך געהאסט איהר מאַן. ווארום, האט זיא פיעללייכט זעלבסט זיך ניט געקענט געבוי ערקלערען, אָבער זיינע ליידען האבען אויף איהר ניט געמאכט קיין שטארקען איינדרוק.

זיא האט נאָר וואס געוואָלט פערלאָזען דאס צימער, ווען דיא טהיר האט זיך געעפענט פון דער אַנדערער זייט אונד ליזאנקא איז ערשיענען צו ווינשען איהר פאטער „גוט מאָרגען.“

דער ליידענדער האט זיין טאָכטער צוגעוואָרפען אויף דעמזעלבען בליק וויא א'הר מוטער. אלס זיא האט איהם געפרעגט וויא עס געהט איהם, האט ער גע־ענטפערט:

„עס געהט מיר אויף אזוי פיעל גוט, אַז דוא וועסט שוין ניט האבען פיעל צו ליידען; באלד וועסטו פון מיר פטור ווערען.“

פראסקאָוויא איז פערבליעבען נאָך א פאאר מינוטען צוליעב איהר טאָכ־טער. ביידע האבען אונטערדעסען געשוויעגען אונד געשטאַנען פון וויימען. דאן האבען זייא זיך אומגעווענדעט אונד פערלאָזען דאס צימער.

„וואס זיינען מיר שולדיג?“ האט ליזאנקא געזאגט צו איהר מוטער. „גלייך וויא מיר וואָלטען איהם קראנק געמאכט! עס טהוט מיר זעהר לייד אום מיין פאפא, אָבער וואָרום מארטערט ער אונז אזוי?“

דער דאָקטאָר איז געקומען פינקטליך צו דער בעשטימטער שטונדע.

איוואן איליטש האט איהם אנפאנגס געענטפערט אין קורצע ווערטער אויף אַלעמען וואס ער האט געפרעגט, אונד זיך צוריק געהאלטען מיט אלע זיינע כוחות אום אויסצודריקען זיין האס, אָדער, בעסער געזאגט, זיין עהרליכע מיינונג. אלס דער דאָקטאָר האט איהם אָבער געדרונגען מיט פראגען, האט ער אויס־גערופען:

„וואס פרענט איהר! אום גאָטעס ווילען, וואס ווילט איהר האבען פון מיר?

איהר ווייסט דאָך גאַנץ גוט, אז איהר קענט מיר ניט העלפען. דאַן לאָזט מיך צופריעדען, פּלאָגט מיך ניט!"

„איך קען פערלייכטערן אייער שמערץ," האט דער דאָקטאָר געענטפערט מיט א טאָן, וועלכער האט געצייגט אי אונפערשעהמטהייט, אי א געוואָהנהייט צו הערען סאַי וואס פון א פּאַציענט.

„עס איז ליגען! איהר קענט דאס אויך ניט טהון. לאָזט מיך, איך בעט אייך, לאָזט מיך רוהיגער שטאַרבען."

דער דאָקטאָר איז אריין געגאַנגען אין זאַלאָן, אום מיטצוטהיילען פּראַסקאָוויא פעאָדאָראָוונא, אז דער צושטאַנד פון איהר מאַן האט זיך געערגערט, אונד פאָר־לויפיג גיבט עס נאָר איין רפואה — אָפּיום — צו פערלייכטערן זיין שמערץ, וועלכער איז שוין ווירקליך געוועזען אונערטרעגליך.

דער דאָקטאָר האט רעכט געהאט, ווען ער האט בעצייכענט איוואַן איליטש'עס שמערץ אלס אונערטרעגליך. אָבער האט דער דאָקטאָר געקענט האבען א בעגריף וויא אונערטרעגליך דער שמערץ איז ווירקליך געוועזען? אָט דאָ ליגט דער הונד בעגראָבען. דיא הערען ערצטע קענען זיך נאָר מערקען.

איוואַן איליטש האט שוין געקענט ליידען; ער האט זיך דערצו שוין גע־וואָהנט, נאָר זיין שלעכטע שטימונג איז ענטשטאַנדען פון לעטצטער נאַכט ווען ער האט געבליקט צו געראַססים'ס גוטעס געזיכט, שלעפעריגע אויגען אונד מעכטיגע קערפּער־געביידע.

„וואס וועט פון מיר ווערען?" האט ער זיך געפרעגט. „לאָמיר אָננעהמען, אז מיין לעבען איז ניט געפיהרט געוואָרען וויא עס האט בעדאַרפט צו זיין — ווער איז דאפיר פעראַנטוואָרטליך?"

דיא אידעע, אז ער האט ניט ריכטיג געלעבט, האט זיך געדרונגען מיט געוואַלט אין זיין געהירן. ער האט בעטראַכטעט זיין גאַנצעס לעבען, זיין יוגענד, זיין הייראַטה, זיין קאַריערע אלס ריכטער אונד מיטגליעד אין געזעלשאַפט — אַלעס, אַלעס, איז פאַר איהם ערשיענען פאַלש, ליגען אונד שווינדעל.

ער האט פּראָבירט זיך צו פערטהיידיגען, זיך צו גערעכטפערטיגען, אָבער זיינע ארגומענטען זיינען געוועזען צו שוואַך דאפיר.

„עס גיבט קיין פערטהיידיגונג!" האט ער זיך געטראַכט. „א מענש מוז אונד זאָל זיין א מענש! איך בין עס ניט געוועזען אונד זוך נאָך מיך צו פער־טהיידיגען!"

ער האט אויפגעציטערט.

„אין דיעזען פאל," האט ער ווייטער געדענקט, „מח איך פערלאזען דיא וועלט מיט בעוואוסטזיין, אז איך האב ניט ערפילט מיינע פליכטען אלס מענש אונד איך האב בלויז אבגעלעבט מיין וועלט אין דומהייט, געמיינהייט, בטרוג, שווינדעל אונד ליעגען. וואס קען איך טהון?"

ער האט זיך געלעגט אויף זיין רוקען אונד וויעדער אמאל איבערגעדענקט זיין גאנצעס לעבען.

אין דער פריה, ווען ער האט געזעהן פיאטער'ן, דאן זיין פרוי, טאכטער אונד דאקטאר, זייערע בענעהמונגען אונד טאן פון זייער שפראכע, האט ער זיך נאך מעהר איבערצייגט איבער דער שרעקליכער וואהרהייט פון וועלכער ער האט אזוי פיעל געדענקט לעטצטע נאכט.

ער האט אין זייא געזעהן א שפיעגעל פון וועלכען עס האט זיך אבגעשפיעגעלט זיין גאנצע פערגאנגענהייט, פון לוג, בעטרוג אונד שווינדעל.

„אה," האט ער זיך געטראכט. „עס איז שוין אלזא קיין וואונדער ניט, וויא אזוי דיא גרויסע וואהרהייט פון דעם טויט, קען זיך פערבארגען אונטער אזא דיקען פארהאנג פון שקר — א גאנצעס לעבען פון געמיינע, ניעדריגע אונד אונפערשעהמטע ליעגען!"

דיעזע אידעען האבען נאך פיעל מעהר פערגרעסערט זיינע קערפערליכע ליידען. ער האט געקרעכצט, זיך געוואָרפען אונד געריסען דיא קליידער פון זיך; אלעס האט אויסגעזעהן איהם צו דריקען אונד שטיקען. זיין ווייב איז ערשיענען אקוראט דאמאלס ווען ער איז געוועזן אין אזא צושטאנד.

א גרויסע פארציע אָפּיום, האט איהם אונטערדעסען בערוהיגט, דאס הייסט, אוועק גערויבט דאס געפיהל פון שמערצען אונד איהם געמאכט אָהנמעכטיג. אום מיטאג־צייט, האט אָבער דיא קריזיס צוריק געקעהרט. ער האט געהייסען יעדער זאָל ארויס געהן פון צימער אונד ער איז געוועזן שטארק פערצווייפעלט.

פראסקאָוויא האט אָבער געפיהלט, אז איהר פליכט איז, זיא זאָל בלייבען נעבען איהם. וואס וועט דיא וועלט זאגען? זיא איז צוריק אריין געקומען אין צימער אונד געזאגט:

„מיין טהייערער איוואן, איך בעט דיך, טהו עפעס צוליעב מיר," (צוליעב איהר, געוויס!) „עס וועט דיר חלילה גאר ניט שאדען; עס וועט דיך בלעבען בערוהיגען. וואס דאס איז? א דומהייט, א נארישקייט; געזונדע מענשען נעהמען דאס אויך."

ער האט געעפענט זיינע אויגען אונד זיא אָנגעקוקט.

„וואס מיינסטו?“ האט ער געפרעגט. „וידוי זאגען? זיך לאָזען בעד־שפּריצען פון דעם גלח? הא, איך פערשטעה. דוא זאָרגסט זיך פאר מיין נשמה. אָבער דאס קען מיר גאר ניט העלפען! איך וויל ניט! ניין, ניין! אָבער דאָך — “

זיא האט אָנגעהויבען צו וויינען.

„יא, מיין טהייערער, איך וועל שיקען ברענגען דעם גייסטליכען. ער איז זעהר א ליעבער מענש.“

„זעהר אנגענעהם! זאָל זיין אזוי!“ האט ער געענטפערט גראדע וויא א מענש וואס רעדט פון א חלום.

„וויסט ניט,“ האט פּראסקאָוויא ווייטער געזאגט, „אז פיעלע מענשען וואס האבען שוין געהאלטען בייא דער גסיסה, ניט דאָ געדאכט, זיינען נאָך דעם געזונד געוואָרען?“

ער האט אָבער צוגעוואָרפען איין אונגלויבליכען בליק.

דער גלח איז ערשיענען אונד געמאכט זיין צערעמאָניע.

דאס רעליגיעזע געפיהל האט אביסעל בערוהיגט דעם קראנקען אונד דיא שמערצען האבען אויפגעהערט. איוואן איליטש האט אָנגעפאנגען צו האָפען.

„פיעללייכט? ווער וויים? אפשר איז דאס טאקי דאָך עפּעס?“ האט ער געדענקט.

דער גייסטליכער האט פאָרטגעזעטצט דיא גרויסע גריכיש־קאטאָלישע צערע־מאָניע, וויא מען איז זיך נוהיג בייא א שטערבענדען. איוואן איליטש איז גערידרט געוואָרען אונד ער האט געוויינט.

ווען דער גלח איז אוועק, האט ער זיך געשפּירט בעדייטענד בעסער. ער האט געדענקט, אז מען האט אין הויז גערעדט פון איין אָפּעראציאָן אונד ער האט זיך געטראכט, דאס ווען דיעזע זאָל געלינגען, דאן איז ער גערעטעט.

„איך וויל לעבען!“ האט ער געמורמעלט.

זיין ווייב איז צו איהם צוגעגאנגען אונד איהם גראטולירט וויא דער מנהג איז.

„פיהלסטו ניט בעסער?“ האט זיא געפרעגט.

„יא,“ האט ער געענטפערט אָהנע זיך אומצוקוקען.

איהר שטימע האט איהם אונטערדעסען אויפגערעגט; ער האט ענטדעקט אין דעם טאָן דיא פאַלשקייט, דעם ליעגען אונד ער האט געגעבען א גרויסען זיפץ.

„אויך דאס איז א ליעגען!" האט ער אויסגעשריען הויך. „אלעס איז ליעגען אונד שווינדעל! דער גלח מיינט, אז ער קען אָבנארען דעם טויט; ער וויל דאס מיר איינרעדען; זייא אלע ווילען מיר איינרעדען — אָבער עס איז ליעגען! ליעגען! דער טויט טהוט זיין ארבייט אונד קימערט זיך ניט אום דיא שקרים!"

ער האט דערשפירט, אז עטוואס מערקווירדיגעס, נייעס, שוידערהאפטעס אונד שרעקליכעס געהט פאָר אין איהם. עס האט זיך איהם געדאכט, אז יעמאנד לעבערט איהם מיט איין ענבויער, דורך זיין זייט, קישקעס אונד לייב! ער האט נאך קוים געקענט אטהעמען.

ווען ער האט געענטפערט „יא" אויף זיין ווייב'ס פראגע, איז זיין געזיכט שווארץ געוואָרען אונד אָנגענומען א שרעקליכע מיענע. ער האט אונווילענדיג געעפענט זיינע אויגען אונד ערבליקט זיין ווייב'ס געזיכט.

„געה, געה! אוועק פון מיר! לאָז מיך!" האט ער געמורמעלט וויא א שטערבענדער זיינע לעטצטע מאָמענטען.

פון יענער סעקונדע אן, האבען אָנגעפאנגען דיא געשרייען, וועלכע האבען ניט אויפגעהערט דרייא טעג דורכאנאנד; זייא זיינען געוועזען אזעלכע שרעקליכע געשרייען, דאס ווען יעמאנד האט זייא געהערט אפילו מיט צווייא טהירען ווייטער, האט ער אויך געשוידערט.

ער האט זיך שוין מעהר ניט געוואָלט לאָזען נארען, אונד עס האט איהם פערדראָסען אויף זיך זעלבסט, ווארום ער האט ערלויבט דיא גאנצע אונניטצליכע צערעמאָניע. ער האט געפיהלט דעם טויט זיך דערנעהנטערן יעדעס מאל מעהר, אונד ער האט שוין מעהר ניט געהאָפט. דיא פראגע פון דעם לעבען, דאס רעטענעש פון דעם לעבען, האט ער אָבער אונטערדעסען נאך ניט געהאט אויפגעלעזט.

ער האט געשריען:

„נע באָטשו!" (איך וויל ניט!) אונד דער געשרייא האט זיך אויסגעצויגען ביזא דער לעטצטער זילבע: „אראראו!"

דרייא טעג האט דאס אָנגעהאלטען. ער האט זיך, וויא מען זאגט, געראנגעלט מיט'ן טויט, אונד עס האט זיך איהם געדאכט, אז מען שלעפט איהם אריין אין א שווארצען זאק.

ער האט נעקעמפפט וויא א מענש וואס איז פעראורטהיילט געוואָרען צום טויט אונד וויל דאָך ניט שטארבען דורך דעם תליןס האנד, אָבוואָהל ער ווייס אז ער קען זיך ניט רעטען.

דיא געדאנקען זיינען איהם אָפטמאל פערמישט געוואָרען אונד ער האט זיך געזעהן וויא מען שליסט איהם צו צו א שווארצען גרוב, צו א פינסטערן קבר, אונד ער קעמפפט דאגעגען. ווען דיא געדאנקען האבען זיך אויסגעלייטערט, האט ער געזעהן אז ער קעמפפט נעגען דער אידעע, אז זיין לעבען איז געוועזן איין גרויסער שווינדעל אונד ער וויל זיך פערטהיידיגען, אז ער איז ניט שולדיג.

פלוצלינג האט זיך איהם געדאכט, אז א גרויסע אונד שווערע מאסע האט איהם געטראָפפען אויף זיין ברוסט אונד זייט; דאס האט איהם אנפאנגס וויא דערשטיקט אונד איהם דאן אריין געוואָרפען אין א פינסטערן גרוב; אונד דאָרט, אין טיעפע, תהום, האט ער ערבליקט א שטראהל פון ליכט.

איוואן איליטש איז געוועזן וויא דיעזע וואס פאָהרען אויף דער באהן אונד דיא באהן האלט גראדע אין פאָהרען צוריק, ווערענד זייא מיינען, אז זייא פאָהרען פאָרווערטס. אויך ער האט ניט געקענט נענוי בעגרייפען וואוהין עס טרייבט איהם.

„עס איז ניט געוועזן דאס,“ האט ער געמורמעלט. עפעס אנדערש! אָבער וואס? מיין גאָט, וואס?“

דאן איז ער געליעבען ליעגען שטיל.

עס איז געוועזן צום ענדע פון דעם דריטען טאג, מיט א שטונדע פריהער פאר דער נסיסה. דאמאלס האט זיך געעפענט דיא טהיר אונד זיין זוהן איז אריין געקומען. דאס קינד איז צוגעגאנגען אויף דיא שפיטץ פינגער צו זיין פאטער׳ס בעט.

דער שטערבענדער האט פלוצלינג ווידער אמאל אָנגעפאנגען צו שרייען אונד זיך ווארפען מיט זיין גאנצען קערפער. זיך ווארפענדיג האט ער געטראָפפען מיט זיין האנד דעם איינגעל׳ס קאָפּ.

דאס קינד האט אָנגעכאפט דיא האנד, אויפגעציטערט, דאן צוגעלעגט צו זיינע ליפען אונד פון זיינע אויגען האבען געפלאָסען גרויסע אונד הייסע טראָפּענס טרערען.

דיעזער מאָמענט איז גראדע געוועזן דאמאלס, ווען איוואן איליטש האט זיך געזעהן ארונטער געוואָרפען אין א תהום, אונד ער האט פלוצלינג ערבליקט א

שטראהל ליכט. עס איז אויך געווען גראדע דאן, ווען ער האט זיך געפרעגט:
„אבער וואס? מיין גאט, וואס?"

דער מאמענט האט איהם אונטערדעסען שטארק בערוהיגט אונד ער איז גע־
בליעבען ליעגען שטיל.

ער האט געשפירט דעם ברענענדען קאפ אויף זיין האנד, דיא הייסע טרערען
בענעטצענדיג זיין הויט, אונד ער האט געעפענט דיא אויגען. ער האט ערבליקט
זיין זוהן. ער האט אויף איהם רחמנות געהאט.

פראסקאוויא איז אויך צוגעגאנגען אונד ער האט צו איהר געקוקט. זיא האט
צו איהם געבליקט מיט איין אפענעם מויל אונד אין איהרע אויגען האט זיך אבגע־
שפיעגעלט פערצווייפלונג אונד שרעק; פון איהרע אויגען האבען זיך געגאסען דיא
טרערען.

איוואן איליטש האט אויף איהר אויך רחמנות געהאט.

„יא," האט ער זיך געטראכט, „איך מארטער זייא, זייא טהום לייד אום
מיר; דורך געוויסע אורזאכען; איך וויס; אבער דיא בעסטע זאך וועט דאך
זיין, ווען איך וועל שטארבען."

ער האט זעהר געוואלט דאס ערקלערען פאר זיין פאמיליע, אבער ער האט
ניט געקענט.

„איבעריגענס," האט ער ווייטער געדענקט, „וואס ניטצט רעדען, מען דארף
עפעס טהון.

ער האט געוויעזען צו זיין ווייב אויף זיין זוהן, אבער נאר מיט דעם בליק
פון זיינע אויגען, אונד געמורמעלט גאנץ שטיל: „עס טהוט מיר לייד אום מיין
קינד... אויך אום דיר... טהוט מיר לייד..."

ער האט דאן געוואלט זאגען „פראסטי!" (זייא מוחל) אבער ער האט גע־
זאגט „פראפוסטי!" (לאז דורך!) אונד ניט האבענדיג קיין קרעפטען צו פערריכטען
זיין פעהלער, האט ער ארונטער געלאזען זיין האנד אין פערצווייפלונג, האפענדיג
אבער, אז דארט וואו קיין ליעגען הערשען ניט, ועט מען איהם פערשטעהן, אונד
וואו אלעס איז ליעגען, וואס איז פאר איין אונטערשיעד?

„עס טהוט מיר לייד אום זייא," האט ער זיך געטראכט, „איך וואלט געוואלט
זייא זאלען ניט אזוי פיעל ליידען... אבער וואו איז מיין שמערץ? וואס איז גע־
ווארען פון מיר? איז דאס דער טויט?"

ניין, ער האט זיך נאך אימער ניט אין גאנצען צוגעוואהנט, אז ער מוז
שטארבען. דאן האט ער געלעגט זיינע געדאנקען אום צו זוכען דעם שמערץ.

„אה, ער איז דאָ! ער שיסט ווייטער — גוט אַלזאָ, אונד וואו איז דער טויט?"

א נייעס געפיהל איז אין איהם ענטשטאַנדען. בייא דיזער לעטצטער פראַגע פון טויט, האט ער זיך שוין מעהר ניט דערשראָקען. ער האט זיך געוואונדערט דאַריבער.

„וואו איז ער? וואס איז טויט?"

דער טויט האט שוין פערלוירען זיינע שרעקען פיר איוואַן איליטש. אנשטאַט טויט האט ער דערזעהן א מערקווירדיגעס אונד שעהנעס ליכט.

„אך! דאס איז ער!" האט ער אויסגעשריען הויך. „וויא שעהן אונד הערליך!"

דער צושטאַנד אין זיין גייסט האט זיך געענדערט, נאָר אין זיין קערפּער, האט דער שמערץ נאָך אָנגעהאַלטען צווייא שטונדען.

עפּעס האט אָנגעהויבען צו קאָכען אונד זידען אין זיין ברוסט; א ציטער איז דורכגעלאָפען איבער זיין גאַנצען אייסגעמאָגערטען קערפּער. דאַן האט אויך דאס קאָכען אונד זידען אויפגעהערט.

„עס איז שוין נאָך אַלעמען!" האט יעמאַנד אין צימער בעמערקט.

ער האט געהערט דיא ווערטער גאַנץ גוט אונד זיך געפרעגט אויב ער איז שוין ווירקליך טויט.

„ניין," האט ער זיך געטראַכט, „איך בין נאָך ניט טויט. א טויטער מענש הערט ניט. וואס דען האבען זייא פאַרט געזאגט? איז דאס ווירקליך דער טויט? ניין, נאָך ניט; איך בין נאָהענט פון איהם."

ער האט פּראָבירט עפּעס צו זאגען, אָבער ער האט קיין וואָרט געקענט ארויס ברענגען — דאַן איז זיין געזיכט געוואָרען שוואַרץ־גרין אונד צוזאַמענגעצויגען — איוואַן איליטש איז געבליעבען ליעגען טויט.

**ע נ ד ע.**